אין יאָר 1364 האָט קאַזימיעזש דער גרויסער פאַרעפנטלעכט אַ דעקרעט וואָס זאָגט: „... דער קעניג האָט באַוויליקט די ביטע פון די יידן וואָס זיצן אין אַלע שטעט פון פוילן — וועלנדיק פאַרגרעסערן זיין מלוכה־שאַץ און אירע נוצן" ווערט זיי געגעבן: „... מסחר־פרייהייט, די רעכט צו אימפּאָרטירן און עקספּאָרטירן סחורות און אויך לייען געלט אויף פּראָצענט, משכון און היפּאָטעק.

ווי געזאָגט, לערנען מיר אַרויס ווישאָגראַד ווו נאָר ס'רעדט זיך וועגן מאַזאָווּשע, ערשטנס, ווייל ווישאָגראַד איז געווען די רייכסטע שטאָט אינעם גאַנצן באַצירק ווי א. לעווינסאָן זאָגט: „... אין קרעדיט־געשעפטן האָבן זיך אויסגעצייכנט ווישאָגראַדער יידן" (1347 ח. ר.).

„... כדי אויסצופירן גרויסע קרעדיט־אָפּעראַציעס האָבן יידישע קליינע באַנקירן (פון וואַרשע ח. ר.) זיך פאַראייניקט אין קאָאָפּעראַטיוון מיט די ווישאָגראַדער גבירים" („געשיכטע פון יידן אין וואַרשע"). צווייטנס, ווייל ווישאָגראַד האָט זיך פּריווילעגירט פון אַן אומאָפּהענגיקייטס־סטאַטוס און די אַלע וואָס דאָקומענטירן זייערע פאָרשונגען מיט „קעניגס־פאַקטן" וועלן זיך נישט אָנטרעפן אויף ווישאָגראַד.

אויסער מסחר, פינאַנסן און אַגריקולטור איז ווישאָגראַד באַקאַנט געווען מיט אירע האַנטווערקער. שוין אין 16טן יאָרהונדערט„...האָט זיגמונט דער דריטער אָפּראָבירט די צעכן פון שטאָט אַאַז"וו", און אַז מ'מיינט דערמיט יידן, לערנען מיר פון דעם פאַמפלעט, וואָס אַן אַנאָנימער אויטאָר האָט פאַרעפנטלעכט אין 1539 „... און דאָרט שטעלט ער פעסט, אַז אין פוילן זענען כמעט נישטאָ קיין קריסטלעכע האַנטווערקער און די יידישע האַנטווערקער זענען דרייפאַכיק מער ווי די קריסטן" (א. לעווינסאָן, דאָרט). ווען שיפּער רעדט וועגן „יידישע גערטנער און ערד־אַרבעטער" איז אָנצונעמען, אַז אויך ווישאָגראַדער יידן ווערן דאָ געמיינט. ווי ס'ציינן די שריפטן פון די, וואָס באַטייליקן זיך אין דעם יזכור־בוך האָט זיך די גערטנעריי געצויגן ביז זייערע צייטן, און, ווייזט אויס, אומאויפהערלעך „... אין 17טן יאָרהונדערט איז ווישאָגראַד געווען באַרימט מיט אירע פּרעכטיקע סעדער און ווייַנגאָרטנס (ענציקלאָפּעדיאַ פּאָושעכנאַ).

מ'קאָן אַלזאָ אויספירן: לויט אַלע דאָקומענטן און שריפטן, דירעקטע און אומדירעקטע, איז די יידישע קהילה אין ווישאָגראַד געווען אַנטוויקלט און פילפאַרביק אין איר עקאָנאָמיע, נאָך פון די פריסטע יאָרהונדערטער און ספּעציעל פון 10טן יאָרהונדערט, ווען פוילן האָט אָנגענומען דאָס קריסטנטום און געווען ענג פאַרבונדן מיט דייטשלאַנד.

## קהילה, געריכט, אָרגאַניזאַציע

יידן האָבן, ווי באַוווּסט, געוואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד מערסטנס צוליב גייסטיקע און רעליגיעזע סיבות. ווען מען האָט געפאָדערט פון אַ ייד ער זאָל ווערן אויס־ייד, האָט ער געפּאַקט ס'פּעקל און אַוועק זוכן אַ לאַנד, ווו ער זאָל קאָנען זיך אויסלעבן אַלס ייד. זעלטן ווען יידן אַלס מאַסע האָבן פאַרלאָזט אַ לאַנד כדי זיך אויסבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע.

פון דעם וועלן מיר פאַרשטיין צוויי זאַכן:

1. דאָרט ווו יידן זענען געקומען האָבן זיי קודם־כל געזוכט צו אָרגאַניזירן זייער רעליגיעז לעבן, כדי צו עקזיסטירן אַלס איינהייט און דערצו זיין געשיצט און פאַרזיכערט געזעלשאַפטלעך אינערלעך און אויך כלפּי אויסן.

2. אין יעדן לאַנד האָבן זיך יידן געקלאַמערט אין מסחר און געלט־געשעפטן, כדי צו קאָנען זיין לייכט־וואַנדעריק, אויב מ'וועט זיי צווינגען מוותר צו זיין אויף זייער יידישקייט.

מסחר און האַנטווערק זענען געוואָרן אין גלות־לענדער אַ מיטל צום לעבן און אויסלעבן זיך אַלס ייד.

ס'איז באַוווּסט, אַז ס'איז כמעט פאַרבאָטן געוואָרן פאַר יידן צו ווערן גוטבאַזיצער און ערד־אַרבעטער אין די גלות־לענערד. אויפן פּסוק „ואיש זרוע, לו הארץ" זאָגט ר' אלעזר: דער באָדן איז נאָר פאַר די מאַכט־האָבנדיקע (סנהדרין נ"ח), אָדער „באָדן אַפילו מ'דאַרף אים נאָר באַאַרבעטן לייכט איז בעסער פון אים זיך אָפּגעבן מיט מסחר" (דאָרט). דאָס אַלץ, כדי דער ייד זאָל זיך נישט איינוואָרצלען אין פרעמדן לאַנד. און נ. סאָקאָלאָוו דער ווישאָגראַדער, האָט דערויף געזאָגט: די גמרא איז פול מיט לויב־געזאַנג פאַר דער ערד־אַרבעט און פאַרקערט. פון וואַנען נעמט זיך די קעגנזעצלעכקייט? איז עס פּשוט: ווען ס'רעדט זיך וועגן פעלד מיינט מען דעם גלות, דער ייד זאָל נישט פאַרטיפן זיינע וואָרצלען אין אים, און דערנאָך וועט אים שווער זיין זיך צו אַנטשליסן וואָס איבערצולאָזן — דאָס פעלד אָדער דאָס יידישקייט. ווייל ס'ווערט געזאָגט „לעולם יהא כספו של אדם מצוי בידו, שנאמר: „וצרת הכסף בידך" (יבמות מ"ב) ד"ה, תמיד זאָל זיין ביי דיר גרייט געלט. איז עס געמיינט, אַז דער ייד זאָל תמיד זיין גרייט צום אויסוואַנדערן און אָפּהיטן יידישקייט אין אַן אַנדער לאַנד. דאַקעגן אָבער אין ארץ־ישראל איז די ערד־אַרבעט איינע פון די גרעסטע מצוות".

פאַרשטענדלעך, ווו נאָר יידן האָבן זיך באַזעצט האָבן זיי באַלד געזאָרגט זיי זאָלן האָבן זייער אינערלעך לעבן אָרגאַניזירט און אויסערלעך, זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין גוישע געזעץ־הענט. היסטאָריקער רעדן וועגן מסחר און רעליגיעז־געזעלשאַפטלעכע אויטאָנאָמיע ווי וועגן איין זאַך.

ווען שיפּער שרייבט זיין בוך וועגן יידישער עקאָנאָמיע, שרייבט ער, מוז ער שרייבן, וועגן קהילות מנהגים, דינים און וועגן זייער אינערלעכער יוריסדיקציע ווי וועגן איין און דער זעלבער זאַך. „...טראַדיציאָנעלע סאָלידאַריטעט האָט געהערשט צווישן יידישע ישובים אין פוילן, וועלכע איז געקומען צום אויסדרוק אין אָפטע בשותפותדיקע אַקציעס, כדי אַרויסבאַקומען ספּעציעלע פּריווילעגיעס, כדי צו פאַרמיידן סכנות א.א.וו." (שיפּער ג/508).

„...ס'איז אויך צום באַמערקן די לאַנגע קייט פון יידישע ישובים אין פוילן, וואָס זענען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די קהילות אין שלעזיע, באָהעמיע און דייטשלאַנד" (שיפּער ח/508). אויך דובנאָוו, נאָך דעם ווי ער שטעלט פעסט, אַז דייטשישע יידן זענען אַוועק קיין פוילן, מאַזאָוויען א"אַנד, דערציילט ער, אַז אין 1264 האָט דער פּרינץ באָלעס־

לאָוו דער קאַלישער געגעבן אַ רעכטס־קאַרטע (דעקרעט) די יידן וואָס האָבן זיך באַזעצט אין פוילן (דובנאָוו ה/30) און דאָרט רעדט זיך שוין וועגן „...פאַרבאָטן יעדע פאַרלעצונג פון יידישע בתי־קברות און שולן... אַ קריסטלעכער עדות קעגן אַ יידן דאַרף האָבן אַ שטיצע פון אַ יידישן עדות... שטרייטן צווישן יידן קענען געלייזט ווערן דורך אַ בית־דין פון אַ יידי־שע קהילה" (דובנאָוו ה/24/104).

קאַזימיעזש דער גרויסער, וועלכער האָט געווידמעט ווישעגראַד זיין ספעציעלע אויפמערקזאַמקייט (ענציק. פאָוו.) „...האָט אין 1334 באַנייט די „פריווילעגיע־קאַרטע", וואָס באָלעסלאַוו פון קאַליש האָט געגעבן די יידן פון גרויס־פוילן. נאָכדעם האָט ער אויך צוגעגעבן נייע פריווילעגיעס (דובנאָוו 62/264) „...און אַזוי האָבן יידישע קהילות אין פוילן געוואָלט באַקומען אַן אויטאָנאָמע מאַכט פאַר זיך ספעציעל, האָבן זיי געזאָרגט, אַז יידן זאָלן נישט געמשפּט ווערן אין די אָפי־ציעלע געריכטן..." (דובנאָוו, דאָרט).

און אין 1453 „... ווען אַ דאַנק איר געאָגראַפיש־באַ־קוועמער לאַגע אַנטוויקלט זיך ווישאַגראַד און נעמט אַרום די גאַנצע אינדוסטריע און האַנדל פון דער ווייסל־געגנט (סלאָוו. געאָגר.) האָט קאַזימיעזש יאַגעלאַנסקי „אַרויסגעגעבן לויט דער ביטע פון די יידישע קהילות אַ דעקרעט, וואָס באַ־שטעטיקט זייערע רעכט אַזוי".

וועגן 12טן יאָרהונדערט שרייבט — ווי ס'ברענגט שי־פער (50/223־51) — ר' אליעזר מביהם צו ר' יהודה החסיד „אַז יידן אין פוילן מוזן איבערגעבן פשוטע מלמדים די פונקציעס פון רב, שוחט ומוהל".

און מ'זעט, אַז ס'רעדט זיך וועגן קהילות וואָס אין קאַמף פאַר די רעכט פון בירגער און פאַמיליע־שפּיזער האָבן זיי אויך אין 12טן יאָרהונדערט געהאַט זאָרגן פון מילה, שחיטה, כשרות, רבנות. און שיפער גיט צו „...דאַקעגן (דער נידער־לאַגע פון די רוסישע קהילות די פון טאַטאַרן אָנגעגריפענע ח. ר.) צירקולירט שטאַרק דאָס יידישע לעבן אין פוילן, מאַ־זאָוויע און שלעזיע. דאָ וואַקס אויס פון מאָל צו מאָל נייע קהילות..."

פון די אַלע ציטאַטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו מאַזאָוויע, געמיינט ווישאַגראַד די „הויפטשטאָט אין דער ווייסל־געגנט", אָדער געמיינט אויך ווישאַגראַד, ווערט קלאָר, אַז פון 12טן יאָרהונדערט איז ווישאַגראַד, ווי אַלע מאַזאָוויער קהילות, געווען אַן אָרגאַניזירטע קהילה, וואָס האָט אויסגעהאַלטן אירע בתי־קברות און בתי־כנסת און געהיט דערמיט דאָס יידישקייט פון די יידן דאָרט, און האָט געקעמפט צוזאַמען מיט אַלע קהילות פאַר אַן אויטאָנאָמיע און אירע געריכטלעכע און בירגערלעכע אָנגעלעגנהייטן.

### שלוס־וואָרט

ס'איז שווער צו שילדערן דעם גענויעם געריכטלעך־אַדמיניסטראַטיוון אימאַזש אין יעדער עפּאָכע באַזונדער, צוליב מאַנגל אין דאָקומענטן. אָבער פון די ווייניקע, וואָס זענען פאַראַן, ווי מיר האָבן דאָס געבראַכט אין אונדזער איצטיקער פאָרשונג, שאַפט זיך אַ בילד פון אַ שטאָלצער זעלבסטבאַוווסטער קהילה:

1. וואָס האָט שטאַרק באַשיצט אירע אויטאָנאָמע דעראָ־בערונגען און זיי אויך געבראַכט אַלס ציל און געהייליקט פאַר אַנדערע, ווי עס באַווייזט דער „געריכטס־פראָטאָקאָל", געברענגט דורך א. לעווינסאָן אין נאָמען פון פראָפ. שיפער. דאָרט ווערט דערציילט וועגן אַ וואַרשעווער יידענע, הדסה, וואָס האָט אין יאָר 1428 אָנגעקלאָגט אַ ייד פאַרן גוייִשן גע־ריכט, און ווישאַגראַד איז אַרויס קעגן איר און „שלמה פון ווישאַגראַד מיט נאָך אַנדערע 7 יידן פון ווישאַגראַד האָבן עדות געזאָגט קעגן איר" אין אַ ריין וואַרשעווער ענין! פירושים זענען איבעריק.

2. וואָס איז באַשטאַנען אויף אירע רעכט אַלס זעלבשטענ־דיקע מעטראָפאָליע אויך קעגן יידישע אינסטיטוציעס ווי דער „ועד ארבע הארצות" (זע ביילאַגע ועד דד"א).

און וואָס פליסט אַרויס פון די ביידע (1, 2):

3. וואָס איר גוטע עקאָנאָמישע לאַגע האָט זי נישט אַראָפגעפירט פון איר יידישקייט, און אירע פאַרבינדונגען מיט דער אויסערלעכער נישט־יידישער וועלט, האָט זי נישט דערבראַכט צו אַסימילאַציע און ברידער־פאַרראַט.

אייגנטלעך זענען די אַלע דריי מעלות פאַרבליבן אויף תמיד אין ווישאַגראַד, ווי עס דערציילן די זכרונות און שריפטן פון די שרייבער פון דעם בוך.

## ביילאגעס צו דער ווישאגראדער היסטאריאגראפיע

### ביילאַגע נומער 1

ענציקלאָפעדיאַ פאָווסעכנאַ, 1867

ווישאַגראַד, אַ שטאָט אין פלאָצקער פאָוויאַט, 29 וויאָרסט פון פלאָצק, ליגט אויף דער ווייסל.

זי איז געווען די קרוינשטאָט פון אַ טייל פון מאַזאָווישער פרינצנטום און איז דאָס אויסשליסלעכע אייגנטום פון דער פרינצן־דינאַסטיע זשעמאָוויט.

...אין יאָר 1095, ווען באָלעסלאַוו דער דרייסטער האָט געגרינדעט דעם בענעדיקטינער אָרדן, האָט ער אַסיגנירט פון ווישאַגראַדער בודזשעט געוויסע הכנסות פאַר זיי.

...פון אור־אַלטע צייטן שטייט דאָ אַ פעסטונג, וווּ קאָנראַד דער ערשטער האָט געגעבן אַזיל דעם פרינץ דאַנילאָוו ווען ער איז אַנטלאָפן פון די טאַטאַרן וואָס האָבן באַפאַלן רוס־לאַנד.

...קאַזימיעזש דער גרויסער, ווען ער האָט געוואָלט פאַר־גרעסערן די אָפהענגיקייט פון די פרינצן פון דער קרוין, האָט ער צוגענומען ביי זיי אַלע באַשיצטע ערטער און אויך די

אוראַלטע פעסטונג, וואָס ער אַליין האָט זי רעסטאַווירט און פֿאַרפֿעסטיקט.

...אין דער צייט פון לודוויק זיין יורש, האָט דער גרויס־פרינץ וולאַדיסלאַוו דערבראַכט ווישאַגראַד צו אַ סטאַטוס פון אַ ראַיאָן־שטאָט, צוקאָאָפּטירנדיק צו איר 4 גרויסע דערפער. ער האָט איר אויך געשענקט די רעכט פון דער דייטשישער קאָנסטיטוציע, די מאַגדעבורגער און אַנדערע פּריווילעגיעס אין יאָר 1382.

...אין יאָר 1780 איז די שטאָט שטאַרק געוואַקסן. צוליב איר געניסן פון אויטאָנאָמע רעכט (מאַגדעבורג) און מערערע פרייע זעלבשטענדיקייט, איז ווישאַגראַד געוואָרן זייער פּאָפּולער און אַ דאַנק איר געאָגראַפֿישער און גוטער מסחר־לאַגע האָט זי זיך אַנטוויקלט און דערגאַנגען צו אַ ריזיקער טעקסטיל־אינדוסטריע.

...אין 1564 זענען אין ווישאַגראַד רעגיסטרירט געוואָרן העכער 330 האַנטווערקער; ס׳זענען אויך געווען אַ סך רייכע סוחרים און ס׳האָט זיך צעוואַקסן אַ ביר־ברויעריי.

...אין יאָר 1597 האָט זיגמונט דער דריטער באַשטעטיקט רעכט פֿאַר די בעלי־מלאכות, צווישן זיי: שלאָסערס, שמידן, סטאָליערס, בעדנערס, גלעזערס, רימערס און גאָלד־שמידן.

...אין 17טן יאָרהונדערט איז ווישאַגראַד באַרימט געוואָרן מיט אירע פּרעכטיקע סעדער און ווייַנגערטנער. דאָס אַלץ איז פֿאַרשוויאַדן בעת די טאַטאַרן־אָנפֿאַלן.

...די שרפות און מלחמות האָבן אַלץ פֿאַרניכטעט אין ווישאַגראַד און קיין זכר איז נישט געבליבן פון די טעקסטיל־פֿאַבריקן.

...איצט (1876) ציילט די שטאָט 3977 נפשות, פון זיי 2997 יידן. 107 הייזער און 131 האַלצשטיבער.

צוליב איר נאָענטקייט צו דער ווייסל האַנדלען דאָרט די יידן מיט תבואה.

די שטאָט איז זייער מאַלעריש, זי איז פֿאַרטיילט אין צוויי טיילן דורך אַ טיפֿן טאָל. אַ בריק פֿאַרבינדט ביידע טיילן שטאָט.

**ביילאַגע נומער 2**

סלאָווניק געאָגראַפֿיטשני. פֿאַרלאַג געבעטנער, 1895.
רעדאַגירט: פּ. סאַליוואַרסקי, ב. כלעבאָווסקי און וו. וואַלעווסקי.

ווישאַגראַד, אַ שטאָט אויפֿן רעכטן ברעג פון ווייסל.

באַוווסט פון די דאָקומענטן פון יאָר 1231 אונטערן נאָמען וויסעגראַד״, אָדער וויססעגראַד. ליגט אויף אַ הויכער פּלאַך, וואָס איז צעטיילט אין צווייען דורך אַ טיפֿן טאָל, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ צו דער ווייסל.

אין שטאָט איז פֿאַראַן אַ שול, אַ הקדש פֿאַר אָרעמעלייט, דריי אָנפֿאַנג־שולן פון איין קלאַס (פֿאַר ייִנגלעך, פֿאַר מיידלעך און אַן אַלגעמיינע) און אַ ברעג־דאַמבע פֿאַר דאַמף־שיפֿן.

63 מויערן, 54 דייטשישע געביידעס, 103 האַלצשטיבלעך, 4009 איינוווינער פון זיי 3034 יידן.

ס׳איז דאָ אַ וואַסערמיל, צוויי אַלעיאַרניעס, אַ ציגל־פֿאַבריק און אַ פֿאַבריק פון עסיג.

**ביילאַגע נומער 3**

יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ. רעדאַגירט: ד״ר א. הרכבי און ד״ר ל. קאַצענעלסאָן 1908—1913.

ווישאַגראַד. אַ שטעטל, וואָס געהערט צו פּלאָצקער גובערניע. דאָ זענען נישט געווען קיין באַגרענעצונגען פֿאַר יידן זיך צו באַזעצן, אַזעלכע וואָס זענען פֿאַרויסגעזען אין די גזירות פון „תחום־המושב״.

אין יאָר 1856 זענען דאָ געווען 990 קריסטן און 2956 יידן.

אין יאָר 1897 — 4160 נפשות, פון זיי 2735 יידן.

אין יאָר 1827 זענען דאָ געווען 279 שטיבער, 3005 איינוווינער.

אין יאָר 1864 — 238 שטיבער, 3977 איינוווינער, צווישן זיי 2997 יידן.

דאָס איז אַן אַלטער ישוב, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נעבן אַ פעסטונג, וועלכער האָט דאָ עקזיסטירט פון דורות־לאַנג.

...קאַזימיעזש דער גרויסער האָט איינגענומען די פעסטונג און זי פֿאַרשטאַרקט. אין יאָר 1398 האָט יאַנוש, דער פּרינץ פון מאַזאָוויע און רוס, פֿאַרברייטערט אירע מוניציפּאַלע גרענעצן. די נאָענטע דערפֿער געהערן דאַן צו איר (מאַזאָווער געזעץ 126, 127).

...אַ דאַנק איר באַקוועמער געאָגראַפֿישער לאַגע אַנטוויקלט זיך די שטאָט אין דעם 15טן און 16טן יאָרהונדערט און נעמט אַרום דעם גאַנצן האַנדל און אינדוסטריע פון דער ווייסל־אומגעבונג. דאַן אַנטוויקלט זיך די טעקסטיל־אינדוסטריע, וואָס דערגרייט צו 5000 באַלן. אויך ביר־ברויערייען און אַ גרויסע האַנטווערקעריי.

זיגמונט אויגוסט האָט אַפּראָבירט די צעכן פון שניידער און קירזשנער.

אין דעם פּריווילעגיע־אַקט פון זיגמונט דעם דריטן זענען פֿאַרצייכנט: גאָלדשמידן, שלאָסערס, שמידן, סטאָליערס, בעדנערס, פעסל־מאַכערס, רימערס, שמוק־מאַכערס, גלעזערס.

...אין 17טן יאָרהונדערט האָבן די מלחמות און עקאָנאָמישע דורכפֿאַלן געבראַכט די שטאָט צו אַ רואין. פון דער גאַנצער טעקסטיל־אינדוסטריע איז געבליבן בלויז אַ גאַס מיט אַזאַ נאָמען.

...אין יאָר 1747 איז אויסגעבראָכן אַ שריפה און די שטאָט איז פולשטענדיק פֿאַרברענט געוואָרן.

...אונטער דעם פּרייסישן רעזשים האָט זיך פֿאַרגרעסערט די איינוואַנדערונג פון יידן קיין ווישאַגראַד. זיי האָבן אויסגעבויט אַ גרויסע שול. די אַלטע פעסטונג איז געשטאַנען נעבן דער שול אין מאַרק און האָט עקזיסטירט דורך קאַזימיעזשס רעסטאַווירטער פֿאָרעם ביז אין דער העלפֿט פון 17טן יאָרהונדערט.

שוויענציצקי אין בוך „די שילדערונג פון מאַזאָוויע״ רופֿט אָן די פעסטונג „די באַוווסטע מיט איר שיינקייט״.

**דוד ליפּמאַן**

# וואס כ'געדענק פון ווישאגראד

באַקאַנט אין דער געגנט מיט זײַנע הויכע בערג, די געשיכטע האָט אויף איין באַרג אַרויפגעזעצט אַ שלאָס און אין שלאָס אַרײַנגעזעצט אַ פּוילישן קעניג און דעריבער האַלט די לעגענדע, רופט מען אים „שלאָס־באַרג" און אָנקוקנדיק ווי די ווייסל וואַשט אים די פיס, זעט מען, אַז ער האָט זיך פאַרדינט כשר דעם נאָמען, אויך אין דער לעגענדע.



שיין ווישאָגראָד

ווישאָגראָד האָט אויך געשמט מיט איר אַלטער שול. די שול איז געווען באַרימט מיט אירע קונסט־מאָלערייען און די שיינע מזרח־וואַנט, געשניצט פון האָלץ, האָט געשילדערט היסטאָרישע פּאַסירונגען פון ששת ימי בראשית און אויסגעמאָלט נחס תיבה מיט אַלע קלימפּערלעך די רייכע לאַנדשאַפט און די שיינע אומגעבונג האָבן באַהויכט די גייסטער און פאַרברייטערט די מענטשלעכע האָריזאָנטן. דערפאַר אפשר האָט דאָס שטעטל אַרויסגעגעבן גרויסע מענטשן ווי נחום סאָקאָלאָוו און אַ פאַמיליע פון ד"ר חיים ווייצמאַן און אַנדערע.

די איינוווינער פון ווישאָגראָד זענען געווען יידן, וואָס האָבן געציילט אַ 500 פאַמיליעס, מערסטנס הענדלער, קרעמערס און לופט־סוחרים, מענטשן וואָס זענען אַרומגעגאַנגען אויפן מאַרק מיט אַ שטרוי אין מויל און געזוכט אַ אַפּרדינסטל, אָפּקויפן ביי די פויערים אין מאַרק־טעג, די תבואות אוׅן אַנדערע פּראָדוקטן. ווישאָגראָד האָט געלעבט פון סעדער און געווען באַוווּסט מיט אירע „סאַדאָווניקעס", וואָס פלעגן דינגען ביי די פויערים די סעדער גרינערהייט און וואַרטן מיט אומגעדולד אויף אַ גערעטעניש. דער בלינדער מזל זאָל דאָסמאָל נישט פאַרפירן. עס זענען געווען אויך יידישע בעלי מלאכות, שוסטערס, שניידערס, סטאָלאַרעס, ווי אויך אַ פּאָר פאַבריקן פון העמדער־קנעפלעך, געמאַכט פון לייוונט אָדער פעדעם געוויקלט אויף דרעטלעך און באַשטריקט און באַנייט אויף היטל־מאַשינען.

די יידן זענען געווען צעטיילט אויף חסידים און מתנגדים. די חסידים האָבן געדאַוונט יעדער אין זיין שטיבל מיט זיין נוסח און געפאָרן צו די רביים פון גער, אַלעקסאַנדער, וואָרקע און סאָכאַטשעוו. דאַקעגן האָבן די מתנגדים אויסגעלעבט זיך אין שטעטל און געדאַוונט אין שול און אין בית המדרש מיט זייער נוסח אשכנז.

די יוגנט האָט אַ טייל באַלאַנגט צום פּראָפ. פאַריין און נאָך'פון צאַרס צייטן געווען רעוואָלוציאָנער געשטימט. אַנדערע טיילן יוגנט זענען געווען גאולה־טרוימער, חלומדיקע ציוניסטן. די אָנפירער פון די באַוועגונגען פלעגן צושטעלן ביכער צום לייענען „בגניבה", ווייל נישט די צאַרסקע מלוכה האָט פריי דערלויבט לייענען ביכער און נישט אונדזערע עלטערן, וואָס האָבן נישט גערירט זיך פון דער תורה, און ביי זיי איז ביכער געווען טריף־פּסול.

די דייטשישע אָקופּאַציע האָט אַ ביסל אָפּגעפרישט די מוחות. די איינוווינער האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון אָרדענונג און נייקייט. די יוגנט ספּעציעל האָט זיך גענומען פּילן פרייער אין זייערע קולטורעלע פאַריינען. ס'האָבן זיך געגרינדעט פאַרשידענע קולטורעלע און נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. יעדע אָרגאַניזאַציע מיט איר לאָקאַל. די יוגנט האָט פאַרבראַכט אין די לאָקאַלן, געחלומט וועגן אַ ניי בעסער לעבן און געהאָפט. מען האָט געשאַפן אַ ביבליאָטעק פון יידישע העברעאישע און פוילישע ביכער, אַ ביסל צוזאַמענגעקליבן פון די „אויסגעלייענטע" און אַ ביסל געקויפט אין וואַרשע. דער פאַרלאַנג פון די לייענער איז אָבער געווען מער ווי די מעגלעכקייטן און געלט איז נישט געווען. האָט מען געגרינדעט אַ „דראַמאַטישע סעקציע" מיט „אייגן־געמאַכטע" טאַלאַנטן. דער רעזשיסער און בינע־מייסטער, וואָס האָט זיך גענומען די טיטל־ראָלן, ווי אַבשלום, שולמית, און בר־כוכבא איז אַליין געווען אַ סטאָלאַר פון לאָדזש, וועלכער האָט געאַרבעט ביים בויען אַ בריק איבער דער ווייסל. די זעלבע סטאָלאַרעס האָבן אויך געבויט די בינע און אַליין מיטגעשפּילט אין דער דראַמאַטישער סעקציע. די דעקאָראַציע האָט געמאָלט דעם חזנס זון (שמחה־גאָדלס), וועלכער האָט געקענט גוט דאָס פאַך. דער פאָרהאַנג פון דער בינע — געמאַכט פון גראָבע לייוונט — איז נאָך אַריינגעזאַפּן אין זיך הונדערט קילאָ פאַרב געווען באַצירט מיט שיינע מאָלערייען. צוליב דער שווערקייט זענען צוויי מענטשן געווען באַשעפטיקט מיט אים און אים געמוזט אַרויפציען אויף אַ דראָנג, וואָס האָט זיך געדרייט אויף צוויי אייזערנע שטאַנגען, דערפאַר אָבער אַראָפּ איז ער אַליין אַרונטער שנעל מיט אַ קנאַק, ביים סוף פון יעדן אַקט. זיינע דעקאָראַ־

ציעס זענען געווען נאַטוראַליסטישע, כ׳געדענק, למשל, פאַר „שולמית״ האָט ער אויסגעמאָלט אַ „קאַץ״ ממש אַ לעבעדיקע. דעם זעלבן חזנס זון איז געווען די ערשטע פידל פון אַ גרופּע פון פינף מוזיקער מיט אַ דיריגענט (שמואליק האָכבאַס), וואָס האָט אויך געקענט שפּילן פידל, אָבער האָט נישט געקענט קיין נאָטן און געשפּילט אַלס פון געהער. ער האָט עס זוכה געווען צו זיין דער דיריגענט. כ׳ווייס נישט מיט וואָס פאַר אַ זכות איז ער געשטאַנען תמיד פאַר די מוזיקאַנטן, דיריגירט מיט די הענט אַרויף, אַראָפּ, אין די זייטן און געדרייט מיטן שטעקעלע לויט זיי האָבן געשפּילט.

אין צוזאַמענהאַנג מ׳ט די פאָרשטעלונגען דערמאָן איך מיך אַן עפּיזאָד, וואָס ס׳איז געמישט אין איר דער חול און דער קודש און אין דער שטרעקע פון צענדליקער יאָרן באַגרייפט זי מיין מוח. ווי אַ זעלטן יידיש ספּעציפישע מסירת נפש דערשיינונג פון נאַאיווע, ערנסטע אידעאַליסטן.

צו „בר־כוכבא״ האָט די סצענע געדאַרפט זיין מיט אַן ארון־קודש. די אָנפירער האָבן זיך אויסגעבאָרגט ביים שמש דעם ווייסן פּרוכת, וואָס ווערט גענוצט בלויז פאַר יום־טוב און הושענא רבה און אַזוי ווי די ערשטע פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען דעם ערשטן טאָג חול המועד סוכות און דער שמש האָט פאַרגעסן אָפּצונעמען דעם פּרוכת און בעלי־בתים האָבן הושענא רבה דעם פּרוכת נישט געטראָפן הענגען אויפן ארון הקודש, האָט מען נאָר געקענט זיך פאָרשטעלן. אַז מ׳האָט אים געגנבעט פון שול. דאָס שטעטל איז געגאַנגען כאָדאָרעם. די בעלי בתים האָבן באַשלאָסן אויף מאָרגן שמיני עצרת מבטל זיין אַלע מנינים און אַלע זאָלן קומען אין שול דאַווענען און נישט לאָזן פריער די פּרשה לייענען ביז מ׳וועט נישט אויסגעפונען די זינדיקע.

די יוגנט האָט זיך דערפון דערוווסט פון זעלבן שמש און האָט באַשלאָסן נישט דערלאָזן די אסיפה זאָל צושטאַנד קומען.

אַזוי אַרום איז דער שמש געראַטעוועט געוואָרן פון אַן אומגליק.

ס׳איז ווישאָגראָד געווען אַ קליין שטעטעלע, אָבער ווען מ׳קוקט דערויף פון ווייטנס פילט זיך, אַז ס׳איז געווען דאָך אַ קוואַל פון שאַפונג און זיינע איינוווינער, אַ געזונדל פון מענטשן, וואָס האָבן זייער אינהאַלט געזוכט און געפונען אין אַלע אומשטענדן, אָבער תמיד געלעבט מיט תוכן און אינטערעס.

**יעקב ווישאָגראָד** / נצרת

# מיט ווישאגראדער אין הארץ

מיר, די על פי נס געראַטעוועטע, וועלן תמיד געדענקען די טראַגיש אומגעקומענע קדושים, וואָס צוזאַמען מיט זיי האָבן מיר אונדזער לעבן געבויט און פאַרבראַכט.

ווישאָגראָד איז געווען אַ קליין שטעטל מיט נידעריקע הילצערנע הייזלעך, די געסעלעך זענען געווען קליינע און שמאָלע.

דער מאַרק מיט דער הויפּט־גאַס זענען געווען אַ קאָנטראַסט צום שטעטל, דאָ זענען שוין געווען געמויערטע שטאָקיקע הייזער.

ווישאָגראָד איז געשטאַנען אויף אַ הויכן באַרג. דער רינעק האָט דינסטיק און פרייטיק געענדערט דאָס שטילקייט פון ווישאָגראָד. פון פאַרשידענע דערפער זענען פּויערים געקומען צופאָרן אין די צוויי טעג מיט גרויסע וואָגנס מכל טוב, מיט עופות, מיט פּוטער, מיט אייער און גריינס און פאַרשידענע קרייטעכצער. אויסער דעם איז איינמאָל אין חודש פאָרגעקומען אַ יאַריד.

אַרום דעם מאַרק זענען געווען פאַרשידענע געוועלבער מיט אַ דריי־שטאָקיקער מויער, וואָס האָט געהערט צו די ראָלניקעס די פייערלעשער־זאַל, צוויי שענקן — איינע שמעון זלאָטניקס, דער האַנטווערקער־פאַריין מיט זיין באַנק. אין יאַריד־טאָג זענען שוין פאַרטאָג אָנגעקומען בעלי־מלאכות פון די אַרומיקע שטעטלעך מיט זייערע טאַנדייט־סחורות און ווישאָגראָד האָט געקריגן דעם אויסזען פון אַ הויפּטשטאָט. דער מאַרק איז געווען דער טויער פון די געסלעך מיט שפּיציקע שטיינער געפּלאַסטערט. פון די געסלעך זענען טאַנדייטניקעס מיט זייערע שטעלעס געגאַנגען פאַרטאָג פאַרנעמען אַ פּלאַץ צו פאַרקויפן היטלען, שיך און שניט־סחורה. זייערע קינדערלעך זענען געלאָפן ברענגען די סחורות, נאָכדעם וואָס די טאַטעס־מאַמעס האָבן פלעצער פאַרכאַפּט.

אין זייט פון מאַרק האָט זיך דורכגעהאַקט די קלויסטער־גאַס און האָט געשאַפן אַ ראָמאַנטישן אָפּרו־אָרט, מ׳האָט דאָס גערופן די סטעגענעס (שטעקנס) ווו יידן זענען אין די הייסע זומער־טעג געקומען זיך באָדן אין דער ווייסל. די פּלאָצקער גאַס ווייטער האָט געפירט צום טאַרטאַק פון ליפּאַ ווישבינסקי, וואָס האָט געגעבן זיין עלעקטרישע ענעגיע

און באַלויכטן די שטאָט מיט אירע הייזער און גאַסן. די דריטע גרויסע גאַס האָט געפירט צו דער ווייסל סטאַטעק.

די הויפּט־גאַס אָבער איז געווען די רעמבאָווא, זי האָט זיך געצויגן פון מאַרק ביז ענדע שטאָט, גרויס און ברייט. פון ביידע אירע זייטן האָבן זיך געצויגן געוועלבער פון עסנוואַרג, שיך און שניט־סחורות, קאָנפעקציע, בעקעריי, פריזירער, פאָטאָגראַפן, אַפּטייק, דער מאַגיסטראַט, אַ מיל, לייבוש גמאכס ראָווערן־געשעפט, ווו יונגוואַרג האָבן אויסגעבאָרגט ראָווערן, כדי אַביסל פילן דעם טעם פון טעכניק און געשווינדקייט.

אַריינגייענדיק פון דער הויפּט־גאַס אין אַ שמאָל געסעלע איז געשטאַנען די שול פון שטעטל די שיין — מיט קונסט — באַפּוצטע געביידע. וואָס האָט געשמט אויף דער וועלט.

ימים נוראים איז ווישאַגראַד געוואָרן אַ יאַריד פון קדושה, מ׳האָט פאַרקויפט באַזונדערע פּראָדוקטן און קליידער פאַר די יום־טובים. מ׳האָט פאַרקויפט שטעט אין די שולן, מ׳האָט זיך געגרייט האָבן אַ פּלאַץ פון וואַנען מ׳קאָן מיט באַקוועמלעכקייט זיך ווענדן צום איבערשטן און אויסבעטן אַ ביסל אַ בעסער יאָר.

שחרית האָט געדאַווענט ליפּאַ וויעזשביצקי מיט זיינע זין, אַלע מיט שיינע קאָלאָראַטורפולע שטימען. מוסף האָט געזאָגט דער שטאָטישער חזן, דער שוחט אברהם איזאַרלע־וויטש מיט זיינע זין און צוגעקליבענעם כאָר פון קינדער און דערוואַקסענע, וואָס האָט געשמט אין גאַנצן אַרום.

די קריסטן זענען געקומען הערן דאָס געזאַנג ווי מען הערט אַ קאָנצערט.

נעבן דער שול איז געשטאַנען דאָס בית־המדרש ווו מאירל שוחט איז געווען בעל־תפילה.

ווישאַגראַד איז געווען אַרומגערינגלט מיט סעדער פון פרוכט און די ווייסל צוזאַמען מיט זיי און איר כמעט צוויי־קילאָמעטערדיקע בריק האָבן איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן.

ווישאַגראַד איז באמת געווען אַ שיין יידיש שטעטל. די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען בלויז פון מלוכה־ און שטאָטישע באַאַמטע, גלחים און זייער דינער־שאַפט און אַ פּאָר אַרבעטסלאָזע גויים, וואָס האָבן געזוכט אַרבעט אין די גערטנער און ביים האַקן האָלץ פאַר בוי און הייצונג. אָבער דריי פערטל שטאָט איז געווען יידיש.

דער גרעסטער טייל יידן זענען געווען בעל־מלאכות, וואָס האָבן געאַרבעט מיט אייגענע קינדער און פרעמדע געזעלן. ס׳איבעריקע איז באַשטאַנען פון כלי־קודש, מלמדים, תבואה־סוחרים און אַנדערע קליינהענדלער, דאָרפס־גייער, קצבים, בעקערס, בעלי עגלות, אַ דאָקטאָר, אַ פעלדשער, פריזירער, קלעזמער און אַנדערע.

דאָס שטעטל האָט זיך אויסגעלעבט צוזאַמען אין צרות און אין פרייד. יידן זענען געקומען אויף דער וועלט יידיש־לעך און געגאַנגען פון איר ווי יידן. כלי־זמרים האָבן באַוויינט־באַזונגען כלות צו די חופות. עמך האָט געבענקט נאָך לאַכן און געלאַכט, זיך אויסגעלעבט קולטורעל, געשפּילט טעאַטער, געלייענט ביכער, געשטרעבט צום בעסערן און אַזוי אַנגעגאַנגען ביז 1939.

דאַן ווייסט מען וואָס איז געשען.

וועלן מיר קיינמאָל נישט פאַרגעסן, וואָס ווישאַגראַד איז געווען און ווער האָט פאַרשניטן איר יידישקייט מיט די טייערע יידן.

תנצב״ה.



די ווייסל — די בריק

מ. וואָלמאַן / פּאַריז

# מיין היימשטעטל ווישאגראד

בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע בין איך געווען אין דער אָנפירונג פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין בעלגיע. כ׳בין צוויי מאָל געווען אין די הענט פון דער געס־טאַפּאָ און כ׳ווייס נישט ווי־אַזוי כ׳האָב זיך געראַטעוועט.



משה וואָלמאַן

מיינע שוועסטערן ווי מיין גאַנצע אָפּשטאַם־משפחה האָבן דאָס נישט דערלעבט. אין זייער לעצטע בריוועלע שרייבן מיר מיינע טייערע שוועסטער:

„דו, משה, וועסט אפשר איבערלעבן, מיר האָבן קיין האָפענונג צוריקצוקומען...״

און ווייל איך האָב איבערגעלעבט, פיל איך אַ פליכט צו פאַראייביקן דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין משפחה, פון מיינע חברים און פון אַלע טייערע יידן פון מיין שטעטל ווישאָגראָד.

ס׳פעלט מיר דער פּאַעטישער־שרייבערישער טאַלענט צו באַשרייבן און באַזינגען מיט די האַרציקסטע נגונים דאָס שפּרודלדיקע, קאָלירפולע לעבן פון מיין היימשטעטל.

*

די אַמאָליקע און היינטיקע אַנטיסעמיטן און שונאי־ישראל באַהויפּטן און ווילן „וויסנשאַפטלעך״ באַווייזן, אַז יידן זענען פּאַראַזיטן, לוידיקגייער, לעבן אויפן חשבון פון אַנדערע פעלקער. ווישאָגראָד איז אַן און פאַר זיך אַ פּאַטש אין פּנים דער גאַנצער טעאָריע.

די פּראָדוקטיווע אַרבעט, וואָס ס׳האָבן געלייסטעט די גרעסטע צאָל איינוווינער פון אונדזער ווישאָגראָד באַווייזט דאָס פּאַרקערטע:

די יידישע אַרבעטער און האַנטווערקער פון פאַרשידענע פאַכן האָבן באַנייט און באַשיכט דאָס שטעטל און די אַרו־מיקע דערפער, האָבן אַרויסגעגעבן מעל, געבאַקן ברויט און זעמל, האָבן געפלאָכטן די שטריק פאַר די פורמאַנעס און פויערים. געווען מער פּראָלעטאַריש ווי אַלע גויים אַרום.

די יידישע קליינע סוחרים האָבן טיכטיק אויסגעפירט זייער ראָל פון פאַרמיטלער צווישן דאָרף און שטאָט, האָבן אויסגעקויפט די דאָרפישע פּראָדוקטן און זיי איבערגעפירט אין דער הויפּט־שטאָט. פון דער צווייטער זייט האָבן זיי צוגע־שטעלט אַלע נייטיקע פּראָדוקטן, סחורות און אויסאַרבעטונ־גען פון די גרויסע שטעט און פאַבריקן פאַר דער ווישאָגראָ־דער און דאָרפישער באַפעלקערונג.

דער גרעסטער טייל ווישאָגראָדער יידן האָט געלעבט פון אייגענער פּראַצע און האָט געפירט אַ שווערן קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ קעגן די שטייער־לאַסטן פון די גראַבסקיס און זייער גלייכן.

ווען עס איז שווער געווען אויסצוקומען פון דער פּראָפ.־אַרבעט, דינגען אַ סך אַרבעטנדיקע יידן סעדער אין די זומער־חדשים, אַרבעטן צו ביי דיביימער און פירן אַוועק זייער אויבסט קיין וואַרשע.

שפּאַצירנדיק איבער די גאַסן פון ווישאָגראָד האָט מען געפילט דעם ריח פון עפּל, באַרנעס און פלוימען, וועלכע האָבן אַרויסגעשמעקט פון די בוידעמער און קעלערס.

*

ווי פאַרשידנאַרטיק ס׳איז געווען דאָס עקאָנאָמיש־ווירט־שאַפטלעכע לעבן פון ווישאָגראָדער יידן, אַזוי אויך איז גע־ווען פאַרבן־פול דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן זייערס, אַנ־



ר׳ יעקב און איידל וואָלמאַן, זייער טאָכטער יהודית און זייערע אייניקלעך

הייבנדיק פון די אָרטאָדאָקסישע קרייזן, ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציעס, ביז די עקסטרעם־לינקע מאַסן.

עטלעכע יאָר נאָך דער ערשטער מלחמה הויבט אָן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן זיך פאַרמירן און אָננעמען ערנסטע פאָרמען. כמעט אַלע באַוועגונגען פאַנגען אָן זייער טעטיקייט מיט קולטורעלער, ליטעראַרישער אויפקלערונגס־אַרבעט. מ׳גרינדעט ביבליאָטעקן, מ׳פאַראינטערעסירט די יוגנט מיט פּראָבלעמען, וואָס באַשעפטיקן די ליטעראַריש־דענקערישע וועלט, מ׳פירט געשפּרעכן איבער ליטעראַטור, אָבער מ׳צילט צו מער ממשותדיקס, מ׳וויל דורך דער ליטעראַטור אַריינ־דרינגען אין די פאַרשידענע לעבנס־לייזונגען פון מענטש און פאָלק, פון יידן און וועלט.

מ׳קאָן זאָגן, אַז דורך דער גרינדונג פון די ביבליאָטעקן אין שטעטל, שפּיגלט זיך אָפּ דער אייגנאַרטיקער כאַראַקטער פון ווישאַגראַדער מענטש, וואָס טראָגט זיינע קלאָרע פּאַרטיי־אישע טענדענצן, וויל ער דאָך דער מענטש זאָל געהערן צו זיין פּאַרטיי דורך אייגענער איבערציגונג און נישט פון אויס־סערלעכע סיבות און פון דעמאַגאָגיע.

צו דער קאַטעגאָריע געהערט אויך די טעאַטער־טעטי־קייט ביי אונדז.

יעדע פּאַרטיי וויל קאָנקרעטיזירן סיטואַציעס און אָנגעבן לעבנס־פראַגן אין אַ קאָנטעקסט פון פאָלק און געזעלשאַפט, מענטשן־באַציאונגען און רעזשים.

פיל האָבן באַטראַכטן די סצענעס פון ווישאַגראַדער בי־נעס, מיט דעם צוועק צו העלפן מיט אויסדרוק און עמאָציע באַזירן זייער אמת און אים איבערפלאַנצן אין אַנדערע — זיי נאָענטע — מענטשן. ספּעציעל אָנגעזען איז געווען דער באַ־גאַבטער, טאַלאַנטירטער מוזיקער קלמן אַגראַדניק, וועלכער האָט דיריגירט מיטן כאָר און אָרקעסטער און באַגלייט מיט זיין מוזיקאַלישער אינטערפּרעטאַציע אַלע טעאַטער־אונטער־נעמונגען און שטומע פילמען.

ס׳האָט זיך אויך אויסגעצייכנט שיע־אייזיק כמעל, וואָס האָט געמאָלן די דעקאָראַציעס און אַפישן און פלעגט צוזאַמען מיט ליפּמאַן ווישאַגראַדער צוזאַמענשטעלן פּראָגראַמען פון אַרויסטרעטונגען.

אין דעם געביט האָט ווישאַגראַד איבערגעוואַקסן גרע־סערע שטעט פון איר סביבה און פלעגן פאַרשטעלן אויך ביי זיי אירע גוט־רעזשיסירטע פאַרשטעלונגען מיט אירע באַגאַבטע שוישפּילער.

די פאַרשטעלונגען האָבן אויך געבראַכט יום־טוב־געפיל אין שטעטל, פאַר זיי און נאָך זיי. די ספּעקטאַקלען פלעגן זיך פאַרציען ביז שפּעט ביינאַכט, און ווען די בינע־טוער האָבן פאַרלאָזט דעם זאַל, האָט שוין אין גאַס געטאָגט... און הענער האָבן געקרייט.

*

אייניקע יאָרן האָט עקזיסטירט אַ יוגנט־ספּאָרט־קלוב, אָנגעפירט פון אינסטרוקטאָר בראַון פון פּלאָצק. דאָס האָט אַריינגעבראַכט אַן אימפּולסיווע אויפלעבונג אין שטעטל.

נאָך דער אַרבעט פלעגן זיך די יינגלעך און מיידלעך צוזאַמענקומען און אויסגלייכן זייערע ביינער אין אינטענסי־ווער גימנאַסטיק, אויף דער פרייער לופט און אַ פרייער אָנט־שפּאַנטער אַטמאָספער.

אין די פרייע טעג זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אויספלוגן און מאַרשן ביי די קלאַנגען פון יוגנט־ און פאָלקס־לידער. שיינע ערטער ווו צו מאַכן אויספלוגן האָבן נישט געפעלט אין ווישאַגראַדער סביבה און די שפּאַצירן צו זיי זענען גע־ווען אַ פּרעכטיקע גייסט־באַרייכערונג אָן־און־פאַר־זיך.

*

אין ווישאַגראַד האָבן אויך די פראָ.־פאַראיינען געפירט אַ טעטיקייט.

ס׳וועט נישט זיין איבערטריבן צו זאָגן, אַז ווישאַגראַד איז געווען דאָס איינציקע שטעטל, וואָס אַלע אַרבעטער כמעט זענען געווען אָרגאַניזירט אין פאַראיינען און געפירט אַ וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

די פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט איז דאָ געווען ווייניקער וויכטיק ווי די געזעלשאַפטלעכע, ווייל ס׳איז דאָ נישט געווען קיין גרויס־קאַפּיטאַליסטן, וואָס מ׳האָט זיי געמוזט באַזיגן דורך שטרייקן. אָפּטמאָל, ווען מ׳האָט געפירט אַ קאַמף פאַר אַ בעסערן לוין, אָדער אַ קירצערן אַרבעטס־טאָג, האָט מען געהאַט קעגן זיך האַנטווערקער, וואָס האָבן אַליין נישט געהאַט קיין לייטישע עקזיסטענץ און זענען סאָציאַל־עקאָנאָמיש גע־ווען זייער נאָענט צום אַרבעטער־קלאַס, ווי צו די אַרבעטס־געבער.

די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אָבער האָט דאָ געטראָגן אַ ריין אָרגאַניזאַטאָרישן אויפקלערונגס־כאַראַקטער. ס׳זענען יידן דערצויגן געוואָרן צו באַערן די אַרבעט און אָפּשאַצן דעם אַרבעטער, אים דערמעגלעכן אַליין זיך פאַרטרעטן אין אַלע קאָמונאַלע אָדער מוניציפּאַלע אינסטיטוציעס און אָנ־שטאַלטן און זיין דער מייסטער פון זיין אייגענער געזעלשאַפט־ און קלאַסן־גורל.

ס׳ווילט זיך דערמאָנען ווען אין 1927 זענען אין שטאָט־ראַט אַריין דאָס ערשטע מאָל צוויי לינקע ראַטמענער, נפתלי שלאָסבערג און הירש פוטערמאַן און צו זיי צו — משה זלאָט־ניק אַלס וויצע־בירגערמייסטער. ווען האָט אַ שטאָט אין פּוילן געוווּסט פון אַרבעטער־דאַזאָרעס און פּרנסים?

ס׳איז דאָ נישט וויכטיק, וואָס די פּוילישע מאַכט איז פון הויט געשפּרונגען און אַרעסטירט מענטשן א.א.וו. וויכטיק איז, אַז דער אַרבעטער האָט געוווּסט צו ווילן זיינע מענטשן, אַרויסברענגען זיינע פאָדערונגען אַלס פאַרטרעטונגס־ווערט און נאָך וויכטיקער איז, אַז ווישאַגראַדער סתם־יידן האָבן געהאָלפן דערביי. דאָס גיט צו אַ פּראָגרעסיוון שיין אונדזער שטעטעלע.

*

אין דער פראָפ־טעטיקייט זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אויך די טרעגערס, צווישן זיי עלטערע מענטשן, געבראָכענע פון שווערע משאות, פון לאָדן און אויסלאָדן אַלץ, וואָס מ׳האָט אין שטאָט אַריין און אַרויסגעפירט.

מיר איז אויסגעקומען זיין זייער סעקרעטאַר און כ׳האָב

געהאַט די געלעגנהייט זיי אָבסערווירן. דאָס זענען געווען פּשוטע גוטע יידן, איבערגעגעבענע ברידער, וואָס זענען געווען שטענדיק גרייט „אונטערשטעלן אַ פּלייצע". ווען די פינצטערע ענדעקישע אַנטיסעמיטן זענען אַרויס פּאָגראָמירן יידן אויף די וואַרשעווער גאַסן האָבן דאָס די טרעגערס און פורמאַנעס זיי באַגעגנט מיט דרענגער און דישלעס. דאָס יידישע געפיל האָט נישט געליטן פון זייער קלאַסן־באַוווסטזיין, זיי האָבן ליב געהאַט יידן.

*

ווען כ'דערמאָן זיך אונדזער געמיינזאַמע פאַרגאַנגענהייט אין ווישאַגראַד ווערט מיר טייער יעדער ייד פון אונדזער היים־שטעטעלע. איך פאַרדאַם די ברוינע פעסט, וואָס האָט פאַרשניטן דעם יידישן ישוב פון שטעטל. איך מאַך צו שפּאָט און צו שאַנד די היינטיקע אַנטיסעמיטישע פוילישע פירער, וועלכע פאַרפאַלגן די לעצטע רעשטלעך פון די פוילישע יידן.

כ'גיב אַ לויב פאַר ישראל, וואָס נעמט זיי אויף מיט אָפענע אָרעמס.

כ'וועל מיין היים־שטעטעלע קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

**מרדכי וואָלפיש**

# ווישאגראד - נאטור פראכט און שעפערישקייט

אונדזער קליין שטעטל האָט פאַרמאַגט אַ 3 טויזנט יידן וואָס האָבן אין משך פון הונדערטער יאָרן געפירט אַ רואיק בעשיידן און בכבודיק לעבן, זיי האָבן ליב געהאַט די ווייסל, זי האָט אַזוי אידיליש געשטראָמט צופוסנס פון די בערג, וואָס די שטאָט איז אויף זייערע היכן געבויט געווען, זיי האָבן ליב געהאַט די צויבערונג פון די „סטעגענעס", וואָס האָבן אַזוי פּראַכטפול באַשיינט די פּאַנאָראַמע פון שטעטל, די געזונטע ריינע לופט, די מאַיאָווע רעגנס, דעם שמעקעדיקן בעז, דעם גרינעם בלישץ', וואָס האָט באַשיינט די יידישע שטיבער, די יום־טובים פון שטעטל און ספּעציעל דעם גרינעם יום־טוב שבועות, די מאַרק־טעג מיט די וועגענער, אָנגעפּילטע מיט אַלערליי פּרוכטן, גרינצייג, עופות, פּוטער, אייער און אַלץ בשפע, מיט דער פולער האַנט פון דער נאַטור.

די שבת און יום־טובדיקע שפּאַצירן פון דער יידישער יוגנט אויף די אייביק אינטערעסאַנטע און אייביק אַזוי נאָענטע וואַרשעווער און פּלאַצקער וועגן, די אין־דער־נאַכט־צעזונגענע אַליען פון „סטאַרע מיאַסטאָ", וועלכע האָבן דורות לאַנג געוועקט האָפענונג און בטחון, האָבן מיטגעווירקט נישט נאָר צום נאָרמאַלן לעבנס־גאַנג פון די יידן אין שטעטל, נאָר אויך געצויגן פיל וואַרשעווער אַרבעטער בעלי־מלאכות און קולטור־טוער צו קומען אין די זומער מאָנאַטן אויף זייער אורלויב און פערברענגען אין אַ גוטער אָנגענעמער שטימונג אין אונדזער שטעטל.

צו אונדז זענען אָפט געקומען גייסט־מענטשן: שרייבער, פּאָעטן, כדי זיך אָנזאַפּן מיט דער פּאָעטישער נאַטור־רייכקייט פון ווישאַגראַד, זי האָט פאַר זיי געדינט אַלס אָנרעגונג צו נייע דיכטערישע שאַפונגען. אַזוי איז געקומען אלתר קאַציזנע, וועלכער האָט אין אַ שמועס מיט יואל ווייצמאַן, אויסגעדריקט זיין ענטוזיאַזם פון דער וווּנדערלעכער לאַנדשאַפט פון שטעטל. אַזוי האָבן אויך באַזוכט די ליטעראַטן יואל מאַסטבוים, מיכאל וויכערט, מאָטל זאַלאַטאָוו, ד"ר רפאל מאַהלער, יאַנקל שפּאַן, משה שולשטיין א"אַ. דער לעצטער וועלכער האָט אַלס יונגער פּאָעט אָנגעהויבן שטעלן די ערשטע טריט אין דער ליטעראַטור, האָט אין אַ באַזוך אין ווישאַגראַד זיך אָוועקגעשטעלט אויף אַ באַרג אויף די סטעגענעס, אָבסערווירט דעם פּייזאַזש פון דער ווייסל מיט דער גאַנצער סביבה, און געוואָרן פאַרשיכורט פון התלהבות, ווען ער האָט געזען דאָס ווייס־זאַמדיגע־אינזל מיט זיינע פיל גרינע צווייגן. אויף די וואַסערן האָט זיך געשיפט דער גרויסער שלעפּ־דאַמפער „סמולקה" מיט די רעדער פון־הינטן און געשלעפּט אַ צענדליק „בערלינקעס" מיט סחורה פון דאַנציק קיין וואַרשע. דער שיפער טאַהב (דער געלער מענדל) מיט די בנים האָבן געשעפּט מיט אַ גרויסע לעפל זיפּזיף פון טייך־גרונט, און פישער מיט פערלייגטע נעצן האָבן פיש געשלעפּט און אָפּגעוואַרט. אַנדערע האָבן אויסגעשיט תבואות גלייך פון גרויסן מאַרק־שפּייכלער אין דער בערלינקע וועלכע איז געשטאַנען ביים ברעג פון ווייסל.

די פּאַסאַזשירן־דאַמפערס, וואָס האָבן פערקאַפּט דאָס אויג מיט זייער שיינעם עסטעטישן אויסקוק. דער פּאָעט שולשטיין (איצט אַ גרויסער שרייבער אין פּאַריז) האָט דאַן דערקלערט, אַז דאָ אונטער די הימלען פון ווישאַגראַדער נאַטור־גרויסקייט זעט ער שוין זיינע צוקונפטיגע ביכער אין פּאָעמעס, אונטער דעם איינדרוק האָט זיך צעשפּילט זיין דיכטערישע מוזע און אים געצווונגען גלייך צו שרייבן לידער, וועלכע ער האָט באַלד אין אָונט זיי געליינט אין דער פייערלעכער רעמיזע אין מאַרק.

די ווישאַגראַדער יידן האָבן ליב געהאַט די איינגעוואָרצלטקייט פונעם שטעטלע, די ריינע גאַסן, זייערע משפּחות, זייערע טייערע קינדערלעך וואָס זענען אויפגעצויגן געוואָרן אויפן ברוק פון גאַס, אין רינשטאָקן און אויף טרעפּן הייזער, ווו די מאַמעס און באָבעס זענען דורות־לאַנג געזעסן און דערציילט די שיינע מעשיות פון טייטש־חומש און „צאינה־

וראינה״, וועגן עקידת־יצחק און מכירת־יוסף און וועגן זינ־דיקער חוה, וואָס האָט זיך געלאָזט אָנרעדן פון שלאַנג און געגעסן פון עץ־הדעת, די קינדערלעך האָבן געלערנט אין חדר און תלמוד־תורה, שפּעטער אין שול, געוואָרן דערוואַקסענע, חתונה געהאַט און ווייטער געלעבט מיטן זעלבן געזונטן ריטם פון זייערע עלטערן.

מען האָט זיך צעקריגט צעווערטלט און ווייטער זיך איבערגעבעטן, איינאַנדער זיך געבעטן אויף שמחות און געפרייט זיך צוזאַמען ווי אין משפחה. נישט איינמאָל איז דער מאַרק אויפגעציטערט געוואָרן שפּעט אין אָוונט פון אַ דונער שטימע און געשריי, דאָס האָט דער דאָרפס־ייד רפאל מרדכי דזעדזיץ (דער אשמדאי) געעפנט דאָס פענצטער און אַרויסגעלאָזט אַ געשריי אויף די ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן שפּאַצירט הינטער זיין פענצטער און אים געשטערט אין שלאָף. ער האָט זיי שוין גוט געקענט און אָנגערופן ביי די נעמען און אויך אויסגערעכנט דעם גאַנצן ייחוס: מאַניע, ליבע, פריידע, שרה, הערשל, אברהם, טאָמער וועט שוין גענוג זיין אויף היינט, אַ רוח אין אייער...

ער האָט אָנגעהויבן מיט לייכטע, פיינע זידלונגען אָבער אַז עס האָט נישט געהאָלפן, האָט ער געלאָזט אין גאַנג די שווערע אַרטילעריע, וואָס האָט שוין דעפיניטיוו געמוזט העלפן. דאָס איז געווען דער סימבאָל פון אייביקן קאַמף צווישן יונג און אַלט.

דער טייך ווייסל, וואָס איז געפלאָסן צופוסנס פון די קאַרפּאַטן־בערג דורך קראָקע, פּילאָוו, וואַרשע, מאָדלין, ווישאָגראַד, פּלאָצק, וולאָצלאַוועק, ביז דאַנציק און אַריינפאַלן אין באַלטישן ים האָט געגעבן אַ סך יידן נישט נאָר פּרנסה, נאָר אויך פאַרוויילונג און צייט פאַרטרייב, די גאַנצע יוגנט אין ווישאָגראַד האָט אויף דער שויס פון דער אוראַלטער ווייסל־נאַטור פאַרבראַכט אירע וואַרעמע זומער־חדשים און געשעפּט פולע הויפנס פאַרגעניגן פון איר שיינקייט, זיך געבאָדן און פאַרבראַכט אויף דער הייסער זאַמדיקער פּלאַזשע און אויך געגעבן נישט ווינציקע קרבנות דער רויער ווייסל־סטיכיע, געשווימען מיט לאָדקעס, חברה און געזאַנג און מאַנדאָלין־מוזיק, און מיט זעלבסטפאַרשטענדלעכער זאַרגלאָזיקייט.

אין דער אַטמאָספערע האָט געהויכט מיט לעבן, שעפערישקייט און גייסטיקן דראַנג. דאָס אַלץ האָט מיטגעווירקט, אַז פון איר אָנהויב פון סאַמע וויגעלע און ענטשטייונג פון ווישאָגראַד ביז איר טרויעריקן אומקום זאָל זיך ציען אַ גאָלדענע קייט פון אַ שעפעריש גייסטיק יידיש לעבן, און עס זאָלן פון איר אָרגאַניזם אַרויסוואַקסן גייסטיקע גאונים, עסקנים און מנהיגים פון פאַרשידענע גרופּן, אָרגאַניזאַציעס און קולטור אינסטיטוציעס, ווי דער רבי ר׳ דודל באָרנשטיין,



ווישאָגראַד — נאַטור־פּראַכט

נחום סאָקאָלאָוו, גרשון עין, יוסף עפשטיין, אברהם מאיר קראָנגראַד, חיים אהרון פערשט, נפתלי שפּיוואַק (דער לעצ־טער רב), דוד הערש לובין, איכל גערשט, העניך קאָן, יהודה אלעזר קליין, יאָסקע לעווין, מנחם זילבערשטיין, משה מיכאל זשיכלין, יעקב ליכטנשטיין, יודיס גאָלדמאַן, שיע אייזיק כמיעל, שלמה לייב בוזשניצקי, אברהם וואָלפיש, זלמן זאַלצבערג, משה וואָלמאַן, דוד ליפּמאַן, ישראל גדליה דייטש און נאָך פיל אַנדערע ערליכע געזעלשאַפט־ און קולטור־טוער, וועלכע האָבן ביי זייער אַלגעמיין יידישער טעטיקייט געדענקט זייער אָפּשטאַם שטעטל און זיך, געווידמעט מיט האַרץ און נשמה פאַר איר אויפשטייג און ענטוויקלונג.

געווידמעט מיט האַרץ און נשמה פאַרן אויפשטייג און ענטוויקלונג פון אונדזער שטעטל ווישאָגראָד. און מיט האַרץ און ווייטיק איר טראַגישן אומקום.

**הרב ר׳ זכריה איילנבערג / פלאָנסק־ברוקלין־גבעתיים**

# ווישאגראד אין יענעמ׳ס אויגן

הגם איך בין אַ פּלאָנסקער אָבער ווי נאָר כ׳האָב געהערט, אַז מ׳גייט אַרויסגעבן אַ יזכור בוך פאַר די ווישאָגראָדער קדושים האָב איך באַשלאָסן עפּעס צוגעבן צום בוך פון מיינע זכרונות, פון דעם הייליקן שטעטל ווישאָגראָד וווּ כ׳האָב גע־האָט די זכיה צו לערנען אין ישיבה. כ׳האַלט דאָס מיר פאַר אַ גרויסער זכיה.

זער ווייניקע ווייסן וואָס פאַר אַ תלמידי־חכמים, חסידים ואנשי מעשה ס׳האָבן געלעבט דאָרט. אין תרס״ט (1909) ווען כ׳בין געוואָרן בר־מצוה בין איך געקומען לערנען אין ווי־שאָגראָדער ישיבה, וואָס איז געווען תחת פּיקוחו פון אדמו״ר ר׳ דודל באָרנשטיין, וואָס איז געווען רב פון שטאָט, און דורך אים איז דאָרט געבינדעט געוואָרן תורה מיט חסידות.

געקומען קיין ווישאָגראָד בין איך ס׳ערשטע געגאַנגען צום גבאי פון ישיבה ר׳ דוד וויטעלזאָן. ער האָט דאַן געלערנט אין גערער שטיבל. ווען כ׳האָב אים געוויזן די המלצה פון אונדזער רב ר׳ צבי יחזקאל מיכעלזאָן, האָט ער בלויז אויפ־געהויבן די אויגן אויף מיר און אַ זאָג געטאָן:

פּאות, יאַרמולקע, גאַרטל!

און מיר צוריק געגעבן די בריוו.

ס׳האָט געהייסן, אַז אַן פּאות, אַן אַ גרויסע יאַרמולקע אונטערן היטל און אַן אַ גאַרטל קאָן איך נישט אָנגענומען ווערן.

ביי אונדז אין פּלאָנסק זענען מיר אַזוי ניט געגאַנגען. נו, גיי איך אַהיימפאָרן מיט גאַרנישט. אָבער איך האָב דאָך געוואָלט לערנען דאָרט. בין איך אַוועק צום רב, אַריינגעווײנט אַביסל און בין אָנגענומען געוואָרן.

*

אינטערעסאַנט, פון פּלאָנסק ביז ווישאָגראָד איז אַ מהלך פון בלויז 4 מייל, אָבער אין לעבן איז דער מהלך געווען אַ סך אַ ווייטערער. ביי אונדז איז מען שוין געפאָרן קיין ארץ־ישראל און דאָ האָט מען גאַרנישט געטראַכט דערפון, מ׳האָט נאָר געטראַכט פון לערנען און חסידות. און אין גע־רער שטיבל האָט מען געפּראַוועט כמעט אַלע טעג חסידישע סעודה׳לעך מיט אַ ברייטן פאַרנעם. אַ יאָרצייט, אַן אורח, אַ רבי און אַנדערע געשעענישן האָט מען געפּראַוועט צוזאַמען און איך בין געווען דאָס שיק־ייִנגל צוזאַמענברענגען געטראַנק און פאַרבייסן.

כ׳האָב מצליח געווען און אָנגעהויבן עסן טעג ביי ר׳ ירמיה קאַליש, נאָכער רב אין אופּעלאַ. אַריינקומענדיק צו אים זעענדיק ווי זיינע קינדער גייען אָנגעטון האָב איך דאַן פאַר־שטאַנען ר׳ דוד וויטעלסאָן.

ס׳איז געווען אַ נחת זיי אָנצוקוקן, כ׳געדענק נאָך זייערע נעמען ר׳ ישראל יצחק, היינט אין רעננה און אַ ייִנגערער ברודער, די בעל־הבית׳טע האָט זיך מיט מיר געפירט ווי אַן אמת׳ע צדקת. אויך מיינע טעג ביי ר׳ שמואל ליכטנשטיין קאָן איך נישט פאַרגעסן. מיינע רביים זענען געווען ר׳ משה הודעסעס און ר׳ אשר קנעפּלמאַכער, ביידע גרויסע תלמידי־חכמים און חסידים. געחברט אין חברותא האָב איך זיך מיט יהושע סוקולוב אַ קרוב פון דעם נ—ס ז״ל. און אינטערע־סאַנט, אין דער צייט וואָס אין אַנדערע שטעט האָט זיך שוין גערודערט מיט די „משבת לשבת״ אַרטיקלען פון ר׳ נחום סוקולוב אין „הצפירה״ איז נאָך דאָ מיין חבר גערודפט גע־וואָרן פאַר דעם נאָמען, ווען מ׳האָט אים געוואָלט באַליידיקן איז גענוג געווען, אַז מ׳האָט אים דערמאָנט דעם פאַמיליען נאָמען סוקולוב.

*

איינמאָל אין פסח שני איז דער „אבני נזר״ זצ״ל געקומען באַזוכן זיין אייניקל, דאַן האָב איך געזען וואָס ווישאָגראָד איז, כ׳וועל דעם טאָג קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דאָס שטעטל האָט אויסגעזען ווי פאַרפוצט מיט אינערלעכן פּוץ, וואָס האָט

אַרויס געשטראַלט אויף דרויסן. אַ התלהבות שבקדושה האָט יעדן אָנגעכאַפּט, אַלץ האָט געשטראַלט און געלויכטן. יידן האָבן פאַרמאַכט די געוועלבער און בתי־מלאכה און אַלע מענער און פרויען, קינד און אַלט, זענען אַרויס מקבל־פנים זיין דעם גאון און צדיק ביים ווייסל.

אַלע זענען אָנגעקומען אויף אַ פראַם אויפן ווייסל קיין ווישאַגראַד.

חסידים שטיבלעך מיטן גערער בראש זענען געווען אין שטאָט און אַ שול, וואָס איז געווען אַ מוסטער פון שיינקייט, כמעט אַלע שבת האָט מען געזאָגט „יוצרות" און אַ שמש איז געווען איינער אַ גאַדל וואָס זיין דאַוונען און זיין קריאה קלינגט מיר נאָך ביז היינט אין די אויערן.

ס'ווייטיקט דאָס האַרץ ווען מ'דערמאָנט זיך, אַז די חסידיש צדיקישע ווישאַגראַד איז שוין מער נישטאָ, און ס'פרעגט זיך, פאַרוואָס האָט דער נאַצישער וואַנדאַל נישט געקאָנט רוען ביז ער האָט עס אומגעבראַכט.

**בן סיני דויטש**

# פרנסות אין ווישאגראד

פאַר דער 1914 קריג זענען געווען עטלעכע רייכע סוחרים: פסח אייזנבערג, מענדל שאַטן, הענעך ליכטנשטיין, איטע די רעמבאַוויאַטשקע, די באָבע פון גאָלדע האַלענדער, וואָס האָט געגעבן די ערשטע סובסידיע פאַר דער גמ״ח־קאַסע און די ברידער ליכטנשטיין, בעני און געייב, וואָס האָבן געגעבן גרויסע שטיצע פאַרן ווישאַגראַדער קאָמיטעט אין ישראל, חיים יצחק שווירץ, וואָס האָט צוגעשטעלט דאָס גאַנצע בוי־מאַטעריאַל פאַר דער צוקער־פאַבריק אין מאַלאַוויעש.

די אַלע סוחרים האָבן געפירט גרויסע מסחרים פון תבואה. פריצים האָבן זיי פאַרקויפט זייער תבואה אויף 2—3 יאָר פאַראויס. זיי האָבן געהאַט גרויסע שפייכלערס אויפן ראַנד פון באַרג, די לענג פון קלויסטער־גאַס. די תבואה האָט מען געשיט מיט רינוועס גלייך אין די בערלינקעס און אַוועקגעשיקט קיין דאַנציג. מ'האָט טאַקע גערופן ווישאַגראַד „קליין דאַנציג".

נעבן די גרויסע גבירים האָבן זיך געהאַלטן צענדליקער לעטניקעס, קלענערע סוחרים, וואָס האָבן אויפגעקויפט קליינע סכומים תבואה און געלעבט. ביי דעם האָבן זיך אויך מפרנס געווען פורמאַנעס, טרעגערס און שיפערס מיט אייגענע „באָטען" און געשיפט די תבואות קיין דאַנציג דורך דער ווייסל.

כ'וועל דאָ דערמאָנען נעמען, וואָס כ'געדענק לויט בראַנזשעס און באַשעפטיקונג.

**שיפערס:**

ישראל האַלענדער, יאָסל, מענדל יענקל און איטשע האַלענדער, הירש מאיר האָכבוים, יצחק יעקב באָום, משה מענדל שלאָסבערג, שמואל איטשע שלאָסבערג, הירש און מרדכי סאַרניאַק, פייוול דבורה דער בלינדערס פאָטער, יענקל זילבער, שייע משה און די ברייט, דער זון פייוויש מאיר.

אין יענער קריג האָבן די דייטשן רעקווירירט די באָטן און בערלינקעס און איבערגעפירט קיין מאַדלין אין פאַרט. מער האָבן די יידן זייער פאַרמעגן נישט געזען. די רוסן האָבן דאָס פאַרברענט ווען זיי האָבן די פעסטונג פאַרלאָזט. די אַלע יידן זענען איבער נאַכט געוואָרן אָרעמע־לייט. איין יענקל זילבער האָט זיך נאָך אָפגעקויפט אַ באָט און הירש סאַרניאַק אַ קליינע לאָדקע.

יענקל זילבער האָט באַוויזן צו זיין אין ארץ־ישראל און קומען לידער צוריק. זיין באָט האָט ער געהאַט פאַרקויפט זיין שטיף־זון מיכל מיט פייוול נפתלי וואַלמאַנס זון. זיי האָבן געאַרבעט גאַנץ שיין, אָבער אין יאָר 1925/8 (?) האָט מען זייער באָט געטראָפן אַליין און שפעטער האָט מען געטראָפן זייערע קערפערס שווימען אויפן וואַסער צווישן פלאָצק און ווישאַגראַד. מ'האָט געזאָגט, אַז דאָס האָט דער הויכער יאַנעק מיט זיין זון אָפגעטאָן די זאַך, אָבער ס'זענען נישט געווען קיין דייטלעכע באַווייזן. שפעטער מיט אַ יאָר איז יאַנעק דערטרונקען געוואָרן און אין צוויי יאָר אַרום זיין זון... על דאטפת אטפיך...

מיט דעם האָט זיך געענדיקט די בראַנזשע פון יידישע שיפערס.

יידן האָבן אויך געהאַט פרנסות פון קרעטשמעס אין די דערפער, שפייז־געשעפטן דאָרט, אָדער געווען אַרענדאַרן ביי פריצים. מיטן אויפשטיין פון פוילן האָבן יידן געמוזט פאַרלאָזן די דערפער און אַוועק קיין ווישאַגראַד אָן פרנסות. ס'זענען געבליבן נאָר אַ פאָר געציילטע יידן אין מלאַדזישין, יאַנושעוו און סענצאַמין.

**שניט־סוחרים:**

מאָטי קרוי אין מאַרק, יעקב משה גאָלדמאַן אין רעמבאָ־וועד גאַס, יואל יפע קרוי, משה גמאַך, נתן דוד, נאָך אים זיין זון ראובן, יצחק בילאָוויטש, ר׳ משה גורפינקל, משה יענטיס, פייוול מאיר מיטן שוואָגער משה.

**גאַלאַנטעריע און לייוונט:**

שמואל דוד וואגע, מאיר כהן, יענטע טאָטער, אין מאַרק. אויף רעמבאָווע: אהרון זעליק האַלענדער, יחיאל זעלמאַן, אפרת נוימאַן, שמואל מאיר אַגראַדניק, זיינוול סעגאַל, הערשל מאירסדאָרף, אברהם יוסף רייכמאַן, אריה לאכער, העניך כהן, פישל רייכמאַן, מענדל באָום, לומיסל שפעטער רחל גלאָטשטיין, הערשל דעם רבס אײדעם, מענדל גורפינקל, יעקב יהודה פעלז אין אייזיק זעלינערס הויז, נאָך דער שריפה ביי זיך אין הויז. נתן דודס עלטסטער זון, ישעיה סאָקאָלאָוו, מלכה יערילס אײדעם.

**תבואה־סוחרים:**

סיני מאיר קראַנענבערג, מנחם זילבערשטיין, מענדל פערשט, אברהם ליכטנשטיין (דער שוואַרצער אברהם), יענקל גרינבאָום, שפרה מאַלע, נחמן דימאַנט, משה לייב דימאַנט, יוסף דימאַנט, דוד מאיר נאַשעלסקי, ברוך וואָלמאַן, ביאַמאַנ־טשיק, בערל וואָלמאַן ביאַמאַנטשיק, מענדל געצל גאָלדמאַן, טוביה גאָלדמאַן, יאָסל גורפינקל, שלום גרינבאום, הירש מענדל טאָוב מיט די זין, חיים פערשט. צו זיי דאַרף מען צוגעבן די סאַדאָווניקעס, וואָס האָבן נאָך סוכות געקויפט ווייץ און נאָך פסח פאַרקויפט.

**מילן:**

סיני מאיר קראַנענבערג און מנחם זילבערשטיין, וואָלף זלאָטניק שטוטשקע, וואָס האָט אויפגעבויט אַ גרויסע מיל אויף וואַרשעווער שאָסיי, שלמה גורפינקל מיט די זין, מאיר איסר יעקב וואָלף.

**קאַשע־מילן**

נאָכעלע די קאַשע־מאַכערין, מאָטל קליינבאַרט און משה שוואַרצכאָר.

**אייל־מילן:**

יעקב בער דימאַנט מיטן זון יצחק, סיני מרדכי באום מיטן שוואָגער מרדכי טאוב, נחמן ראָטבאַרד, יאָסל הירש ברוכס דימאַנט, נחמיה אַש מיט די זין, יעקב דוד און יאָסל — רעמבאָווע גאַס שפּעטער אַ שיינע מעכאַנישע מיל נעבן קינע משה ליסער.

**האָלץ־סקלאַדעס:**

ליפּע וויזשבינסקי, האָט געהאַט אויף אַ טאַרטאַק און אַן עלעקטראָווניע, וואָס האָט באַלויכטן די גאַנצע שטאָט ביז וויטא האָט געמאַכט די עלעקטראָווניע, ליפּע האָט געטריבן טראַטוועס דורך דער וויסל פון פּאָלעסיע, קיין ווישאָגראָד.

נאָך אַ פּאָר שרפות האָט ער אויך דעם סקלאַד ליקווי־דירט, פישל קראַנגראַד בשותפות מיט אברהם חיים וויערניק, געהאַט אַ סקלאַד אויף רעמבאָווער גאַס קעגנאיבער דעם קאָשציאָל, שפּעטער האָט אברהם חיים וויערניק אַליין געמאַכט אַ סקלאַד פאַר זיך קעגנאיבער קופּערן. פישל האָט געמאַכט אַ סקלאַד אין דער שוסטער־גאַס, אָבער ער האָט געמוזט ליקווידירן דעם סקלאַד זיינעם לויטן אויפטראַג פון מאַגיס־טראַט און אויפגעבויט אַן אָפיצינע מיט אַ מאַנגל פון וועש.

**בעקערייען:**

שמעון ראָטבאַרט מיט זיין זון לייזער און אײדעם אלחנן קנאַסטער, ביי אברהם יוסף רייכמאַן אין הויז. נאָכהער אַ מע־כאַנישע בעקעריי אויף פלאָצקער גאַס. אין מאַרק — יונה שפּי־געל טימן אײדעם ישראל הערש ראָטבאַרד. נחמן קירשנבוים, נאָכדעם אַריבער אין לאַנג־וועגס בשותפות מיט אהרון האָל־צענדאָרף קיפיצער. בלומע חיה, שפּעטער געפירט דורך משה בוזשניצקי, חנה שפרהס זון יעקב, אריה שוואַרץ, שמואל לייזער מיטן זון און אײדעם הערשל. משה קליינמאַן, הגרס זון, ביי יהושע גלעזער אויפן הויף. אין שוסטער־גאַס — כתריאל, מיכאַל רורעס שווער. שפּעטער ליקווידירט. אין פלאָצקער גאַס — שולקע בייגל־בעקער און יהושע פראַדליעס.

**קצבים:**

ברכה בילגאָריי, שמואל קאַץ, איטשע כמיעל, שמחה מאיר בזשאָזאָווסקי, איטשע ליסער, מאָטעס שיינבלום, דער זון פנחס, הירש לייב פוטערמאַן, דער זונדזיבאַנאָווסקי, משה יהודה כמיעל, שפּעטער די טאָכטער לאה קאַלוואַריסקי. די שוואַרצע חנה, די ליסערס.

**קנעפּלמאַכער:**

יעקב דוד שיינמאַן מיט די זין אלתר און משה. חנה איטע מיטן אײדעם ברוך עזריאל פּאַפּאָווסקי, משה יוסף זילבערבוים, משה יעקב זשיכלין און אברהם ליפּמאַן, וואָס האָט זיך געפּאַרעט ביים פּאַך.

**אויטאָבוסן:**

יצחק דוד, שמוליק און משה בוקי, מרדכי כהן, און נאָך אַ שוואָגער מאיר.

איין פּאַסאַזשיר־אויטאָ „ווישאָגראַדיאַנקאָ" און לאַסט־אויטאָס יאַנטשע לעווין, מאַניע לעווין, בנימין רורא, יעקב אהרון קופּערמאַן, אברהם לעווין, הלל לעווין, שלמה יואל ראָזנבלום.

**בעלי־עגלות (קיין וואַרשע):**

לייב בוכנער, הירש בוכנער די פּאָסט, מאַניע לעווין, שלמה דוד רוק, זיין זון אבא, אברהם אלי זאַלצבערג, הירש

יאָסקע גלאָשניק, שמעון בוכנער, שמואל פרוסאַק, אברהם יחזקאל בילגאַריי, ראובן נאַשעלסקי, איטשע פּרוסאַק, שלמה בוכנער.

אין 1930 האָבן זיי פּאַרקויפט אַ העלפט פערד און וועגן און געשאַפן אַ קאָאָפּעראַטיוו מיט אַ לאַסט־אויטאָ. יידישע שאָפערן: מרדכי כהן און ישראל וורובעל.

**בעלי־עגלות (נעבן שטאָט):**

אברהם קושיק־פּלאָנסק, מיכל אָקאָוועץ — פון סטאָטעק און קאַלייקע, שלום פּרוסאַק — פּלאָצק, בודזאַנאָוו.

דער קאָאָפּעראַטיוו פון טרעגער־פאַראיין האָט געהאַט אַ פערד און וואָגן צוצופירן די סחורות פון אויטאָ צום סטאָטעק.

**קאַמאַשנמאַכערס:**

יאַנטשע לעווין, חנניה לעווין, ישראל דאַנציקער, שלמה יואל ראָזנבוים, אבא גרונוואַלד מיט די ברידער שלמה זלמן



הערשל גורמאַן, חנניה לעווין, חנוך לעווין

און דוד שבתי, שמחה קעזמאַן מיט די זין, משה וואָלף האָלענדער, יאָסל באָום, אברהם קזשעטשאַנאָווסקי, קלמן זאַק, ווייצמאַן, ברוך יואל און יאָסל שוויצקאָווסקי.

**שיך־געשעפטן:**

חנן בילגאַריי, משה ליפּסקי, לייב יעקב דייטש, יאַנטשע לעווין, שלמה יואל ראָזנבלום, שמואל משה קאָפּנהאַגן.

**לעדער־סוחרים:**

שמואל ליכטנשטיין (ביז 1914), פּיוויש יאָסקע פלידערבלום, שפּעטער דער זון שמואל, עזריאל טורמאַנד, משה גאָלדבערג, הענעך ראָזנבערג, מענדל באום, אברהם קזשעטשאַנאָווסקי, מאיר ראָזן, משה ראָזן, נתן לייב דייטש.

**רויע לעדער:**

משה ראובן, יחזקאל און יצחק־דוד בוקי, חיים זילבערשטיין.

**פּאָדאַניע־שרייבערס:**

משה הירש מיינוואַלד, יהודה לוזער קליין, אהרון האָלצנדאָרף, ריטע קליין, לאה גאָלדמאַן. ספּעציעל פאַר פּאַטענטן און שטייער־אַמט — יאָסל שמיד און ליבע זיין טאָכטער.

**בלעכערס:**

לייבל און מיכאל רורא, לייב בלאַכאַזש, ווימיסלאָווסקיס איידעם אין מאַרק.

**פאָטאָגראַפיסטן:**

שמוליק האָכבאום, יענקל וואָלמאַן.

**דענטיסטן:**

סלאָנימסקי, גאָרנשטיין.

**מעדיצין:**

ד״ר ווידאָווסקי, ראָטשטיין, דודעלע גראָסמאַן האָט געהאַקט באַנקעס און געריסן ציין, ראַשקע האָט אויסגעגלייכט צעבראָכענע קינדער און אויסגעלומטע הענטלעך.

**הייבאַמס:**

נאָכעלע גראָסמאַן, פייגע מירל קוואַשנע.

**פריזירער:**

אָרגיבאַנד, יצחק ראָטשטיין מאכל גראָסמאַן, משה יחזקאל און מאיר גראָסמאַן, אברהם שלאָסבערג יאָסל כהן, שמואל זאַמבקאָווסקי — דערנאָך פאַר עלטערע יידן און חסידים.

**מויערער און מוליאַרעס:**

אברהם יענקל טשאַפּניק, עלי משה שרה זאַמבס מאַן, מאיר כהן, משה שוואַרצהאָר משולם שיינמאַן — דער האָט געפאַרבט שטאָף.

**גלעזער:**

איטשע הירש, יהושע זיסערמאַן, מענדל גלוזער, פּנחס פריזינגער, יאָסל און לייביש דוד פרייזינגער, זכריה נתן.

**שינדלמאַכער:**

הערשל און יהושע יאָסלזאָן.

שייטלמאַכערין איז געווען בלויז איינע — רייזל האָלצנדאָרף.

**קאָוואַליעס:**

ראובן חיים לאָבענצקי מיטן זון יוסף.

## סטאָליאַרעס :

אברהם און עוזר מאיר גאָלדבערג, אהרון זייפמאַן, שלמה בלושטיין, שמואל יאָסל און ישעיה ליכטנשטיין, טוביה יאַפּאָנטשיק.

## ליאַדע־מאַכערס :

יענקל ליכטנשטיין, משה מאָסטאָוויצקי רודעס איידעם.

## קלאָצנמאַכערס :

װײַצמאַן מרדכילע און מענדל, יהודה לייב באָום, אהרון װאָלפּיש, אברהם קושעטשאָנאָװסקי. דאָס האָלץ פאַר די קלעצער האָט געמאַכט הירש חיים.



שטייט ק. אָגראָדניק ; זיצן די ברידער װאָלפּיש

## היטלמאַכערס :

שמואל לייב, ברוך און יצחק יעקב כהן, מאיר קירשנבוים מיט די זין, ראובן פעדער, שמואל זאַמבקאָװסקי, בערל גאָלדשטיין.

## זייגערמאַכערס :

לייבל זייגערמאַכער, איטשע מאיר, יחיאל משה און מנחם כהן, שמחה גאָדלס און קליינבארט.

## סאָדע־ און ביר־פאַבריק :

משה און אברהם שענקמאַן.

## צוקערלעך־מאַכערס :

יעבץ און ישראל, מרדכיס איידעם.

## שפּייז־קראָמען :

הערשל ניימאַן מיט יוסף לאַבענצקי — װײַסל־גאַס, משה פוטערמאַן, חיימל פירשט, מנחם גראָסמאַן מיטן איידעם װעלוול בירנהאָלץ, לייבל שװאַרצהאָר, יונה שפּיגל מיטן איידעם ישעיה מאַרקוס, פישל כהן, יאָסל דוד שפּיכלער, שמשון זילבערבוים, ארון פּיוויש טויבנפעלד.

דוד כהן — אַנגראָ־געשעפט פון נאַפט און זאַלץ — װאָװטשע שלאַדאָװ האָט עס אָנגעפירט, עטיע רױזיע קליין, שמחה בזשעזאָװסקי, רפאל זאַיאָנץ, נפתליס קינדער, שמעון דאָנציקער.

פלאָצקער גאַס — צװעטל מיט דער טאָכטער שרה דראָבנער, זלאָטניקס זון (יעקב אריהס איידעם), פּעסיע מאַכלס העלערמאַנס טאָכטער, ישראל מרדכי זאַיאָנצס זון (אינװאַליד פון באָלשעװיקן־קריג), ער האָט אויך געהאַט אַ קאָנצעסיע אויף טאַבאַק און ציגאַרן, שמואל מענדל ליכטנשטיין, פּנחס קראָנגראָד, שמואל װיעזבינסקי.

רעמבאָװער גאַס — מענדל פערשט, ביילע חיה טויבעס, נאַכעלע די קאַשעמאַכערין, שפּעטער איר איידעם יצחק קארב, חנהלע שלוכיס, שפּעטער איר איידעם דוד לייב גיפּס, װאָלף זלאָטניק, שפּעטער זיין ברודער יצחק קלמן, לײזער יורש, שפּעטער זיין איידעם אברהם יאַקובאָװיטש, דער געלער איטשע, גרינבוים מיטן זון פישל, שפּעטער דער איידעם דוד װײַנטרויב, הענעך שווירץ, שמואל שלאַדאָװ, אברהם שמחה רייכמאַן מיט די איידעמס לאָזער קראַמאַזש און גבריאל בוימגאָלד, לייבל כהן, אברהם פרידלאַנד, פּנחס גאַרבאַזש, יעקב דוד זאַנד, אסתר רבקה שייער, מאַטל די קאַמאַשנמאַכערינס טאָכטער.

קלויסטער־גאַס — אסתר לאה, יעקב אהרון קופּערמאַן.

שוסטער־גאַס — יוכבד מנשהס מיטן איידעם שמואל מיכל טויב, מינדל גאָטפּאַרב, האָלענדערס פרוי מיטן איידעם ישראל האָלענדער.

## בראָנפן־מאָנאָפּאָל :

שמואל לייב קרוק, שפּעטער זיין זון יהושע.

## רעסטאָראַנען, סאָדעװאַסער :

פייװל מאיר ליכטנשטיין, איטשע האָלענדער, שלמה קרוק, חיים טיק, שמעון זלאָטניק, רבקה זאַיער, רבקה פּעסעלעס, משה אָקאָוויץ (אַ שענק) הענעך העלמער, שפרה מאַלעס טאָכטער, אסתר גרינבוים, נתן אהרונס טאָכטער.

## ראָגאַטקעס :

יצחק לייב טויב, יצחק קאַרפּ, װאָלף זלאָטניק, איטשע פּרוסאַק, פסח ראָזנפעלד, משה הויזמאַן, יענקל זילבער, פּנחס שיינבלום.

## מצה־בעקערס :

אברהם גזשיװאַטש, הירש טוביה דייטש, משה װאָלמאַן, אברהם יצחק קליינמאַן, יצחק לייב טויב, שמואל מיכל טויב, סיני דייטש, שמואל הירש ליכטנשטיין, ישראל גדליה און לייב יעקב דייטש, יאָסל באָום, פסח ראָזנפעלד, נחמן קירשנבוים, ישעיה פּראָדליס, יאָסל האָלענדער, יצחק יעקב באָום, פּנחס קאַסטאַס, יענקל און לייבל קאָפּנהאַגן, יונה װײַצמאַן און דער קאָאָפּעראַטיװ פון די טרעגער. מען האָט געדונגען די אויװנס חנוכה־צייט ביי די בעקערס.

מצות האָט מען זיך געשטעלט באַקן 4 וואָכן פאַר פּסח און פּראָקויפּט אין דער גאַנצער געגנט: סאָכאַטשאָוו, בלוינע, גראָדזיסק, אָמשינאָוו, נאָווידוואָר, זאַקראָטשים, נאַשעלסק, פּלאָנסק און דאַנציג.

**שמשים, חזנים בעל־קורא׳ס:**

ר׳ אברהם איזראַעלעוויטש — חזן שוחט, ר׳ מאיר באַמ־בערג — שוחט, בעל מוסף אין בית־מדרש, ר׳ גאָדל — חזן אין שול, פאַר ר׳ אברהם איזראַעלעוויטש בעל־קורא, אברהם יצחק דייטש — בעל־קורא אין בית־מדרש, רפאל קלמן גראָס־מאַן — אין שול.

שמשים — מרדכי יוסף, אבא גראָסמאַן, בער גראָסמאַן, יצחק איינבינדער, רחביה באום, מאיר קרוק, אבא קאָפּנהאָגן, יעקל דינער, גדליה גמאַך, יצחק פלאם.

מוהלים — ר׳ חיים אהרון פערשט, ר׳ שמואל משה ליפּמאַן, ר׳ אברהם שמחה רייכמאַן, ר׳ מאיר שוחט, ר׳ מאיר גורפינקל. מען האָט עס געמאַכט לשם מצוה און נאָך צוגע־געבן אַ פּאָר זלאָטעס אַן אָרעמאַן צום ברית.

**אָנגעשטעלטע:**

יהודה לוזער קליין, איכל גערשט, לאה גאָלדמאַן, לייביש גמאַך, משה זלאָטניק, שמוליק האָכבוים, אברהם ווײַן, משה יעלין, משה מיכל זשיכלין, וואָוטשע שלאָדאָוו, פישל לעווין, יאָסל ליכטנשטיין, אברהם גזשיוואָטש, פּסח מלינעק, סאָלע ווײַנגארד, בזשעזשינאָ, מאיר כהן.

**העפטשאַרקעס:**

יוכבד זאָוויערוכאָ — די הויפּט־לערערין פון העפטן. זי האָט אויפגעשטעלט אַ דור פון העפטשאַרקעס, לאה ליכטנ־שטײן, מאָטיס שײנבלומס טאָכטער, שלאָסבערגס טעכטער. דאָס איז געווען מער האָבי ווי פּרנסה, אָבער אין געוויסע פאַלן, האָבן קינדער געהאָלפן דערמיט אָרעמע עלטערן.

**שטריקמאַכערס:**

משה אָקוביעץ, אהרון בער אקאָוויעץ, יחזקאל ווינטער, דער סאָכאַטשאָווער שטריקמאַכער.

די באַרופן: שוסטער, שניידער, סאַדאָווניקעס, סוחרים, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט הינער, פּוטער און אייער, איז נישט מעגלעך אויסצורעכענען מיט די נעמען, ווייל דאָס איז געווען אַ גרויסער פּראָצענט אין שטאָט.

**רחל גלאַטשטיין**

# א פראגמענט פון יידישער ווירקלעכקייט

יידן אין ווישאָגראַד האָבן געלעבט פון האַנדל און מלאכה. איך קאָן נאָר דערציילן וועגן האַנדל. ס׳איז וויכטיק צו פאַר־שרייבן דאָס לדורות, ווי ס׳האָט אויסגעזען דאָס לעבן פון יידישן קליינהענדלער אין אַ שטעטל אין פּוילן.

עלטערע מענטשן פלעגן דערציילן וועגן גוטע צייטן, ווען „מ׳האָט געכאַפּט די סחורה פון די הענט" אָבער דאָס איז גע־ווען זייער אַ קורצע צייט, פון 1921 ביז 1923, יאָרן פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע. ווען דאָס געלט איז ענטוואַרטעט געוואָרן און ס׳האָט זיך געפּילט אַ מורא פאַר זיין ווערט בכלל.

אָבער פון 1924 האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פון „גראַבסקיס עגלות" און כ׳געדענק נישט אַ טאָג פון רואיקער פּרנסה און סטאַבילן לעבן אין אונדזערע צייטן.

ס׳איז כמעט קלאָר, אַז מ׳האָט אויך נישט געקענט וואַרטן אויף בעסערע צייטן.

די הויפּט־קונים זענען געווען די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע פלעגן קומען אין שטאָט אַריין דינסטיק און פרייטיק, אין די מאַרק־טעג. זיי פלעגן פאַרקויפן זייערע הינער, פּוטער, תבואה און מיטן פדיון לויפן אין די געוועלבער איינ־קויפן זייערע באַדערפענישן. דאָס איינקויפן האָט געדויערט אינגאַנצן 2 שעה. דאָס זענען געווען 2 שעה וואָס האָבן גע־קלעקט דערשיטערן די נערוון אויף אַ גאַנצע וואָך, די אָנ־שטרענגונג, דאָס יאָגעניש, דער פּחד טאָמער וועט דיין קאָנ־קורענט דיר אויסכאַפּן דעם קונה פאַר דיין שוועל האָט אַזוי פאַרמאַטערט און דערדריקט, אַז כ׳וויס נישט ווי האָט מען דאָס געקענט אויסהאַלטן יאָרן לאַנג.

איבער דער ווייסל איז געווען אַ דאָרף מיטן נאָמען קאָ־מיאָן. זענען זיינע קונים געווען טאַקע האַרט ווי שטיינער־קאַמיעניעס. איידער זיי האָבן זיך אויסגעדונגען האָבן זיי די נשמה אַרויסגענומען. און אַז זיי האָבן זיך שוין אויסגעדינגען, האָבן זיי אַרויסגענומען די נשמה דאָס צווייטע מאָל ביז זיי האָבן באַצאָלט. דאָס געוועלבל האָט אין די צוויי שעה זיך אָנגעפּילט מיט קונים וואָס האָבן מער געגנבעט ווי געקויפט, זיי זענען געלאָפן פון געוועלב צו געוועלב און האָבן געוווסט, אַ יידן קאָנקורירן צווישן זיך, ווייל מ׳לעכצט נאָך דעם גראָשן צום באַצאָלן די שווערע שטייערן און צונויפזאַמלען אַ פּאָר

זלאָטעס צום נייעם איינקויף. זיי האָבן די קאָנקורענץ גוט אויסגענוצט און דערנידעריקט דעם מענטש ביז זיי האָבן עפּעס געקויפט.

אין אַ געוויינלעכן טאָג, אַז ס'האָט זיך באַוויזן אַ קונה, זענען די סוחרים אים נאָכגעלאָפן ממש ביז צום שכן אין געוועלב אַריין ס'פלעגן אויסברעכן דאַן לאַנגע ברוגזן, וואָס נאָר ערב יום־כפור האָט געקאָנט זיי איבערייסן.

אין דער זעלבער צייט האָט די ענדעציע אָנגעהויבן צו בושעווען און גערופן צום באָיקאָט אויף יידן. מ'האָט געשטעלט פּיקעטן ביי יידישע געוועלבער און געשטערט פּוילישע קונים אַריינצוגיין.

דער באַקאַנטער ענדעק ביענקיעוויטש האָט אויסגענוצט די גינסטיקע אַטמאָספער, געעפנט אַ גאַלאַנטעריע־געוועלב, אַ גרויס שיין געשעפט, און שווער קאָנקורירט מיט אונדז. דער דייטש האַאַק האָט אין זיין אייגן הויז געמאַכט אַ מאָדערן געוועלב מיט אַ שיין שויפענצטער און באַזונדערע אָפּטיילונגען פאַר יעד אַרטיקל. דאָס האָט געגעבן אַ טויט־קלאַפּ די יידישע געוועלבלעך.

די יידישע סוחרים זענען געבענטשט געווען מיט 3 מינים שטייערן: מלוכהשע, מוניציפּאַלע און קהלישע. מ'האָט די שטייערן געריסן פון ייד מיט אַלע ברוטאַלע מיטלען. דער פלאַצקער סעקוועסטראַטאָר גראַבאָווסקי איז געוואָרן אַ שטענדיקער איינוווינער אי ווישאָגראָד און געצאַפּט דאָס בלוט פון אָרעמע יידישע הענדלער און סטראַגאַן־אייגנטימער, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט געהאָט אויף שבת. ער פלעגט אין די מאַרק־טעג שטיין און אָפּשאַטעווען, אַז אַ ייד האָט עפּעס פאַרקויפט האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו זיינע קעשענעס און צוגענומען די לעצטע פּאָר זלאָטעס זיינע.

די פּוילישע קונים, וואָס פלעגן יאָ קויפן ביי יידן זענען געווען חוצפּהדיק, געלאָזט זיך פאַרקויפן אויף באָרג. דער בוך פון חובות פלעגט ווערן גרעסער און דאָס געשעפט קלענער. סוחרים האָבן געמוזט איבערגיין קויפן אויף וועקסלען, זייער קאָנקורענץ־פעאיקייט איז געפאַלן און די לאַגע — ערגער און ערגער.

די יידישע באַנק אין ווישאָגראָד האָט גוט געוווּסט די ראַנגלענישן פון סוחר פאַר זיין פשוטער עקזיסטענץ. ס'האָט אים תמיד געפעלט טעג אין דער וואָך צו לויפן לייען גמילות־חסדים און הלוואות ביי חברים און גוטע ברידער. און ווידער פראָצענטן, ווידער פאַרטייערונג פון קויף־פּרייז און קלענערונג פון פאַרקויף־פּרייז און קאָנקורענץ־מאַנעווּרירונג.



סלוווע גלאַטשטיין, רחלס מוטער

צו דעם אַלעמען איז צוגעקומען דאָס איזדיעקעווען זיך פון דער פּוילישער פּאָליציי, וואָס האָט געמאַכט „פּראָטאָקאָלן" פאַר יעדן חטא פון עפּענע זאָדער פאַרמאַכן דאָס געשעפט נישט אין דער צייט. דאָס איז געווען פאַרבינדן מיט געלט־שטראָף פאַר פּראָטאָקאָלן אָדער כאַבאַר דער פּאָליציי.

*

צו טייער האָבן יידישע סוחרים געדאַרפט צאָלן פאַר זייער יידישקייט. צו שווער איז געווען זייער לעבן, ווער ווייסט פון וואַנען האָבן זיי דעם כוח גענומען צום ווייטערן לעבן נאָך און נאָך.

ווען מיר מאַכן אונדזער פּריוואַטן חשבון מיט מדינת ישראל, לאָמיר נישט פאַרגעסן אויך די ווירקלעכקייט אין גלות, און קאָנען אָפּשאַצן די איבערקלאַסיפיצירונג, וואָס מדינת ישראל האָט אונדז געבראַכט.

נ. ל. דייטש / גבעתיים

# מאַרק און מאַרק־טעג

## (לעבנס־קאַמף אין ווישאָגראָד)

ווען מ׳איז אָנגעקומען קיין ווישאָגראָד האָט זיך באַלד געוואָרפן אין די אויגן די שול אונדזערע, וואָס איז געשטאַנען אויפן שפּיץ באַרג און, להבדיל, דער מאַרק, וואָס איז געשטאַנען ממש אויפן ברעג פון דער ווייסל.

דער מאַרק איז געווען אַ פירקאַנטיקער. זיין דרומדיקע זייט אויף דער ווייסל איז געווען אַ שורה הייזער אין דער ראָלניטשע, וואָס איז דערגאַנגען ביז דער רעמיזע פון די פייערלעשער.

דער אַריינפאָר אין מאַרק אַריין איז געווען פון 4 גאַסן. מ׳האָט געקאָנט אַריינפאָרן דורך די לאַנגעוועגס פון דער ווייסל באַרג־אַרויף, דורך דער קלויסטער־גאַס פון די סטעגנעס אין דרייזואל און ראַקאָווע. מ׳האָט אויך געקענט אַריינפאָרן דורך דער פּלאָצקער און דער רעמבאָווער גאַס.

די מאַרק־טעג זענען געווען יעדן דינסטיק, וואָס נאָך דעם 15־טן פון מאָנאַט. אויב דער באַשטימטער דינסטיק איז אויסגעפאַלן אין אַ יידישן יום־טוב, האָט מען דעם יריד אָפּגעלייגט אויף דעם צווייטן דינסטיק וואָס נאָך אים.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז 1936, ווען די יידן האָבן געהאַט אַ מערהייט אין מאַגיסטראַט, און אין דער סביבה האָט זיך געפילט דער יידישער איינפלוס, וואָס האָט רעגולירט דאָס מסחר־לעבן פאַר יידן און גויים.

פון 1936 און ווייטער האָט דער אַנטיסעמיטיזם אין שטאָט געהאַט די אויבער־מאַכט און מער האָט מען קיין יריד אין ווישאָגראָד נישט אָפּגעלייגט, אַפילו ווען ער איז אויסגעפאַלן אין אַ יידישן פייערטאָג.

צו דעם איז נאָך צוגעקומען דער קאַמף פון מאַגיסטראַט, וואָס האָט געוואָלט בכלל אַריבערפירן דעם מאַרק אין דער סטאַרע־מיאַסטאָ, כדי דערמיט אים אַרויסנעמען פון יידישע הענט, דורכן אַרויסנעמען אים פון דער יידישער געגנט און יידישע געשעפטן אין וועלכע דער מאַרק האָט זיך געפונען.

אין מיטן מאַרק איז געשטאַנען אַ הויכער לאַמטערן. ביי זיין עק פון לאַנגעוועגס איז געווען די אַלטע פּלומפּ (ברונעם), און אין עק, נעבן דער פּלאָצקער, איז געשטאַנען די נייע פּלומפּ. אַזוי וועט אונדז זיין לייכטער רעסטאַווירן דעם אויסזען פון דעם יריד און זיין איינריכטונג.

קעגנאיבער דער אַלטער פּלומפּ, נעבן שמואל וואגעס הויז ביז דער ראָלניטשע, איז געווען דער פּלאַץ ווו מ׳האָט פאַרקויפט פוטער, אייער און עופות.

אין אַ ברייטן אָפּשטאַנד אין וועלכן צוויי וועגן האָבן געקאָנט דורכפאָרן, זענען געווען אויסגעשטעלט די בוידן פון די שניידערס־טאַנדייטניקעס. יעדער האָט זיך אָפּגעהיט זיין פּלאַץ און די פּלעצער זענען כמעט געווען סטאַבילע. דער ערשטער איז געשטאַנען לייבל פוטערמאַן, נאָך אים יעקב גראָסדאָרף, מאיר יענטעס, מנשה גראָסדאָרף, שלמה גאָלדמאַן מיט זיין זון משה דוד, פייוול פראַוודע, הירשל פוקס, הירש לייב אַלבערט, שמחה פוטערמאַן, יעקב יוסף אַפּלבוים, דוד הירש ראָזנפעלד מיטן זון שאול און משה מלך. נאָך זיי ערשט זענען געשטאַנען די שניידערס פון די שכנותדיקע שטעטלעך אַרום.

נאָך די שניידערס זענען געשטאַנען די היטלמאַכערס מאיר קירשנבוים, בערל גאָלדשטיין, שמואל לייב קאָהן, יצחק יעקב קאָהן, שמואל זאָמבקאָווסקי און ראובן פעדער.

פון פאָרנט זענען געשטאַנען די בעדנאַזשעס, און נאָך זיי די שוסטער פון די אַרומיקע שטעט.

אין דער דריטער און פערטער שורה זענען געשטאַנען די שוסטער־טאַנדייטערס פון שטאָט : חיים יוסף וויזנבערג מיטן זון ברוך דוד, דער גאלער טוביה, שמואל נתן לייבס, משה ליפּסקי, הירש ליפּסקי, יעקב שטערן, מענדל בוים, סיני דייטש, מאיר בראַווערמאַן יאָסל בזשאָזאָווסקי, יחיאל מאיר שלאַדאָוו, ישראל גדליה און לייב יעקב דייטש, שלמה שומאַכער, חנן פיאַנקאָ, שמעון שלאַדאָוו, אברהם ברוך פוטערמאַן, מיכאל בראַווערמאַן, לייבל שטשאַפּע.

אין דער שיך־בראַנזשע האָט ווישאָגראָד אין אירע לעצטע פּוילישע יאָרן איבערגעלעבט אַ גרויסן קריזיס. פּוילישע שוסטער פון די אַרומיקע שטעט האָבן זיך געמערט אויפן יריד און די גויים האָבן ס׳ערשט געקויפט ביי זיי נאָכדעם האָבן זיי געקויפט ביי יידן, נאָר דאָס וואָס ס׳האָט אויסגעפעלט ביי די גויים.

פון פאָרנט, קעגנאיבער דעם קאַלכמאַכער, זענען געשטאַנען די אָגראָדניקעס מיט זייער גרינצייג און פרוכטן. צווישן זיי איז געווען נאָר איין ייד — שלמה יאָסל פּאַפּיער.

נאָך די אָגראָדניקעס זענען געשטאַנען סוחרים מיט געשיר, מיכאל רוראַ, דעם סאָכאַטשעווערס איידעם, משה אברהם גילאַרי, בריינע אסתר לאהס, אברהם יצחק קליינמאַן.

נעבן זיי זענען געשטאַנען די פרעמדע גאַלאַנטעריעסוחרים. אין עק מאַרק, קעגנאיבער לייזער זילבערשטיין, זענען געשטאַנען די קלאָצנמאַכערס, אהרון וואַלפיש, קושעטשאַנאָווסקי, מענדל אָגראָדניק, יהודה לייב באַום און מענדל ווייצמאַן, מרדכי׳לעס זון.

טישלעך פון אַנדערע גאַלאַנטעריסטן זענען געשטאַנען פון פייוויש יאָסקע פלודערבלום ביז שמשון זילבערבוים. דאָ זענען געווען העניך גאָלדמאַן מיטן איידעם, יהושע סאָקאָלאָוו, משה פוקס, יעקב יהודה פעלז, אהרון זעליק האָלענדער, משה גורפינקעל, יענקל גרינער, נתן באַום און דעם געלן הענעך׳ס פרוי זעמל.

אין ווינקל מאַרק ביז קעגנאיבער עטיע־רויזיע קליין — סטאָליאַרעס: אברהם גאָלדבערג, עוזר מאיר גאָלדבערג, אהרון זייפמאַן און שלמה בלושטיין.

אַלע הייף מיט אַלע זייטיקע גאַסן צום מאַרק זענען געווען אָנגעשטאָפּט פון וואָגנס מיט פּראָדוקטן, קאַרטאָפל, תבואה, פּרוכטן און עופות, וואָס די פּויערים האָבן געבראַכט אין שטאָט אַריין.

קעגנאיבער שמואל לייב קרוק זענען געשטאַנען טישלעך מיט זעמל און געטראַנקן, בוידן מיט פּוילישן ווורשט און עטלעכע קאַטערינקעס, וואָס האָבן געשפּילט און געצויגן לאָטעריעס, און בעדנאַרעס מיט באַליעס.

אויף סטאַרע מיאַסטאָ איז געווען אַ פּלאַץ פאַר פערד־האַנדל און חזרים. דאָרט האָבן נאָר אַ פּאָר יידן געמאַכט פּרנסה פון פאַרקויפן זעמל מיט געטראַנקען. ס'זענען אויך געווען יידן, וואָס האָבן געדונגען ביים מאַגיסטראַט די טאַרגאָווויסקע און גענומען 1 זלאָט פאַר יעדן פערד און יעדער קו און אַזוי זיך געצויגן חיונה.

אין די טעג פון יריד האָט ווישאָגראַד אויסגעזען ווי אַ ריזנשטאָט. יידן האָבן פון דעם טאָג־פּדיון זיך אויסגעגלייכט הויקערס און געדעקט חובות, הגם ס'זענען אויך געווען געלי־טענע, וואָס האָבן אַפילו קיין פּאָטשאָנטעק נישט געמאַכט, אָדער וואָס מ'האָט זיי אַפילו נאָך באַגנבעט דערצו.

*

יאָרן האָבן יידן אַזוי געלעבט, אויסזיכטלאָז, געוואַרט אויף דעם גליקלעכן טאָג אין חודש, געצויגן ווי־ניט־איז פּרנסה און אויסגעגעבן אַפילו קינדער. ביז ס'איז געקומען דער וויסטער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם און האָט אויך די קנאַפּע מעגלעכקייטן באַשרענקט מיטן דעוויז: „זשידזי דאָ פּאַלעסטיני" און נאָך אים — דער נאַצישער חורבן.

מיר דערמאָנען אַזוי אויספירלעך דעם מאַרק, כדי צו האָבן אַן אָנונג און נישט פאַרגעסן וואָס הייסט גלות, און ספּעציעל אויך אונטערשטרייכן, אַז אויב אַ ייד מיינט, אַז דאָס עקאָנאָמישע וועזן איז פאַר אַלעמען, זאָלן זיי נישט פאַרגעסן, אַז פאָלקס־עקאָנאָמיע אַן אייגענע פּאָליטישע אויטאָנאָמיע מוז אונטערגיין און ברענגען דאָס פאָלק צו אַ לאַנגזאַמען אונטערגאַנג און וועגעטאַציע.

נעמען האָבן מיר דערמאָנט ווייל מיר ווילן געדענקן און ווייל אַזוי אַרום קריגט די שילדערונג אַ מער אויטענטישן אונטערשלאַק.



ווישעגראַד: דער מאַרק. (א. קאַציזנע). THE MARKET PLACE. (A. KACYZNA)

52 • WYSZEGROD

נ. ל. דייטש

# ווישאגראדער אין די געטאס

**1 סעפטעמבער 1939, פרייטיק**

6 אַזייגער פרי, ווען כ'בין געווען ביי אונדז אין סאַד, אין סטאַרע־בודי, איז דערשינען דער ערשטער דייטשישער עראָ־פּלאַן. אַלע האָבן געזאָגט „נאַשי" (אונדזערע), אָבער לײדער, 8 אַזייגער האָט דער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז היטלער האָט געעפנט אַ מלחמה קעגן פּוילן און אַ סך פּוילישע שטעט זענען שוין באָמבאַרדירט און רואינירט געוואָרן.



די גאַנצע יידישע יוגנט האָט באַשלאָסן פּרייוויליק זיך אָנגעבן אין פּוילישן מיליטער און קעמפן מיט די נאַציס, ימח שמם.

מיר זענען געווען פיר ברידער: איך, יצחק־יעקב, שמואל און מיכל. אַלע געווען באַשעפטיקט אין סאַד, 10 ק"מ פון ווישאַגראַד. האָבן מיר פאַרלאָזט אַלץ און אַוועק אין שטאָט אַריין זיך אָנגעבן אין מיליטער.

די שטאָט איז שוין געווען פול מיט מיליטער און אַ פולער ווירוואַר האָט געהערשט איבעראַל. אָבער דעם טאָג האָט נאָך קיין ספּעציעלס נישט פּאַסירט.

מ'האָט געשמועסט, אַז די דייטשן ווילן זיך באַנוצן מיט גאַז. מיר האָבן לײדער נישט געוווּסט, אַז זיי ווילן טאַקע נוצן גאַז, אָבער שפּעטער און נאָר צום פאַרגאַזן און פאַרברענען יידן. מיר האָבן אָנגעהויבן פאַרשטאָפּן שפּאַרעס און לעכער אין טיר און פענצטער ס'זאָל נישט אַריינדרינגען דער גאַז. די פּאָליציי האָט געהייסן פאַרטונקלען די פענצטער. איינוווינער פון שוואַכע שטיבלעך זענען אַריבער אין מויערן און אין קעלערס.

שבת האָט מען געלייענט פרשת „כי תבוא" און אין אַ וואָך אַרום איז שוין אונדזער שטאָט געווען באַזעצט מיט דייטשישע רוצחים און די גאַנצע תוכחה פון דער זעלבער פרשה האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אונדז „דיין אָקס ליגט געקוילעט פאַר דיינע אויגן און דו וועסט אים נישט עסן, דיין אייזל אַוועקגערויבט פון דיר און ער וועט נישט קומען צוריק צו דיר, דיינע שאָף אין די הענט פון דיינע שונאים און קיינער העלפט דיר נישט.... אַ פאָלק מיט חוצפּה, וואָס לייגט נישט קיין כבוד אויף קיין אַלטן און האָט נישט קיין רחמנות אויף יונגע". און ס'זענען מקוים געוואָרן ביי אונדז „די אַלע קרענק און מכות, וואָס זענען נישט געשריבן אין דער תורה אַפילו דאָס, אַז „איר וועט פאַרקויפט ווערן צו אייערע שונאים אַלס קנעכט און דינסטן, אָבער קיינער וועט אייך נישט וועלן קויפן".

אונדזער פאַרמעגן איז צערויבט געוואָרן, אונדזערע הייזער איינגעלייגט אינגאַנצן און אין די גרויסע פרעסט, ווינטער, האָט מען אונדז נישט דערלויבט צו נעמען אַ שטיקל האָלץ צום דערוואַרעמען זיך.

מיר האָבן געזען ווי מ'גיט אַוועק אונדזער פאַרמעגן אונדזערע שכנים און מיר האָבן גאָרנישט געקאָנט טאָן.

מיר האָבן געציטערט פאַר דער שיין פון טאָג און פאַר דער פינצטערניש פון נאַכט... מיר האָבן געוואָלט מ'זאָל אונדז קויפן אַלס קנעכט, אָבער ס'איז נישט געווען קיין קונה.

**2טער סעפטעמבער 1939, שבת**

ס'האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פּליטים אין שטעטל אַריין יידן זענען אַנטלאָפן פון דזיאַלדאָווע, פּלאָנסק, ציעכאַנאָוו און אַנדערע שטעט. זיי האָבן געשריגן:

יידן, אַנטלויפט און ראַטעוועט זיך. די דייטשן, ווען זיי קומען, שעכטן זיי יידן און לאָזן נישט קיין זכר פון זיי.

אַלע וועגן זענען געווען שוואַרץ פון מענטשן און ס'האָט געהערשט אַ פּחד ביי יעדן, אָבער מ'האָט זיך נישט גערירט פון ווישאַגראַד.

**3טער סעפטעמבער, 1939, זונטיק 2 אַ זייגער**

דייטשישע עראָפּלאַנען האָבן זיך באַוויזן, אַראָפּגעוואָרפן עטלעכע באָמבעס אין וואַסער אַריין, נאָענט צו דער בריק. דאַן איז שוין געוואָרן אַ פּאַניק און די יידן האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפן. אַ 60—70 פּראָצענט איז דאַן אַוועק דורך דער ווייסל קיין וואַרשע און יאַנושאָוו. אַ טייל איז אַוועק קיין שלאַדאָווע. דאַן זענען יידן געזעסן אין זייערע סעדער אין שלאַדאָווע און ס'האָט פּאַסירט דאָרט דאָס גרויסע אומגליק מיט ווישאַגראַדער יידן. מיר זענען געלאָפן צוזאַמען מיטן פעטער זכריה צו אונדז אין סאַד אַריין.

**4טער סעפטעמבער 1939, מאָנטיק**

אַלע אָנפירער און הערשער פון שטאָט האָבן זי פאַרלאָזט. מיטן בירגערמייסטער און מיט דער פּאָליציי בראָש. די בריק

איז טיילוויז רואינירט און פאַרברענט געוואָרן. ווישאָגראָד איז געוואָרן הפקר.

לייביש גמאַך אַלס וויצע־בירגערמייסטער האָט זיך אָנגענומען מיט איניציאַטיוו און האָט אָרגאַניזירט אַ לאָקאַלע געהילפס־מיליץ, וועלכע האָט צוזאַמען מיט די פייערלעשער באַדאַרפט היטן די אָרדענונג אין שטעטל.

דערוויל איז געווען רואיק. פון וויטנס האָט מען געהערט דעם געהילך פון שיסערייען. אין דער ווייסל־גאַס האָט מען אויסגעגראָבן אַ טיפן קאַנאַל פון שלאָס־באַרג ביז דעם שול־באַרג, כדי צו פאַרמאַכן דעם וועג פאַר די דייטשישע טאַנקען.

### 6טער סעפטעמבער 1939, מיטוואָך

קיכלער דער פישער האָט דורכגעפירט מט זיין שיפל צוויי פוילישע אָפיצירן און האָט זיי דערציילט, אַז אין שטאָט דרייט זיך אַרום פראַנק און פריי אין די גאַסן דער פאָלקס־דויטש, רוסעל. ער איז געווען אַ לערער און ביי זיי אין קלויסטער אַ קאַנטאָר און זייער פאַרשטייער אין מאַגיסטראַט.

די אָפיצירן האָבן אים אַרעסטירט און געוואָלט דערהרגענען. ער האָט זיך געבעטן ביי זיי און זיי איבערצייגט, אַז ער איז אַ גוטער פוילישער בירגער, אַז ער האָט פיל גוטס געטאָן פאַר די איינוווינער און געזאָגט זיי זאָלן פרעגן ביי לייביש גמאַך אויף אים.

לייביש האָט באַשטעטיקט אַלע זיינע רייד. ער איז געבליבן לעבן און ווען די דייטשן זענען אַריין האָבן זיי אים נאָמינירט אַלס בירגערמייסטער. דער עפיזאָד האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר אונדז אין פאַרשידענע פאַלן.

### 9טער סעפטעמבער, 1939, שבת

ווישאָגראָד איז איינגענומען געוואָרן דורך די דייטשן. אין זייער שווערער באָמבאַרדירונג זענען פאַרניכטעט געוואָרן אַלע הייזער קעגנאיבער דעם פוילישן קאָשציאָל, די בראָוואַרנע גאַס פון קאַמינסקיס הויז ווו ס'האָבן געוווינט שפרה מאַלע, נחמן דימאַנד, דוד מאיר נאַשעלסקי און מענדל פערשט, ביז דער פאַרווע, און מענדל פערשטס מאַגאַזינען. ווי איך געדענק איז דאָן געפאַלן דער ערשטער ווישאָגראָדער קרבן, מנשה גראַסדאָרפס זון. נאָך אים איז געפאַלן, גייענדיק אין גאַס, ברוך מרדכי פוטערמאַן (קובעלניקער) און יהושע פלאַמס זון, וועמען אַ דייטש האָט נאָכגעיאָגט ביז זיין פעטער משה פוקס שטוב, און אים דאָרט דערשאָסן.

זיין טאַטע נעבעך האָט אים געטראָגן טויטערהייט אויף זיין פלייצע ביז צו זיך אין שטוב.

מיר זענען פרייטיק 8.9.39 אַנטלאָפן אויפן וועג קיין וואַרשע. מיר האָבן גענומען פראָדוקטן און מיר זענען אַוועק. דער טאַטע מיינער, מיינע ברידער שמואל און מיכל, איך מיט מיין פרוי און אונדזערע דריי קינדערלעך, אונדזער פאָטער זכריה מיט זיין ווייב ליבע און זיבן קינדערלעך און מיין ברודער יצחק־יעקב מיט זיין פרוי. זיינע צוויי שוואָגערס, לייבל און שמואל משה קאַפּנהאַגן, די שוועסטער צירל־חנה. 22 מענטשן זענען מיר געווען. פון אַלע בין איך און שמואל משה געבליבן.. די איבעריקע זענען אַלע אויסגעראָטן געוואָרן דורך די נאַציס, ימח שמם.

ווען מיר זענען אַריין קיין סאָכאַטשעוו האָבן זיך באַוויזן דייטשישע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן באַשאָסן דורכגייער אין די גאַסן מיט באָמבעס און קוילן. מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן. אין דעם גרויסן טומל איז איינער פון מיינע ברידער פאַרלוירן געגאַנגען און אונדז נאָכגעלאָפן קיין וואַרשע צופוס.

אין סאָכאַטשעוו האָבן מיר געטראָפן מיכאל רורעס זון ראובן. ער האָט אונדז געזאָגט, קומט מיט מיר אין דאָרף אַריין וועלן מיר זיך צוזאַמען, פאַרט נישט קיין וואַרשע, ס'איז נישט מעגלעך אַריינצושטופן זיך דאָרט. ווי נאָר זיי זענען אַריין קיין סאָכאַטשעוו, זענען זיי אַריין אין דאָרף און אים דערהרגעט צוזאַמען מיט אַנדערע יידן.

מיר זענען געפאָרן קיין וויסקיט, דאָרט האָבן מיר געהאַט אַ קוזינע, פסח יילאַווערס שוועסטער. ביינאַכט זענען מיר אַהין אָנגעקומען. שווער זיך פאַרצושטעלן וויפל מענטשן ס'זענען זיך דאָרט צוזאַמענגעלאָפן. פון לאָדזש איז מען אויך אַהער געלאָפן. ווי אַרבעס אין אַ קעסל אַזוי האָט דאָ אַלץ געקאָכט און געראַשט. מיר האָבן געוואָלט פאָרן קיין זשיראַרדאָוו, אָבער אַלע וועגן זענען געווען פאַרשפּאַרט. די דייטשן האָבן שוין איינגענומען לאָדזש און געגאַנגען אויף זשיראַרדאָוו. האָבן מיר זיך אומגעקערט צוריק צו אונדז אין סאַד אַריין, אין דאָרף סטאַרע־בודי.

### 14טער סעפטעמבער 1939, דאָנערשטיק

ס'איז געווען א' דראש־השנה. די מענער זענען געגאַנגען דאַווענען קיין מלאַדזישין. מיר זענען געווען אַ צוויי מנינים. ווען מיר זענען צוריקגעקומען איז שוין דאָרט געווען ערשטע פראָנט־ליניע. די פוילישע זעלנער זענען שוין געווען מוטלאָז. מיר זענען געשטאַנען קעגנאיבער דעם ערשטן פייער.

### 15טער סעפטעמבער 1939, ב' דראש־השנה

דעם טאָג האָבן מיר שוין נישט געדאַוונט. מיר האָבן געגראָבן שוץ־טראַנשייען. זונטיק איז שוין דאָס באָמבאַרדירן געווען פול. יעדע 15 מינוט זענען אַרויס 24 עראָפּלאַנען און אויסגעמישט הימל און ערד מיט זייערע באָמבעס. פאַרנאַכט האָבן זיי געוואָרפן ברען־באָמבעס און אַלץ האָט געברענט.

מאָנטיק האָבן די דייטשן באַהערשט דעם הויף ווו מיר זענען געווען. אונדז האָבן זיי אַריינגעשטופט אין הויז און פאַרווערט אַרויסצוגיין, ביז ס'וועט קומען אַ באַפעל וואָס צו טאָן מיט אונדז.

7 אַ זייגער אָוונט זענען אַריין 4 מערדער און געפרעגט:

— וואָס טוען דאָ די יידן?

דעם טאַטן האָבן זיי אָפּגעשניטן די באָרד און אָנגעהויבן זוכן געווער. דערווייל האָבן זיי צוגערויבט עטלעכע פּאָר שטיוול און באַפוילן זיך אָפּטראָגן פון דאַנען, צוריק קיין ווישאַגראַד מאָרגן 7 אינדערפרי.

דינסטיק זענען מיר אָנגעקומען קיין ווישאַגראַד. די 13 קילאָמעטער האָבן מיר זיך געשלעפּט אַ גאַנצן טאָג. די וועגן זענען געווען אינגאַנצן צעשטערט. מיר זענען געקומען קיין יאַנושעוו, געשוווּמען מיט אַ באָוט דורך דער ווייסל. אַהיים זענען מיר אָנגעקומען פאַרנאַכט.

מיין שטוב האָב איך געטראָפן אויפגעריסן, די טירן און פענצטער צעשמעטערט, און אַלץ איז געווען צערויבט. אין טאַנטס הויז האָט נישט געפעלט גאָרנישט. די קאָמענדאַנטור איז געווען נאָענט אין הויז פון לעוואַנדאָווסקין און די פּאַליאַקן האָבן מורא געהאַט זיך אַריינרייסן אַהין.

מיטוואָך האָט מען אונדז שוין גענומען צו דער אַרבעט. מיר האָבן פאַרריכט די בריק. דעם מאַטעריאַל צום ריכטן האָבן מיר גענומען פון א.ח. אברהם וויערניקס מקלאַד. דאַן האָבן מיר געזען ווי רייך ס׳איז געווען דער באַשיידענער מענטש.

מ׳האָט אונדז געשלעפּט צו פאַרשידענע שמוציקע אַר־בעטן. די דייטשן האָבן אונדז געהאַלטן אין איין שלאָגן מיט זייערע נאַהייקעס, בשעת מיר האָבן געאַרבעט.

ווען כ׳בין אַהיימגעקומען האָב איך גענומען צו זיך, צום היטן, די ספר תורה פון די צעירי אגודת ישראל, מיר האָבן געמאַכט אַ מנין ביי מיר. ס׳האָבן דאָ געדאַווענט מיין שוואָער שמואל גראָסמאַן, ישראל גדליה דייטש, מיין פאָטער ע״ה מיט זיינע זין, ראובן חיים לאַבענצקי, שלמה יהודה לאַבענצקי, משה עלבוים, יאָסל בזשעזשינסקי, דוד הערש ראָזנפעלד, נחמן דייטש (קאָפּ), אבא, ליפּעס איידעס, ישראל מרדכי דזיעדזיק, יונה ווייצמאַן, רפאל קלמן גראָסמאַן, אברהם יצחק דייטש, משה מלך ראָזנפעלד און יואל זעמעל. מיינע אַלע שכנים האָבן געדאַווענט אין מנין.

### 23סטער סעפּטעמבער 1939, יום־כיפור (דאָס לעצטע דאַווענען אין שול)

לייביש גמאַך האָט געפועלט מ׳זאָל דאַווענען אין שול ביי טאָג (ביינאַכט איז געווען עוצר). יידן האָבן אָבער מורא געהאַט קומען דאַווענען. זיי האָבן געמאַכט מנינים ביי שכנים. נאָר אַ טייל איז געקומען אין שול אַריין. ביז 10 אַזייגער איז געווען אין אָרדענונג. דאַן אָבער האָט זיך געביטן די קאָמענדע. אין שטאָט איז געקומען געסטאַפּאָ אײנפירן אָרדענונג און זיי זענען געקומען אין שול אַריין. באַלד האָבן זיי געשלאָגן מכות רצח אַלע מתפללים. אייניקע האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט אויף דער גאַס און אָנגעהויבן אָפּשפּעטן פון זיי. מ׳האָט באַלד צו וויסן געגעבן ראַסעלן. ער איז געקומען און זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיר דאַווענען מיט אַ דערלויבעניש. זיי האָבן אויפגעהערט צו שלאָגן, אָבער די תפילה איז אָפּגע־שטעלט געוואָרן און מ׳האָט גענומען די מערהייט אויף צוואַנגס־אַרבעט, די איבעריקע זענען זיך צעגאַנגען אַהיים.

דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס יידן אין ווי־שאַגראַד האָבן געדאַווענט אין אונדזער שיינער, הייליקער שול.

### 24טער סעפּטעמבער 1939, זונטיק

די דייטשן האָבן נאָמינירט שפּעטולסקין, דעם פּוילישן דירעקטאָר פון דער ווייסל, ימח שמו, אַלס וויצע צום דייטשן דירעקטאָר, און דעם זונטיק איז אים פאַרלוירן געגאַנגען אַ גאַנדז פון זיין שטייג, איז ער אַוועק צו די דייטשן און געמסרט אַז די יידן האָבן זי צוגעגנבעט. באַלד האָט אַ באַנדע ווילדע דייטשן געמאַכט אַ רעוויזיע ביי די יידן נעבן אים. די גאַנדז האָבן זיי נישט געפונען, אָבער וואָס זיי האָבן געפונען האָבן זיי צוגערויבט און אַרויסגענומען צען יידן בשכנות פון אים, זיי אויסגעשטעלט אין אַ שורה און געזאָגט:

— אויב די גאַנדז וועט זיך נישט אָפּגעפונען, וועלן די אַלע דערשאָסן ווערן.

די צען זענען געווען:

רפאל מרדכי דזיעדזיק, זיין זון, איך מיט מיינע צוויי ברי־דער, טוביה, שאול און משה מלך ראָזנפעלד און אהרן לוזער דייטש (דעם צענטן געדענק איך נישט ליידער).

אונדזערע לעצטע מינוטן זענען אָט אָט אויסגעגאַנגען. וואָס קאָנען מיר זיך העלפן, ווו וועט מען געפינען די גאַנדז?!

צום גליק איז די לעצטע מינוט אָנגעלאָפן דער אַלטער לאָמפּן־צינדער, וואָס אויף דער וואַסער, געבראַכט צו טראָגן די גאַנדז. ער האָט זי געכאַפּט אויף דער ווייסל און דער נס איז געשען, מ׳האָט אונדז נישט געשאָסן.

*

אין שלאַדאָוואָ, 6 ק״מ פון ווישאַגראַד, איז געשען אַ שרעקלעכע זאַך. אין אַ קעלער האָבן זיך באַהאַלטן עטלעכע יידן מיט זייערע פרויען און קינדער, געוואָלט זיך ראַטעווען פון די באָמבעס, זענען די דייטשן אַריין, זיי אַרויסגעשלעפּט פון קעלער, אויסגעשטעלט די מענער אין אַ זייט און געמאָלדן, אַז זיי גייען זיי שיסן. צווישן זיי איז אויך געווען אהרן הוזמאַן, ער איז אַריבער אין דער שורה פון די מענער מיט ביידע זיינע קליינע קינדערלעך, געמיינט, אַז אַ דאַנק די קליינע עופעלעך וועט מען אים אויך שוינען. לײדער אָבער האָבן זיי אים דערשאָסן צוזאַמען מיט זיינע צוויי פייגעלעך.

דאַן זענען דאָרט דערשאָסן געוואָרן די ווישאַגראַדער יידן: מאָטיס שיינבלום, פּנחס שיינבלום, וואָלף זלאָטניק, משה מענדל שלאָסבערג, יאָסל האַלענדער און דער זעלבער אהרון מיט זיינע צוויי עופעלעך.

אַכט טייערע, זויבערע יידישע נשמות.

אין עטלעכע שעה אַרום האָט פּנחס שיינבלום דערפילט, אַז ער לעבט נאָך, האָט ער זיך מיט די לעצטע כוחות אַרויס־געשאַרט פון אונטער די טויטע און זיך דערשלעפּט קיין ווי־שאַגראַד ביינאַכט. חדשים לאַנג האָט מען אים געהיילט ביז מ׳האָט אים דערראַטעוועט. לײדער האָבן זיי אים שפּע־טער אומגעבראַכט אין אוישוויץ.

## סוכות, 1939

דאָס איז געווען אַ סוכות אָן סוכות און אתרוג און אָן דער פרייד פון שמחת־תורה פאַר די קינדערלעך. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט און נישט געוווּסט וואָס איז געשען. מיר על־טערע, וואָס האָבן אַמאָל געהערט וועגן שפּאַנישע אינקוויזי־ציעס, און האָבן אַ סך געלייענט וועגן רדיפות אויף יידן, האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ מנין קאָנספּיראַטיוו, און אַ סוכה איז געמאַכט געוואָרן. מיר האָבן געהאַלטן וואַך, די דייטשן זאָלן נישט באַמערקן. דעם ערשטן טאָג סוכות זענען געקומען צוויי דייטשן און מיך פאַרשלעפּט צו דער אַרבעט. זיי האָבן מיך געבראַכט צום קאָשציאָל. דאָרט זענען שוין געווען עטלעכע יידן, צווישן זיי געדענק איך דוד מאיר נאַשעלסקי מיט זיין זון און מענדל פערשט. זיי האָבן אונדז געגעבן ריד־לעס און מיר האָבן אויסגעגראָבן אַ גרוב פאַר 2 טויטע פערד. אין דער אַרבעט האָבן זיי אונדז אַזוי געשלאָגן, אַז מיר זענען קוים אַהיימגעקומען לעבעדיקע.

חול־המועד האָט מען ווידער געזוכט אין די הייזער, צוגענומען סחורות און געשלאָגן.

אין מענדל פערשטס מאַגאַזינען, וואָס האָבן אָפּגעברענט פון די באָמבעס האָבן זיי געפונען אַ רעזערוו פון פאַרסמאָ־ליעטן ווייץ, האָבן זיי באַשולדיקט מענדלען, אַז ער האָט אויס־באַהאַלטן די תבואה. זיי האָבן אים פאַרשיקט קיין דאַכאַו. ס׳האָבן נישט געהאָלפן קיין שום באַמיאונגען. שפּעטער מיט עטלעכע חדשים האָבן זיי געבראַכט זיין ווייב דאָס קעסטעלע מיט אַש פון זיין פאַרברענטן קערפּער און געפאָ־דערט פון איר אַ פאַר הונדערט מאַרק מלאכה־געלט.

אַ שרעק האָט דאַן אָנגעכאַפּט יעדן. אַ טייל פון די רייכע יידן אין שטאָט איז אַוועק קיין וואַרשע, די יוגנט איז טיילווייז אַוועק קיין רוסלאַנד.

## נאָך סוכות

יידן זענען געווען געצוווּנגען צו טראָגן די געלע לאַטע און אַראָפּנעמען דאָס היטל פאַרן יעדן דייטש. אַלע יידישע גע־שעפטן זענען ליקווידירט געוואָרן, אַ טייל בעל־מלאכות האָבן געאַרבעט אַ ביסל, אַ טייל יידן האָבן געשמוגלט קיין וואַרשע, אַלע איבעריקע האָבן געמוזט אויספאַרקויפן דאָס לעצטע ביסל האָב־און־גוטס און דערהאַלטן די נשמה.

## אָנהייב נאָוועמבער 1939

די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן „אָפּצייכענונגס־שיינען" פּעסער. אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס זענען פאַר־מאַכט געוואָרן. מיט יעדן טאָג איז געוואָרן שווערער דער דורכגאַנג קיין וואַרשע. וואַרשע האָט געהערט צום גענעראַל־גאָווערנעמענט, ווייל ווישאָגראָד האָט געהערט צום דריטן רייך. דאָס איבערגיין פון איין געביט אין צווייטן איז געווען, ווי איבערגיין גרעניצן, האָט זיך ממילא אָנגעהויבן אַ קעגנ־זייטיקער שמוגל. סחורות זענען געוואָרן טייער. מעלי־מלאכות האָבן געמוזט נעמען טייערע פּרייזן.

ס׳האָט אַמאָל פּאַסירט אַ שרעקלעכער פאַל. פיר יידן: שמעון און אשר זאַיאַנץ, משה ליפּסקי און יעקב שטערן, וואָס האָבן צוגעשטעלט דעם גראַטקאָווער הויף זיינע באַדער־פעניסן, האָבן הויף־אַרבעטער זיך באַקלאָגט אויף זיי, אַז זיי האָבן גענומען ביי זיי איבערגעטריבענע פּרייזן און מ׳האָט זיי באַלד אַוועקגענומען, קיינער האָט נישט געוווּסט וווהין.

שפּעטער, נאָך דער ליקווידירונג פון נאָוואָדוואָרער גע־טאָ האָב איך זיי באַגעגנט אויפן וועג קיין אוישוויץ.

## ווינטער 1939

די לעצטע זיצונג מיטן רב זצ״ל איז געווען געווידמעט צום פאַרטיילן די געלטער, וואָס זענען אָנגעקומען פון אַמע־ריקע פאַר נויטבאַדערפטיקע. ס׳האָט זיך אין דער זיצונג באַטייליקט אונדזער רב, הרב נפתלי שפּיוואַק זצ״ל. דער מורה־צדק ר׳ דוד צבי ליבין זצ״ל און בעלי־בתים, ווי פנחס גאַרבאַזש, אברהם גזשיוואַטש, יהושע סאָקאָלאָוו, אהרון זעליג האָלענדער, ישראל גדליה דייטש, משה ליפּסקי, פנחס קוסטאַס, מלך גמאַך, ברוך מרדכי סקשידלע, פּיזול מאיר ליכטנשטיין, יוסף דימאַנט און איך. איך בין דער איינציקער, וואָס איז געבליבן לעבן פון זיי. הי״ד.

דעם רבס לעצטע ווערטער אויף דער לעצטער זיצונג וועל איך אייביק נישט פאַרגעסן. איך גיב זיי איבער וואָרט ביי וואָרט, ווי כ׳האָב זיי געהערט פון זיין הייליק מויל, ווען טייכן טרערן האָבן געפלאָסן פון זיינע אויגן:

— רבותי — האָט ער געזאָגט — ברידער, כ׳ווייס נישט צי מיר וועלן זיך נאָך אַ מאָל טרעפן און ווען, אָבער גע־דענקט איין זאַך: 2 פּינטעלעך ווען זיי שטייען אין דער ברייט זענען זיי יי דער הייליקער נאָמען גאָט, אָבער אויב שטעלן זיך די צוויי פּינטעלעך אויס איינס איבערן אַנדערן, אין דער פאָרם i זענען זיי סוף פּסוק. געדענקט, טייערע ווישאָגראָדער ברידער, מיר געפינען זיך אין אַ גרויסער צרה, מיר קאָנען איינער פאַרלייכטערן דעם צווייטן, נאָר ווען איינער וועט זיך נישט שטעלן העכער פון צווייטן. נאָר דאָס קאָן פאַרלייכטערן אַ ביסל אונדזער שרעקלעכע לאַגע.

די הייליקע רייד האָבן געווירקט אויף אונדזערע ווישאָ־גראָדער יידן. מיר קאָנען מיט שטאָלץ זאָגן „ידינו לא שפכו את הדם". קיין מענטש אין ווישאָגראָד האָט נישט פאַרשמוצט זיינע הענט מיט בלוט און קיינער האָט נישט פאַרזאָפּט בלוט זיינע ברידער.

ווען מ׳האָט געהייסן דעם ערשטן יודענראַט צוגרייטן אַ ליסטע פון יידן, וואָס זאָלן אַרויסגעשיקט ווערן קיין באַלסק, האָט ער נישט געפאָלגט, און זיינע מיטגלידער זענען געווען די ערשטע, וואָס מ׳האָט געשיקט די שענסטע יידן פון שטאָט. ס׳איז געווען דער חזן ר׳ אברהם איזראַעלעוויטש, ר׳ מאיר שוחט און ר׳ מאיר גורפינקל.

דאָס צווייטע מאָל האָט מען גענומען די איבעריקע צו־זאַמען מיטן יודענראַט עלטעסטן, ווייל אַלע האָבן זיי נישט געוואָלט מיטאַרבעטן מיט דער געסטאַפּאָ.

### חנוכה 1939

חנוכה 1939 איז חרוב געוואָרן אונדזער הייליקע שול. די מערדער האָבן אַרויסגענומען מענער פון די שטיבער, זיי אַריינגעשטופּט אין שול אַריין און דאָרט זיי געצוווּנגען זיי זאָלן מיט זייערע אייגענע הענט צעברעכן די הייליקע געביידע, ווען נישט וואָלטן זיי דערשאָסן געוואָרן אויפן פּלאַץ.

אונטער אַ האָגל פון נאַהייקעס מיט צעבלוטיקטע הענט און בלויע צעשלאָגענע קערפּערס האָבן יידן אַרויסגעריסן די שיינע וואַנט־דעקאָראַציעס און האָלץ־שניצערייען, וואָס גרעסטע קינסטלערס פון זייער יאָרהונדערט האָבן זיי געמאַכט. זיי האָבן אַראָפּגעריסן די צוויי לייבן פון אָרון־קודש, נחס תיבה, דעם שור הבור און לויתן מיט אַלע גרויסע באַצירונגען פון שיינעם בית־הכנסת.

ווען די יידן האָבן דערזען, וואָס זיי אַליין האָבן געמאַכט האָבן זיי זיך שטאַרק צעוויינט און קריעה געריסן און געקלאָגט ווי אויף חורבן בית המקדש.

נאָכדעם, וואָס זיי האָבן געמאַכט אַלץ פון אינעווייניק, האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויסרייסן טיר און פענצטער, איינגעלייגט דאָס שיינע האָלץ־געשניצטע באַלעמער און איינלייגן דאָס געבוי פון דרויסן. חרוב איז געוואָרן די שיינע שול און בית־המדרש, קיין זכר איז פון זיי נישט געבליבן.

### אַ וואָך פאַר פסח, 1940

די מקוה איז איינגעלייגט געוואָרן, זיי האָבן אויך פאַרשטאָפּט דאָס וואַסער, מיט זיי צוזאַמען האָבן זיי אַרונטערגעריסן דעם בייגלמאַכערס הויז נעבן דער מקוה, ווו ס׳האָבן געוווינט יעקב בער דימאַנט שלמה יאָסל פּאַפּיר, חיים און יוסף בענזוים, יוקל בענזוים און וואָלף זלאַטניקס קינדער.

### ח׳ אייר, 1940

היינט האָבן זיי איינגעלייגט אונדזער הויז.

מיר האָבן געהאַט יאָרצייט נאָך דער מאַמען ע״ה. מיר האָבן געמאַכט אַ מנין ביים טאַטן, אינדערפרי פאַר דער אַרבעט. מיר האָבן געזאָגט קדיש און ווי נאָר מיר האָבן געענדיקט דאָס דאַווענען, זענען אַריין ניקל און טאובער, ימח שמם, מיטגעבראַכט מיט זיך הונדערט יידישע אַרבעטער און באַפוילן, אין לויף פון 50 מינוט אַרויסנעמען אַלץ פון דער שטוב און וואָס ס׳וועט בלייבן וועלן זיי קאָנפיסקירן.

דעם זעלבן טאָג האָבן זיי אַרויסגעטריבן פון זייערע הייזער אַלע יידן פון דעם קוואַרטאַל, קעגנאיבער דער שול, ביים שלאָס־באַרג, און זייערע הייזער איינגעלייגט.

אַלע יידן, פון דעם קאָוואַל ראובן חיים לאַבענצקי, ביז מאיר יענטעס, אַ פופציק יידישע משפחות, האָבן געמוזט אַריבער וווינען אין די אויסגעליידיקטע געוועלבער. קיין קיכן צום קאָכן זענען נישט געווען האָט מען געמאַכט „באַבקעס״. די שמוץ איז געוואַקסן, שטשורעס האָבן אַרומגעפויזעט מאַסנוויז. מיר האָבן געזען דעם טויט פאַר די אויגן, ווי ער קומט און דערנענטערט זיך און ס׳איז אים נישט אויסצומיידן.

איך בין אַריין וווינען אין פנחס חנניהס געוועלב און דער טאַטע מיט די קינדער אין אברהם שמחהס געוועלב.

די סחורות זענען שוין געווען צערויבט, האָבן די דייטשן גענומען רויבן פון די הייזער וואָס נאָר ס׳האָט זיך געלאָזט. מיר האָבן געשוויגן, געדאַנקט גאָט, אַז מ׳שלאָגט אונדז נישט.

די ספר־תורה האָב איך אַריבערגעטראָגן צו מיין שוואָגער שלמה יהודה לאַבענצקי, וואָס האָט געוווינט אין זיין פאַטערס קוזשניע, און דאָרט האָבן מיר טאָג־איין טאָג־אויס געדאַווענט אין סכנות נפשות ביז דעם 6.3.1941, ווען מ׳האָט אונדז אַרויסגעטריבן קיין סלופּיע־נאָווע.

ווען מ׳האָט מיך אַרויסגעטריבן פון מיין שטוב, בין איך געגאַנגען נעמען אַ ביסל ברען־האָלץ פון מחסן, האָבן מיך די דייטשן געכאַפּט און מיך צעשלאָגן, צעממיתט. „שורך טבוח לעיניך א.א.וו.״

נאָכדעם האָט מען צעשטערט די הייזער פון שוסטער־גאַס ביזן בית־הקברות, דאַן האָט מען אויך חרוב געמאַכט דאָס אַלטע הייליקע אָרט. קודם האָבן זיי אַרויסגעריסן די מצבות פון די קדושים וטהורים. איך, ישראל האָלענדער און שמואל מיכל טויב האָבן מיר געאַרבעט נישט וויט פון דאָרט, האָבן מיר מיט אונדזערע אייגענע אויגן צוגעזען ווי מ׳האָט געוואָרפן די ביינער פונעם באַרג אין טייך אַריין. מיר האָבן געקלאָגט, ווי אויף חורבן בית־מקדש. מיר האָבן דערנאָך געהיימערהייט צונויפגעקליבן די ביינער אויף איין הויפן און גייענדיק פון דער אַרבעט זענען מיר אַריין אין יודענראַט, זיי זאָלן זען עפּעס טאָן און ברענגען צוריק צו קבר ישראל די פאַרוואָגלטע ביינער נעבעך.

מ׳האָט באַלד צונויפגעזאַמלט געלט, אַריינגעשטופּט אין האַנט פון ניקל און טאובע ימח שמם, יעדער פון זיי האָט געקראָגן אַ פוטער און אַ פּאָר שטיוול און זיי האָבן דערלויבט צונויפקלייבן די ביינער. פאַרנאַכט האָבן מיר גערופן די חברא קדישא און מ׳האָט זיי באַגראָבן.

### תשעה באב, 1940, אין באַלסקער לאַגער

זיי האָבן געעפנט אַ דערציאונגס־לאַגער און באַלסק צווישן דראַבנין און פּלאַצק.

די שטעט ווישאָגראַד, בודזאַנאָוו און דראַבנין האָבן געדאַרפט צו שטעלן 120 מענטשן צום לאַגער. געזאָגט האָט מען, אַז די מענטשן וועלן בלייבן דאָרט 8 וואָכן און זיך לערנען אַרבעטן. דעם יודענראַט איז געווען שווער אָנצוצייכענען די מענטשן, גלייך ווי ער וואָלט באַדאַרפט אַרויסגעבן אַן אורטייל פון לעבן און טויט. האָט ער זיך אויסגעדרייט דערפון, און די דייטשן האָבן געכאַפּט וועמען ס׳האָט זיך געלאָזט און זיי אָוועקגעשיקט קיין באַלסק.

אַ וואָך פאַר ראש־השנה 1940, האָבן זיי געפאָדערט נאָך 25 מענטשן, כדי צו פאַרטרעטן די קראַנקע. דאַן האָט שוין דער יודענראַט געמוזט אויסשטעלן די ליסטע פון משפחות, ווו עס זענען געווען אַ סך קינדער.

דער גורל איז געפאַלן אויך אויף מיין ברודער מיכאל, ער זאָל אַרויסגיין. ער איז געווען אַ תלמיד פון דער פּיאַסע־

טשנער ישיבה, געהאַט סמיכות אויף רבנות, און שמואל, מיין צווייטער ברידער, האָט זיך פריווויליק אָנגעגעבן גיין אויף זיין פּלאַץ. אַנדערע יידן האָבן אָבער נישט געפּאָלגט דעם יודענראַט און נישט אַרויס. האָבן די דייטשן ווידער געכאַפּט מענטשן און איך בין אויך אַריינגעפאַלן צוזאַמען מיט ברוך מרדכי סקשידלע און עזרא גראָסדאָרף.

## ב׳ דראש־השנה, 1940

אין באַלסק. מ׳האָט געבראַכט נאָך אַ צאָל יידן אין דער־ציאונגס־לאַגער. צווישן זיי אויך דער יודנעלטסטער יוסף דימאַנט, און זיינע חברים שמואל יאָסל ליכטנשטיין און הענעך כהן.

נאָך זיי האָט מען מיטגעשיקט רעקאָמענדאַציע־בריוו „מ׳זאָל גוט פאַרשרייבן". דאָס האָט געהייסן אַריבערלייגן זיי אויף אַ ברייטער, ספּעציעלער באַנק, די הענט און פיס געפּענטעט און שמייסן. די נאַציס זענען געשטאַנען מיט נאַהייקעס און געצימבלט מכות רצח. דער ערשטער צו דער „מצוה" איז געווען דער קאָמענדאַנט אַליין פּריץ ימח שמו, און נאָך אים זיינע געהילפן. ווען איינער איז מיד געוואָרן שמייסן, האָט אים דער צווייטער איבערגענומען.

די געשרייען פון די געשמיסענע זענען געגאַנגען ביזן הימל. נישט איינער פון אונדז האָט געפילט דעם טעם. אָבער די יודענראַט־מיטגלידער האָבן געקריגן אַ צוגאָב־פּאַרציע, אַזוי, אַז ווען זיי זענען צוריקגעקומען אין לאַגער האָט מען זיי קוים דערקענט.

דאַן האָט מען באַפרייט אַלע דראָבנינער יידן, ווייזט אויס, דורך כאַבאַר און דער לאַגער איז באַשטאַנען אינגאַנצן פון ווישאַגראַדער יידן.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען באַפרייט די יודענראַטלער און יצחק בול, יידל בולס זון איז געוואָרן יודענעלטסטער און משה לייב דימאַנט זיין סעקרעטאַר. דאַן האָבן אַנדערע ווינטן אָנגעהויבן בלאָזן אין ווישאַגראַדער געטאָ..

ס׳איז וויכטיק כ׳זאָל דאָס געבן צו פאַרשטיין.

דער לאַגער איז באַשטאַנען פון אַ פּלאַץ אַרומגעצוימט מיט שטעכלדראָט, קעגנאיבער דער קאָמענדאַנטור. די קיך איז געווען אין אַ קליינער געביידע. מיר זענען געשלאָפן אויפן פּאָל אויף שטרוי אין צוויי גרויסע זאַלן. ווען איך בין געקומען אין לאַגער האָט ער אינגאַנצן עקזיסטירט 6 וואָכן. דאָך איז ער געווען אַזוי פאַרשמוציקט, אַז מ׳האָט די לייז געקענט אָננעמען מיט די הענט.

ס׳איז דאָרט געווען אַ ברונעם וואַסער. די באַקוועמלעכקייטן זענען געווען שרעקלעך, מ׳האָט באַדאַרפט זיצן אויף אַ דראַנג. ליכט איז נישט געווען. מיר האָבן זיך געלייגט אין דער פינצטער און אויפגעשטאַנען אין דער פינצטער. אין קיך האָבן דאַן געאַרבעט מאיר גורפינקעל און לייביש דוד פריי־זינגער פון ווישאַגראַד. נאָך 7 וואָכן זיין אין לאַגער בין איך אַריין אַרבעטן אין קיך מיט עזרא גראָסדאָרף צוזאַמען. די קוכער האָבן געאַרבעט זייער שווער. מ׳האָט געקאָכט אויף נאַס האָלץ, וואָס מיר האָבן אַליין געבראַכט פונעם טייך.

מען האָט געבראַכט קלעצער, פיענקעס און געמוזט זיי צעקלאַפּן מיט שווערער מי. אַז מיר האָבן געוואָלט די קאַפע זאָל זיין פאַרטיק צום פרישטיק, האָט מען געמוזט אונטערהייצן דעם קעסל 2 אַ זייגער ביינאַכט.

מיר האָבן געהאַלטן זמיאַנעס צום אויפשטיין הייצן ביינאַכט. צו דער אַרבעט איז מען געגאַנגען 7 קילאָמעטער אַהין און זיבן צוריק. מיר האָבן רעגולירט דעם לויף פונעם טייך, געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אין וואַסער, שוואַרץ געקליידעטע עס־עס־לייט זענען געשטאַנען איבער אונדז און געהאַלטן אין איין שמייסן מיט די נאַהייקעס. איבער די הענט. מיר פלעגן אַהיימקומען צעשלאָגענע און מידע. יעדן טאָג איז פאַרגעקומען אַן אַפּעל אינדערפרי און פאַרן שלאָף. דער לאַגער־קאָמענדאַנט פּריץ פלעגט זיך טשעפּען צו אונדז, אָפּשפּעטן, אָפּלאַכן און זיך איזדיעקעווען איבער אונדז. פאַרן שלאָף האָט ער אונדז געהייסן זינגען. ער איז געווען אַליין אַ פאָלקסדויטש, אויפגעוואַקסן צווישן יידן און גערעדט יידיש בעסער ווי דייטש. מיר האָבן אים געמוזט תמיד זינגען „ווען, ווען זינגט אַ ייד", און נאָך יעדן וואָרט פלעגט ער צוגעבן אויף יידיש:

— ביי מיר וועט איר אויסברעכן אַלע געגנדז און הינער, וואָס איר האָט זיך אָנגעפרעסן מיט זיי די גאַנצע צייט.

## ערב יום־כיפור, 1940

פּריץ האָט געוווּסט, אַז ס׳איז ערב יום־כיפור און ער האָט געהייסן משה זיידעל, הערשל שווירצס איידעם, אַ פּרעקטיקער זינגער, ער זאָל זאָגן „כל נדרי". מיר האָבן געהערט די הייליקע תפילה, זיך דערמאָנט אין די ימים־נוראים פון אַמאָל און טייכן טרערן האָבן געפלאָסן פון די אויגן. נאָך דעם האָט ער אונדז געהייסן זינגען דאָס יידישע ליד „דעם מענטשס ציל איז נישט קיין קינדער־שפּיל". דער אינהאַלט פון אים איז אומגעפער: בעט נישט, מענטש, אויף לאַנגע יאָרן, ווייל ס׳ווערט נמאס א.א.וו. אל תשליכנו לעת זקנה.

אַזוי האָט זיך געענדיקט די כל־נדרי־נאַכט 1940 אין באַלסקער לאַגער.

מיט פאַרטרערטע אויגן זענען מיר איינגעשלאָפן.

נאָך 3 וואָכן אַרבעט אין טייך, האָב איך מיר אָנגעריבן ווונדן און בלאָטערס אויף די פיס, און נישט געקאָנט גיין צו דער אַרבעט. מענטשן האָבן מיר געראַטן כ׳זאָל נישט דערציילן, אַז כ׳בין קראַנק, ווייל מ׳וועט מיך שלאָגן צום טויט. כ׳האָב אָבער נישט געקאָנט אויסהאַלטן. אויפן אַפּעל האָב איך זיך צוגעשטעלט און דאָך געמאָלדן, אַז כ׳קען נישט גיין צו דער אַרבעט, און אַ ווונדער, מ׳האָט מיך געלאָזט אין לאַגער.

ביז מיטאָג האָב איך געהאַט אַ גוטע אַרבעט. כ׳האָב אויסגעגראָבן פעלד־ריבן, נאָך מיטאָג האָט מען מיך צוגעשטעלט אַלס געהילף צום קאַלך־מאָלער, וואָס האָט דאָרט געאַרבעט.

אין קאָמענדאַנטור האָט געאַרבעט אַ דראָבנינער יינגל אַ

געוויסער חיים צודיק, וואָס איז געווען אַ משרת ביים קאָמענ־דאַנט, האָט ער מיך אַרומגעשלעפּט צו פאַרשידענע אַרבעטן און כ׳האָב נישט געקאָנט העלפן דעם שטובנמאָלער, נאָכ־דעם האָט מיך דער מאָלער געשיקט כ׳זאָל אים ברענגען קאַלך. ווען כ׳בין צוריקגעקומען האָבן מיך שוין אָפּגעוואַרט 4 מלאכי חבלה, זיי האָבן מיך אָנגעהויבן וואַרפן פון איינעם צום צווייטן, דערנאָך האָבן זיי מיך אַריינגעשלעפּט אין אַ באַזונדער צימער, אַוועקגעלייגט מיך אַ געבונדענעם אויף דער באַוווסטער באַנק, זיי האָבן מיר אַריינגעציילט 50 שמיץ אויף דעם רוקן און 50 אויפן הינטן. דאַן האָבן זיי מיך אָפּגע־בונדן און האָבן מיך געשלאָגן אויפן קאָפּ. ביז 18 האָב איך געהאַט געדולד און געציילט. נאָך 18 האָב איך געחלשט. זיי האָבן מיך אָבער נישט אָפּגעלאָזט, זיי האָבן אויסגעגאָסן אויף מיר אַן עמער וואַסער, מיך דערמינטערט און געצוווּנגען כ׳זאָל אַרויסטראָגן ציגל פון שטוב און אויסרייניקן די צימערן. כ׳האָב דאָס אַלץ געמאַכט אין אַ לויף־מאַרש.

שפּעטער, ווען איך בין געווען אין בונאַ און געאַר־בעט מיט פּראָפעסאָר שליווינסקי ביים רייניקן באַקוועמ־לעכקייטן, האָב איך דערציילט וועגן דעם, האָט ער מיר אויפ־געקלערט, אַז דאָס איז געווען מיין גליק דאָס, וואָס נאָך די קלעפּ האָב איך געאַרבעט שווער, דאָס האָט מיך אָפּגעראַ־טעוועט. ווען כ׳וואָלט נאָך דעם זיך אַוועקגעלייגט, וואָלט איך באַשטימט געשטאָרבן. דאָך האָט מיין גאַנצער קערפּער זיך פאַרשוואַרצט, און חדשים זענען נאָך די שוואַרצע סיניאַקעס מיר געשטאַנען און געוויטיקט.

### יאַנואַר 1941, צוריק אין דער היים

נאָך 18 וואָכן באַלסק בין איך צוריקגעקומען קיין ווישאַגראַד.

דער ווינטער איז געווען אַ שרעקלעך שווערער, די פרעסט און שנייען האָבן אָנגעהאַלטן. איך האָב געוווינט אין דער חורבה פון פּנחס לעווינס געוועלב. מיר האָבן מורא געהאַט די קינדער זאָלן אונדז פאַרפרירן ווערן.

### 6טער מערץ 1941

די שטאָט איז פול געוואָרן מיט געסטאַפּאָ און לאַסט־מאַשינען. אַלע יידן ווערן געצווינגען אַרויסגיין אויפן מאַרק־פּלאַץ. מ׳גייט אונדז אַרויסטרייבן.

ביי אַ אַכט הונדערט יידן זענען אַריינגעדריקט געוואָרן אין די לאַסט־אויטאָס, מיט קלעפּ און שטויסערייען. ביים אַרויפשטייגן האָט מען זיי מיט מעסערס אָפּגעשניטן די פּלעצאַקעס מיטן ביסל פאַרמעגן וואָס מ׳האָט מיטגענומען. דער תירוץ איז געווען, ס׳איז נישטאָ קיין פּלאַץ אין די אויטאָס פאַר פּלעצאַקעס.

די געוואַלדן פון די צעשלאָגענע יידן, וואָס זענען געוואָרן אַרויסגעריסן פון זייער לעבנס־פּלאַץ אויף גוואַלד זענען דער־גאַנגען ביז צום זיבעטן הימל. מיט די יידן איז אויך אַרויס־געטריבן געוואָרן דער רב, דער מו״צ, מיין שוער שמואל גראָסמאַן און שלמה יהודה לאַבענצקי. מ׳האָט זיי פאַרשיקט קיין סלופּיע־נאָווע נעבן קעלץ.

וועגן סלופּיע־נאָווע האָב איך געהערט פון די, וואָס זענען צוריקגעקומען בנס. דאָס איז געווען, ווי זיי האָבן דערציילט, אַ גיהנום. געבליבן פון זיי זענען הערשל גוימאַן (דאָ אין יש־ראל) און שלום פּיש. ער איז איצט אַ חזן אין אַמעריקע און מאַכט יעדעס יאָר אַן אזכרה פאַר די ווישאַגראָדער קדושים.

### דאָס געטאָ אין ווישאָגראַד

מ׳האָט געמאַכט אַן אָפענעם געטאָ ביי אונדז. ער האָט זיך געצויגן פון דער קלויסטער־גאַס פון קובלינסקיס הויז ביז צו יאַסעטשעק דימאַנט, אַלע הייזער פון דער פּלאָצקער, דער אַגראַדאָווער, דער קראָטקער, דער אַלטער חזירים־מאַרק ביז דער פאַרווע און קעגנאיבער בלומע חיהס גאַס. דער פּלאַץ צווישן רבי בנימין ז״ל און משה כמיעלס הויז איז געווען גע־שלאָסן.

מ׳האָט אונדז אַריינגעשפּאַרט צו צען־עלף מענטשן אין אַ צימער אָדער געוועלב. ס׳לעבן איז געוואָרן ווי אין גיהנום.

אין דוד מאיר נאַשעלסקיס הויף זענען געווען צוויי קאַמערן, אין איינער איז אַריין ישראל גדליה דייטש און אין דער צווייטער האָב איך אַריינגענומען די ספר־תורה פון די צעירי אגודת ישראל און מיר האָבן דאָרט געדאַוונט. יעדן טאָג פאַרטאָג און אין אָוונט האָבן מיר געהאַט אַ מנין: מיין טאַטע, מיינע ברידער, חזן אברהם איזראַעלעוויטש, הירש בוכנער, פּסח ראָזנפעלד, אברהם ראָזנפעלד, הירש טוביה דייטש, עזריאל און ישראל העלערמאַן, ישראל גדליה, יעקב קאָ־פּנהאַגן, אברהם חיים ליכטנשטיין און רפאל־יונה ליכטנשטיין.

אַ צווייטער מנין איז געווען ביי הירשל דרעקסלער. דאָס דאַווענען איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות, אַזוי אויך דאָס גיין צום דאַווענען און פון אים.

### 22סטער יוני 1941

ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד. מען האָט אונדז אַלע אַרויסגענומען פון די הייזער. צו אונדז האָט מען אויך צוגעבראַכט די אומ־געקערטע פון באַלסקער לאַגער און אַלע צוזאַמען אַריינגע־שפּאַרט אין דער פייערלעשער־געביידע און אויך אין גאָרטן פון דעם לערער נאַוראַצקי. מען האָט אונדז אָפּגעהאַלטן אַ טאָג מיט אַ נאַכט. דערווייל האָבן די שכנים אונדזערע אַרויס־גענומען פון אונדזערע שטיבער וואָס ס׳איז נאָך געבליבן. דערנאָך האָט מען אונדז געהייסן צוריקקערן זיך אין אונדזערע נאַרעס.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען אונדז אַרויסגענומען פון די הייזער צום אַנטלויזן. צו הונדערט מענטשן האָט מען אַרויסגעפירט נעבן דער עלעקטרישער סטאַציע, ווו ס׳איז געווען אַ וואַסער־באַסיין. אין דאָקטער זאַוואַדזקיס סאָד. מיר האָבן זיך אויסגעטאָן נאַקעט אין אַ הייזקע און נאַקעטער־הייט האָבן מיר געמוזט לויפן אַ 100 מעטער — פרויען,

מענער, אַלטע און קינדער צוזאַמען. די גויים זענען געשטאַנען אַרום אונדז און אָפּגעשפּעט פון אונדז.

אַזוי האָט עס זיך געצויגן עטלעכע טעג. צו דעם אַקט האָט מען ספּעציעל געבראַכט אַ דאָקטאָר פון פּלאָצק, וואָס איז געווען אַ ספּעציאַליסט קעגן לייז און פּאַרלייזיקונג. ווער ווייסט צי וואָלטן מיר אויסגעהאַלטן די חרפה און די קלעפּ, וואָס זענען געפאַלן אויף אונדזערע קערפּער, ווען נישט דאָס, וואָס ר׳ יצחק באַל, דער פּרעזעס אונדזערער, האָט אָפּגעקויפט דעם דאָקטאָר און די גזירה איז בטל געוואָרן איידער מ׳האָט מיט אונדז געענדיקט.

דעם זומער האָבן מיר געאַרבעט ביי צוואַנגס-אַרבעטן. אַ 70 מאַן האָבן געשיט אַ שוץ-וואַל נעבן שאַפּריק און יאַנושעוו, אַנדערע האָבן געאַרבעט אויף שאָסייען, געגראָבן ריוון. אַ טייל האָט געאַרבעט אין די הייף פון גראַטקאָוואָ און קורבעלניק.

פון מאָל צו מאָל האָט די געסטאַפּאָ געמאַכט אַן אַבלאַווע אויפן געטאָ און געשלאָגן, געממיתט. דאַן זענען צוריקגעקומען די רעשטלעך פון סלופּיע-נאָוואָ און פון וואַרשע. מיטאַמאָל האָבן די מערדער צוזאַמענגענומען די אַלע, וואָס זענען צוגעקומען פון אַנדערע פּלעצער, אויפן מאַרק-פּלאַץ, ביי אַ זעקס הונדערט יידן. זיי האָבן אַרויסגענומען פון זיי 180, איינגעשפּאַרט זיי אין 4 לאַסט-מאַשינען ווי הערינג, מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט, קיינער האָט נישט געוווּסט וווהין. די איבעריקע האָבן זיי צוגעפירט צו דער ווייסל, אויפגעלאָדן זיי אויף בויטן, געשלאָגן, געהרגעט און זיי אָפּגעשיקט קיין וואַרשע. אייניקע יידן זענען דערביי אַריינגעפאַלן אין וואַסער און נישט אַרויסגעקומען שוין מער.

## תשעה באב, 1941

זיי האָבן צוזאַמענגענומען אַלע מענער, וואָס זענען געבליבן אין געטאָ, אויסגעקליבן פון זיי אַ הונדערט און צוואַנציק מאַן און זיי אַוועקגעפירט קיין באַלסק אין לאַגער. דאַן האָבן זיי אַרומגעצוימט דעם געטאָ מיט שטעכלדראָט און אויסגערופן, אַז פון היינט אָן איז דער געטאָ געשלאָסן און ווער ס׳וועט זיך געפינען אויסער אים וועט דערשאָסן ווערן.

ראש-השנה האָט מען געדאַוונט אין די מנינים ווי פריער, אויף יום-כיפור האָט דער יודענראַט זיך אויסגעסטאַרעט מ׳זאָל אונדז דערלויבן צו דאַווענען אין דעם גרויסן מאַגאַזין פון מילך. מיר האָבן אַהין אַריינגעבראַכט אַ ספר-תורה און האָבן געדאַוונט.

דער חזן ר׳ אברהם איזראַעלעוויטש האָט געדאַוונט כל-נדרי און מוסף, נעילה האָט געדאַוונט ר׳ מאיר שוחט, שחרית האָט מען מיר איבערגעגעבן צו דאַווענען.

## שבת פרשת ויצא, 1941

ווישאָגראַד איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון יידן און געוואָרן יודענריין.

דאָנערשטיק האָט מען פּלוצעם געבראַכט צו פירן אַלע מענטשן פון באַלסק. מיר האָבן באַלד דערפילט, אַז עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג. פרייטיק האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מ׳האָט אַלע פאַלקסדויטשן מאָביליזירט צו קומען שבת מיט זייערע וועגן און פערד. ס׳האָט זיך געשאַפן אַ פּאַניק. מענטשן האָבן געוויינט, געבראָכן די הענט, ספּאַזמירט. דער יודענראַט האָט צוגעגרייט אַ ליסטע פון אַ זעקס הונדערט יידן קיין טשערווינסק, און אַ צוועלף הונדערט קיין נאָווידוואָר. יעדער האָט זיך געמאַכט אַ פּלעצאַק און זיך געגרייט אין וועג אַריין.

פרייטיקצונאַכטס האָבן מיר נאָך געהאַט אַ מנין ביי ר׳ שמשון זילבערבוים אין הויף, ווו מיר האָבן געוווינט. ווייטער גיין האָט מען נישט געוואָלט. ר׳ יידל שינבוים דער מלמד האָט געדאַוונט קבלת שבת און כ׳וועל אייביק נישט פאַרגעסן דעם ניגון מיט וועלכן ער האָט געזאָגט „לכה דודי". זיין התלהבות איז געווען ממש אַ הימלישע.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר קיין אויג נישט צוגעמאַכט. מיר זענען געזעסן מיט די פּלעצאַקעס אויף די פּלייצעס גרייט צום אומגליק.

12 ביינאַכט געגוני האָבן דעם געטאָ אַרומגערינגלט עס-עס-מענטשן און פאַלקסדויטשן, און שבת 6 אינדערפרי, געגוני, ווען די גאַנצע וועלט איז געווען איינגעהילט אין אַ ווייסן לייכטן פראָסט, האָבן זיי אונדז אַרויסגעטריבן צום מאַרק-פּלאַץ. די באַשטימטע פאַר טשערווינסק האָט מען אַוועקגעשיקט מיט פערד און וועגן, זיי זענען געווען די ערשטע. די וואָס זענען באַשטימט געוואָרן קיין נאָווידוואָר האָט מען אַרויפגעלאָדן אויף לאַסט-מאַשינען, זיי געשלאָגן און געשניטן די פּלעצאַקעס פון די אַקסלען. אַזוי איז די מערהייט געבליבן אָן זייער „פאַרמעגן", אָן ברויט, אָן קליידער.

שבת 1 אַ זייגער זענען מיר אָנגעקומען קיין נאָווידוואָר. מ׳האָט אונדז קאָנצענטרירט אין דעם קליינעם געטאָ, אָפּגעזונדערט פון אַנדערע, צו פופצן ביז צוואַנציק מענטשן אין אַ צימערל. מיין טאַטע, זיינע זין און טאָכטער, איך, מיין פרוי און אונדזערע דריי קינדערלעך, מיין ברודער יצחק מיט דער פרוי, צוויי קוזינען יתומים פון גרודזשינסק און שמואל זאַמבקאָווסקי (היטלמאַכער), דער חסידים-שערער. צוזאַמען אַכצן נפשות אין איין צימער.

די נאַכט איז צוגעפאַלן. דער פראָסט האָט זיך געשטאַרקט. צעבראָכענע, מידע, דערשלאָגענע און צעבלוטיקטע האָבן מיר זיך אַוועקגעלייגט אויפן פאָל און איינגעשלאָפן. אייניקע, וואָס האָבן געהאַט האָבן עפּעס געגעסן, די איבעריקע האָבן זיך אַוועקגעלייגט הונגעריקע.

## דאָס געטאָ אין נאָווידוואָר

אין שפּיץ פון יודענראַט איז געשטאַנען יוסף גרשון, אַ סטודענט מיט הויכער בילדונג, ווען מ׳האָט אים נאָמינירט אַלס פּרעזעס. אַזוי האָבן נאָווידוואָרער דערציילט, איז ער געווען אַ טייערער מענטש, געטאָן פיל פאַר די יידן אין געטאָ, אויפגעשטעלט אַ קראַנקן-הויז און געזאָרגט פאַר יעדן. אָבער אַמאָל האָבן די דייטשן אַרויסגענומען אַלע מענער, אויך אים, און זיי אָפּגעהאַלטן עטלעכע טעג אויסערן געטאָ. און ווען ער איז צוריק געקומען האָט ער געטראָפן זיין מוטער און

זיין גאַנצע משפּחה צעשניטן אויף שטיקלעך, און די הענט און פיס אָפּגעהאַקט. פון דאַן איז ער אַראָפּ פון זינען און געקריגן אַ נייגונג צו ברוטאַליטעט. אין זיין וואַנזין האָט ער נישט אונטערשיידט צווישן מענטש און מענטש און יידן האָבן פאַר אים געציטערט, ווי פאַר דער געסטאַפּאָ.

סעקרעטאַר פון געטאָ איז געווען הערמאַן אַבראַמאָוויטש. ער האָט זיך נישט גערירט פון פּלאַץ אָן לאַפּווקע. אַלס פּראָווינץ־לייטער האָבן די דייטשן ספּעציעל נאָמינירט אַן אָפּיציעלן פאַרברעכער, ישראל טישלער. ס׳איז געווען אויך איינער אַ נחמן רייכמאַן, אַ פיינער, באַקוועמער מאַן, אָבער אָן איניציאַטיוו. ער האָט אויך קיין פונקציע נישט געהאַט. קאָמענדאַנט פון געטאָ איז געווען יאַנקל באַראַנעק, אַ יונג אַ ריז, ער האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף מענטשן. געהאָלפן האָבן אים חיים יאַצקי און שלמה מאָרדע.

אויף צומאָרגנס, זונטיק, זענען מיר אַריין אין יודענראַט, אַ דעלעגאַציע פון יאָסל אַש, שמעון ראָטבאַרט, יצחק לייב טויב און איך. מיר האָבן געפאָדערט מ׳זאָל צוקאָפּטירן ווישאָגראָדער פאָרשטייער צום יודענראַט. זיי האָבן מסכים געווען. מיר האָבן באַלד גערופן אַ פאַרזאַמלונג און אויסגעווײלט דערצו יואל ליפּע קרוי, לייזער ראָטבאַרט און יואל בוים. די דריי האָבן באַלד רעגיסטרירט אונדזערע יידן, אַרויסגעגעבן זיי שפּייז־קאַרטן און עסן צום דערקוויקן די נשמה. אויך אין דער פּאָליציי זענען אַריין אונדזערע מענטשן: יעקב וואָלף גורפינקל, אלחנן קאָנאסטער און אָשר ליכטנשטיין.

די פּאָליציי האָט באַדאַרפט היטן די טויערן פון געטאָ, מ׳זאָל נישט אַרויס אין גאָס אַריין, מ׳זאָל נישט אַריבער פון קליינעם געטאָ אין גרויסן און נישט שפּאַצירן אין די פאַרבאָטענע שעהן. ס׳זענען געווען באַגרענעצטע שטונדן, ווען מ׳האָט געמעגט אַרויסגיין אין גרויסן געטאָ איינקויפן פּראָדוקטן. דאָס קליינע געטאָ איז געווען ווי אַ טורמע, ווער ס׳איז אַרויס פון אים האָט זיי די פּאָליציי באַזוכט, צי זיי שמוגלען נישט דורך זאַכן צום פאַרקויפן אין גרויסן געטאָ. די פּאָליציי האָט אויך אַרויסגעשיקט מענטשן צו אַרבעט.

יעדן טאָג זענען פון אונדז אַרויס דריי הונדערט יידן קיין סטוטשנע און פּעסטונג. די אַרבעט אין סטוטשנע קאָן מען פאַרגלייכן צו סיביר און אפשר נאָך שווערער.

די ראָלן שטעכלדראָט, וואָס מ׳האָט געוואָרפן ווי באַלן, האָבן אונדז פאַרוווּנדעט און צעבלוטיקט. די אויפזעער ביי דער אַרבעט זענען געווען פראָנט־אינוואַלידן, וואָס האָבן די גאַנצע צייט געשריגן:

— די יידן זענען שולדיק אין די מלחמות און אין אונדזערע ווונדן און מיר דאַרפן זיך נוקם זיין אין זיי אַכזריותדיק.

פון דער אַרבעט פלעגן מיר אַהיימקומען פאַרוווּנדעטע און צעבלוטיקטע. צו אונדזער גליק זענען די צוויי יידישע אויפזעער געווען צוויי גוטע יונגען, סעגאַל פון נאָווידוואָר און לייזעראָוויטש פון זאַקראָטשים. זיי האָבן אונדז צוגעהאָלפן ווי ברידער, אַמאָל אויך איינגעשטעלט זייער לעבן פאַר אונדז און געקריגן געשלאָגן דערפאַר.

אַלע פאַרזאָרגונגס־פּאָסטנס האָבן דערהאַלטן די יידן פון נאָווידוואָר. ס׳איז געווען אַ גרויסער ניי־אַנשטאַלט אין דריי הייזער, און די נאַציס מיט די פאָלקסדויטשן, ווען זיי האָבן עפּעס באַשטעלט צום נייען, האָבן זיי געבראַכט מיט זיך פאַרשידענע פּראָדוקטן. דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר די וואַרשטאַטן איז געווען איינער אַ נאָווידוואָרער. אַ קליין געליידעלע (פאַרגעסן זיין נאָמען). די געסטאַפּאָ האָט זייער געהאַלטן פון אים, ער איז געווען אַ האַרציקער ייד און זייער געזאָרגט פאַר אונדז. ער האָט אונדז פאַרשפּאָרט אַ סך אומאָנגענעמלעכקייטן און ליידן. ווישאָגראָדער האָבן נאָר געאַרבעט דאָרטן צוויי, צוליב זייער שייכות צו נאָווידוואָר. מיין טאַטע, ווייל ער האָט געהאַט אין נאָווידוואָר אַ שוועסטער־קינד, ברײנע דעם פּאַניכאָווער שוחטס אַ טאָכטער, און מאיר קירשנבוים, ווייל זיין ווייב איז געווען פון נאָווידוואָר.

מען האָט אָרגאַניזירט אַ קיך, הירשל פוקס, חנה איטעס איידעם, איז געווען קוכער. מ׳האָט געקאָכט אַ ביסל נישט געשיילטע קאַרטאָפל מיט גריפּן און פאַרטיילט דאָס לויט שפּייז־פּראָדוקטן.

מיר האָבן געקריגן יעדע וואָך אַ ברויט אויף אַ מענטשן און 120 גראַם פערד־פלייש, צו דעם פלעגט מען צוגעבן איין קילאָ שוואַרצע מעל יעדן מאָנאַט.

פאַר דער אַרבעט האָט מען אונדז נישט געצאָלט קיין געלט, מ׳האָט נאָר געגעבן 250 גראַם ברויט ביים אַרויסגיין אַרבעטן. מענטשן האָבן אָנגעהויבן שמוגלען פון פּלאָנסק און טשערווינסק צו אונדז אין געטאָ אַריין. דאָרט זענען פּראָדוקטן געווען ביליקער ווי ביי אונדז. אייניקע האָבן אויך געשמוגלט פון אונדזער געטאָ אין לעגיאָנאָווע. דאָס שמוגלען איז געווען לעבנס־געפערלעך ממש. נישט איינמאָל האָט מען געפּאַקט יידן שמוגלען און מ׳האָט זיי דערשאָסן צום טויט. איינמאָל האָט מען געפּאַקט זיבן אַזעלכע יידן, צווישן זיי אַ ווישאָגראָדער בחור פון 16 יאָר, וואָלף לעווינס זון. האָט מען זיי אַלע אויפגעהאָנגען, כדי אָפּצושרעקן אַנדערע.

## טיפוס און חברה קדישא

די מערהייט אין געטאָ האָט געהונגערט. פון הונגער און ענגשאַפט איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע און מענטשן זענען געשטאָרבן אין די צענדליקער. קעגנאיבער אונדז האָט געוווינט אבא גרינוואַלד פון ווישאָגראָד. ער איז געלעגן 2 טעג און אַוועקגעשטאָרבן, און אַזוי אויך ר׳ איטשע מאיר מלמד. ווען מיר האָבן געזען, אַז ס׳מערן זיך די טויטע, האָבן מיר געגרינדעט אַ חברה קדישא פון דריי ווישאָגראָדער יידן: יצחק לייב טויב, שמשון זילבערבוים און אברהם גזשיוואַטש.

יעדן טאָג איז געווען אַ צוויי־דריי יידן צום באַגראָבן. ס׳איז ביי אונדז געווען אַ שפּיטאָל מ׳שטיינסגעזאָגט און אַ פעלטשער, אַ לעגיאָנאָווער ייד, ציטרין, אָבער וואָס האָט ער געקאָנט טאָן, אַז די גאַנצע היילונג איז באַשטאַנען פון איינשפּריצונגען. 90 פּראָצענט פון די האָספּיטאַליזירטע דאָרט זענען געשטאָרבן פון דער עפּידעמיע. אין איין וואָך איז געשטאָרבן שמוליק האָכבוים, ברוך־דוד וויזנבערג מיט זיין פרוי, יצחק דימאַנט און חיה ראָזנפעלד. ס׳געפאַלן אַ פּחד. יידן זענען בעסער געבליבן ליגן אין די הייזער, אָבער דער

פעלטשער פלעגט קומען אויך צו זיי און יעדן געהאָלפן מיט אויסערגעוויינלעכער איבערגעגעבנקייט.

ווינטער, אין די גרויסע פרעסט און זאַווערוכעס, פלעגט מען כאַפּן יידן צום רייניקן די שנייען, און דאָס אויסער די, וואָס האָבן געאַרבעט אין סטוטשנע. די געסטאַפּאָ פלעגט זיך אַריינרייסן אין געטאָ און געשלאָגן וועמען זיי האָבן נאָר געטראָפן. איינמאָל האָט מען גענומען צען יידן צו אַן אַרבעט אין הויף פון געסטאַפּאָ, האָבן זיי צוגעזען, ווי מ'האָט אויפגעהאָנגען 5 גלחים, צווישן זיי איינער פון ווישאַגראַד. פריער האָט מען זיי געבונדן די הענט אויף הינטן מיט שטעכלדראָט, און ווען מ'האָט זיי אַראָפּגענומען טויטע פון די תליות, האָט מען געהייסן די יידן זאָלן זיי באַגראָבן. מיין ברודער איז געווען צווישן די באַגרעבער.

אין 5 וואָכן אַרום האָט מען געבראַכט פינף יידן פון טשעכאַנאָוו אין געטאָ אַריין. מ'האָט זיי אויפגעהאָנגען און איבערגעלאָזט אויף די תליות 24 שעה, און אַלע יידן האָבן געמוזט שטיין און צוקוקן.

ווען מ'האָט אויפגעהאָנגען די זיבן יידן מיט וואָלף לעווינס יינגל, האָט מען אַרויסגענומען אַלע געטאָ־איינוווינער אויף כוח און געבראַכט זיי צום אָרט ווו מ'האָט זיי געהאָנגען. דאָס מאָל האָב איך אויך צוגעזען די דייטשישע באַרבאַרישקייט. מ'האָט אונדז אויסגעזעצט שורותוויז, די ערשטע שורה ליגנדיק, די צווייטע זיצנדיק, די דריטע קניענדיק, שטייענדיק, אַזוי איינס איבערן אַנדערן, כדי מ'זאָל חלילה נישט פאַרשטעלן איינער דעם אַנדערן דאָס בילד. די וואַנדאַלן האָבן פאַרבערייט די פאַרשטעלונג מיט זייער פּינקטלעכקייט און טיראַנישער רואיקייט. מערדער.

ס'זענען געווען פאַלן ווען די געהאָנגענע האָבן אויסגעטאָן די שיך און זיי געוואָרפן צו זייערע קרובים, כדי זיי זאָלן קאָנען פאַרקויפן און קויפן עפּעס צום עסן פאַר זיי.

## מניינים צום דאַווענען און סדר פסח

אין געטאָ נאָווידוואָר איז געווען דער רב פון ליאָונטשין זצ"ל, האָט ער אויסגעהאַלטן אַ מנין ביי זיך אין שטוב. מערסטנטייל דאַווענער זענען געווען ווישאַגראַדער. עס איז אויך געווען מנינים ביי ר' ישראל שיע שוחט פון זאַקראָטשים, און אין הויז פון ר' שמשון זילבערבוים.

פאַר פסח האָבן מיר זיך באַראַטן, ווי מקיים צו זיין די מצווה פון אכילת מצות. דער רב האָט געפסקנט, אַז אין דעם פאַל מעג מען באַקן מצות פון פאַרשידענע מעל. איך און אברהם גזשיוואַטש האָבן אָנגעוויזן ווי אַזוי צו באַקן מצות. מיר האָבן געמאַכט אַ פייער אין די קיכן און אַזוי קאָמבינירט, אַז אין יעדן אויוון איז געווען פלאַץ פאַר אַ מצה זי זאָל קריגן אויבער־פייער און אונטער־פייער, אַלץ כדי צו האָבן אַ כזית מצה אויף פסח, צום סדר.

אַרבע כוסות האָט מיר געמיינט יוצא צו זיין מיט זיסער טיי, אָבער ר' מאיר שוחט האָט געפסקנט:

אַזוי ווי די וועלט זאָגט אויף גוטן באַרשטש: „ער איז, ווי אַ גוטער וויין", קאָן מען אָננעמען, אַז אויך פאַר ארבע כוסות איז באַרשטש אַזוי ווי וויין.

האָבן מיר באַשלאָסן שטעלן רויטן באַרשטש, מיט לעבנס־געפאַר האָבן מיר דאָס געמאַכט, כדי דער סדר פסח זאָל געפּראַוועט ווערן כהלכתו.

איצט, נאָך 28 יאָר, פרעג איך זיך, פון וואַנען האָבן מיר געהאַט מוט און כוח, איינצושטעלן זיך דאָס לעבן, כדי מקיים צו זיין מצוות.

## זומער 1942

שרעקלעכע ידיעות זענען אָנגעקומען וועגן וואַרשעווער געטאָ. מ'זאָגט, אַז מ'האָט אַרויסגעפירט פון דאָרט אַלע יידן קיין טרעבלינקע. מ'האָט זיי אָפּגענאַרט, אַז זיי פאָרן אויף אַרבעט, און מ'האָט זיי פאַרניכטעט.

## ימים־נוראים 1942

מיר האָבן אָפּגעהאַלטן תפילות במנין אין אונדזערע אויבנדערמאָנטע פלעצער. ביים רב האָט געדאַוונט מוסף ר' מאיר שוחט און ר' אברהם גזשיוואַטש האָבן געבלאָזן שופר. ביים שוחט האָט אַ ייד פון נאַשעלסק געדאַוונט מוסף און איך שחרית. מיר האָבן געהאַט איין שופר, וואָס אברהם האָט געבראַכט מיט זיך פון ווישאַגראַד איז מען געגאַנגען מיט אים פון מנין צו מנין.

שמיני עצרת האָט מען אַרויסגענומען אַלע יאַבלאָנאָווער יידן און זיי אַריבערגעפירט קיין טרעבלינקע. הונדערט פון זיי זענען אַריבער בגניבה קיין נאָווידוואָר, אָבער ס'האָט זיי נישט געהאָלפן, די יידישע פּאָליציי אַליין האָט געמוזט זיי אויסגעפונען און זיי איבערגעבן אין די הענט פון געסטאַפּאָ. אַכט און דרייסיק יידן האָט מען אַזוי געכאַפּט. די געסטאַפּאָ האָט געבראַכט פערד און וועגן, זיי אַרויסגעפירט אין אַ וואַלד ביי דער גרענעץ און זיי אויסגעשאָסן ביז צו איינעם.

אין אַ פאָר שעה אַרום האָט מען געבראַכט זייערע בלוט פאַרפלעקטע קליידער אין געטאָ אַריין און שפּעטער האָבן מיוחסים זיי געטראָגן אויסגעוואַשענע און געפּרעסטע. דאָס איז געווען שרעקלעך צוצוזען.

## 26סטער אָקטאָבער 1942, דינסטיק

דער געטאָ איז אַרומגערינגלט געוואָרן מיט באַוואָפנטע עס־עס־מענער. דעם וואַרשטאַט האָט מען ליקווידירט, די טויערן זענען געשלאָסן. ס'ווערט קלאָר, אַז מ'ליקווידירט דעם געטאָ. מ'הייבט אָן אַרויסטרייבן יידן. די פּאַניק וואַקסט פון מינוט צו מינוט. מענטשן לויפן זיך געזעגענען איינער פון צווייטן, פון קרובים, משפחות און פריינד. קינדער וויינען, ווייבער קלאָגן און חלשן. שעהן לויפן, און די פּאַניק האַלט אָן. דאַן קומט די דייטשישע פּאָליציי און באַרואיקט, אַז דערוויילע טרייבט מען נאָך נישט, אָבער לויט דער נייער פאַראָרדענונג מוזן די טויערן פון אַלע געטאָס אין דריטן רייך זיין געשלאָסן, און ס'איז פאַרבאָטן פאַר יידן אַרויסצוגיין פון געטאָ.

מ'האָט געבראַכט אין געטאָ אַלע יידן, אַפילו די וואָס האָבן געאַרבעט ביי גויים אויסער דעם געטאָ. מ'האָט אַהער אויך געבראַכט די יידן פון טשערווינסקער געטאָ, צווישן זיי

ווישאַגראַדער יידן. דאָס ענגשאַפט האָט זיך פאַרטאָפּלט. אין יעדן צימער זענען אַריינגעשטופּט פינף־זעקס משפחות.

צוויי מאָל אין וואָך פאָרן דאָ דורך באַנצוגן, זייערע וואַגאָנען זענען פול מיט יידן. מיר ווייסן, אַז דאָס זענען מלאָוווער יידן.

### 20סטער נאָוועמבער 1942

היינט איז אַרויס דער ערשטער טראַנספּאָרט. מ'האָט אַרויסגענומען פון געטאָ אַלע אַלטע יידן און אַלע קראַנקע. ס'האָט געהייסן, אַז מ'באַזייטיקט אַלע אומפּראָדוקטיווע עלעמענטן.

מיט אַ ביסל כאַבאַר האָט מען געקאָנט אַנגערופן ווערן פּראָדוקטיווער און נוצלעכער, און יאָ בלייבן.

דאָס געטאָ איז פאַרשלאָסן און באַוואַכט. געסטאַפּאָווצעס האַלט די וואַך מיט דער הילף פון די יידישע געטאָ־הערשער.

איין טאָג זענען מיר אויפגעפּאַדערט געוואָרן דורך דעם יודענראַט, אַרויסצוגיין און זיך צוזאַמענצונעמען אויפן פּלאַץ און מיטברענגען און אָפּגעבן דעם יודענראַט אַלע צירונגען, גאָלד און זילבער וואָס מיר באַזיצן נאָך. און אויב מ'וועט נאָך אַ רעוויזיע געפינען ביי עמיצן איינע פון די אויבנדערמאָנטע זאַכן, וועט ער געטויט ווערן אויפן פּלאַץ.

יידן האָבן אָנגעהויבן ברענגען די טייערסטע זאַכן. כ'האָב אַליין געזען ווי ר' מאיר שוחט האָט געבראַכט אַ גרויסע גאָלדענע קייט, אַוודאי אַ טייערע ירושה־זאַך און זי אַוועקגעגעבן. ווער ס'האָט נישט מורא געהאַט האָט גאָרנישט געבראַכט, אָבער ווער ס'האָט געהאַט אַנגסט האָט אַוועקגעגעבן דאָס לעצטע, וואָס ער האָט געהאַט, זאַכן פאַר וועלכע ער וואָלט געקאָנט נאָך פאַרלענגערן זיין לעבן און אויף צומאָרגנס האָט ער נישט געהאַט פאַר עפּעס צו קויפן אַ שטיקל ברויט צום דערהאַלטן זיין נשמה.

פון דער ערשטער אַרויסשיקונג אַן האָבן מענטשן נישט געוואָלט אַרויסגיין צו דער אַרבעט צוליב צוויי סיבות: ערשטנס, ווייל מ'האָט שרעקלעך געשלאָגן ביי דער אַרבעט, צווייטנס, ווייל אויב אַ מענטש איז אַרויס צו דער אַרבעט, איז קומענדיק צוריק פלעגט ער נישט טרעפן זיין ווייב און קינדער; עס האָט פּאַסירט, אַז שלמה דרעקסלער איז געקומען פון דער אַרבעט און געטראָפן, אַז מען האָט אַרויסגעפירט זיין טאַטן מיט די שוועסטער אויפן פּלאַץ, האָט ער זיך אַנגעשלאָסן צו זיי פריוויליק, כדי צו שטאַרבן צוזאַמען מיט זיי. דאָס זעלבע האָט געטאָן מיין פעטער זכריה נאַטאַן און לייבל קאַפּנהאַגן. פלעגן זיך מענטשן אויסבאַהאַלטן און נישט אַרויסגיין צו דער אַרבעט. האָבן געפּעלט 40 מענטשן. זענען אַריין זעלנער און געכאַפּט יידן. און יאָסל גרשון, יודענראַט־פּרעזעס, און דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי האָבן צוגעהאָלפן דערצו. די דייטשן האָבן דאַן אַרויסגעפירט די יידן צו דער סטאַטשיע, אָנגעגעבן זיי שווערע אַרבעטן און זיי געמאַטערט צום טויט. אַ טייל איז אַנטלאָפן און אַוועק. אָבער די געבליבענע ניין און צוואַנציק האָט מען געצווונגען אַליין זיך אויסגראָבן אַ גרויסן גרוב. ווען זיי האָבן געענדיקט האָט מען זיי צעריסן שטיקערווייז לעבעדיקערהייט און דערנאָך דערשאָסן און אַריינגעוואָרפן אין ברודער־קבר.

צווישן די קרבנות איז געווען משה פוטערמאַן און שלמה בוכנער, נאַכעלע די הייוונס אײדעם.

לייבל וויזענבערג איז על־פּי נס ניצול געוואָרן און איז געקומען האַלב־נאַקעט ביינאַכט אין געטאָ אַריין.

ס'איז לייכט זיך פאַרצושטעלן וואָס מיר האָבן געפילט יענע נאַכט. די קלאָגעריי מיט די וויי־געשרייען זענען געגאַנגען ביזן זיבעטן הימל. פרויען, קינדער, עלטערן און ברידער זענען געלאָפן אין יודענראַט און געפּאָדערט מ'זאָל זיי אומקערן זייערע מענער און קינדער. אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט. די אַלע זענען שוין געווען טויטע, וואָס קענען נישט אויפלעבן, און צו קבר ישראל נישט געקומען. הי"ד.

### 9טער דעצעמבער 1942, דאָנערשטיק

מ'האָט ווידער געשיקט אַ טראַנספּאָרט יידן. מיר האָבן שוין געוווסט ווהין זיי גייען. אַברהם גזשיוואַטש, וועלכער איז געווען צווישן זיי, איז דורכגעגאַנגען דורך מיר און געזאָגט:

— להתראות אין ארץ־ישראל, כ'נעם מיט זיך דעם שופר.

צום באַדויערן איז פון זיי נישט געבליבן אַ זכר. קיין איינער פון די ווישאַגראַדער האָט זיך נישט אומגעקערט. איין פרוי, גאָלדע זאַלצבערג, איז געבליבן לעבן און זי האָט וואָס צו דערציילן. זי האָט געאַרבעט אַלס קראַנקנשוועסטער ביי ד"ר מענגעלע.

### 11טער דעצעמבער 1942, שבת

די מערדער זענען געקומען אין געטאָ. שמחה, מאיר קצבס זון, פון ווישאַגראַד, איז אַנטלאָפן צו שטאַלצמאַנען אויפן בוידעם. זיי האָבן אים דערהרגעט אויפן בוידעם און אים איבערגעלאָזט. ער איז דאָרט פאַרבליבן אויף אייביק.

### 12טער דעצעמבער 1942, זונטיק

ס'איז אָנגעקומען די גזירה מ'זאָל אַרויסנעמען אַלע יידן פון געטאָ. מען האָט זיי אַרויסגעטריבן אויפן פּלאַץ. די דייטשן זענען געגאַנגען מיט קוישן אין די הענט און צוזאַמענגענומען אַלע ווערטפולע זאַכן און גאָלד מיט זילבער. זיי האָבן באַזוכט יעדן איינעם און יעדעס אָרט, אויב ווער האָט זיך זיי אויסגעזען פאַרדעכטיקט האָבן זיי אים אַרויסגענומען און אויסגעטאָן נאַקעט, כדי צו זען צי באַהאַלט ער נישט עפּעס וואָס. זיי האָבן אויסגעטאָן אויך פרויען, אָן שום בושה.

ביז דער באַן־סטאַציע האָבן זיי אונדז געיאָגט צופוס. דער טאָג האָט געשיינט, די זון האָט געלויכטן מיט פרייד אָבער פאַרן יידישן פאָלק איז די וועלט געווען פינצטער. אונדזערע קינדערלעך זענען געגאַנגען אַראָפּגעבויגן די קעפּעלעך, טריב און זאָרגפול. זיי האָבן געזען פּוילישע קינדער שטייען און שפּילן זיך.

אויף דער סטאַציע זענען שוין געשטאַנען וואַגאָנען און 3 לאַסט־וואַגאָנען, פינצטערע, געשלאָסענע. מיך מיט מיין משפּחה האָבן זיי אַריינגעשטופּט צוזאַמען מיט אַכציק יידן אין איינעם פון די לאַסט־וואַגאָנען.

צו אונדזער וואַגאָן האָט מען צוגעגעבן צוויי און פערציק אַרעסטאַנטן פון פלאָצקער טורמע. מ׳האָט שוין נישט געהאַט קיין פלאַץ אַפילו צום שטיין. מ׳האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו אָטעמען. אַלע האָבן געהאַלטן ביים חלשן. אַ נס איז געשען, אַז דער פעלטשער ציטרין איז געווען אין אונדזער וואַגאָן און ער האָט געהאַט מיט זיך וואַלעריאַן־טראָפּן, האָט ער אונדז דערמינטערט יעדע מינוט. ווען נישט ער וואָלטן אַ סך אויסגעשטאָרבן פון דושנעקייט און דערשטיקט געוואָרן אין די וואַגאָנען.

### 13טער דעצעמבער 1942, מאָנטיק

נאָכמיטאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין בירקענאַו. אונדזער וואַגאָן איז געווען שטרענג באַוואַכט, ווייל ס׳זענען דאָ געווען יידישע אַרעסטירטע. צווישן זיי זענען געווען משה ליפּסקי, שמעון זאַיאָנץ, זיין זון אשר זאַיאָנץ, אַ יונגער בחור און יעקב שטערן. אַלע פיר ווישאָגראָדער. מ׳האָט זיי אַרעסטירט נאָך אין 1940. קיינער האָט נישט געוווּסט זייער גורל. לאָזט זיך אויס, אַז די גאַנצע צייט האָט מען זיי געהאַלטן אין פלאָצקער טורמע, וווּ זיי האָבן געאַרבעט אַלס שוסטערס.

אונדזער וואַגאָן האָט מען אויפגעעפנט ערשט נאָך דעם, וואָס מ׳האָט אַרויסגענומען די „אַרעסטאַנטן״. מיר זענען די לעצטע אַרויס פון דערשטיקעניש.

איך האָב געהאַלטן ביים הענטעלע מיין זעקס־יאָריק טעכטערל ברײנע מאַכלע. דאָס עלטערע ניין־יאָריקע ייִנגעלע יצחק און דאָס קלענסטע, דעם צוויי־יאָריקן גרשון האָט געהאַלטן מיין פרוי שרה בת שמואל גראָסמאַן און מיין שוועסטער צירל־חנה.

אויפן פלאַץ קומענדיק, האָט מען געפירט די מענער באַזונדער און די פרויען מיט די קינדער באַזונדער. האָט איין מערדער געוואָלט אַרויסרייסן ביי מיר דאָס טעכטערל. ער האָט מיך געשלאָגן. כ׳האָב זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון מיין מיידעלע, ס׳האָט אים נישט געהאָלפן. ביז ס׳איז צוגעקומען נאָך איינער און האָט מיר דערלאַנגט מיט זיין קאָלבע פון דער ביקס איבערן קאָפּ און כ׳בין אָוועקגעפאַלן אין חלשות.

ווען מ׳האָט מיך דערמינטערט איז שוין מיין פרוי מיט מיינע קינדערלעך נישט געווען, אויך נישט מיין שוועסטער, מיך שוועגערין שיינע פייגע בת יעקב קאָפּנהאַגן. מער האָב איך זיי שוין נישט געזען אין מיין לעבן.

מיינע צוויי ברידער האָבן מיך געפירט אונטער די אָרעמס און צוגעפירט צו די מענער.

אַלע מענער האָבן זיך אויסגעשטעלט אין פינפטלעך. איז מיין טאַטע מיט זיינע פיר זין געשטאַנען אין איין פינפטל. דעם ייִנגסטן ברודער, מאַכל, האָבן זיי באַלד אָוועקגענומען צו די יונגע. נאָך אים זענען אַריבערגעלאָפן נאָך צוויי מיינע ייִנגערע ברידער. איך אַליין בין געבליבן נעבן טאַטן צווישן די אַלטע. כ׳בין געווען שטאַרק צעבראָכן פון די קלעפּ, כמעט משוגע. מיין טאַטע האָט זיך דאָ בעסער אָריענטירט און פאַרשטאַנען, וואָס ס׳קומט פאָר, האָט ער מיך געבעטן כ׳זאָל אים איבערלאָזן און אויך אַריבער צו די יונגע. כ׳האָב אָבער נישט געוואָלט זיך צעשיידן פון אים, כ׳האָב געזאָגט:

— טאַטע, וואָס ס׳וועט געשען מיט דיר זאָל געשען מיט מיר.

ווען ער האָט באַמערקט, אַז כ׳וועל אים נישט פאָלגן האָט ער זיך געווענדעט צו מיר און געזאָגט:

— כ׳בין גוזר אויף דיר מיטן כוח פון כיבוד אב, זאָלסט מיך באַלד פאַרלאָזן און אַריבער צו די יונגע.

כ׳האָב אים געמוזט פאָלגן. כ׳האָב זיך געזעגנט מיט אים. דאָס לעצטע מאָל האָב איך אַ קוק געטאָן אויף מיין טייערן פאָטער און אַריבער צו די ברידער.

אויפן וועג האָט מיך געכאַפּט אַן עס־עס־מאַן און מיך געפרעגט וואָס עפּעס גיי איך אַריבער אויף דער צווייטער זייט. האָב איך אים געענטפערט, אַז כ׳בין געגאַנגען זיך אָפּגעזעגענען פון מיין טאַטן, אָבער כ׳געהער צו דער צווייטער זייט. ער האָט מיר געגעבן אַ פּאָר פליאַסק אין די באַקן און אַ וואָרף געטאָן:

— דו ביסט אַ דומער קערל.

ער האָט באַשטימט געוווּסט צוליב וואָס מ׳האָט די פּאָרטיילונג געמאַכט און וואָס ס׳וואָלט מיר פּאַסירט ווען כ׳בלייב מיט די אַלטע.

צו מאָרגנס האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די אַלטע לייט, צוזאַמען מיט פרויען און קינדער האָט מען אויסגעמאָרדעט עטלעכע שעה נאָך אונדזער געזעגענען זיך. קיין איין מענטש פון די עלטערע, פרויען און קינדער איז נישט לעבן געבליבן פון דעם טראַנספּאָרט.

פון די יונגע האָט מען אויסגעוויילט זעקס הונדערט געזונטע, אַרבעטספּעאיקע, אין לאַגער אַריין, און כ׳געדענק נישט צי מיר זענען געגאַנגען צופוס פון דער סטאַציע אין לאַגער אַריין, אָדער געפאָרן.

די פרויען מיט די קינדער און אַלטע האָט מען אָוועקגעפירט אין לאַסט־מאַשינען אין באָד אַריין כלומרשט, און דאָרט האָט מען זיי פאַרגאַזט און פאַרברענט. הי״ד.

די פלאַמען פון די ברען־אויוונס האָבן זיך געצויגן אַרויף צום הימל, די פונקען זענען זיך צעפלויגן אין פינצטערניש פון נאַכט און אַרויף צום כסא הכבוד, און דאָס אַש פון אונדזערע טייערסטע האָט באַמיסטיקט די פעלדער.

אַש פון פרויען און קינדער, יונגע און אַלטע פון ווישאָגראָד און נאָווידוואָר, זאַקראָטשים און נאַשעלסק, טשערווינסק און לאָוועניטשין. יהי זכרם לנצח.

די אַנדערע וואָס זענען לעבן געבליבן האָט נישט דערוואָרט קיין בעסערער גורל. אַלע כמעט זענען זיי פאַרשווינדן געוואָרן ביי דער שווערער אַרבעט און פון הונגער און קלעפּ. אין די גאַז־קאַמערן אָדער אויסגעגאַנגען און דערמאָרדעט געוואָרן.

# אויפן וועג צו די טויט־קאמערן

**13טער דעצעמבער 1942, מאַנטיק**

ווען מ׳האָט אונדז, 600 בחורים, פאַרשפאַרט אין ביר־קענאַו, אין אַ פאַרצוימטן פּלאַץ, איז אונדזער ערשטע רעאַק־ציע געווען אויסטערליש:

מיר האָבן אַלע ביז איינעם אָראָפּגעריסן די דאַשקעס פון אונדזערע היטלען.

ביז היינט ווייס איך נישט פאַרוואָס מיר האָבן דאָס גע־מאַכט. און ווי אַזוי אַלע ווי איינער האָבן דאָס געמאַכט.

שפּעטער האָט מען אונדז אַריינגעשטופּט אין אַ לאַנגן באַראַק, מיט געפּילדער און געשריי ווי אַ סטאַדע בהמות. מיר האָבן געמוזט אויסטאָן זיך אינגאַנצן און זיך אויסשטעלן אויפן פאַרצוימטן פּלאַץ, ווייטער פון די קליידער. מיר זענען גע־בליבן נאָר אין די שטיוול. כ׳האָב געוואָלט נעמען מיט זיך די תפילין, האָט מען מיך נישט געלאָזט. מ׳האָט אונדז באַ־פוילן אויפעפענען ברייט די מיילער און זיי האָבן געמאַכט אַ רעוויזיע אין מויל, טאָמער האָבן מיר חלילה עפּעס פאַר־באַהאַלטן. זיי האָבן געזוכט אין אַלע פאַרבאָרגענע פלעצער אין קערפּער, כדי צו געפינען פאַרשמוגלטע ווערטפולע זאַכן.

פון דאָרט האָט מען אונדז אַריינגענומען אין אַ ספּעציעל צימער צו 10 מענטשן אויף אַ מאָל. מ׳האָט אונדז אָפּגע־שוירן אַלע באַהאָריקטע פלעצער מיט טעמפּע כלים, וואָס האָבן געציפּט די האָר מיטן פלייש צוזאַמען און פאַרשאַפן שרעקלעכע ווייטיקן און וווּנדן.

דאַן האָט מען אונדז געגעבן יעדן אַ פּאָר הויזן מיט אַ רעקל (אונטערוועש נישט). די קליידונג איז געווען נישט לויט דער מאָס, מיט אַ פאַרדרייטער מאָס, קליינע האָבן גע־קריגן לאַנגע, גרויסע בגדים און פאַרקערט. אויב מ׳האָט געוואָלט צווישן זיך פאַרבייטן, האָט מען געקריגן קלעפּ. קוקנדיק איינס אויפן אַנדערן האָבן מיר געזען ווי חוזקדיק מ׳האָלט אונדז. דאָס האָט אונדז דערשלאָגן נאָך מער און דערדריקט. מיר האָבן מקנא געווען די טויטע.

מיט דעם אויסזען איז די סטאַדע מענטשן יידן אַריינגע־פירט געוואָרן אין אַ צווייטן באַראַק, וואָס איז געווען פאַר־טיילט אויף קעמערלעך ווי שטייגן, פאַרשמוציקטע, פאַר־פּאָשטע, איינער איבערן אַנדערן. מיר זענען געווען הונגעריק, מיד און דערנידעריקט.

5 אַ זייגער אינדערפרי האָט מען אונדז געפירט מאַכן באַדערפעענישן. מיר זענען געווען דורשטיק ביז צום טויט. פון יענער זייט קלאָזעטן זענען געווען גריבער, ווו מ׳האָט פאַרברענט די פאַרגאַזטע קערפּער פון די גאַז־קאַמערן אין בזשעזשינקי. דער געשטאַנק פון די פאַרברענטע קערפּערס האָט געשוועבט אין דער לופט ביז צום ברעכן. דער רויך פון זייער סמאַליען זיך, די פונקען פון זייערע ברענענדיקע הייליקע נשמות זענען אַרומגעפלויגן אין דער לופט.

אין די באַראַקן האָבן מיר געטראָפן יידן פון אַנדערע נאַוואָדוואָרער טראַנספּאָרטן. זיי האָבן אונדז דערציילט וועגן אונדזערע טייערסטע, וואָס זענען שוין נישטאָ. זיי האָבן צוגעגעבן:

— וויינט נישט אויף זיי, זיי איז שוין בעסער ווי אונדז.

צום טרינקען קאַפע האָבן מיר זיך ויסגעשטעלט פינפ־טלעכווייז. יעדער פינפטל האָט געזופּט פון דער שיסל לויט דער ריי. יעדער האָט זיך באַמיט נישט זופּן צופיל, ס׳זאָל בלייבן אויף פאַר אַנדערע.

נאָכן פרישטיק האָט מען אונדז געפירט טאַטואירן נומערן. זיי האָבן דאָס געמאַכט אויך אַכזריותדיק, מיט אַ געוויינלעכער פעדער האָבן זיי שטעכעדיק שפּאַצירט אויפן אָרעם. אין דרויסן איז געווען אַ פראָסט. מיר זענען געשטאַנען נאַקעט אין דער ריי. מיר האָבן געוואַרט פרירנדיק און די ציין האָבן געקנאַקט פאַר קעלט. יעדער שטאָך פון דער טעמפּער פעדער האָט אויפגעשפּרונגען דעם מענטש.

איך און מיינע דריי ברידער האָבן מיר געקריגן די נומערן: 83059 — איך, 83060 — יצחק יעקב, 83057 — שמואל און 83058 — מיכל.

דער מלאַווער טראַנספּאָרט האָט געקריגן די נומער 76000 און ווייטער און די גראַדנער — 79000 און ווייטער.

אויף מיטאָג האָבן מיר געקריגן 2 נישט־געשיילטע קאַר־טאָפל.

**15טער דעצעמבער 1942, מיטוואָך**

מ׳האָט אַרויסגענומען 300 מענטשן. מ׳האָט אונדז פאַר־שריבן, מ׳האָט אונדז באַקליידט מיט נייע געשטרייפטע רעק־לעך און די זעלבע יאַרמולקעס אויף די קעפּ. מיר זענען גע־שיקט געוואָרן קיין בונאַ (מאָנאָוויטש). די פריערדיקע אסירים האָבן אונדז מקנא געווען, וואָס מיר האָבן געקריגן אַזאַ „גוטן" לאַגער.

מ׳האָט אונדז פאַרטיילט אין גרופּן צו הונדערט מענטשן אין אַ גרופּע. מיר האָבן געמוזט איינפלעכטן האַנט צו האַנט צו פינף מענטשן געפלאָכטן צוזאַמען, און מ׳האָט געזאָגט, אַז אויב איינער וועט פעלן וועלן אַלע פיר איבעריקע דערשאָסן ווערן. אַזוי האָט מען אונדז געפירט און אונטער אַ שווערער וואַך פון עס־עס־באַנדיטן.

אין אוישוויץ האָט מען אונדז אַנטלויזט. 11 אַזייגער באַנאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין בונאַ צופוס. דאָ האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין וואַש־שטוב און אונדז דער־לויבט טרינקען וואַסער וויפל מיר ווילן.

נאָך פיר טעג דאָרשט איז דאָס געווען ממש אַ גליק, וואָס נישט יעדער קאָן דאָס פאַרשטיין.

מיר זענען פאַרטיילט געוואָרן אין קוואַראַנטין־בלאָקן. ס׳האָט געהייסן אויף בלויז 3 וואָכן ביז מיר וועלן אָנהייבן אַרבעטן און אויך, כדי צו זען אויב מיר זענען נישט אָנגע־

שטעקט מיט קרענק, ווייל מיר האָבן געדאַרפט נאָכדעם אַרבעטן צוזאַמען מיט דייטשישע בירגער.

די מלאַווער, וואָס מיר האָבן דאָרט געטראָפן האָבן דערציילט, אַז די קאַפּאָס נעמען צו ביי יידן די שטיוול. מיר האָבן געהאַט באַהאַלטן אונדזער האָב־און־גוטס אין די שטיוול. האָבן מיר באַלד באַנאַכט דאָס אַרויסגענומען און אָנגענייט אין די פּאַסקעס פון די הויזן. איין ייד פון טשערווינסק האָט עס באַמערקט, אַ פריערדיקער קאָמענדאַנט פון טשערווינסקער געטאָ־פּאָליציי, האָט ער אונדז באַלד געמסרט.

מיינע ברידער זענען פרייוויליק געגאַנגען אַרבעטן ביי גערטנעריי אין לאַגער. דאָרט האָבן זיי געפונען וואָרצלען אין דר׳ערד, וואָס מ׳האָט געקאָנט עסן און שטילן דעם הונגער. מיך האָט מען געלאָזט רופן אין טאָגעס רוים. דאָרט האָט שוין געוואַרט דער לייטער פון לאַגער, דער בלאָקעלטסטער, די הויזווירטן און דער ייד יחזקאל בראַווערמאַן. דאָס ערשטע האָט מען מיך מכבד געווען מיט ריכטיקע קלעפּ דערביי צוגעבנדיק אַ ביסל מוסר:

— שמוציקער הונט, פאַרוואָס האָסטו נישט אָפּגעגעבן דאָס געלט?

כ׳האָב געענטפערט, אַז כ׳האָב נישט קיין געלט. האָבן זיי מיך אויסגעטאָן נאַקעט און געזוכט אין די טאַשן, אָפּגעריסן די קנאַפּל פון די שטיוול און נישט געפונען גאָרנישט, איז בראַווערמאַן צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט:

— איך וועל אייך ווייזן ווו ער האָט באַהאַלטן זיין געלט.

ווען ער איז צוגעקומען צו מיר נאָענט האָב איך אים געזאָגט ין עברית:

— יהודי, מה אתה עושה?

ער האָט מיר געענטפערט מיט אַ פּאַטש, אַז כ׳האָב געזען פונקען פאַר די אויגן און ער האָט זיי אָנגעוויזן ווו מיין געלט איז אָנגענייט.

זיי האָבן צוגענומען מיין געלט און אָנגעהויבן שלאָגן אויף מיין נאַקעטן קערפּער. דערנאָך האָבן זיי מיך געהייסן זיך אָנטאָן, און האָבן מיך אַריבערגעלייגט אויף דעם טיש און מיר אָפּגעציילט 25 שמיץ אין הינטן.

מיינע ברידער האָבן אָפּגעגעבן זייער געלט באַלד, ווען זיי זענען צוריקגעקומען אין לאַגער. מיך האָט מען גערופן יעדן טאָג אין זאַל אַריין כ׳זאָל זאָגן ווו כ׳האָב פאַרשטעקט מיין שמוק און מ׳האָט מיך געהאַלטן אין איין שלאָגן דערביי.

### 19טער דעצעמבער 1942, זונטיק

דעם גאַנצן בלאָק האָט מען אַרויסגענומען אויפן פּלאַץ, געהייסן זיי שטיין און איך מיט מיינע ברידער האָבן געמוזט מאַכן שטראָף־גימנאַסטיק אַ גאַנצע שעה. מיר זענען געלאָפן, געפאַלן, געמוזט הויך הייבן די קניען, וואַרפן מיט די פיס, שפּרינגען, און דער עס־עס זאָמער איז געשטאַנען און אַכטונג געגעבן אויף אונדז די גאַנצע צייט. ווען ס׳האָט זיך געענדיקט אונדזער שטראָף האָט מען אונדז צוריקגעפירט אין באַראַק אַריין אונטערן הילצערנעם דאַך זיינעם האָבן אַרויסגעשטעקט באַלקנס, אויף דעם באַלקן איז שוין געהאָנגען אַ שטריק — אַ תליה, אונטער אים אַ טישל. דער קאָמענדאַנט האָט אויסגעשטעלט אַלע מ׳זאָל קוקן. מיך מיט מיינע ברידער האָט ער אַוועקגעשטעלט ביי דער וואַנט. דער בלאָק־מייסטער האָט געהאַלטן אַ רעדע, ווו ער האָט מודיע געווען, אַז די ברידער דייטש ווערן באַלד געהאָנגען, אַלס שטראָף פאַר נישט אָפּגעבן שמוק און אַנדערע ווערטזאַכן. און אַלע אַנדערע וואָס וועלן נישט אָפּגעבן זאָפאָרט אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרשטעקט וועלן אויסשטיין די זעלבע שטראָף.

צו מיר האָט ער זיך געווענדט און געזאָגט:

— דו ביסט דער עלטסטער, וועט מען דיך הענגען דעם ערשטן.

מ׳האָט מיך אַריינגעפירט אין ביוראָ, געהייסן אויסטאָן די שטיוול, כ׳האָב זיך נישט געאיילט, פריער האָב איך געזאָגט ווידוי, זיך געשלאָגן דערביי אין ברוסט. דער מערדער איז געשטאַנען און געשריגן:

— וואָס מורמלסטו, הונט?

איך בין שוין געווען גלייכגילטיק נאָך דעם ווידוי, כ׳האָב אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אויף מיינע ברידער, אויף באַקאַנטע. כ׳בין אַרויף אויפן טישל, געזאָגט: „שמע ישראל". זיי האָבן מיר געבונדן די הענט אויף הינטן, ון די תליה האָט זיך געבאַמבלט פאַר די אויגן, אָבער אָנשטאָט אַרויפלייגן מיר די פּעטליע אויפן האַלדז, האָט ער זי פאַרלייגט אויף די הענט און אַוועקגערוקט דעם טיש פון אונטער מיר. איך בין געבליבן הענגען און הוידען זיך אויף די הענט.

אַ פערטל שעה בין איך אַזוי געהאָנגען און מיינע יסורים זענען געווען נישט צום באַשרייבן, דער טויט איז לייכטער און בעסער פון זיי.

דאַן איז צו מיר צו דער בלאָק־מייסטער און געזאָגט:

— איצט בין איך זיכער, אַז די ברידער דייטש האָבן נישט קיין געלט.

דערמיט האָט עס זיך געענדיקט.

אַ נס איז אונדז געשען.

### דער לאַגער אין בונאַ

דער לאַגער איז געווען אַ 5 ק״מ פון אוישוויץ, אין דער רעכטער זייט גייענדיק פון אוישוויץ, קעגנאיבער די בונאַ־ווערק.

2 ק״מ פאַר דעם לאַגער איז געווען אַ לאַגער פאַר ענגלישע געפאַנגענע.

אין בונאַ זענען געווען אַ 12.000 העפטלינגען. ער האָט געשמט אַלס דער בעסטער לאַגער. אונדז יידן האָט ער אָפּגעקאָסט יידישע טייכן בלוט און אומצאָליקע קרבנות.

אין דעם לאַגער האָב איך פאַרבראַכט פונעם 15.12.42 ביז 18.1.45. דאָרט זענען אומגעקומען מיינע דריי ברידער. דאָס וואָס די דייטשע „אַ.ע.ג.־פאַרבען" האָט באַצאָלט די לאַגער־מענטשן גרעסערע אָנטשעדיקונגען אין אַ סומע פון צענדליקער מיליאָנען צייגט, אַז דאָרט האָט געהערשט אַ ספּעציעלע אַכזריותדיקייט. מען האָט ביי דער באַפרייאונג געפונען אַן

אָפּמאַך צווישן דער געסטאַפּאָ און דער געזעלשאַפט אַז א.א.ג. פאַרפליכטעט זיך דורך קאַטאָרזשנע אַרבעט און שלעכטע דערנערונג צוהעלפן אויסראָטן די יידן, וואָס וועלן אַרבעטן אין בונאַ. מיר האָבן דעם אָפּמאַך אָפּגעפּילט אויף אונדזער בלוט און פלייש.

### מערץ 1943

דער לאַגער איז געוואָרן כמעט ליידיק. דער פראָסט, די קעלט איז געוואַקסן. דאָס עסן — שלעכטער און די אַרבעט אַלץ שווערער. יעדן טאָג זענען אויסגעגאַנגען הונדערטער יידן. מיר זענען געווען אין קאַראַנטין 3 וואָכן, צוועלף הונדערט יידן פון 6 בלאָקן, צווישן זיי אַ הונדערט ווישאָגראָדער יידן. דריי בלאָקן האָבן זיי דערנאָך אַריבערגעפירט אין אַרבעטס־לאַגער. אויף צומאָרגנס איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידע־מיע און מ'האָט אַלע פאַרבליבענע אומגעקערט צוריק אין דעם פאַרניכטונגס־לאַגער בירקענאַו.

אונדז פיר האָט מען אַריינגעזעצט אין בלאָק 7, ווו בלאָק־עלטסטער איז געווען דער באַוווסטער קאַזשיק.

אַרום 5.30 פרי איז מען אויפגעשטאַנען און געגאַנגען זיך וואַשן, שטייענדיק האַלב־נאַקעט אין דער קעלט פון 20 גראַד אונטער זעראָ. עסן האָבן מיר געקריגן 350 גראַם ברויט אַ טאָג און אַ צודאַט פון אַ פערטל ברויט 3 מאָל אַ וואָך. 5 מאָל אין וואָך האָבן מיר געקריגן אַ צודאַט אַ ביסל מאַרמע־לאַדע, אָדער מאַרגאַרין, אָדער אַ פּיצעלע ווורשט און אַ לי־טער זופּ. אין דער ריי צום קריגן דאָס עסן, האָבן מיר גע־דאַרפט שטיין אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע, נישט זיך רירן פון אָרט, ווען עטוואָס איז נישט געפעלן דעם בלאָקאָווע האָט מען געשלאָגן צום טויט.

פון מאָל צו מאָל פלעגן קומען עס־עסניקעס, כדי הנאה צו האָבן פון זייער לעבן, האָבן זיי געשלאָגן יידן ביז חלשות. מיר זענען געוואָרן הפקר. ווען מיר האָבן געקריגן די פּאַרציע האָט מען אונדז געפירט צום אַנטלויזן. דאָס העמד האָט מען צוגעטראָגן צו דער שטובנדיסט. עטלעכע מענטשן האָבן קאָנטראָלירט דאָס העמד און אויב מ'האָט געפונען אויף דעם אַ לויז, איז שוין דער מענטש קוים אַרויס מיטן לעבן פון זיי.

נאָך די פּעטש האָט ער זיך געדאַרפט אַנטלויזן פונדאַסניי און אָפּגעבן די קליידער צום אויסדאַמפונג.

פון 7 ביז 9 אַזייגער האָט מען געמוזט זיצן אין בעט און זוכן לייז און דער בלאָק־עלטסטער איז געשטאַנען און אַכטונג געגעבן, אַז די אַרבעט זאָל געמאַכט ווערן ווי ס'דאַרף צו זיין, און אויב מ'האָט געפונען אַ לויז, האָט מען געקריגן אַ שיסעלע זופּ אַלס אויסצייכענונג. דערנאָך איז מען גע־גאַנגען צו דעזינפעקציע ביז 12 באַנאַכט.

אַז איינער האָט מזל געהאַט און געכאַפּט 2 לייז, האָט ער איינע איבערגעלאָזט אויף מאָרגן, כדי צו קריגן אַ פּאַרציע זופּ אויך מאָרגן.

12 באַנאַכט, ווען מיר זענען מידע און דערנידריקטע טיף געשלאָפן, האָט מען אונדז אויפגעוועקט און געהייסן ווייזן די פיס און דער בלאָקאָווע האָט באַדאַרפט באַשטעטיקן צי זיי זענען ריין. דאָס האָט אים גענומען צייט און אַז ס'האָט זיך אים פאַרגלוסט האָט ער דעם גאַנצן בלאָק געשיקט זיך וואַשן. אין קאַלטע ווינטער־נעכט האָט מען אונדז געיאָגט נאַקעט און באָרוועס צו וואַשן די פיס און דערביי צעשלאָגן צע־ממית'ט יעדעס מאָל אַ פּאָר יידן.

אַזוי האָט אויסגעזען דער קאָנצענטראַציע־לאַגער. אויב ס'האָט ווער אים פאַרגעסן אָדער אינגאַנצן נישט געוווּסט פון אים, זאָל עס אים העלפן דערמאָנען, וויסן און געדענקען.

*

מיין ערשטע אַרבעטס־קאָמאַנדע איז געווען נומער 6, די קוילן־קאָמאַנדע, מיר האָבן פאַרלאָדן און אָפּגעלאָדן קוילן אין די וואַגאָנען.

דאָס אָפּלאָדן איז געווען נאָך צום דערליידן, אַז מ'האָט געדאַרפט אַרויסשטופּן ליידיקע וואַגאָנען און די ליניעס זע־נען געווען פאַרשיט, פלעג דער קאַפּאָ אַוועקהרגענען אַ פּאָר יידן און מיר האָבן זיי געמוזט אַרויסטראָגן אויף די אַקסלען טויטע און האַלב־טויטע. אויף צומאָרגנס האָט מען זיי געבראַכט אין די ברענאָוויונס צום פאַרברענען.

יעדן טאָג זענען דאָרט פאַרברענט געוואָרן פון הונדערט ביז הונדערט פופציק יידן, וואָס האָבן שוין נישט געטויגט צו דער אַרבעט. „מוזולמענער" האָט מען זיי גערופן. מיט אָפענע לאַסט־אויטאָס האָט מען זיי געפירט האַלב־נאַקעטע אויף זייער לעצטן וועג צו דער קרעמאַטאָריע.

### אַ וואָך פאַר פורים 1943

ס'זענען אָנגעקומען עס־עסניקעס מיטן קאָמענדאַנט שוואַרץ. זיי האָבן געמאַכט אַ סעלעקציע ביים אַרויסגיין צו דער אַרבעט. זיי האָבן דאַן אַרויסגעשיקט אַכט הונדערט יידן צום טויט. צווישן זיי מיין ברודער שמואל. מ'האָט זיי אויפ־געלאָדן אויף לאַסט־אויטאָס און אַוועקגעפירט קיין בירקענאַו צום פאַרברענען.

### פורים, 1943

מען האָט געברענגט צו שלעפן פון דער אַרבעט מיין ברודער מיכאל (ער האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות, און אים געשיקט אין ברענאַוויון. הי"ד.

אָנפאַנג 1943 זענען נאָך נישט געווען סטאַבילע אַר־בעטס־קאָמאַנדעס. ערשט נאָכדעם זענען יידן געווען פאַר־בינדן יעדער צו זיין קאָמאַנדע.

איך האָב מיר אויסגעוויילט די קאַבעל־קאָמאַנדע. מ'האָט דאָ נישט באַדאַרפט לויפן, נישט שלעפן שווערע משאות. מ'האָט געגראָבן ראָוון און געלייגט די קאַבלען. דערצו האָב איך זיך זייער אויסגעטויגט.

דער אַרבעטס־סיסטעם איז געווען אַ שרעקלעכער. צו יעדע פאַר מענטשן זענען געווען צוגעטיילט 2־3 ס.ס.־מענער, איין קאַפּאָ, איין מייסטער און איין אַרבעטס־פירער. אויף יעדן

פון אונדז האָט מען געהאַלטן אויג. מיר האָבן געאַרבעט אי־בער די כוחות און דער ווינטער איז געווען אַ באַזונדער שווערער. ס'זענען געווען טעג, ווען מענטשן זענען אויסגע־פרוירן געוואָרן צום טויט. אין מיין קאָמאַנדע האָט מען געאַרבעט אויף זונטיק. דעם לעצטן זונטיק האָב איך גע־טראָפן אין מיין קאָמאַנדע נייע פנימער מיט רויטע דרייעקן אויף זייערע קליידער. דאָס זענען געווען פּאָליאַקן פון אַ העפטלינג דערציאונגס־לאַגער. נאָך 2 שעה זענען מיר אַוועק אויף אַ צווייטן פּלאַץ. פרעגט איין עס־עס־מאַן צי ס'זענען דאָ יידן. מיט מיר האָט געאַרבעט נאָך איין ייד אַ בערלי־נער, אַ נייע געבראַכטער, האָט ער אונדז ביידע אַוועקגענומען אין אַ זייט און אונדז געצוווּנגען מיר זאָלן שלאָגן איינער דעם צווייטן. דער בערלינער איז נאָך געווען פריש, ביי די כוחות, און אַ הויכער, און יעדער זעץ זיינער האָט מיר גע־פינקלט אין די אויגן. איך בין שוין כמעט געווען אַ „מוזול־מאַן", כ'האָב קיין כוח נישט געהאַט אויפצוהייבן אַ האַנט, כ'האָב אויך נישט געוואָלט זי הייבן קעגן אַ יידן.

דערנאָך האָט ער אונדז געצוווּנגען זיך באָקסירן. מיט יעדן זעץ האָט ער מיך אַוועקגעלייגט, כ'האָב זיך נאָר גע־שיצט כ'זאָל נישט כאַפּן אַ זעץ אין האַרצן. די פּאָליאַקן זענען געשטאַנען און געפּאַטשט בראַוואָ.

נאָך די צוויי „מעטשן" איז צו דער עס־עסניק צום בער־לינער און געזאָגט:

— דו האָסט עס געמאַכט גוט — און צו מיר — דו, הונט, האָסט סאַבאָטאַזש געמאַכט. דיך וועלן מיר לערנען ווי צו שלאָגן.

זיי האָבן מיך אַריבערגעלייגט אויף אַ בעלקע און מיט אַ בליי־קאַבעל האָבן זיי מיך אַזוי געשמיסן, אַז כ'בין קוים אַרויס אַ לעבעדיקער פון זיי. וויאַזוי איך בין פאַרגאַנגען אין לאַגער ווייס איך נישט.

נאָך דעם אַפּעל בין איך געגאַנגען זיך וואַשן. האָט דער בלאָק־עלטסטער דערזען בלויע פלעקן אויף מיין קערפּער. ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז שמוץ און מיך געפרעגט. כ'האָב אים אַלץ דערציילט. ער איז געווען אַ פאַרביסענער אַנטיסעמיט, און געריטשעט אויף יעדער זאַך. דאָ האָט ער פּלוצים רחמנות באַקומען אויף מיר און געזאָגט:

— מאָרגן קומסטו אַרבעטן אין דער „שייס־קאָמאַנדע".

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ער איז געווען אַ מענטשן פון דעם אונטערגרונט. די מערדער האָבן אים טאַקע שפּעטער דערשאָסן.

## די שייס־קאָמאַנדע

אין דער קאָמאַנדע האָבן געאַרבעט צען יידן פון האָלאַנד און דייטשלאַנד. דער פאָראַרבעטער איז געווען אַ ייד פון עסטרייך. מיר האָבן געהאַט 2 וואַגנס, איינער מיט אַ גרויסן פאַס. דאָ האָט מען אַריינגעפּאָמפּעט דאָס שיטערע פון די קלאָזעטן; אין צווייטן וואָגן האָבן מיר געפירט דאָס געדיכטע מיסט.

די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און אַ שמוציקע. מענטשן האָבן אָבער זי געהאַלטן פאַר אַ מיוחסדיקע און גוטע אַרבעט. מיר האָבן געהאַט גוטע שאַנסן ביי איר. מיר פלעגן אָפט טרעפן אין מיסט רעשטלעך פון עסן פאַר אונדזער ליידיקן טאָגן. ביים אַרויספירן דאָס מיסט אין פעלד אַריין, ווו ס'האָבן אַמאָל געוואַקסן ריבן, פלעגן מיר אַמאָל געפונען אַ פאָר ריבן און געהאַט וואָס צו ברענגען אַהיים. דריטנס, האָבן מיר געהאַט אַ צוטריט צו דער קיך ווו מיר פלעגן זיך אָננע־מען אָפּפאַל. אויסער דעם האָבן מיר געאַרבעט אָן אַן אויפ־זיכט פון עס־עס. זיי האָבן נישט געקאָנט ביישטיין דעם שטינק, און דאָס איז באמת געווען דאָס בעסטע.

מ'האָט מיך איבערגעפירט אין בלאָק, ווו עריך ראַשקע, ימ"ש, איז געווען בלאָק־עלטסטער. ס'איז ביי אים נישט אַריבער איין טאָג אָן אַ קרבן. ער איז געווען אַ לעבנסלענג־לעכער פאַרמשפּטער אַרעסטאַנט און אַן אָפּיציעלער פאַר־ברעכער אין דייטשלאַנד. און דאָ פּלוצים, נאָך 15 יאָר טורמע, ווערט ער הערשער איבער מענטשן, וואָס ער האָט תמיד פיינט געהאַט. האָט ער דעם לעבנס־שאַנס זיינעם גוט אויסגענוצט.

אייגנטלעך, איז יעדער קאַפּאָ און בלאָק־עלטסטער געווען אַ דייטש מיט אַ פאַרברעכערישער פאַרגאַנגענהייט. ס'זענען אויך געווען פּאָליטישע פאַרברעכער. די זענען געווען צום דערליידן, אָבער זיי זענען געווען זעלטענע. ס'רוב זענען געווען פאַרברעכער־סאַדיסטן, בלוט־דורשטיקע הינט. ווען אַזאַ איינער האָט געשלאָגן האָט ער זיך נישט באַרויִקט ביז ער האָט דעם קרבן נישט דערהרגעט. ס'איז נישט אַוועק אַ טאָג אָן אַזעלכע יידישע קלעפּ־קרבנות.

נאָך דער אַרבעט איז געווען יעדן טאָג אַן אַלגעמיינער אַפּעל פון אַלע בלאָקן. מענטשן זענען געלאָפן שנעל אין די באַראַקן אַריין, אויסגעטאָן זיך און געלאָפן זיך וואַשן. איך האָב געזען מ'לויפט, די העפטלינגען האָב איך נישט געקענט, אויסער דעם בין איך געווען אַ „מוזולמאַן", און קוים געשלעפּט מיט די פיס. האָב איך געקלערט מ'מיינט נישט מיך. ווען כ'בין צוריק געקומען אין מיין בלאָק אַריין איז שוין געשטאַנען ראַשקע ימח שמו און געוואַרט אויף זיין קרבן. ס'ערשטע האָט ער מיר אַ קאָפּע געטאָן אין האַרץ אַריין, ווען נישט דאָס בלעכענע שיסעלע, וואָס כ'האָב דאָרט תמיד גע־האַלטן, וואָלט איך שוין מער נישט געלעבט. ס'שיסעלע האָט זיך צעבויגן. כ'בין אַוועקגעפאַלן. דאַן זענען אַלע בלאָק־דינער אַרויף אויף מיר און פאַרשיט מיך מיט טויט־קלעפּ. ווי כ'האָב דאָס אויסגעהאַלטן ווייס איך נישט, נאָר מלאכים האָבן זיך געמיט פאַר מיר.

צווישן די שטובנדינער די שלעגער איז געווען אַ דיי־טשישער ייד, עריך קולהאַגן. ווען כ'בין שפּעטער אַריבער אין שוסטעריי און געווען אַ מיוחס, האָב איך אים אַמאָל גע־פרעגט:

— ווי אַזוי פאַלט איר אָן אויף איין אומגליקלעכע נשמה און מ'שלאָגט זי אַזוי.

האָט ער געענטפערט:

— דאָס איז אַ קאַצעטן־געזעץ, אויב איינער שלאָגט דאַרף דער צווייטער וויזן, אַז ער שלאָגט בעסער.

כ'האָב צוגעאַרבעט נאָך אַ שטיקל צייט אין דער קאָ־

מאַנדע און געקומען אַ ביסל צו זיך. דאַן האָט מען אָוועקגעשיקט מאָטל קירשנבוים קיין אוישוויץ. ער האָט געהאַט 2 סוועטערס, איינעם האָט ער מיר אָוועקגעשענקט און כ׳האָב אים שטענדיק דערמאָנט צום דאַנק.

**28סטער פעברואַר 1943**

אַ נייער טראַנספּאָרט. פּאַליאַקן פון וואַרשע, אַקאַדעמיקער, דאָקטוירים און אינזשיניערן זענען געקומען. דער קאַפּאָ איז געווען באַלאָק, אַן אינזשיניער פון וואַרשע. אַ דאַנק אים האָט מען זיי אַריינגענומען אין דער שייס־קאָמאַנדע און אונדז יידן האָט מען אַרויסגעזעצט. דער יידישער פאָראַרבעטער, גאָטליב, האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן צו איידעלע הענט און ער וועט נישט האָבן מיט וועמען צו אַרבעטן, האָט ער מיר געזאָגט:

— אינדערפרי קום און נעם דעם וואָגן און אַרבעט ווייטער.

נאָך דעם אַפּעל זענען אַרויס אַלע קאָמאַנדעס. ביים טויער איז געשטאַנען אַ מוזיק, וואָס האָט געשפּילט און מען האָט מאַרשירט צום טאַקט. אַן עס־עס־מאַן האָט געציילט די מענטשן. ווער ס׳איז געווען אַן אַ קאָמאַנדע האָט געהייסן אַן איבעריקער און מ׳האָט אים פאַרשיקט קיין בירקענאַו. נאָכן ציילן האָט געפעלט איינער. זיי האָבן דאָס נישט געקענט פאַרשטיין אין אַפּעל איז די צאָל געווען גענוי און איצט פעלט איינער. אַזוי האָט זיך עס געצויגן עטלעכע טעג. ביז מ׳האָט געמאַכט אַ קאָנטראָלע פון יעדע קאָמאַנדע באַזונדער. ווען מ׳האָט געציילט מיין קאָמאַנדע איז געווען 11 אַנשטאָט 10 מענטשן, מ׳האָט מיך געפּאַקט. זאָגן אַז גאָטליב האָט מיך געהייסן בלייבן האָב איך נישט געקאָנט. האָט מען מיך גענומען צום „טיש״ פון די שמיץ. זיי האָבן זיך באַראַטן, וואָס צו טאָן מיט אַזאַ פאַרברעכער. אַ נס, וואָס דער אָבערשטורמיפער האָט זיך אָנגערופן:

— וואָס ווילט איר פון אים, ער אַרבעט דאָך, גיט אים 25 שמיץ אין הינטן און מאָרגן זאָל ער בלייבן אַן אַ קאָמאַנדע.

דער „שטענדער״, ווי כ׳האָב דערמאָנט, איז געווען אַ טיש ווו דער געשמיסענער האָט אַריינגערוקט דעם קאָפּ אין אים און אַ קלאַפּע האָט אים פאַרמאַכט. די פיס זענען אַריין אין אַ ספּעציעלן פלאַץ, אויך פאַרקלעמט, אַזוי אַז דער הינטן איז געבליבן אָנגעצויגן נאָר צום שמייסן.

מיט די מלקות האָט מען מכבד געווען די פאַרנעמע מענטשן. מיט די ערשטע 10 האָט מען מכבד געווען דעם לאַגער־עלטסטער, מיט די צווייטע צען — דעם לאַגער־קאַפּאָ, מיט די לעצטע 5 האָט מען מכבד געווען דעם פאָראַרבעטער.

מ׳האָט מיך צוריקגעשיקט צום בלאָק. גאָטליב האָט מיר נישט פאַרגעסן מיין טרייקייט צו אים און ער האָט מיך געשיקט אין קאָמאַנדע נומער 12 פון די פאַכמענער. ער האָט מיך צוגעטיילט צ דערנאַכטוואַכע. מען איז ביינאַכט אויפגעווען און אויפגעפאַסט אין בלאָק. דאָס האָט געהייסן נאַכטוואַכע. פאַר דעם האָט מען באַקומען נאָך אַ שיסעלע עסן.

די 12־טע קאָמאַנדע האָט זיך געטיילט אין דריי: שלאָסערס, בויאַרבעטער און באַגער־ און טראַנספּאָרט־אַרבעטער. אין דער לעצטער אָפּטיילונג ווו איך האָב געאַרבעט זענען געווען 17 מענטשן און איין פאָראַרבעטער יאַנקעלע, פון וואָלין איז ער געווען.

אין יעדע אָפּטיילונג האָבן געהיטן כ.ס.־מענער. ס׳האָבן געאַרבעט נאָך בירגער דייטשן אַלס פאַראַנטוואָרטלעכע.

מיט די בירגער האָבן מיר פאַרפירט אַ מסחר און געהאַנדלט. מיר האָבן געבראַכט קליידער פון לאַגער און געקריגן דערפאַר ברויט, מאַרגאַרינע און סיגאַרעטן. דריי האָבן זיך באַטייליקט אין דעם מסחר. איינער, וואָס האָט געפירט די פאַרהאַנדלונג מיט די בירגער, די צווייטע — וואָס האָבן איבערגעבראַכט די קליידער „אויף זיך״ גייענדיק אין די קלאָזעטן. זיי האָבן געקריגן פון „סוחר״ אַ שיסל עסן, די דריטע זענען געווען די „צושטעלער״, וואָס האָבן געאַרבעט אין קליידער־מאַגאַזין. אַלע דריי זענען געווען איינגעשטעלט מיטן לעבן, ווען מ׳כאַפּט זיי שיקט מען זיי אין אַ שטראָף־לאַגער אָדער גלייך צו דער תליה.

איינמאָל האָבן זיי געכאַפּט דעם פלאַנסקער, משה בלום, כאַצקל בוקיס (סמאַטאַזש) טאָכטערן־זון אַן איינקל אַ ווישאָגראַדער. מ׳האָט אים מכבד געווען מיט הונדערט שמיץ און נאָך זיי אַ שעה שטראָף־איבונגען. מ׳דאַרף באַצייכענען: ס׳האָט נישט פּאַסירט אַ פאַל פון מסרן אָדער אויסגעבן חברים, וועמען מ׳האָט געכאַפּט האָט מען געכאַפּט. די איבעריקע זענען געווען זיכער, אַז מ׳וועט זיי נישט פאַרשיטן.

מיין פאָראַרבעטער, יענקל, האָט געהאַנדלט מיט די בירגער, האָט ער געדאַרפט זיין אויפן בוי און האָט מיר איבערגעגעבן ווי צו אַרבעטן מיטן באַגער. אַמאָל האָט מען יענקלען נאָמינירט אַלס קאַפּאָ און מיך אַלס פאָראַרבעטער. ביז מיטאָג האָבן מיר געאַרבעט אויף די שווערע באַגערן. ס׳איז געווען גוט, צו מיטאָג האָבן מיר געקריגן אַ טאָפּלטע פּאָרציע. לויט דעם לאַגער־סיסטעם קומט וואָס מער דעם, וואָס אַרבעט ווייניקער.

נאָכמיטאָג איז געוואָרן ערגער. מיר האָבן געדאַרפט איבערטראָגן אויף די פּלייצעס 8 באַן־שינעס ביז דער באַן־שטעלע אַ 150 מעטער גאַנג. די מענטשן זענען געווען שוואַך בין איך צו צו זיי אונטערהעלפן. ווען יענקעלע האָט עס דערזען איז ער צו און מיר אויסגעצויגן 2 פּליאַסק אין פּיסק אַריין און מיר געפּרעדיקט מאָראַל:

— זאָלסט עס מער נישט טאָן. אַ פאָראַרבעטער טוט דאָס נישט, זיין אויפגאַבע איז נאָר אונטעריאָגן מיט קלעפּ די, וואָס לאָזן אָפּ דעם אַקסל, אָדער אַרבעטן נישט ווי מ׳דאַרף.

מיינע זיבעצן יידן זענען געווען פון מלאַווע און נאָווידוואָר. האָב איך זיי געבעטן זיי זאָלן אַזוי אַרבעטן כ׳זאָל חלילה נישט דאַרפן „אונטעריאָגן״ עמיצן פון זיי.

אַזוי האָב איך געענדיקט דעם טאָג אַלס פאָראַרבעטער. צומאָרגנס האָב איך געבעטן דעם קאַפּאָ פון 11־טער קאָמאַנדאָ ער זאָל מיך נעמען צו אים אַלס פּשוטער אַרבעטער. און אָוועק פון דער קאָמאַנדאָ.

## יולי 1943, און שיע ליכטנשטיין

כ׳בין אַריין אין קאָמאַנדע 29. שוסטער־קאָמאַנדע. מיר זענען געווען 20 יידן. מיר האָבן געהאַט אַ סך עסן. מיר האָבן געאַרבעט נאָענט צו אַ קיך פון 1000 מענטשן. מיר האָבן געקריגן אַלע רעשטלעך פון נעכטן. ס׳איז אָפט געווען זויער, אָבער ס׳האָט אונדז זייער געשמעקט. מיר האָבן אויך פאַרריכט די שיך פאַר די קוכערס און זיי האָבן אונדז באַצאָלט מיט עסן צודאָטן. יעדער פון אונדז האָט געהאַט אַ 3 קילאָ שיסל און געבראַכט אין איר עסן פאַר פריינד אין לאַגער.

כ׳מוז דאָ דערמאָנען אונדזער שיע ליכטנשטיין. ער האָט מקיים געווען די מצווה „יתנו לאחרים״. ער איז געווען אַ קאָמוניסט, אָבער אין לאַגער האָט זיך דערוועקט אין אים דאָס פינטעלע ייד. ווי ברידער האָבן מיר געלעבט. פאַראַמאָל האָט מען געבראַכט צו דער סטאָליער־קאָמאַנדע ווו ער האָט געאַרבעט, צען 15־יעריקע יינגלעך פון אונגאַרן, צווישן זיי אַ רב׳ס אַ קינד, אַ צאַרטער און אומבאַהאָלפענער. איז שיע צוגעקומען צו מיר און מיך געצוווּנגען צו נעמען דאָס יינגל צו מיר און אים העלפן. ס׳איז געווען אַ שווערע זאַך. אָבער ער האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט. כ׳האָב יעדן אָוונט אים געבראַכט אַ שיסעלע עסן.

ווען מיר האָבן זיך באַפרייט האָב איך דעם בחור געטראָפן אין טערעזיענשטאָט. דאָס צאַרטע קינד האָט איבערגעלעבט היטלערן ימח שמו.

צום גרויסן באַדויערן האָט שיע דאָס נישט דערלעבט. דעם 18.1.45, ווען מ׳האָט ליקווידירט דעם לאַגער, איז שיע אַנטלאָפן צוזאַמען מיט יצחק פּאַסטערנאַק און אַנדערע יידן. האָבן זיי אים געכאַפּט און דערשאָסן.

נאָך אַ שטיקל צייט אין דער שוסטער־אָפּטיילונג האָב איך געזוכט מיינע ברידער און שוועסטער. כ׳האָב מיך דערוווּסט אַז פון דעם לעצטן נאָוווּדוואָרער טראַנספּאָרט איז קיין איין פּרוי נישט געבליבן, און זכריה בילגאָריי האָט מיר געזאָגט, אַז מיין ברודער יצחק־יעקב האָט מען דעם 14.8.43 אָפּגעפירט צוזאַמען מיט נאָך פערצן הונדערט יידן אין קרעמאַטאָריע.

די ידיעה האָט מיך צעבראָכן צום ענדע. ס׳לעבן איז מיר נמאס געוואָרן, אָבער הערשל נוימאַן האָט מיך געמונטערט צום לעבן.

## די רעליגיע האָט מיך דערהאַלטן

מיט הערשלען האָב איך דורכגעמאַכט די גאַנצע צייט אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, פון 12טן דעצעמבער 1942 ביז מיר זענען צוריק געקומען קיין ווישאָגראָד דעם 25סטן מאַי 1945. מיר האָבן געלעבט ווי ברידער. איינער האָט געמונטערט דעם צווייטן, נאָך אויסצוהאַלטן, נאָך אויסדויערן און זען די מפּלה פון היטלעריזם. און נאָך אַ זאַך האָט מיך אויפגעהאַלטן, מיר האָבן געהאַט אַ רעליגיעזן קרייז און ווען איינער האָט געהאַט יאָרצייט האָבן מיר צוזאַמען אַריינגעכאַפּט געהיימערהייט אַ מנחה ומעריב מיט אַ קדיש. אין לאַגער איז געווען אַן עלעקטרישע אָפּטיילונג, איז דאָרט געווען אַ יונגערמאַן, ראַדזיק, וואָס האָט געהאַט אַ פּאָר תפילין. פלעג איך זיך אַריינכאַפּן צו אים, אָנטאָן די תפילין און זאָגן „שמע ישראל״.



מוניעק לעווין און משה בזשעזאַווסקי
שטובנדיסטן פון בלאָק 60. ביידע האָבן געהאָלפן מאַכן דעם „סדר״

אין די ימים־נוראים האָבן מיר געפּראַוועט אַ מנין פאַר דער אַרבעט צוזאַמען מיט אונדזער קאַפּאָ פעדער ז״ל, אַ סטאַניסלאַווער ייד, ער האָט געלערנט אין דייטשלאַנד און געווען אין בוכענוואַלד פון 1938. אין דעם מנין איז אויך געווען אַ רב פון בעלגיע. ער האָט געדאַוונט מוסף און איך שחרית. מיר האָבן דעם באַד־מייסטער געגעבן אַ פלאַש וויין און אַלץ איז געווען אין אָרדענונג. אַזוי האָבן מיר חנוכה אויך געצונדן ליכטלעך און געזונגען „מעוז צור ישועתי״.

## אַ „סדר״ אין 1944

פאַר פסח האָבן מיר געזוכט מיטלען ווי צו באַקן מצות. איך האָב געהאַט פאַרבינדונגען מיט דעם קיך־פאָראַרבעטער, האָב איך פון אים באַקומען מעל און אפרים בוכנער פון ווישאָגראָד (איצט אין אַמעריקע), וואָס איז געווען משרת ביים ראַפּאָרט־פירער ראַקאַס, האָט געהאַט אַ באַראַק צו זיין פאַרפיגונג, ווו ער פלעגט קאָכן עסן פאַר זיין פירער. האָב איך אים געבעטן ער זאָל אונדז מאַכן די מצות אין זיין באַראַק. אפרים איז נישט געווען קיין שטאַרק רעליגיעזער מענטש, אָבער דאָס פינטעלע ייד האָט זיך אין אים אָפּגערופן און ער

האָט איינגעשטעלט זיין לעבן און אונדז אָפּגעבאַקן עטלעכע קילאָ מצות פון אונדזער מעל. אויף קידוש השם.

כ׳וועל דאָס אים אייביק נישט פאַרגעסן. כ׳ווינטש אים און זיין הויזגעזינט לאַנגע גליקלעכע יאָרן. כ׳ווייס אַז ער לעבט אין אַמעריקע.

לאָמיר אויך געדענקען צום גוטן בערנאַרד שטראַוס, דער טשעכישער ייד, דער בלאָק־עלטסטער, וואָס האָט אונדז דערמעגלעכט צו פּראַוווען דעם „סדר״ ביי אים אין באַראַק.

אין 1944, אין אַ נאַצישן לאַגער, פּראַוווען אַ „סדר״ פאַר צוויי הונדערט יידן און זיי לאָזן אויססוויינען דעם „לשנה הבאה בני חורין״, איז גאָר נישט קיין קלייניקייט. ער האָט זיך איינגעשטעלט זיין לעבן דערצו און מיר וועלן דאָס אים געדענקען.

כ׳מוז צוגעבן און אַלע ווייסן דאָס, אַז אַלץ איז געווען לויט מיין איניציאַטיוו און איך בין שטאָלץ דערמיט. איך האָב אויך געזאָגט די „הגדה״. כ׳האָב זי געדענקט.

מיר האָבן געבעטן ביי דעם וואָס לעבט אייביק, מיט בלוט אין האַרצן און טרערן אין די אויגן:

— מעכטיקער גאָט, נאָר דו אַליין קאָנסט מאַכן, אַז מיר זאָלן זיין: לשנה הבאה בארעא דישראל, דאָס קינפטיקע יאָר, שוין, באַלד, תיכף, זאָלן מיר זיין אין לאַנד פון ישראל. און ווען דו ווילסט, טאַטע איינציקער פון יידישן פאָלק, קאָנסטו מאַכן, אַז כאָטש „השתא עבדי״, כאָטש מיר זענען דאָס יאָר קנעכט, פאַרשקלאַפט און דערנידעריקט, פאַרפייניקט ביז טויט, זאָלן מיר ווערן „לשנה הבאה בני חורין״, שוין דאָס באַלדיקע יאָר באַפרייטע מענטשן, מענטשן פאַר זיך פריי און יידיש און די זון פון ארץ־ישראל זאָל אונדז באַלייכטן די פינצטערניש.

ס׳איז דאָס מאָל נישט געווען קיין סתם ווערטער, געלייענטע פון דרוק, נאָר ווערטער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון צעבראָכענע הערצער פון דערדריקטע מענטשן וואָס זענען נישט קיין שטראַל פון האָפענונג, אויב נישט ער וואָס אויפן הימל זאָל העלפן.

און ווען מיר זענען צוגעקומען צום „והיא שעמדה״, האָבן מיר אויסגעזונגען דעם פולן טעקסט און די ווערטער האָבן אַזוי פיל אונדז געזאָגט, און געווען אַזוי צוגעפּאַסט צו אונדזער געמיט. מיר האָבן ממש געזונגען מיט מוט און אויפמונטערונג. האַרץ האָט געווינקען צו האַרץ מיט אַ געהיימער קלאַפּנדיקער שטימע. איינער האָט ווי געזאָגט און פאַרטייטשט דעם צווייטן:

והיא שעמדה לאבותינו ולנו —

אָט דאָס זענען מיר בייגעשטאַנען. אונדז און אונדזערע עלטערן. ס׳איז נישט ניי. נישט איינער האָט געפּרוּווט אונדז אומברענגען, אָבער... און ס׳וועט מקוים ווערן „שבכל דור ודור״ אין יעדן דור שטייען אויף היטלערס, כדי אונדז צו פאַרטיליקן און דער רבונו של עולם לייזט אונדז שטענדיק אויס פון זייער מערדערישער בלוט־שמוציקער האַנט.

די אַלטע אויסגעדראָשענע פּסח־געזאַנגען האָבן פּלוצעם געקריגן אַן אַקטועלע באַדייטונג און האָבן צעוואַרעמט דאָס האַרץ מיט האָפענונג. מיר האָבן אָנגעהויבן צו גלייבן, אַז ס׳וועט איצט אַויך אַזוי זיין, והקדוש ברוך הוא וועט אונדז אויסלייזן פון זייערע הענט און מיר וועלן נאָך זוכה זיין צו זען זיין נקמה אין זיי.

שפוך חמותך אל הגוים. גאָטעניו, פעלקער, וואָס קענען דיך נישט און ווייסן נישט דיין גרויסקייט, דייטשן, פּאָליאַקן, אוקראַינער, אונגאַרער, וואָס האָבן דיין נאָמען קיינמאָל נישט דערמאָנט און נישט גערופן דיך ביים הייליקסטן נאָמען, זיי האָבן אויפגעפרעסן דיין זון יעקב און חרוב געמאַכט זיין היים אין זיין שטעטעלע, גאָטעניו, גיס אויס אויף זיי דיין צאָרן און זאָל דיין גרימצאָרן זיי יאָגן און דעריאָגן. יאָג זיי נאָך מיט דיין צאָרן און כעס און פאַרטיליק זיי פון אונטער דיינע הימלען, גאָטעניו.

שפוך חמתך... ס׳איז נישט גענוג צו בלייבן לעבן. מיר ווילן לעבן, כדי נוקם צו זיין זיך אין זיי.. און צוזען דיין ביטערע נקמה אין די רוצחים פון יידישן פאָלק.

איך האָב געמאַכט זאַפּאַס פון קאַרטאָפל מיט די שאָלן און איך מיט רודזיאַקן האָבן איבערגעלעבט די אַכט טעג אויף קאַרטאָפל און נישט נכשל געוואָרן מיט חמץ.

דריי קדושים האָבן אונדז געקאָכט די קאַרטאָפל מיט סכנות נפשות: יעקב גראָספעלד פון קראָקע, נתן ווייסמאַן פון לאָדזש און דער בערלינער לעאָן דיאַמאַנט. זיי האָבן אין דער בוי־אָפּטיילונג געפירט אַן אייגענע קיך, האָבן זיי אונדז יעדן טאָג געקאָכט אַ שיסל קאַרטאָפל.

ליידער זענען זיי אַלע דריי אומגעקומען פאַר אונדזערע אויגן. זיי האָבן געגראָבן אַ טונעל אונטערן פּלויט, און ווען אַלץ איז געווען פאַרטיק צום אַנטלויפן האָט זיי דער פּוילישער שייגעץ, דער שותף זייערע, פאַרראַטן.

מ׳האָט זיי אויפגעהאָנגען אין צענטער פון לאַגער פאַר אַלע אין די אויגן.

ווען מ׳האָט נתן ווייסמאַן אַרויפגעלייגט די פּעטליע אויפן האַלדז, האָט ער אַ געשריי געטאָן אויף דייטש:

— קאַמעראַדן! קאָפּ האָך, די קריג איז צו ענ...

דאָ האָט שוין די תליה אים פאַרשטיקט און ער האָט נישט פאַרענדיקט. זאָלן זייערע טייערע, הייליקע נשמות זיין פאַרבינדן אויף אייביק מיט אונדז.

זומער 1944 איז געקומען אין לאַגער אַ טראַנספּאָרט פון סטאַראַכאָוויצער לאַגער און מיט זיי שלום פיש פון ווישאָגראָד, משה עלבוימס אַ זון. ער איז דער איינציקער ווישאָגראָדער, וואָס האָט איבערגעלעבט סלופּיע־נאָוואַ און דעם גאַנצן אומקום. ער איז איצט אין אַמעריקע, דינט אַלס חזן און פּראַוועט די אזכרה אין אונדזער סאָסייטי.

## 18.1.1945 אין גלייוויץ

דעם גאַנצן לאַגער האָט מען אַרויסגעטריבן קיין גלייוויץ. אַ סך יידן זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן וועג. ווער ס׳האָט נישט געהאַט קיין כוח צו גיין איז דערשאָסן געוואָרן און געבליבן אין פעלד. אַ סך יידן האָבן פּרובירט אַנטלויפן פון לאַגער, האָט מען זיי אויסגעשאָסן.

ווי ס'האָט דערציילט יצחק לייזער זאַלצבערג, איז זכריה ראָק, שלמה דודס זון, ד'ערשטיקט געוואָרן אין אַ בונ־קער אין אוישוויץ ממש אויף דער שוועל פון דערלייזונג.

קיין גלייוויץ זענען מיר אָנגעקומען דעם 19.1.1945, טויזנטער יידן פון אַלע עקן אוישוויץ. די נאַכט האָט די מער־הייט פון זיי גענעכטיקט אין גאַס, צוליב מאַנגל אין פּלאַץ אין די באַראַקן און דעם פראָסט, איז געווען שרעקלעך. מען האָט אָוועקגעשיקט טראַנספּאָרטן אין פאַרשידענע לאַגערן, טייל טראַנספּאָרטן אויפן וועג אויסגעשאָסן. מיך מיט הערשל ניי־מאַן האָט מען געשיקט קיין בוכענוואַלד.

# מערדער אויך ביי זייער גסיסה

בוכענוואַלד 20.1.1945

מ'האָט אונדז איינגעפּאַקט אין אָפענע לאַסט־וואַגאָנען צו 120 מענטשן אין אַ וואַגאָן. די קעלט איז געווען אומדער־טראַגלעך. יידן זענען געשטאָרבן אין וועג פון קעלט, פון הונ־גער און דורשט. צוויי טויזנט יידן האָבן אויך די מערדער אַריינגעפירט אין אַ וואַלד און די מערהייט פון זיי אויסגעשאָסן צום טויט. איינער אַ פלאַצקער ייד, הירשל טאוב איז געווען אין דעם טראַנספּאָרט, אַ קויל האָט אים געטראָפן אין פוס אַריין און ער איז לעבן געבליבן.

דאָס רעשטל איז אָנגעקומען קיין בוכענוואַלד.

בוכענוואַלד איז געווען אַ ריכטיקער גיהנום. מען האָט אונדז אויסגעטון נאַקעט, צוגענומען אונדזערע קליידער און אונדז אַריינגענומען אין אַ משונהדיקער באָד. מ'האָט אונדז אָפּגעשוירן די האָר און איינגעטובלט אין אַ באַסיין פול מיט וויטריאָל און מ'האָט געבערענט אונדזער לייב.

איך האָב באַקומען אַ פּאָר צעריסענע הויזן און אַ פּאָר פּאַנטאָפליעס, מ'האָט מיך איינקוואַרטירט אין איינעם פון די באַראַקן אין קליינעם לאַגער, בלאָק נומער 61. זיי האָבן אַריינגעפּאַקט 700 יידן צו 50 מאַן אין אַ באָקס. די בלאָק־עלטסטע דאָ זענען געווען רוסישע געפאַנגענע, עסן איז גע־ווען אַ פּערטל ברויט און אַ ביסל זופּ פון גראָז. דאָס ערגסטע זענען געווען די אַפּעלן, מ'האָט געמוזט שטיין 3—4 שעה אויף דער קעלט. מען איז קוים אַרויס מיטן לעבן פון יעדן אַפּעל.

נאָך צוויי וואָכן האָט מען מיך צוזאַמען מיט הירשל נוימאַן אַריבערגעפירט קיין גראַוווינקל. דאָ איז געווען דער ריכטיקער קאָנצענטראַציע־לאַגער. מ'האָט געלאָזט דאָ יידן אויסגיין פון הונגער און דורשט. דער לאַגער איז געווען אין אַ וואַלד, מ'איז געשלאָפן אין טיפע בונקערס אונטער דער ערד, ס'האָט גערונען פון די ווענט. און ס'איז געווען קאַלט און פייכט. 4 אַזייגער ביינאַכט האָט מען געוועקט צום אַפּעל און אָפּגעהאַלטן 3־4 שעה אין פראָסט.

די אַרבעט איז געווען פאַרטיילט אין 3 קאָמאַנדעס:
1) טראָגן צעמענט אויפן באַנהויף. 2) אין אַ זעג־ווערק און 3) גראָבן טונעלן אין בערג. זייער הויכע בערג.

מיר ביידע האָבן געאַרבעט אין דעם זעג־ווערק. נאָך 2 חדשים האָט מען מיך אַוועקגענומען אין צעלט־לאַגער. איך האָב דאָרט געטראָפן משה קופּערמאַן פון שטעטל. דער אויבערשטורמפירער האָט זיך נישט גערירט אָן הינט, וואָס האָבן יעדן טאָג צעביסן עטלעכע מענטשן. מ'האָט געאַרבעט אין 3 שיכטן. עס זענען דאָ נישט געווען קיין צוגעטיילטע געלע־גערס. יעדעס מאָל איז מען געשלאָפן אין צווייטן פּלאַץ. אַמערגסטן איז געווען פאַר דער שיכט פון 4 ביז 12 ביינאַכט. זיי פלעגן אַהיימקומען ביינאַכט און די אַמעריקאַנישע לופט־אַנגריפן זענען געוואַקסן פון טאָג צו טאָג און אין די נעכט. זיי פלעגן אַהיימקומען הינטערן טאָג און נישט געהאַט ווו און ווען צו שלאָפן. מער ווי אַכט טעג האָבן יידן נישט אויסגע־האַלטן אין דער קאָמאַנדע. זיי זענען געפאַלן ווי פליגן. יעדן טאָג האָט מען געבראַכט פרישע יידן, נעבעך, און די פאַרמאַ־טערטע צוריקגעפירט קיין בוכענוואַלד.

דאָס אַלץ האָבן די נאַציס אין זינען געהאַט, ווען זיי האָבן שוין געוווסט, אַז זייער סוף דערנענטערט זיך.

*

אַ טאָג פאַר שביעי של פסח 1945, 4 אַזייגער נאָכמיטאָג האָט מען ליקווידירט דעם לאַגער און געטריבן אַלע יידן פון ראַאַן צוריק קיין בוכענוואַלד.

מ'האָט אונדז געטריבן אין לויפשריט. אַ גאַנצע נאַכט. דרייסיק פּראָצענט פון אונדז האָבן זיי אויסגעשאָסן, ווייל זיי זענען געבליבן הינטערשטעליק און נישט געקאָנט מיטלויפן.

אין דער פרי זענען מיר אָנגעקומען אין אַ וואַלד, אַכט קילאָמעטער פון ווײַמאַר, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט, אָפּגע־וואַרט ביז די עס־עסניקעס האָבן אָפּגעפרישטיקט און ווידער געטריבן געוואָרן אין מאַרש. פּלוצעם האָט זיך געשאַפן אַ בהלה. ווייזט אויס, אַז אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען־פּאַטראָלן מיט טאַנקן האָבן זיך באַוויזן. די ערשטע האָבן זיך די עס־עס חיות אָפּגעטראָגן. ווען עס איז שטיל געוואָרן, זענען זיי צוריקגעקומען. די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָבן זיי אונדז צו־געפירט אויף אַ ברייטן פּלאַץ און געהייסן זיך אַוועקלייגן אויף דער ערד. אַרום אונדז האָבן זיי אַרומגעשטעלט מאַשין־געווער. איך בין געווען מאַראַליש צעבראָכן, קערפּערלעך —

אַ מוזולמאַן, איינזאַם און פאַרמאַטערט. דאָס לעבן נמאס. דאָך האָב איך מיר מיט דער עס־שיסל אויסגעקראַצט אַ פאַרטיפערונג אין באָדן און כדי כ'זאָל זיין געשיצט און ווייטער לעבן.

אַ נאַכט פון פחד איז עס געווען. די מאַשין־געווערן האָבן פאַרויסגעזאָגט אַ זיכערן טויט. דער פרימאָרגן איז אָנגעקומען האָב איך זיך ווידער געטראָפן מיט הירשל נוימאַן. מיר האָבן זיך זייער דערפרייט. ווידער צוזאַמען. מען האָט אונדז ווידער געטריבן קיין בוכענוואַלד דורך וויימאַר. דאָ בין איך שוין געווען גענצלעך דערשעפּט, כ'האָב געוואָלט שטאַרבן, אָבער הירשל, מיין חבר הירשל פריער גאָט דערנאָך אים אַ דאַנק בין איך געבליבן לעבן .ער האָט מיך אָנגענומען אונטערן אָרעם, מיך געמוטיקט און געטרייסט:

— איצט ביי זייער ענדע, ווילסטו באַגיין זעלבסטמאָרד? דו מוזט זיך שטאַרקן!

מיט די לעצטע כוחות האָב איך זיך צוגעשלעפּט ביז צום לאַגער בוכענוואַלד. דאָ איז איצט געווען אַ תוהו־ובוהו. מענטשן זענען געלעגן אויף די פּאַדלאָגעס. ביים טיילן דאָס עסן האָבן זיך מענטשן ממש געהרגעט. די קעסלען האָבן זיך אויסגעגאָסן. די נאַציס האָבן געשלאָגן צום טויט. יידן נעבעך האָבן זיך געוואָרפן אויף דר'ערד, אויסלעקן דאָס געקעכטס און דערקוויקן די נשמה.

אַזוי האָבן מיר מיטגעמאַכט בוכענוואַלד אַ 2־3 טעג. „טוב חללי חרב מחללי רעב". דעם פּסוק האָב איך איצט גוט פאַרשטאַנען.

דעם 10.4.1945, אַ טאָג פאַר באַפרייען בוכענוואַלד, האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אין ווימאַרער באַנהויף צופוס, אַריינגעפּאַקט אין לאַסט־וואַגאָנען צו 120 מענטשן און געפירט. דאָ האָבן מיר באַגעגנט צוויי ווישאַגראַדער: שמחה עפּשטיין, האַלב טויט איז ער געווען און לייביש דוד פרייזינגער — ווי אַ זקן מופלג.

מ'האָט אונדז שטאַרק באָמבאַרדירט, מען איז אַראָפּ יעדעס מאָל און געלאָפן זיך באַהאַלטן אין די פעלדער. אין אַ גאָרטן האָבן מיר געטראָפן ראַבאַרבערע שטעקנס, האָבן מיר געגעסן און אויך אָנגעבראַכט אין די טאַשן אַריין און געהאַט צו טוישן פאַר סיגאַרעטן. אַ צווייט מאָל זענען מיר אַרויף אויף אַ פריש געזעצט קאַרטאָפל־פעלד, האָבן מיר אויסגערייסט די קאַרטאָפל און געגעסן מיט די שאָלן. יעדן טאָג זענען געווען 20—30 טויטע אין אַ וואַגאָן. האָבן מיר געמיינט, עס וועט גראַמער זיין. זיי האָבן אָבער אויף פאַר זייער ענדע אין זינען געהאַט צוריק אַנצושטאָפּן און אויספילן די וואַגאָנען, מיר זאָלן זיין ווידער צו 120 אין אַ וואַגאָן. די יידישע צרות זאָלן אָנגיין.

איינמאָל איז די באַן געבליבן שטיין נעבן אַ פעלד. האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן, געריסן דאָס גראָז און געגעסן מיט די וואָרצלען.

מ'איז ווייטער געגאַנגען און אַוועק אויף אַ פּלאַץ פול מיט ברעטער און בעלקעס. נעבן אַ טייך, האָט מען אַוועקגעשטעלט קעסלען צום קאָכן און די רוסישע געפאַנגענע זענען געוואָרן די בעלי־בתים אויף אונדז. מ'האָט געקאָכט קאַרטאָפל אין די שאָלן, יעדער האָט געקריגן צוויי פּיצל קאַרטאָפל מיט וואַסער און די רוסן האָבן געשלאָגן צום טויט. אַ סך יידן זענען פון זייערע הענט געשטאָרבן. דער רוסישער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך אַרויסגעוויזן נישט קלענער ווי דער נאַצישער. יידן זענען געפאַלן ווי פליגן פון הונגער און דערשעפּטקייט. אַ ייד האָט זיך אָנגעשעפּט אַ טעפּעלע וואַסער, גענומען דאָס טרינקען און אַוועקגעפאַלן און געשטאָרבן פאַר מיר מיט הירשל נוימאַן אין די אויגן. איך האָב אַוועקגעטראָגן די טויטע צוזאַמען מיט נאָך דריי יידן, ווען מיר האָבן אַמאָל געטראָגן די טויטע אַ 180 מעטער און זיך אָפּגעשטעלט, איז צוגעגאַנגען אַ רוסישער געפאַנגענער, אָפּגעשניטן זיך אַ שטיקל פלייש פון אַ טויטן און פאַרנומען עסן דאָס שטיקל רוי מענטשלעך פלייש פאַר מיר אין די אויגן. כ'בין שיער נישט אַראָפּ פון זינען צוזעענדיק דאָס. אַהיימקומענדיק האָב איך מיט הירשלען באַשלאָסן ביי דער ערשטער געלעגנהייט צו אַנטלויפן. אָבער אינצווישן זענען אָנגעקומען די עס־עס, אָפּגעטיילט די יידן באַזונדער צום אַריבערפירן קיין טערעזיענשטאַט. די אַריער האָט מען אָפּגעטיילט באַזונדער, מיין קאַפּאָ האָט אויסגעזען ווי אַן אַריער. האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט מיט זיין סעקרעטאַר אין דער אַרישער טייל, ווען מיר זענען אַוועק, האָבן אַמעריקאַנער באָמבאַרדירט דעם פּלאַץ און געהרגעט אַ סך אַריער, צווישן זיי אויך מיין קאַפּאָ, פעדער, האָט ער געהייסן, אַ גוטער זויבערער ייד געווען, אַ שאָד.

דעם 30־טן אַפּריל 1945 זענען מיר געקומען קיין טערעזיענשטאַט אין דער האַמבורגער קאַזאַרמע. דאָס איז געווען אַ גרויסער געטאָ פאַר יידן פון אַלע לאַגערן, מ'האָט געשמועסט, אַז מען וועט דאָ מאַכן גרויסע קרעמאַטאָריומס און פאַרניכטן אויף שנעל די שארית הפליטה. דער הונגער איז דאָ געווען גרויס, די מאַגאַזינען מיטן עסן זענען געווען פול, אָבער ה' סטאַשקין, דער דירעקטאָר פון געטאָ, אַ טשעכישער ייד האָט געלאָזט אונדז אויסגיין פון הונגער און אויפגעהאַלטן די זאַפּאַסן. איך מיט הירשלען האָבן מיר געגעסן קאַרטאָפל־שאָלעכטס, וואָס מיר האָבן אַנטדעקט נעבן דער קיך. אַזוי איז געווען אינעווייניק פריי. דאָ זענען נישט געווען קיין קאַפּאָס, קיין געסטאַפּאָ, נאָר ביים הויכן שטעכלדראָט־פּאַרקאַן זענען געשטאַנען טשעכישע פּאָליציאַנטן מיט שטעקנס, מ'זאָל נישט אַרויסגיין, אָבער קיינער האָט אונדז נישט געווערט אינעווייניק צו נישטערן און זוכן עסן־אָפּפאַל. האָבן מיר די קאַרטאָפל־שאָלן געקאָכט און געגעסן אָן אַ מאָס. אַזוי האָבן מיר זיך געשטעלט אויף די פיס.

דאָך איז דער הונגער אָנגעגאַנגען. מען האָט זיך אָרגאַניזירט, געשיקט אַ דעלעגאַציע צום דירעקטאָר, ער זאָל געבן עסן. האָט ער זיי „באַשטאָכן" מיט פּאַסטנס ביי זיך און מיט פרעסן און מיר זענען געבליבן ווייטער הונגעריק. עס האָט אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע. מען איז געשטאָרבן. מ'האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, האָט מען באַשלאָסן שיקן אַ גרויסע דעלעגאַציע, אויפרייסן דעם טויער און זיך ווענדן צום רויטן קרייץ, פאָדערן הילף. מען האָט עס אָבער באַלד איבערגעגעבן דעם דירעקטאָר, האָט ער זיך צעשריגן, אַ בונט מאַכט איר, עס קומט אייך טויט־שטראָף ,אָבער דאָס איז שוין

געוועזן דער 7־טער מאַי 1945 און ער האָט שוין געפּילט אַז ער האַלט ביים סוף, האָט ער געזאָגט אַז מיר מוזן זיך ווענדן צום יודנראַט, ווייל ער איז נאָך דער אויספּילונגס־אָרגאַן און וואָס זיי זאָגן אים טוט ער, זענען מיר אַוועק פינף יידן, צווישן זיי אויך איך, און נאָך פיר שעה דינגעונישן האָבן מיר אויסגעפּועלט 400 גראַם ברויט, אַ שטיקל קעז און אַ שטיקל ווורשט פאַר אַ מענטש יעדן טאָג און מ'זאָל באַלד עפענען אַ שפּיטאָל פאַר די קראַנקע.

אינצווישן זענען דורכגעגאַנגען עטלעכע רוסישע זעלנער און זעענדיק דעם פּלאַץ באַוואַכט מיט טשעכישער פּאָליציי, האָבן זיי געפרעגט, וואָס איז דאָ, און ווען זיי האָבן זיך דער־וווּסט, וואָס דאָס איז פאַר אַ פּלאַץ, האָבן זיי אַ זידל געטון אויפן רוסישן שטייגער און געהייסן אויפמאַכן די טויערן. יידן האָבן זיך אָנגעהויבן קושן מיט זיי. מען האָט געטאַנצט מיט די לעצטע כוחות און מען איז צו מיטן גאַנצן אימפּעט, אויפגעבראָכן די מאַגאַזינען און גענומען וואָס מ'האָט נאָר געקאָנט. דערווייל זענען מיר געזעסן אין יודנראַט און נישט געוווּסט פון גאָרנישט. ווען מיר זענען אַרויס, זענען שוין די מאַגאַזינען געווען ליידיק. כ'האָב קוים צוגעשלעפּט אַ זעקל קאַרטאָפל.

די רוסן האָבן אָבער באַלד געשלאָסן דעם געטאָ, ווייל דער טיפוס האָט געבושעוועט, מען איז געגאַנגען אויף קער־פּערס און זיי האָבן נישט געוואָלט, מען זאָל אָנשטעקן די אַרמיי.

עס זענען מיר נמאס געווען די געשלאָסענע טויערן ווי־דער און כ'האָב באַשלאָסן מיט הירשלען צו אַנטלויפן.

מיר זענען אַרויס דורך אַ פענצטער און דעם 20־סטן מאַי 1945 זענען מיר אָנגעקומען קיין וואַרשע. יידן האָבן אונדז געוואָרנט, אַז די פּאָליאַקן הרגענען יידן, וואַרפן זיי אַרויס פון די לויפנדיקע וואַגאָנען, אָדער שיסן זיי סתם אַזוי.

מיר זענען אַוועק צופוס קיין ווישאָגראָד דורך סאָכאַ־טשעוו. האָט מען אונדז דערציילט, אַז די פּאָליאַקן האָבן דערשאָסן אינמיטן טאָג יעקב שלאָסבערגס אַן איידעם, זענען מיר אַוועק פון סאָכאַטשעוו און אָנגעקומען קיין ווישאָגראָד דעם 23.5.1945.

דאָרט זענען געווען יאָסקע לעווין און זיין פרוי מאַרישע, יצחק פּאַסטערנאַק, אפרים בוכנער און ישראל שוואַרצבאַרד.

פינף חדשים זענען מיר געווען אין שטעטל און איך האָב טאַקע דאָרט חתונה געהאַט מיט מיין איצטיקער פרוי. אויפגעשטעלט אַ נייע משפּחה. יעדן טאָג זענען מיר געגאַנגען צום שול־פונדאַמענט און זיך גוט אויסגעוויינט. יעדן צווייטן טאָג — אויפן בית־הקברות געבעטן מחילה ביי די קדושים און געזאָגט קדיש. אויפן בית־עולם איז קיין זכר פון קיין מצבה נישט געבליבן. דאָס שטעטל איז פוסט און חרוב. מען זעט קיין יידן נישט. ווען מיר זענען צוגעקומען צום ווייסל, זע־נען גויים געשטאַנען און זיך געצלמט. זיי האָבן זיך נישט געריכט, אַז מיר לעבן. ווען מיר האָבן זיי געפרעגט, צי עס זענען נאָך דאָ יידן אין שטעטל, האָבן זיי געענטפערט אַז יאָ, אָבער ס'איז נאָר געווען פינף יידן. דער אמת, זענען נאָר גויים געווען.

ס'איז געווען ווישאָגראָד, ס'איז נישטאָ מער. נאָך אַ בית־הקברות פון יוגנט־זכרונות, קינדער־יאָרן און האָפענונגען איז דאָרט דאָ. דער חלום פון קאָנען לעבן אין גלות איז דאָרט באַגראָבן געוואָרן אויף אייביק.



קבוץ „חפץ חיים״, עשוועגע, דייטשלאַנד, מאַי 1948 ח' דייטש פירט אָן מיטן פּאַראַד לכבוד דעם אַנטשטיין פון מדינת ישראל

מיינע שוידער מעמוארן האָב איך געווידמעט אונדזער מאַרטירער־אַרכיוו, כדי קינפטיקע דורות זאָל וויסן וואָס זיינע פאַרגייער האָבן אויסגעשטאַנען. כדי מיר זאָלן געדענקען אַז גוים זענען פעאיק צו אַלעס. כ׳האָב דערפאַר נישט גערעט צו־פיל וועגן זיך אַלס פּרט. כ׳בין דערשינען אין די פאַרצייכנונגען אַלס מעדיום פון גרויל־פאַקטן, ווייל זיי זענען געשען מיט מיר און מ׳קאָן זיי געדענקען נאָר דורך מיר. האָב איך געמוזט דערמאָנען זיך, אָבער נישט צוליב מיין פערזענליכקייט.

זאָל זשע מיר דערלויבט זיין ביים ענדע אַ פּאָר פריוואַטע פאַרצייכנונגען. אי דאָס אויך צוליב דעם סימבאָלישן זין פון די פּרטים:

אין נאָוועמבער 1945 בין איך געפאָרן פון ווישאַגראַד קיין דייטשלאַנד כדי אנצוקומען קיין ארץ ישראל. כ׳בין אָנגעקומען קיין ישראל אַ פּאָר טעג פאַר די פייערונג פון מדינת ישראל אין 1949. איז דאָס געווען ביי מיר אַ סימבאָל פאַר מיר און פאַר אונדזער דור.

דער סימבאָל איז נישט קיין צופעליקער. ס׳ווייזט אויס, אַז איינער פון די נסים פון אונדזער דור איז דאָס, וואָס מיר האָבן אַזוי שנעל זיך אָפּגעשאָקלט פון דעם נאַצישן קאָשמאר און שנעל אַריין אין דער פרייד פון דער יידישער מדינה, אַזוי שנעל ווי ס׳איז פאַרשווינדן אונדזער עמלק, אַזוי שנעל זענען פאַרשווינדן די שפּארן פון זיינע גרול טאַטן, און מיר זענען אַלע אַריין אין טראַנס פון אונדזער ענטשטייונג מיט׳ן גאַנצן הארצן, געזונט אין גייסט און שטאַרק אין נשמה, טראָץ אונדזער אַנגעווייטיקטע פאַרפּייניקטן קערפּער.

ווען כ׳בין נאָך געווען אין עשוועגע — דייטשלאַנד, אין די־פּי לאַגער ווי דער בשותפותדיקער אָפּצייכנונגס סימן פון אונדז אַלע איז געווען דער גרויסער בראָך אונדזערער, בין איך שנעל אַריין גלייך מיט אַנדערע ווי איך, אין דער טעטיקייט פאַר אונדזער מדינה־אונטערוועגס און האָב מיין גאַנצן ברען און ענערגיע אַריינגעלייגט אין דער ציוניסטישער פראָפּאַגאַנדע פאַר עליה און מדינה. כ׳האָב דאָס געטון דורך מיין באַוועגונג אגודת ישראל אָבער פאַרן כלל ישראל. און ס׳איז מיר בייגעשטאַנען דער גרויסער זכות, אַז אין מיטן מאַי 1948 ווען מיר האָבן דערהערט די בשורה פון אונדזער זעלבשטענדיקייט און ס׳האָט זיך אָרגאַניזירט אַ דעפּילאַדע פון טויזנטער יידן אין לאַגער, צו פייערן מיטן אַ פאַנען־מאַרש דעם גרויסן יום־טוב, האָט די לאַגער־פאַרוואַלטונג מיך אויסגעוויילט צו שטיין אין דער שפּיץ פון דער דעפּילאַדע. און ווען כ׳האָב אַרויסגעשריגן די העברעאישע קאָמענדעס און די שיינענדיקע מאַסע האָט אַ ריר געטאָן, האָב איך געפילט, אַז כ׳בין פריי, זעלבשטענדיק און הערשער פון אייגענעם גורל.

און איך בעט:

רבונו של עולם היט אונדז אויס פון שוידער, ברענג שלום און רו צו דיין פאָלק און זיין מדינה! געגוג פריוון זענען מיר שוין אויסגעשטאַנען! מאַך אַז אונדזערע קינדער זאָלן שוין מער נישט וויסן וואָס הייסט גלות. זאָל דאָס וואָס מיר האָבן געליטן זיין אַ כפרה פאַר זיי. און שלום זאָל זיין אויף ישראל אויף אייביק. אמן!

**נתן לייב דייטש** / גבעתיים

# זכור
# ייד פון ווישאגראד

**זכור,** געדענק דעם 1טן סעפּטעמבער 1939 — ט״ז אלול התרצ״ט, ווען ס׳האָט זיך אָנגע־הויבן די אויסראָטונג פון די זעקס מיליאָן יידן אין אייראָפּע דורך די נאַציס, ימ״ש.

**זכור,** געדענק דעצעמבער 1939 — כסלו הת״ש, ווען די נאַצישע רוצחים האָבן אָנגעהויבן דעם חורבן פון אונדזער מקדש מעט און איינגעלייגט אונדזער שיינע שול, דער שטאָלץ פון אונדזער שטאָט און דאָס האַרץ פון אונדזער קהלה.

**זכור,** געדענק תשעה באב הת״ש — אויגוסט 1940, ווען מען האָט אויפגעצווונגען אויף יידן עבודת פרך און אַרויסגענומען הונדערט און צוואַנציק יידן פון ווישאָגראָד אין לאַ־גער באַלסק.

**זכור,** געדענק דעם 6טן מערץ 1941 — אָדר התש״א, ווען מ׳האָט אַרויסגעטריבן 700 ווישאָ־גראָדער יידן קיין סלופּיענאָוואַ, צווישן זיי אויך אונדזער לעצטן רב, הרה״ג ר׳ נפתלי שפּיוואק זצ״ל, און דעם מו״ץ הרב ר׳ דוד צבי לובין זצ״ל.

**זכור,** געדענק, אַז פון זיי אַלע האָבן זיך געראַטעוועט בלויז דריי־פיר יידן, — אַלע זענען דאָרט אומגעקומען.

**זכור,** געדענק, אַז דעם טאָג האָבן די נאַצישע מערדער געמאַכט דעם אָפענעם געטאָ אין ווי־שאָגראָד און אַריינגעפּאַקט אַלע יידן אין דעם שטח פון האַלב פלאַצקער גאַס, אין ווינקל פון קרוטקע און אָגראַדאָווע, און עק קלויסטער־גאַס צו פיר משפחות אין איין צימער.

**זכור,** געדענק תשעה־באב התש״א, ווען מ׳האָט דעם געטאָ אַרומגענומען מיט שטעכל־דראָט און צוגערויבט ביי די יידן דאָס לעצטע ביסל האָפענונג און פרייהייט.

**זכור,** געדענק יולי 1941, ווען די נאַצישע מערדער האָבן אַריינגעפּאַקט יידן אין 4 לאַסט־מאַשינען — מענער, פרויען און קינדער, וואָס זענען צוריקגעקומען קיין ווישאָגראָד פון סלופּיענאָוואַ און וואַרשע. מען האָט זיי אַוועקגעשיקט צום טויט. עס איז אַפילו נישט געבליבן קיין זכר ווו מען האָט זיי פאַרניכטעט. הי״ד.

**זכור,** געדענק, אַז דעם טאָג האָבן זיי אַריבערגעשיקט 500 יידן איבער דער ווייסל קיין וואַרשע און מער זענען זיי נישט צוריקגעקומען.

**זכור,** געדענק שבת פ׳ ויצא 1941, התש״ב האָבן די נאַצישע מערדער ליקווידירט דאָס ווי־שאָגראָדער געטאָ און אַרויסגעשיקט אַלע יידן פון ווישאָגראָד קיין נאָווידוואָר און טשערווינסק, און מער האָבן זיי ווישאָגראָד נישט געזען.

**זכור,** געדענק ו׳ טבת התש״ג — 13 דעצעמבער 1942, דעם שרעקלעכסטן טאָג, ווען די מער־דער מיט זייערע אונטערהעלפער האָבן פאַרגאַזט לעבעדיקערהייט און פאַרברענט אונ־דזערע לעצטע ווישאָגראָדער קדושים — מענער, פרויען און קינדער אין די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס פון בירקענאַו און אוישוויץ.

**זכור,** געדענק אויך די טייערע יידן פון נאָווידוואָר, זאַקראָטשים, לעאָנטשין, טשערווינסק און נאַשעלסק, וואָס זענען צוזאַמען מיט זיי געווען אין נאָווידוואָרער געטאָ און צו־זאַמען מיטגעמאַכט דעם גרויזאַמען סוף.

**זכור, ווישאָגראָדער ברודער! געדענק און נישט פאַרגעס!**

**הערשל נוימאַן**

# בריוועלעך פון גיהנום

פייגעלע,

כ׳שרייב דיר אַזוי, ווי מיר האָבן אָפּגעשמועסט, אַז אין פאַל ס׳וועט וואָס פּאַסירן מיט וועמען פון אונדז, מ׳וועט וועמען פון אונדז אויסזידלען, אָדער חלילה, וואָס נאָר ס׳קאָן געשען אין די היינטיקע ביטערע צייטן, זאָלן מיר זיך קעגנזייטיק אינפאָרמירן.



פייגעלע, ס׳איז שוין באַלד פיר וואָכן ווי דאָס איז פאָרגעקומען, אָבער כ׳בין נישט אומשטאַנד געווען צו שרייבן, ווייל ס׳איז שווער דאָס צו שילדערן און צו גלויבן, אַז אַזעלכעס קאָן פאָרקומען ס׳איז אָבער אַ פאַקט, מיט אונדז, איז עס געשען, מיר האָבן דאָס מיטגעמאַכט.

מיט אַ צייט צוריק האָט מען שוין געשמועסט, אַז די נאַצישע היטלעריסטישע מאַכט וועט אַרויסטרייבן יידן פון דעם פלאָצקער קרייז, ווייל זיי האָבן דעם גאַנצן טייל פוילן פאַראייניקט מיט דייטשלאַנד און דערקלערט, אַז דאָס געהערט צום „דייטשישן רייך״ און ער מוז בלייבן יידן־ריין. דעם גאַנצן ווינטער האָט מען גערעדט דעריבער און לעצטנס דאָס הייסט אָנהויב מערץ האָט מען שוין איבערגעגעבן, אַז מ׳זעט אויטאָמאָבילן מיט מענטשן, וואָס פאָרן פון פלאָצק און דאָס זענען זיכער פלאָצקער יידן, וואָס ווערן אַרויסגעריסן מיטן וואָרצל. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס׳קומט איצט אונדזער ריי, האָט מען זיך אָנגעהויבן צוגרייטן צו דעם, וואָס ס׳וועט אוודאי פאָרקומען. מיר האָבן פאַר יעדן מאַן, פרוי און קינד אויפגענייט קליינע רוקזעק, מ׳זאָל קאָנען מיטנעמען דאָס נויטיקסטע און די קינדער האָט מען אָנגענייט זייערע אויסגענייטער אויף לייוונט נעמען און פאַמיליע־נעמען, אַז אין פאַל, ווען אַ קינד וועט פאַרלוירן גיין, זאָל מען עס קאָנען אָפּזוכן.

פאַרשטייסט דאָך פייגעלע אונדזערע נעכט, ווי מיר זענען געשלאָפן אין אַנגסט און האַרצקלאַפּעניש, ווער האָט געקאָנט שלאָפן, אַז מ׳האָט געוואַרט אויף דער שוואַרצער שעה און מ׳איז נישט געווען זיכער, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. די דייטשישע פלענער, האָבן מיר געוווּסט, זענען ווייטגייענדיק ספּעציעל פאַר אונדז יידן. ווייסט דאָך, דאָס וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט ביז היינט גיט אונדז זיכער נישט קיין האָפענונג אויף גוטס פאַר דער צוקונפט. דו פייגעלע ווייסט דאָך שוין, וואָס דאָס הייסט. איר אין וואַרשע האָט דאָך גענוג אַזעלכעס איבערגעלעבט, איר געפינט זיך אין פאַרמאַכטן געטאָ אין שוידערלעכע באַדינגונגען. ווען כ׳בין געווען דאָס לעצטע מאָל אין וואַרשע האָט מיר דיין פאָטער געוויזן, ווי אַזוי ס׳לעבן יידן אויסגעזידלטע, אויסגעריסענע פון זייערע היימען אין וואַרשע.

פייגעלע, ס׳איז שלעכט.

דאָנערשטיק, 6.3.1941.

גאַנץ פרי האָט מען געהערט אין שטאָט אַ שטאַרקע באַוועגונג פון אויטאָס, וואָס האָבן זיך אויסגעשטעלט ביי די זייטיקע גאַסן פון מאַרק. ס׳איז געווען פאַר אונדז קלאָר, אַז עס קומט אָן דאָס, וואָס פאַר דעם האָבן מיר זיך געשראָקן. איצט וועט מען אונדז פאַריאָגן פון אונדזערע היימען און ווער ווייסט וווהין? ווי ווייט? וואָס הייסט דאָס? ווי ווייט גרויזאַם איז דאָס? אַלע די פראַגן האָבן מיר ערשט שפּעטער פאַרשטאַנען. די ווירקלעכקייט איז געווען אַ סך גרויזאַמער, ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט.

ביז צו דער אויסזידלונג האָבן מיר נאָך געוווינט אין אונדזער הויז אַפילו מיט נאָך שכנים פון די אַרומיקע הייזער, וואָס די דייטשן האָבן איינגעלייגט, אָבער דאָך ביי אונדז. ווען די דייטשן זענען אַריין האָבן זיי איינגעלייגט אַלע הילצערנע הייזער, וואָס געהערן צו יידן. עס האָבן זיך געשאַפן שרעקלעכע ווינונגס־שוועריקייטן פאַר יידן, דאָך האָט מען נאָך געלעבט ווי מענטשן און וואָס וועט זיין איצט?

באַלד האָט מען צו וויסן געטאָן, אַז ביז 9 אַזייגער פרי דאַרפן אַלע יידן זיך געפונען אויפן מאַרק מיט קליינע פעקלעך. מ׳האָט אָנגעהויבן שטראָמען צום מאַרק, וואָס איז געוואָרן איבערפולט מיט יידן פון שטעטל. דער מאַרק האָט געווימלט מיט דייטשישער פאָליציי, ס.אַ.־מענטשן, און פאָלקס־דייטשן פון ווישאָגראָד און אַרום, וואָס זענען געקומען זיי העלפן און מ׳האָט געשלאָגן, געהרגעט יידן, וואָס האָבן זיך נאָך געפונען אין גאַנג צום מאַרק.

אין מאַרק אַליין האָט מען אויסגעשטעלט אונדז יידן אין רייען. מען האָט אָפּגעציילט זיבן הונדערט יידן און זיי

אַרויפגעפּאַקט אויף לאַסט־אויטאָס און אַוועקגעפירט פון שטעטל.

צווישן די זיבן הונדערט מענטשן בין איך געווען מיט מיין פאַמיליע, אַ פרוי מיט צוויי קינדער, מיין שוועסטער פייגע מיטן מאַן שלמה יואל ראָזנבלום און קינדער און חנה פּערלס ברודער שלמה יהודה לאַבענצקי מיט זיין פרוי און קינדער, רויזעלע די טאָכטער פון עקיבא מוליכער מיט איר מוטער און קינד, יהושע סוקולובס טאָכטער חנה פייגעס אייניקל און אַ טאָכטער פון דער קנעפּל־מאַכערין און די מיידלעך, וואָס האָבן געוואָלט אַריין אין וואַרשעווער געטאָ.

די איבעריקע יידן האָט מען אַהיים געטריבן פון מאַרק נאָכדעם וואָס די אויטאָס האָבן גערירט.

מיר זענען פאַרפאָרן ביז דזיאַלדאָווע, אַ שטעטל אין פּוילן נישט ווייט פון דער דייטשישער גרענעץ, ווו ס'איז געווען אַ מיליטערישער פּוילישער פּונקט. דאָרט פאַר די קאַזאַרמעס האָט מען אונדז געהייסן לויפן גיין אין לויף־שריט און אַריין אין לאַגער. דער וועג איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ דאָפּלטן שפּאַליער פון דייטשישער פּאָליציי אין וועלכן מיר האָבן געדאַרפט דורכגיין און די פּאָליציאַנטן זענען געשטאַנען, אונדז געשלאָגן מיט שטעקנס דעם גאַנצן וועג ביז מיר זענען צו צום באַשטימטן פאַר אונדז פּלאַץ. דאָס זענען שטאַלן פון פערד פון דעם פּוילישן מיליטער, וואָס איז דאָ געווען ביז דער קריג. ס'איז נישט געווען גענוג פּלאַץ פאַר אַלע זיבן הונדערט יידן, ס'איז נישט געווען ווו זיך אַוועקצוזעצן אויף דער פּאָדלאָגע. דאַרפסט פאַרשטיין, פייגעלע, אַז אַזוי פיל מענטשן, מענער, פרויען און קינדער דאַרפן האָבן ווו אַרויסצוגיין און צווישן זיי געפינען זיך דערוואַקסענע קינדער. עס איז געווען אַזוי ענג, אַז טראָץ דעם שווערן ווינטער און עסעריקע קעלט איז דאָ געווען שרעקלעך הייס און ס'האָט פאַרפעלט לופט צוליב דער ענגשאַפט.

אַזוי האָבן מיר איבערגעלעבט — איבערגעשטאַנען די ערשטע נאַכט אין דזיאַלדאָוואַ. און דערנאָך נאָך עטלעכע טעג און נעכט. מיר זענען דאָ געווען עטלעכע טעג. דאָ איז געווען אַ זאַמלפּונקט פאַר אַ סך שטעטלעך פון דעם אַזוי גערופענעם „דריטן רייך", וועלכע מען האָט באַרויבט פון אַלעם און אויסגעוואָרצלט. די דייטשן האָבן ביי אונדז צוגענומען אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאַט עפּעס אַ ווערט, אָנהייבנדיק פון געלט, גאָלד, זאַכן, זייגערלעך ביז קליידער און אַנדערע בעסערע זאַכן. זיי האָבן יעדן מענטש געגעבן דערפאַר 20 זלאָטעס און דערקלערט, אַז איצט פאָרן מיר אין דעם טייל פּוילן, וואָס געהער נישט צום „רייך" און וועלכעס ס'טראָגט דעם נאָמען „פּראָטעקטאָראַט". די זלאָטעס זענען שוין נישט געווען דאָ קיין געלט, ווייל דאָ איז שוין אָנגעגאַנגען אַן אַנדער וואַלוטע, אַזוי אַז דאָרט אין פּראָטעקטאָראַט וועלן מיר קאָנען קויפן פאַר די זלאָטעס אַלץ. פריער האָט מען אַריינגענומען צו עטלעכע יידן אין אַ צימער, ווו ס'האָבן זיך געפונען דייטשישע פּאָליציסטן און זיי האָבן געהייסן אָפּגעבן פינגערלעך, גאָלד און שמוק, געלט און ווערטפולע זאַכן, און אויב אַ ייד האָט זיי אויסגעזען רייך און געמיינט, אַז ער האָט נישט אָפּגעגעבן אַלץ, האָט מען אים מערדערלעך געשלאָגן פאַר אַלע אין די אויגן, אַז די איבעריקע האָט זיך שוין אָפּגעוואָלט צו פאַרבאַהאַלטן עפּעס פון זיי. מ'האָט אַלץ אָפּגעגעבן.

פייגעלע, אין די צימערן זענען געווען אויפשריפטן פון פּלאָצקער יידן, אַז זיי זענען דאָ געווען דעם 4־טן און 5־טן מערץ 1941, ד. ה., אַז זיי זענען אָפּגעפאָרן מיט אַ טאָג פריער, איידער מיר זענען אָנגעקומען. דייטשישע אָרגאַניזיר־פעאיקייט. מיט אונדז אין דזיאַלדאָווע געפינען זיך אויך יידן פון מלאָדאָשין. די אויסזידלונג גייט ראַש און נעמט אַרום ברייטע געגנטן.

פייגעלע, אין דער קורצער צייט אין דזיאַלדאָווע האָבן די פאָרשטייער פון הויכקולטורעלן דייטשישן פאָלק באַוויזן, ווי ווייט באַרבאַריש זיי זענען, ווי ווייט קולטורלאָז זיי זענען. שטעל דיר פאָר די דערנידעריקונג, אַז מענער און פרויען האָבן געמוזט מאַכן זייערע באַדערפענישן איינער אין די אויגן פון צווייטן, אין איין צייט און אויף איין פּלאַץ.

שלעכט איז אויך, פייגעלע, מיטן עסן. מיר האָבן באַקומען עסן און נישט געדאַרפט הונגערן, אָבער עס געפינען זיך שטרענג רעליגיעזע יידן פון שטעטל וואָס עסן נאָר ברויט און וואָס האָבן נאָך עפּעס־וואָס פון דער היים און אַזעלכע, וואָס האָבן נישט ממש גאָרנישט צום ברויט. ווען מ'קוקט זיך צו, זעט מען דאָ פאַרשידענע שיכטן, וואָס האָבן אַהער פאַרוואָגלט. עס זענען דאָ מענטשן פאַרמעגלעכע און אָרעמע, ווי אויך אַזעלכע, וואָס אין דער היים האָבן זיי געהאַט פּרנסה און געלעבט ווי מענטשן.

ס'געפינט זיך דאָ אויך דער ווישאָגראָדער רבֿ, ר' נפתלי שפּיוואַק, דער מורה הוראה ר' דוד הירש, ר' פּנחס גאַרבאַזש מיט זייערע פאַמיליעס, יאָסל דימאַנט, הירשל שווירץ, סיני־מאיר קראָנענבערג, בלומע לאה גאָלדמאַן מיטן מאַן, משה ספּירשטיין מיט די קינדער, ישראל הירש ראָטבאַרד מיט זיין פאַמיליע, יאַנציע גראָסדאָרף און פאַמיליע, אהרון וואַלפיש, ברוך פּאָפּאָווסקי מיט דער פאַמיליע און נאָך פיל ווישאָגראָדער באַקאַנטע.

נאָך עטלעכע טעג זענען מיר אָפּגעפאָרן פון דזיאַלדאָווע מיט אַ ספּעציעלן צוג. פון די באַן־אַרבעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מיר פאָרן קיין קעלץ.

פייגעלע, כ'בין מיד און דערשעפּט. כ'גלויב, אַז אויף היינט וועט זיין גענוג. כ'וועל דיר שרייבן ווי נאָר כ'וועל קאָנען וועגן אַלץ, וואָס וועט מיט אונדז געשען.

סלופּיע־נאָוואַ, 18.10.41.

ס'איז פאַקטיש געווען ווי די באַן־אַרבעטער האָבן געזאָגט. מיר זענען פאַרפאָרן קיין קעלץ. דאָ האָבן שוין געוואַרט אויף אונדז פערד און וועגענער. די מערדער דייטשן האָבן אָרגאַניזירט די אויסזידלונג פּערפעקט. פּויערים פון קעלצער געגנט, פון אַלע דערפער אַרום האָבן געמוזט קומען מיט פערד און וואָגן, כדי אונדז איבערצופירן קיין סלופּיע.

דאָס איז אַ קליין שטעטל, 40 קילאָמעטער פון קעלץ, ווו ס'האָבן געלעבט אַכציק יידישע פאַמיליעס און דו קאָנסט

זיך, פייגעלע, פאַרשטעלן די לאַגע, ווען מיר זענען אָנגעקו? מען זיבן הונדערט יידן מיטאַמאָל, און די אַכציק פאַמיליעס האָבן נישט געקאָנט אונדז געבן אַ דאַך איבערן קאָפּ. פיל פון די אָנגעקומענע האָבן געמוזט בלייבן אין שול, אין דעם בית־המדרש און אַנדערע קהלישע פּלעצער. עס איז אויך געשען דאָ דאָס, וואָס געשעט תמיד די רייכע און שיין גע־קליידעטע האָבן די יידן גענומען צו זיך. אויך די קלענערע פאַמיליעס האָט מען גענומען. דאַקעגן די אָרעם געקליידעטע און די גרויסע משפחות האָט מען געלאָזט שטיין. איך מיט מיין פאַמיליע און פייגע מיין שוועסטער מיט איר פאַמיליע האָבן באַקומען אַ צימער ביי אַ פאַמיליע. שטעל זיך פאָר פייגעלע, מיר זענען אָנגעקומען אַהער פאַר פורים, די נעכט זענען נאָך זייער קאַלטע און מיר האָבן נישט קיין דעקן מיט וואָס צוצודעקן די קינדער. מיר דעקן זיך צו מיט די קליידער, וואָס מיר גייען אָנגעטון. היינט פאַרשטיי, ווי שווער דאָס האָט געטראָפן די גאַנץ אָרעמע משפחות, וואָס שלאָפן איצט אין די עפנטלעכע הייזער, אין שול און אין בית־המדרש ווו די קאַלטע ווינטן שפּאַצירן אַרום פריי, דערצו האָבן זיי שוין די ערשטע טעג נישט וואָס צו עסן.

מען האָט באַלד טאַקע געשאַפן אַ קיך, ווו מ'באַקומט אַ ביסל וואַרעם עסן און דאָס העלפט פיל. פייגעלע, ס'איז שוין נאָך פסח 1941.

מיר האָבן באַקומען מצות אויף פסח און דאָס אַ ביסל געלינדערט די לאַגע. דאָך זענען אין די עטלעכע וואָכן, וואָס מיר געפינען זיך דאָ פיל ווישאַגראַדער יידן געשטאָרבן פון הונגער.

מיר האָבן זיך אינטערעסירט מיט אַרבעט און האָבן זיך דערוווּסט, אַז נישט ווייט פון שטעטל איז פאַראַן אַ שוועבל־גרובן, ווו מיר קאָנען באַקומען אַרבעט. נישט אין די גרובן אַליין, נאָר ביי אַרבעטן נעבן זיי. מען דאַרף צו די גרובן האָבן פיל שטיינער, וועלן מיר דאַרפן אָנקלייבן פון די בערג שטיינער, זיי אויפלאָדן אויף וואַגאָנען און זיי אָפּפירן אין די גרובן. מיר קאָנען אַזוי אַרום פאַרדינען 6 זלאָטעס אַ טאָג, דאָס איז גענוג פאַר איין קילאָ געמיין ברויט.

אָבער פייגעלע, דאָס איז אויך גוט. ס'אַרבעטן דאָ פון די יידן, וואָס דו קענסט. ס. מ. קראָנענבערג, ה. שווירץ און אַנדערע, וואָס זענען געפאָרן קיין וואַרשע.

די עקאָנאָמישע לאַגע איז דאָ ערגער ווי שלעכט. עס איז אַ שווערער הונגער. צווישן די יידן פון שול און בית־מדרש זענען דאָ פיל קראַנקע און פיל זענען געשטאָרבן.

*

פייגעלע, איך אַרבעט שווער ביי די שטיינער. מיר לאָדן אויף גרויסע שווערע שטיינער אויף אַ טראַגע, צוויי מאַן דאַרפן אויפהייבן די טראַגע און אַזוי גיין מיט איר ביז צום ראַנד פון באַרג און אַראָפּוואַרפן די שטיינער פון באַרג, און דאַן אַראָפּגיין און אויפלאָדן די שטיינער אויף באַן־וואַגאָנען, ווען מען קומט פון דער אַרבעט איז מען אַזוי צעבראָכן און פאַרמאַטערט און דאָס פאַרדינסט אַזוי קליין, אַז עס ווילט זיך אָפּ דאָס לעבן. אַלץ איז דאָ טייער, נישט צום פאַרשטעלן זיך. כ'האָב פאַרקויפט אַ „חזירל" (ד. ה. אַ 10 רובל שטיק גאָלד) קאָן איך קוים קויפן דערפאַר 100 קילאָ קאַרטאָפל, און פאַרשטייסט דאָך, נישט אַלע האָבן חזירימלעך צום פאַרקויפן, ספּעציעל די, וואָס אויך אין ווישאַגראַד איז זיי שווער גע־ווען מיט פרנסה — און האָבן אַהער גאָרנישט געקאָנט ברענגען — עס זענען דאָ פאַראַן אויך מענטשן, וואָס האָבן דאָס גאָלד איבערגעלאָזט אין ווישאַגראַד מיטן געדאַנק, זיי זאָלן דאָס האָבן אויף שפּעטער און דאָ גייען זיי אויס פאַר הונגער און האָבן נישט, פאַרוואָס אַ שטיקל ברויט צו קויפן.

די לאַגע איז נישט צום באַשרייבן.

*

פייגעלע, מיר האָבן געקריגן בריוו פון דער מאַמען מיט דער שוועסטער פון ווישאַגראַד, ביי זיי איז ווייזט אויס, די לאַגע בעסער. ס'האָט זיך אויך אַ ביסל איינגעשטילט דאָס געמיט. נאָך דער אויסזידלונג האָט מען די יידן פון רעמבאָ־ווער גאַס געהייסן פאַרלאָזן זייערע הייזער אין פאַרלויף פון אַ שעה און אַריבער אין זייטיקע געסלעך. זיי זיצן נישט זי־כער, אָבער מיט עסן איז דאָרט פיל לייכטער. מען הונגערט נישט. אַזוי, אַז מ'היבט אָן צו טראַכטן פון פאָרן צוריק קיין ווישאַגראַד. צוויי יונגע בחורים האָבן שוין דאָס געטון. פאַר־שטייסט פייגעלע, ווי לאַנג וועלן מיר סטאַרטשען מיינע 10 רובל־שטיק? און ווער ווייסט ווי לאַנג די מלחמה וועט אָנ־האַלטן. די מלחמה פון יאָר 1914 האָט זיך געצויגן 4 יאָר, די איצטיקע מלחמה איז דאָך אַ סך אַ גרעסערע אין איר פאַרנעם און זי וועט באַשטימט אָנהאַלטן אַ סך מער. דאָ אין סלופּיע האָבן מיר אויך נישט קיין בעטציג, קיין בעטן צום שלאָפן, נעם דאָס אַלץ פייגעלע און באַטראַכט וועסטו צוגעבן, אַז מיר דאַרפן זיך צוריקקערן. די צוויי בחורים שרייבן, אַז מ'האָט זיי קיין שלעכטס נישט געטון ביים קומען צוריק קיין ווישאַגראַד. מיר קאָנען דאָ אָרגאַניזירן אַ 15 מענטשן, מיר וועלן דינגען אַ פויער מיט אַ שפּאַן און זיך לאָזן אין וועג, קיין וואַרשע און פון דאָרט זיך דערשלאָגן אַהיים, אפשר וועט דאָס זיין אַ לייזונג אויף אַ שטיקל צייט. דאָ מען קאָן איך שוין נישט. צופיל געהונגערט און מורא געהאַט פאַר הונגער.

ווישאַגראַד, 3.6.1941.

פייגעלע, ווי דו זעסט בין איך שוין אין ווישאַגראַד, צוריק אין דער היים. דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע רייזע. מיר זענען געפאָרן מיט פערד און וואָגן, זעכצן מענטשן, קינדער און פרויען און איך און מיין שוואָגער שלמה יואל ראָזנבלום. דער פּלאַן אונדזערער איז געווען צו פאָרן ביז וואַרשע און פון דאָרט זיך צעטיילן און יעדער איינער וועט זיך דערשלאָגן, ווי ער וועט קאָנען. אָבער אין וועג האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אַ ביסל אין די שטעטלעך, וואָס מיר זענען אַדורכגעפאָרן האָט מען אונדז געוואָרנט, אַז מיר דאַרפן דורכפאָרן דאָס שטעטל גריצע און דאָרט איז זייער געפער־לעך פאַר יידן, אויב מ'וועט אונדז כאַפּן, זענען מיר איינגע־

שטעלט מיטן לעבן. מיר האָבן געהאַט נאָר איין ברירה, צו פאָרן מיט אַ דאַם אויף דער ווייסל קיין וואַרשע און פון דאָרט ווידער זיך צעשיידן און פאָרן ווי איינער קאָן.

פאָרנדיק אויפן שיפל האָט אַ קריסט אַ שמוגלער דערקענט אויף חנה פייגעס אייניקל, אַז זי איז אַ יידיש קינד און ער האָט אונדז געמסר׳ט פאַר דעם קאַפּיטאַן. ס׳האָט אונדז געדראָט אַ שרעקלעך געפאַר, האָבן מיר אַלע מיט שלמה יואלן באַצאָלט דעם קאַפּיטאַן אַ פיינע סומע געלט, ער זאָל אונדז נישט איבערגעבן דער פּאָליציי. דאָס איז נישט געווען אַזוי לייכט. ער האָט אויך מורא געהאַט פאַרן לעבן, אָבער אַזוי ווי עטלעכע מענטשן האָבן באַדאַרפט גיין אין וואַרשעווער געטאָ, האָט עס געהייסן פאַר די קריסטן, אַז ער גיט אונדז אַלע איבער דער מאַכט אין וואַרשע מ׳זאָל אונדז איינשפּאַרן אין געטאָ.

פון וואַרשע זענען מיר גלייך געפאָרן ווייטער און אָנגעקומען קיין ווישאָגראָד, קומענדיק אַהער האָב איך מיך גלייך פאַרשריבן אין יודנראַט, צו פאָרן קיין באַלסק אין אַרבעטס־דערציאונגס־לאַגער. אין דער זעלבער צייט זענען אויך פיל פון די זיבן הונדערט יידן געקומען צוריק קיין ווישאָגראָד, אָבער דאָס האָט זיי זייער טייער געקאָסט. אין אַ געוויסן טאָג האָט מען געמאָלדן, אַז אַלע משפּחה־עלטסטע זאָלן קומען אין פייערלעשער־זאַל. עס זענען געקומען מער ווי הונדערט און צוואַנציק פּערזאָן. מען האָט זיי אָנגעלאָדן אויף לאַסט־אויטאָס און ווו מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט, ווייסט קיינער נישט. די איבעריקע משפּחה־מיטגלידער האָט מען צוזאַמענגענומען און זיי געהייסן גיין און זיך נישט ווייזן מער אין באַרקעס און זיי געהייסן גיין און זיך נישט ווייזן מער אין שטעטל.

*

פייגעלע, אַזוי האָבן געענדיקט זייער לעבן, אַלע ווישאָגראָדער, וואָס מ׳האָט אַרויסגעטריבן קיין סלופּיע נאָווא.

פייגעלע, כ׳האָב נישט געקאָנט שרייבן צוליב געוויסע סיבות. איצט שרייב איך ווידער.

פון ווישאָגראָד האָט מען אונדז די משפּחות־עלטסטע מיט די דערוואַקסענע יינגלעך גענומען קיין באַלסק אין „דערציאונגס־לאַגער״. אייגנטלעך האָב איך מיך אַליין פרייוויליק פאַרשריבן קיין באַלסק צוזאַמען מיטן שוואָגער שלמה יואל, ווייל אַזוי אַרום האָב איך געהאָפט וועל איך זיך לעגאַליזירן און קאָנען אַרבעטן און אַרויסהעלפן דער משפּחה.

אין באַלסק זענען די באַדינגונגען געווען אומדערטרעגלעך. מ׳האָט זיך צו אונדז באַצויגן, ווי צו חיות אָדער בהמות. מיר האָבן געאַרבעט שווער אונטער דער אויפזיכט פון פאָלקס־דייטשן און באַקומען יעדעס מאָל געשלאָגן מכות רצח. אָבער עסן איז געווען. דער היגער יודנראַט האָט אונדז געשטיצט מיט עסן.

כ׳בין געווען דאָ ביז פאַר תשעה באב ביז דער לאַגער האָט זיך ליקווידירט און צוריקגעפאָרן קיין ווישאָגראָד.

נאָך עטלעכע טעג האָט זיך דער לאַגער באַנייט. מען האָט ווידער גענומען מיך מיטן שוואָגער קיין באַלסק און ווידער ביי דער זעלבער שרעקלעכער שווערער אַרבעט באַגלייט מיט קלעפּ און זידלערייען. מיר האָבן געאַרבעט איצט נישט נאָרמאַלע שעהן ביי רעגולירן און אויסטיפערן וואַסערקאַנאַלן. מיר האָבן אויך געאַרבעט ביי לייגן און פאַריכטן שאָסייען. די אַרבעט אַ שווערע און באַגלייט מיט קלעפּ, האָט אונדז צעבראָכן און דערנידעריקט. ס׳לעבן איז נמאס געוואָרן יעדע מינוט.

אַרום סעפּטעמבער דאָס זעלבע יאָר, האָט מען מיך באַפרייט פון לאַגער. פאַר מיר האָט עס געהייסן ווידער ווערן אומלעגאַל .אַ סלופּיער „פּליט״. ס׳האָט מיר ווידער געדראָט צו זיין אָנגעוואָרפן אויף די חסדים פון יודנראַט און פון זייער ריזיקאָ. האָב איך מיך פאַרשריבן צוזאַמען מיט נאָך צען מאַן צווישן זיי, וואָס כ׳געדענק, לייזער ראָטבאַרד, אַברהם קרוי, קעזמאַן און אַנדערע צו דער אַרבעט אין גראַטקאָווער הויף. עס זענען דאָרט געווען אויסגעפירט פאַרשיידענע אַרבעטן. אָבער כ׳האָב זיך נישט געוואָלט וואַרפן אין די אויגן בין איך געגאַנגען צו פאַרשידענע שוואַרצע ערד־אַרבעט. מיר האָבן אָפּגעאַרבעט אַזוי ביזן 1־טן נאָוועמבער. און די אַרבעט האָט זיך געענדיקט.

כ׳בין ווידער אַוועק אַ היים. אַ פּאָר חדשים בין איך געווען דאָ, געליטן פּחד און הונגער און ווען עס איז געווען די אַלגעמיינע אויסזידלונג פון ווישאָגראָדער יידן, בין איך מיט מיין גאַנצער פאַמיליע אַוועק קיין נאָווידוור.

ס׳איז געווען אַ פרייטיק אָונט. מיר האָבן געוווּסט, אַז עס גייט אַ ווישעדלעניע. כ׳האָב זיך געבעטן ביים שווער, מיר זאָלן אַרויס ביינאַכט או גיין אויף אייגנס קיין טשערווינסק. מיין געדאַנק האָט מיך געצויגן זיין נאָענט אַהיים, און וויסנדיק, אַז טשערווינסק איז נאָענט אַהיים, זיבן קילאָמעטער וועט זיין לייכטער צוריקצוקומען קיין ווישאָגראָד ווי פון נאָווידוור. אָבער מיין שווער האָט נישט געוואָלט הערן דערפון. ער האָט זיך פאַרלאָזט אויף גאָט און נישט געוואָלט זיך רירן ביינאַכט. אַזוי אַז די גאַנצע משפּחה פון אַריבער דרייסיק מענטשן זענען מיר פאַרנומען געוואָרן שבת אינדערפרי קיין נאָווידוור.

דאָ אין נאָווידוור האָבן מיר דערפילט דאָס נאַרישקייט. ס׳האָט אונדז געפייניקט דער געדאַנק פון ווייט, צו ווייט פון דער היים און אין נאָווידוור האָבן מיר באַשלאָסן גיין צוריק קיין טשערווינסק מיטן געדאַנק צו דערנעענטערן זיך קיין ווישאָגראָד. מיר האָבן זיך פאַרטיילט אויף עטלעכע טיילן און באַלד דעם ערשטן אָונט זענען מיר אַ טייל פון דער משפּחה אַוועק צוריק קיין טשערווינסק.

אין טשערווינסק האָבן מיר געטון אַלץ, כדי אַריבערצוברענגען אַהער די גאַנצע משפּחה. צוביסלעך, צוביסלעך איז אונדז די זאַך געלונגען און אין אַ קורצער צייט אַרום זענען מיר ווידער געווען צוזאַמען אין טשערווינסק.

דאָ האָבן געהערשט שרעקלעכע באַדינגונגען. דאָס שטעטלע פון זיבעציק יידישע משפּחות האָט באַדאַרפט אויפנעמען און געבן אַ דאַך איבערן קאָפּ אַזויפיל פּליטים אָרעמע, ליידנדיקע און מיטללאָזע. ספּעציעל שווער איז געווען דאָס ענגשאַפט, אַזויפיל נפשות אין איין צימער. דאָס איז געווען ממש אומדערטרעגלעך. אין קורצן האָט אויך אויסגע־

בראָכן אַ טיפוס־עפידעמיע און דאָ איז נישטאָ נישט קיין דאָקטאָר, נישט קיין רפואות און נישט קיין מעגלעכקייטן צום איזאָלירן די קראַנקע. יידן זענען געפאַלן ווי פליגן. צענדליקער ווישאָגראַדער יידן זענען אויסגעשטאָרבן פון טיפוס, צווישן זיי אויך מיין שווער און די שוויגער פון מיין שוועסטער, די גרעסטע טייל פון מיין משפחה איז קראַנק געווען אויף טיפוס.

אָנפאַנג נאָוועמבער 1942.

מיר זענען אָפגעווען אַ קנאַפ יאָר אין טשערווינסק. מען פירט אונדז אַריבער אַלע קיין נאָווידוואָר. ווי דו זעסט האָט טשערווינסק נישט געהאָלפן. מער קיין ווישאָגראַד זענען מיר נישט אָנגעקומען.

אין נאָווידוואָר וועט מען קאָנצענטרירן אַלע יידן, ווער ווייסט, אָדער אפשר ווער ווייסט דען נישט. צוליב וואָס, אַלנפאַלס מיר פאָרן. ווער ווייסט צי מיר וועלן זיך נאָך דורכשרייבן אַמאָל.

מיר גייען צום שווערסטן און אפשר צום לעצטן וועג. זיי געזונט פייגעלע, הלוואי מיר זאָלן זיך נאָך קאָנען דורכשרייבן.



שטייען פון רעכטס: ד. האָכבוים, וואָלמאַן, ל. וויינגאַרט, צ. בלאָושטיין, כהן, ב. ל. גאָלדמאַן, מ. מ. זשיכלין (מן).
זיצן פון רעכטס: ט. י. גאָלדמאַן, י. ליכטנשטיין, ר. זויער, ל. ראָטבאַרט, ח. באָום, ל. שמיט.

**יעקב שלאָסבערג**
(זון פון משה מענדל, ביי דער ווייסל אין ווישאָגראָד)

# מיט ווישאגראדער אין דער צרה

איך בין פון מלאָדזעשין דער איינציקער ייד וואָס האָט איבערגעלעבט היטלערן און וויל איבערגעבן פון אַ טייל ווישעגראָדער יידן־קדושים, וואָס איך בין מיט זיי געווען אין דזיאַלדאָווע.



יעקב שלאָסבערג מיט זיין פרוי

די ערשטע קרבנות זענען געווען די סעדער פעכטער, וועלכע די דייטשישע מערדער האָבן דערשאָסן גלייך ווי זיי האָבן באַהערשט פוילן, באַלד אין דריטן טאָג זענען צו אונדז אָנגעקומען פליטים פון פלאָנסק, באָדזאַנאָוו און ווישאָ־גראָד. מ׳האָט געזאָגט אַז מ׳וועט אויפרייסן די בריק, זענען מענטשן געלאָפן צופוס, מיט וואָס זיי האָבן געקאָנט און האָבן איבערגעלאָזט האָב־און גוטס, נאָר מיטגענומען דעם לעבע־דיקן אינווענטאַר, וועלכער קען מיטגיין נאָכן וואָגן.

דער שאָסיי איז אַלעמאָל געוואָרן שווערער, באַלייגט מיט מענטשלעכע הרוגים און בהמות. די עראָפּלאַנען זענען געפלויגן איבער אונדזערע קעפּ, ביי יעדן אָנגריף זענען מיר אַנטלאָפן אין די פעלדער. קיין וואַרשע זענען מיר אָנגעקו־מען נאָך אַ טאָג און אַ נאַכט, זיך איינלאָקירט ביי יעקב דאַ־ווידאָוויטשעס אַ שוואָגער אויף אָגראָדאָווע גאַס, 4 פאַמיליעס אין איין וווינונג.

דאָס איז געווען בערך אַ וואָך פאַר ראש־השנה, ערב ראש־השנה האָט אונדז אַ שכן, וועמענס פרוי און קינדער זענען נאָכנישט צוריק געקומען פון זומער־וווינונג, געגעבן דעם שליסל פון זיין וווינונג. האָבן מיר זיך אַפּראַזירט, גע־מאַכט אַ וואַרעמע וואַנע און געבאַקן חלות. ביים חלות־באַקן האָט מען געהערט דעם סירענע־אַלאַרם. מיר מענער זענען אַריין אין אַ סכראָן, און די פרויען זענען געבליבן שטיין אין טויער, ווו ס׳איז אַריין אַ באָמבע און אַלע זענען פאַרשיט געוואָרן. ווען מיר זענען אַרויס פון בונקער האָבן מיר גע־טראָפן אונדזער אומגליק. נאָך אַ גאַנצע נאַכט אַרבעטן האָט מען אַרויסגענומען 18 טויטע און פאַרוווּנדעטע אָן הענט, אָן פיס, דערונטער אונדזערע פרויען. יעקב דאַווידאָוויטשעס פרוי מיט דער 17־יאָריקער טאָכטער האָבן מיר דערקענט לויט די קליידער, מיין פרוי האָט מען נישט דערקענט. מען האָט געזאָגט, אַז מ׳האָט אַוועקגעפירט עטלעכע פרויען, וווהין האָט קיינער נישט געוווּסט. מיר האָבן געזוכט אין אַלע שפּי־טאָלן און נישט געטראָפן. אינעם כאַאָס זענען קיין נעמען נישט פאַרשריבן געוואָרן. וואַרשע איז דאַן באָמבאַרדירט געוואָרן און פיל האָט מען נישט געקענט זוכן. די 18 טויטע האָט מען באַגראָבן אויפן גענשער בית־עולם אין אַ ברידער־קבר. זענען מיר געזעסן און באַקלאָגט אונדזער חורבן.

נאָך דער דריי־וואָכיקער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע, ווו מיר האָבן געלעבט אָן עסן און אָן וואַסער, זענען מיר צוריק־געקומען קיין מלאָדזיעשין. די גאַנצע צייט האָט מען געכאַפּט יידן צו פאַרשידענע אַרבעטן, געשלאָגן, דערנידעריקט און אַלץ צוגערויבט.

אין אַ געוויסן טאָג איז אַריין אַ זשאַנדאַר צו יעדן אין שטוב און געמאָלדן, אַז מיר פאָרן אַוועק און קומען ניט מער צוריק. מיר קענען מיטנעמען אַלץ וואָס אונדז איז נייטיק. אַזוי זענען מיר אַוועק אויף הויף־וואַגנס מיט לייטערס.

מיר פאָרן און ווייסן נישט וווהין. מיר קומען אָן קיין פּלאָצק. פּלאָצק איז שוין דאַן געווען יידן־ריין. בלויז איין ייד איז דאָרט נאָך געווען, איז ער צוגעשטעלט געוואָרן צו אונדז. נאָכן איבערנעכטיקן אין אַ קעלער, ווו מ׳האָט אַמאָל געבאַקן מצות — צוזאַמען מיט קראַנקע און אַלטע, שטייענ־דיק אַ גאַנצע נאַכט אָן אַ טראָפּן וואַסער, האָט מען אונדז ווידער מיט קלעפּ אויפגעפּאַקט מיט מאַשינען. מיר זענען דורכגעפאָרן מלאַווע און אַנדערע שטעטלעך נאָך באַזעסענע מיט יידן, און מיר זענען אָנגעקומען קיין דזשאַלדאָווע. דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער גרויס אומגליק.

מ׳האָט אונדז געפירט גלייך אין טויטן־לאַגער. מיר זענען דורכגעגאַנגען צווייי שפּאַלערן עס־עס־מענער מיט גומי־שטעקנס, וועלכע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונדז מיט טויט־קלעפּ. טייל זענען געבליבן גלייך אויפן אָרט, די אַנ־דערע האָט מען אַריינגעיאָגט אין אַ הילצערנעם באַראַק, ווו עס־עס־לייט זענען אַריין און אַרויסגענומען די יונגע מענער זיי זאָלן אַריינטראָגן די פאַרחלשטע און דערביי געטיילט שלעק. פון באַראַק האָט מען אונדז געפירט אויף אַ פּלאַץ, ווו ס׳איז געשטאַנען אַ גרויס הויז און פּלאַקאַטן אויף יידיש, פּויליש און דייטש, מיט גרויסע בוכשטאַבן האָבן געמאָלדן, אַז יעדער איינער, אַפילו קינדער, מוזן אָפּגעבן גאָלד, זילבער, וואַלוטע און בייזשוטעריע, ס׳וועט באַלד זיין אַ שטרענגע רעוויזיע,

און ביי וועמען מ'וועט געפינען די אויסגערעכנטע ווערט־זאַכן דראָט אים דער טויט.

מען האָט זיי געקאָנט טאַקע גלייבן, אַז זיי וועלן די שטראָף גענוי אויספירן. די מערסטע טייל האָט אַלץ אָפּגעגעבן, אַ טייל אָבער האָט דאָס פאַרשטעקט אין מיסט, אָבי זיי נישט אָפּגעבן. די רעוויזיע איז פאָרגעקומען אין אַ גרויסן זאַל ביי אַ לאַנגן טיש. אַרום זענען געזעסן עס־עס־מענער, אויפן טיש די רעוואָלווערן, מיט גומי־שטעקנס און צוויי גרויסע קוישן. איין קויש איז שוין געווען פול מיט דאָלאַרן און אַנדערע וואַלוטע, דער צווייטער מיט ביזשוטעריע. ביי מענער האָבן געזוכט עס־עס־לייט, ביי פרויען אַ פאָלקס־דויטש. מ'האָט געזוכט אויפן גאַנצן קערפּער, און אויסער די אויסגערעכנטע זאַכן וואָס יעדער האָט אָפּגעגעבן, האָבן זיי פון די פעקלעך גענומען וואָס זיי איז געפעלן. נאָך דער רעוויזיע האָט מען אונדז געפירט אין אַ פערד־שטאַל פון דער גרענעץ־וואַך. דאָרט איז אין ביידע זייטן געלעגן מיסט און אין מיטן אַ וועג פון שטיינער. דאָס מיסט איז געווען פאַר אונדז צום שלאָפן, און אויף דעם שטיינער־ברוק האָט שפּאַצירט אַהין און צוריק אַן עס־עס־מאַן און גוט געהיטן. קיין ליכט איז נישט געווען. אויף דעם מיסט איז אויך נישט געווען קיין פּלאַץ צום שלאָפן. מיר האָבן זיך געביטן, אַ העלפט איז געלעגן ביז 12 און די אַנדערע העלפט פון צוועלף אַזייגער. אין שטאַל האָבן מיר געטראָפן דעם ווישאַגראַדער רב ווי אויך דעם באַלסקער רב.

צומאָרגנס איז געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן ביז 60 יאָר זאָלן אַרויס. מ'האָט אונדז געפירט אין רעגן, אין בלאָטע, און געהייסן פאַלן און אויפשטיין גייענדיק. ליגנדיק אין אַ ראָוו האָבן זיי נאָכקאָנטראָלירט ווער עס האָט גוטע שטיוול, אַ גוט פּעלצל, אַלץ איז פאַר זיי געווען סחורה, אַלץ האָבן זיי צוגענומען. מיר עטלעכע זענען געבליבן ביי די זאַכן, ווייל מיר האָבן געבעטן אברהם יצחק דויטש (ער האָט געהאַט אַ ביסל שוסטער־כלים און ער האָט אונדז אויפגעבייט לאַטעס אויף די נייע פּיטער־שטיוול, דעם קאַראַקול־קאַלנער פון פּעלצל האָב איך צעריסן און באַשמירט מיט בלאָטע, האָט עס פאַר זיי נישט געטויגט, אין אַ צווייטן שטאַל, וואָס איז געווען פאַרצוימט מיט שטעכלדראָט האָבן זיך געפונען יידן פון באַדזאַנאָוו און באַלסק, אָבער דער מינדסטער קאָנטאַקט מיט זיי האָט געשמעקט מיט טויט. כאָטש דאָס לעבן איז סיי ווי פיל נישט ווערט געווען, האָט זיך אָבער דאָך געוואָלט איבערלעבן היטלערן.

אינדערפרי האָבן יונגע מענטשן געברענגט קאַווע אין אַ וואַנע, די מערסטע האָבן נישט געהאַט קיין כלים, האָט מען אויסגעזוכט אַלטע פּושקעס פון קאָנסערוון, און אין זיי געטרונקען און צוגעגעסן פון האַלבן ברויט וואָס מ'האָט באַקומען פאַרן טאָג.

מיטאָג האָט מען געברענגט אין דער זעלבער וואַנע: אַ קאַשע־קרופּניק מיט צעקאַכט פלייש, אַז מ'האָט נישט דערקענט אַ שטיקל פלייש. מ'האָט געגעסן אין די זעלבע קאָנסערוון־פּושקעס. מיר האָבן געהאַט אַ טאָפּ, האָבן מיר גענומען עסן מיט נאָך פאַמיליעס, מיט אברהם חיים קאַפּערט, דער פעלטשער בלום. עסנדיק האָבן מיר געפונען אַ צאָן. דער פעלטשער האָט דעם צאָן גוט באַטראַכט ווי אויך די פּיצלעך פלייש און באַשטעטיקט, אַז מיר עסן מענטשן־פלייש. צומאָרגנס האָבן מיר שוין דעם מיטאָג נישט גענומען און געלעבט נאָר פון דעם ברויט מיט קאַווע. אַנדערע האָבן מיר נישט דערציילט.

דעם צווייטן טאָג האָט מען אונדז געגעבן צו 20 זלאָטעס און אַ קילאָ ברויט, און אונדז פאַרלאָדן אין וואַגאָנען, באַגלייט פון עס־עס־לייט, פאַרפּלאָמבירט און מיר זענען געפאָרן אין דער ריכטונג קיין וואַרשע. נאָך צוויי טעג פאָרן זענען מיר אָנגעקומען קיין קעלץ. דאָרט האָט אונדז איבערגענומען דער יודענראַט און אָפּגעפירט אויפן שול־הויף. קאַלט איז געווען, אַ ביסל געשנייט, אָבער עס האָט זיך נישט געפונען ווער עס זאָל אונדז מחיה זיין מיט אַ ביסל וואַרעמע טיי.

גלייך זענען אָנגעקומען פּאָדוואָדעס פאָרן פּראָוויאַנט און פאַר אונדז. מ'האָט אונדז אָפּגעפירט קיין סלופּיאַנאָווע, 35 ק"מ פון קעלץ, אַ קליין אָרעם שטעטל, פון אַכציק פאַמיליעס (מיר זענען געווען 3000 מאַן). דאָך האָבן די יידן אונדז איינגעאָרדנט ווי נאָר מעגלעך אין אַלע פּריוואַטע דירהס, אין שול, בית־המדרש, אַפילו אין מקווה. ס'איז געווען פּורים, האָבן אַלע יידן געוואַרט מיט דער פּורים־סעודה אויף אונדז. מיין משפּחה האָט גענומען אַ היטלמאַכער, אָפּגעגעבן אַ שטוב, און זיינע קינדער זענען געשלאָפן אַנדערשוווּ. אַן אָרעמער ייד, איך וועל דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דער ייד האָט געוואַרט מיט דער פּורים־סעודה און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן מיר זאָלן אים נישט פאַרשעמען, נאָר מיטהאַלטן און מיטעסן זיין אָרעמע סעודה, וועלכע איז באַשטאַנען פון צוגעריישטע קאַרטאָפל מיט וואַסער און אַ האַלב ראָזשווע ברייטל. פאַרשטענדלעך, אַז מיר האָבן מיטגעהאָלפן מיט אים די סעודה און אויך מיטגעוויינט.

באַלד צומאָרגנס האָט מען געשאַפן אַ קאָמיטעט: פון מלאָזשעשין — איך, פון ווישאַגראַד — טוביה, זיין פרוי איז געווען סעקרעטאַרין פון דער גמינע, און איינער פון באַלסק. מיר האָבן געמאַכט צוויי קיכן ווו מענטשן האָבן באַקומען יעדן טאָג עסן, ברויט האָט מען נאָך געהאַט אויף צוויי טעג. שפּעטער האָבן מיר אַליין געבאַקן ברויט און צעטיילט.

פלוצים האָט זיך פאַרשפּרייט אַ טיפוס־קראַנקייט, קיין מעדיקאַמענטן זענען נישט געווען און יעדן טאָג זענען געשטאָרבן עטלעכע מענטשן. דערצו האָבן מיר געזען, אַז דער פּראָוויאַנט ענדיקט זיך און אויך אונדז דערוואַרט דער טויט.

וועגן דער לאַגע האָב איך איבערגערעדט מיט הערשל שווירץ פון ווישאַגראַד, אַז דאָ איז שמאַל, ס'איז הויכע פּרייזן און פאַר די 20 זל. קען מען ווייניק האָבן. עפּעס קויפן אויסער דער שטאָט האָט געשמעקט מיט טויט. די פּאָסט אין שטעטל איז נאָך געווען טעטיק, האָט הערשל שווירץ זיך פאַרבונדן מיט זיין איידעם אין וואַרשע, האָט ער אים געשיקט טעלעגראַפיש געלט. אויך מיין טאָכטער און איידעם פון וואַרשע האָבן מיר געשיקט געלט. איך מיט הערשלען האָבן אָפּגעשמועסט זיך לאָזן קיין וואַרשע, כאָטש ס'איז פאַרבונדן מיט גרויס ריזיקע. בסוד, אַפילו די נאָענטסטע זאָלן נישט וויסן, האָבן

מיר געדונגען אַ פורמאַן אַ גוי און ביינאַכט פאַרלאָזן סלופּיע. געפאָרן איבער פעלדער און לאָנקעס און נאָך צוויי טעג אָנגעקומען קיין ראַדאָם. מיר האָבן געהאַט אַ בריוו פון איינעם אין סלופּיע צו זיין ברודער, אַ דאָקטאָר אין ראַדאָם, און ער האָט אונדז געשיקט קיין ביאַלאָבזשעג. פון דאָרט האָבן מיר געשמוגלט קיין וואַרשע, פון וואַרשע האָבן מיר געשיקט פּעקלעך צו מיין פרויס צוויי שוועסטערן אין סלופּיאַנאָווע. פון לעצטן פּעקל האָבן מיר קיין ענטפער נישט באַקומען, אויסער וואָס מיר האָבן געהערט, אַז די סלופּיער יידן האָבן געאַרבעט אין אַ שוועבל־קאָפּאַלניע, און דאָרט האָבן אַלע געענדיקט.

אין וואַרשעווער געטאָ האָט זיך די לאַגע אויך מיט יעדן טאָג געערגערט. דעם קאָנטיגענט פון 3000 יידן האָט מען יעדן טאָג צוגעשטעלט, און די ערשטע — די אָרעמע. צו יענער צייט האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן, אַז די דייטשן שיקן פאַבלייט אויף אַרבעט, זיי קענען אויך מיטנעמען זייערע כלים. די וואָס האָבן זיך רעגיסטרירט צו פאָרן האָבן באַקומען צוויי קילאָ ברויט און אַ פּושקע מאַרמעלאַדע. קיינער האָט נישט געוווּסט ווּהין מ׳פאָרט. ערשט שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז מ׳האָט זיי געפירט קיין טרעבלינקע, און דאָרט פאַרגאַזט.

דער מצב האָט זיך נאָך פאַרערגערט. יעדן טאָג זענען געשטאָרבן פון הונגער ביי 400 מאַן. ווער ס׳האָט נאָך געהאַט געלט האָט געקענט קויפן די בעסטע זאַכן. ס׳האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז ס׳עפענען זיך שאָפּן, און די שאָפּן־אַרבעטער וועלן איבערלעבן די קריג. אַריינצובאַקומען זיך אין די גרויסע שאָפּן האָט מען באַצאָלט גוטע געלטער, אָבער אין אַ קורצער צייט האָט מען אַלע טראַנספּאָרטירט. אין די קליינע שאָפּן איז די לאַגע געווען בעסער, אָבער אויך נישט אויף לאַנג. צוליב אַ פאָרגעפּיל בין איך צופעליק אַ טאָג נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. דעם טאָג האָט מען אַלע אויסגעזידלט.

איך בין אַריין אין אַ צווייטן שאָפּ. דאָרט האָבן אָפיציעל געאַרבעט 3000 מאַן, אָבער נישט־רעגיסטרירטע זענען געווען נאָך 2 טויזנט מאַן. איך האָב געאַרבעט אַלס בעקער, מיט מיינע זין, איידעם און אַ שותף. מיר האָבן געבאַקן ווייס ברויט, וואָס איז געווען פאַרווערט, אָבער די נישט־פאַרשריבענע האָבן געהאַט געלט, און ביים שוואַרצן ברויט האָט מען נישט פאַרדינט. איין מאָל איז אין בעקעריי אַריין דער עס־עס־הויפּט, אַ דייטש אַן אינוואַליד. פּונקט איז דאָס ווייסע ברויט געלעגן אויף די ברעטער, האָבן מיר געמיינט, אַז מיר זענען פאַרפאַלן. ער האָט געפרעגט: „ווער איז דער מייסטער?”. דער יונג ביים אויוון האָט אָנגעוויזן אויף מיר. דער הויפּטמאַן האָט געזאָגט, אַז אויך זיין פאָטער איז אַ בעקער־מייסטער, און פאַרלאָזט די בעקעריי. אַ צייט האָבן מיר געלעבט אין שרעק, ביז מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז ער וועט אונדז נישט שלעכטס טאָן. דאָך ווייטער באַקן ווייס ברויט האָט מען מורא געהאַט, ביז מיר האָבן באַשלאָסן, אַז אונדזער זון שימעק, וועלכער רעדט און שרייבט גוט דייטש, זאָל כאַפּן מיט אים אַ שמועס נעבן דער בעקעריי איז געווען אַ ראַזורע, ווו ער האָט זיך ראַזירט. מיין שימעק האָט אים אָפּגעוואַרט, מיט אים גערעדט, און געבעטן נעמען אַ טאָרט. צומאָרגנס האָט שימעק אים געבראַכט אויף אַ שיינער טאַץ אַ טאָרט. ער האָט פּונקט געהאַט געסט, הויכע אָפיצירן. ער האָט שימעקן פאָרגעשטעלט אַלס ערלעכן גוטן בעקער. פון דאַן אָן האָט ער יעדן טאָג באַקומען אַ טאָרט און מיר האָבן געבאַקן ווייס ברויט. אַז מ׳האָט געכאַפּט אַ ייד מיט ווייס מעל געשמוגלטס, האָט מען אים צוגענומען דאָס מעל און געברענגט צו אים. פאַרשטייט זיך, אַז דער ייד איז שפּעטער געקומען און באַקומען געלט.

דער שוסטער־וואַרשטאַט איז באַשטאַנען פון 150 שוסטער, 50 ריכטיקע און הונדערט זענען געווען רבנים און רייכע סוחרים אָנגעטאָן אין שוסטער־פאַרטעך, געהאַלטן אַ שוך מיט אַ האַמער. ווען עס איז אַדורכגעגאַנגען דער היטער האָבן זיי געקלאַפּט מיטן האַמער. אויך אין אַנדערע שאָפּן האָבן זיך געפונען רייכע יידן וואָס האָבן באַצאָלט מיט ברילִיאַנטן און וואַלוטע. אַלע האָבן געוואָלט איבערלעבן די מלחמה, אָבער לײַדער.

אין אַ טאָג איז געקומען אַ באַפעל: אַלע שאָפּ־אַרבעטער, פרויען, קינדער זאָלן זיך שטעלן אויפן אומשלאַגפּלאַץ; באַהאַלטענע וועלן דערשאָסן! מיין פרוי און נאָך יידן האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ גאַרבעריי. נאָר די וואָס האָבן באַקומען אַ שיין, האָבן געזאָלט בלייבן, אַלע אַנדערע טראַנספּאָרטירן. איך האָב נישט באַקומען קיין שיין, דאָך ביים שפּאַלער האָב איך געזאָגט, אַז אין טומל איז דער שיין פאַרלוירן. כ׳האָב באַקומען אַ פּאָר גוטע נאַגייקעס אין מאַרש, אָבער דער הויפּט האָט מיך באַמערקט, געהייסן מיך דורכלאָזן. אויף דער צווייטער זייט האָבן זיי אָפּגעציילט 600 מאַן, מען האָט זיי צוריקגעפירט אין שאָפּ, די אַנדערע טויזנטער, צווישן זיי אויך די, וואָס האָבן געהאַט שיינען, נאָר זיך נישט געאײַלט דורכגיין דעם שפּאַליער, האָט מען אַריינגעוואָרפן — אַפילו קינדער — ווי שטיקער האָלץ אין די וואַגאָנען און אָפּגעשיקט קיין טרעבלינקע. ווער קען זיך פאָרשטעלן דאָס געזעגענען זיך פון מענער פון פרויען און קינדער.

די אויסבאַהאַלטענע יידן אין דער גאַרבעריי, האָבן נאָר ביינאַכט געזוכט אַ מעגלעכקייט צו באַקומען עסן און זיך דערשלאָגן צו דער בעקעריי. דורך זיי האָב איך זיך דערוווּסט וועגן מיין פרוי.

אַ צייט שפּעטער איז דער הויפּטמאַן געקומען אין בעקעריי מיך אַריינגערופן אין צווייטן צימער און מיר איבערגעגעבן אַ סוד — וועלכער איז פאַר ביידע פאַרבונדן מיט טויט — אַז אין אַפּריל וועט מען אַלע יידן שיקן קיין טרעבלינקע און מיר זאָלן זיך ראַטעווען ווי מ׳קען (די ערשטע סדר־נאַכט האָט מען אַלע עוואַקואירט קיין טרעבלינקע). מיין פרוי איז אַריבער אויף דער אַרישער זייט און געדונגען אַ פינף־צימער־וווינונג אויפן נאָמען פון אַ שיקסע (מיר האָבן איר צוגעזאָגט, אַז נאָך דער באַפרייאונג וועט די דירה אויף שליסקע 50 געהערן איר. נומער 52 איז געווען די געסטאַפּאָ. אין איין צימער האָבן מיר געבויט אַ טאָפּלטע

וואָנט צום אויסבאַהאַלטן. אין אַן אויפדערנאַכט, ווען געוויינ־לעך נאָך 8 איז דער טויער צוגעשלאָסן און אַפילו פּאָליציי האָט נישט קיין רעכט צו קומען אין הויז, האָט אין דער קיך־אַריינגאַנג געקלינגען די סטרוזשקע, האָבן מיר זיך נישט באַהאַלטן, ווען מ׳האָט געעפנט די טיר איז אַריין פּאָ־ליציי, גלייך די הענט אין דער הויך! און אונדז פאַרלייגט קייטעלעך. מיר האָבן זיך געבעטן, געוויינט, אַוועקגעגעבן אַלע האַרטע און ווייכע, נאָר דאָס פּוילישע געלט האָבן זיי אונדז איבערגעלאָזט און צוגעזאָגט מער נישט קומען. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אַנדערע וועלן זיי יאָ שיקן, און געלט מיט וואָס זיך צו ראַטעווען האָבן מיר שוין נישט, האָבן מיר באַשלאָסן פאַרלאָזן די דירה און מיר זענען אַוועק צום פאָ־טער פון דער שיקסע, אַ סטרוזש אין אַ פאַרבן־פאַבריק, ווו די דייטשן האָבן זיך געפונען פון 8 ביז 4 נ.מ. דער סטרוזש האָט אונדז באַהאַלטן אויפן בוידעם, און געשלאָפן אויף היי. די פרוי מיינע האָט געהאַט אַרישע פאַפירן, האָט זי אונדז געבראַנגט עסן און וועש. מורא האָבנדיק דאָ לאַנג צו זיין האָבן מיר פאַרלאָזט דאָ און אַוועק קיין כאָדאַקאָוו, באַזאָרגט זיך אויפן וועג מיט זשילעטקעס און גיפט, נישט אַריינצופאַלן אין דייטשישע הענט. דאָ האָבן מיך אַלע גויים געקענט, האָבן מיר מורא געהאַט מ׳זאָל אונדז נישט אויסגעבן. דאָס זעלבע אין סאָכאַטשאָוו, ווו ס׳זענען געווען אונדזערע קונים, בין איך אַוועק קיין זשאַקאָווע ווו דער סאָלטיס — נישט קיין שונא־ישראל — איז געווען מיין באַקאַנטער. פאַר גוט געלט האָט ער מסכים געווען מיט באַהאַלטן אין אַ סטאָדאָלע, אָבער נאָך אַ פאָר טעג האָט ער געזאָגט, אַז דער פרויס עלטערן האָבן געלייענט פּלאַקאַטן, אַז ביי וועמען מ׳געפינט אַ ייד, ווערט ער דערשאָסן מיטן ייד, האָט ער אויך מורא.

איך האָב זיך דערמאָנט אין אַ קריסט, אַן אָרעמער אַר־בעטער, מאַרעצקי, וואָס איך האַב אים אַמאָל געבאָרגט 100 זל. אָן פּראָצענט אויסצוצאָלן צו 5 זל. אַ חודש, ווען די קו איז אים געפגרט און ס׳האָט אים געפעלט געלט צוריקצו־קויפן אַ קו. ער האָט דאָס געדענקט. זיין הייזל איז געשטאַנען נעבן דער בזוראַ. ער האָט מיך פיין אויפגענומען און כ׳בין געבליבן ביי אים. כ׳האָב אים געגעבן געלט און אויך זיין שוועגערין, אַן אַלמנה, כדי ס׳זאָל הערשן ביי זיי שלום. זיי האָבן מיר געמאַכט אַ קליין בונקערל.

ווען ביי דער בזוראַ זענען אַנטלאָפן פלעניקעס האָט מען געזוכט אויך ביי אונדז מיט הינט, אָבער צו מיין גליק האָבן די הינט מיך נישט דערשמעקט. שפעטער, שוין דעם לעצטן טאָג פאַר דער באַפרייאונג איז אַריינגעפאַלן אַ באָמבע אין דעם צימער פון מיין בונקער. איך האָב זיך מיט שווערער מי פון דאָרט אַרויסגעדראַפּעט און געזוכט די מאַרעצקיס; זיי גע־פונען קניען אין תפילה. דאָרט האָב איך געחלשט. זיי האָבן מיך געראַטעוועט מיט אַ גלאָז וואָדקע.

די רוסישע עראָפּלאַנען האָבן באַשאָסן אַ גרופּע דייטשן און אויך אונדז באָמבאַרדירט. אַן ערך 250 דייטשן האָבן זיך באַהאַלטן ביים סאָלטיס. ס׳איז געווען אַ שניי, און די רוסן זענען אָנגעקומען אין ווייסע כאַלאַטן. דער שומר האָט נישט באַוויזן צו אַלאַרמירן, האָבן זיי זיך אונטערגעגעבן, אָבער די רוסן האָבן זיי אַלע צעשאָסן הינטער דער סטאָדאָלע, און איך בין געווען פ ר י י מיט מיין פרוי.

## די קדושים פון מלאדזיעשין

(צוזאַמענגעשטעלט דורך י. שלאָסבערג)

אפּרוימאָוויטש הערש
זיינע 2 טעכטער און 3 זין

אפּרוימאָוויטש אייזיק
זיין פרוי און 2 קינדער
אפּרוימאָוויטש פייגע

דאַווידאָוויטש יעקב
זיין פרוי, 2 זין און אַ טאָכטער

יזראַעלעוויטש פייוול
און זיין פרוי

יזראַעלעוויטש אברהם
זיין פרוי און קינדער

מאַשינסקי בענדעט
זיין פרוי און 4 קינדער

נאַווינסקאַ חיה־רחל
און 4 קינדער

סאָכאַטשעווסקי עוזר
זיין פרוי און 4 קינדער

פורמאַן לאה
און אירע 3 קינדער

קופערט אברהם חיים
זיין פרוי און 3 טעכטער

ראָזענבערג בנימין
זיין פרוי און אַ זון

ראָזענבערג מרדכי
זיין פרוי און קינדער

ראָזענשטיין יוסף
זיין פרוי און קינדער

שעמיאַנטעק הערש
זיין זון און 3 טעכטער

שלאָסבערג שימעק
אומגעקומען ביים אויפשטאַנד
אין וואַרשעווער געטאָ

**חיים פּוטערמאַן (פּאַריז)**

# פון געטאָ צו געטאָ

אין מערץ 1941 האָבן די דייטשן צוזאַמענגעטריבן אַלע ווישאַגראַדער יידן אין מאַרק, דאָרט האָט מען זיי פאַרטיילט און אַ טייל האָט מען געשיקט אַהיים און אַן ערך די העלפט האָבן זיי פאַרשיקט קיין סלופּיאַ־נאַוואַ.

מ׳האָט זיי דאָרט געצוווּנגען אַרבעטן קאַטאָרגע און די דייטשן האָבן אַ סך ווישאַגראַדער יידן פאַרמאַטערט צום טויט.

כ׳דערמאָן זיך וויפל יידן עס זענען אומגעקומען אין דעם פלאַץ, כאַפּט מיך אָן אַ שוידער. נישט אַלע געדענק איך, אָבער די, וואָס כ׳געדענק זענען געווען:

לייבל שטשאַפּע מיט זיין פרוי שרה יענטע און זיין זון דוד, שלמה לייב בוזשניצקי און משפחה, אברהם שלאָס־בערג דער פריזיער מיט זיין פרוי רחל־לאה און זייער קינד, יואל קאַלוואַריסקי און משפחה. אַלע זענען זיי אומגעקומען פון די רוצחישע דייטשישע הענט מיט זייערע משרתים, ביי דער אַרבעט און ביי אַנדערע געלעגנהייטן.

אין ווישאַגראַד האָבן די פאַרבליבענע יידן געמוזט פאַרלאָזן זייערע וווינונגען אין דער רעמבאָוואָסקאַ און הינ־טער דער שטאָט און מ׳האָט אונדז אַריבערגעפירט אין דער פלאָצקער גאַס און דער פּשעכאָדניע מיט זייערע נאָ־ענטע געסעלעך. אַלע געבליבענע יידן האָט מען אַהין אַריינגעשטופּט און ס׳איז געוואָרן געטאָ.

באַלד האָבן די דייטשן געשאַפן אַ יידנראַט מיט יצחק באַל אין דער שפּיץ און אַ יידישע פּאָליציי און זיי האָבן געמוזט נעבעך צווינגען יידישע ברידער זייערע, שכנ׳ים, פריינט און נאָענטע אַרויסגיין יעדן טאָג צו אַרבעטן פאַר די דייטשן.

דאָס זענען געווען אַרבעטן, וואָס האָבן זיי געבראַכט אויסער קלעפּ און צרות אויך בלוט־פאַרצאַפּן, יידן האָבן געמוזט איינוואַרפן יידישע געביידעס, קהילה־אַנשטאַלטן און די בתי־מדרשים מיט דער שול בראש, ווי אויך די מקווה און אַנדערע געביידעס פון וואָס ווישאַגראַד איז באַשטאַנען אַלס שטאָט און קהילה.

אַזוי איז אָפּגערוימט געוואָרן די שוסטער־גאַס, די לאַנ־געוועגס און אַלע יידישע הייזער אַרום דער פאַרזוע.

דאָס געטאָ האָט אָנגעהאַלטן ביז ענדע 1941.

דאַן איז פאָרגעקומען די צווייטע ווישיעדליעניע.

אַ טייל יידן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין נאָווי־דוואָר און אַ טייל קיין טשערווינסק, ווו איך בין אַריינגע־פאַלן מיט מיין מוטער, מיין ברודער משה און מיין שוועסטער סאַלאַ. מיין פאָטער יעקב פּוטערמאַן ע״ה איז געשטאָרבן אין 1940.

דער זיידע מיינער, ברוך מרדכי פּוטערמאַן ע״ה איז דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן דעם ערשטן טאָג, ווען זיי זענען אַריינגעקומען הי״ד. מיין זיידע איז געווען דער ערשטער נאַצישער קרבן פון ווישאַגראַד.

פון אַלע אין טשערווינסק געדענק איך משה שטשאַפּע מיט זיין פרוי געלאַ, אַליך אַ טשערווינסקער מיט זייערע דריי טעכטער. משה איז געשטאָרבן פון טיפוס אין 1942־טן יאָר און פון די איבעריקע פון זיין משפחה איז דערנאָך קיינער נישט געבליבן.

פון טשערווינסק האָט מען אונדז אַלע אַרויסגעפירט קיין נאָווידוואָר אין געטאָ אין חודש נאָוועמבער 1942. מיר האָבן זיך דאָ געטראָפן מיט די פריערדיקע ווישאַגראַדער פאַרשיקטע. זיי זענען געווען פאַרמאַטערטע, דערשלאָגענע, צעבראָכענע און מערערע פון זיי זענען שוין נישט געווען און אויסגעגאַנגען פון הונגער און ליידן, אָדער דערמאָר־דעט געוואָרן דורך די נאַצים.

דער נאָווידוואָרער געטאָ איז געווען אַ גהינום. אין אים האָט מען קאָנצענטרירט די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, פון מאָדלין און זאַקראָטשים און אַנדערע. דאָס ענגשאַפט איז געווען נישט צום שילדערן און יעדן טאָג זענען מיר געווען געצוווּנגען גיין צו צוואַנגס־אַרבעט אין מאָדלינער פעסטונג. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, נישט פאַר מענטשלעכע כוחות און די דייטשן האָבן בשעת דער אַרבעט געשלאָגן און צעבלוטיקט, יעדן טאָג זענען געווען פאַרוווּנ־דעטע און טויטע, דערהרגעטע פון די קלעפּ. ס׳האָט פּאַ־סירט אַ טאָג, אַז ס׳איז נישט געווען די גענוגנדע צאָל יידן, וואָס די דייטשן האָבן געפאָדערט, זענען זיי אַריין אין געטאָ און אַרויסגענומען ניין און צוואַנציק יידן און זיי געצוווּנגען אַליין אויסגראָבן זייערע קברים און זיי דערשאָסן, ביי זייע־רע אייגן־אויסגעגראָבענע גריבער.

צווישן זיי איז געווען אויך נאָכעלע גראָסמאַנס איידעם, וואָס איז געווען אַ בעל־עגלה.

אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַרויסשיקן יידן פון נאָווידוואָרער געטאָ.

קודם האָט מען אַרויסגעשיקט עלטערע יידן, פרויען און מענער און מ׳האָט זיי אָפּגעריסן פון זייערע קינדער. דערנאָך האָט מען גענומען פאַמיליעס מיט אַ סך קינדער. קיינער האָט נישט געוווּסט וווּהין מ׳פירט זיי. מיטן לעצטן טראַנספּאָרט האָט מען אויך מיך פאַרשיקט מיט מיין משפחה.

מיר זענען אָנגעקומען קיין בירקענאַו, נאָך 24 שעה פאָרן, אין ענגע וואַגאָנען, אָן עסן און טרינקען אין באַדינ־גונגען, וואָס קיין מענטש קאָן זיך דאָס נישט פאָרשטעלן.

אין בירקענאַו האָבן אונדז אָפּגעוואַרט די עס־עס־מער־דער, וועלכע האָבן געמאַכט באַלד אַ סעלעקציע, מענער באַזונדער און פרויען מיט די קינדער באַזונדער. פון די מענער ווידער האָט מען אַרויסגענומען די יונגע און זיי

באַלד אַוועקגעפירט אין די באַראַקן און פון דאָרט אויף אַרבעט. צווישן זיי בין איך אויך געווען. די פרויען, די קינ־דערלעך און די עלטערע מענער האָט מען אַוועקגעפירט אין די גאַז־אויוונס און זיי פאַרברענט.

כ׳דערמאָן מיך, צווישן די ערשטע פאַרברענטע זענען געווען: נאַכּעלע גראַסמאַן מיט אירע צוויי אייניקלעך, צוויי פ׳רעכטיקע מיידלעך, די קינדער פון אהרון און יסכה גראַסמאַן. זיי זענען געבליבן מיט דער באָבען און צוזאַמען מיט איר אומגעקומען אין די גאַז־אויוונס.

איך אַליין בין געווען אין אוישוויץ ביזן 18־טן יאַנואַר 1945.

אין דעם טאָג האָבן די מערדער אונדז אַרויסגעפירט פון דאָרט קיין נידערשלעזיע, גלייוויץ צופוס. מיר זענען געגאַנגען צוויי טעג און צוויי נעכט, אָן אָפּרו, אין שנייען און אין פרעסט, מ׳האָט געמוזט גיין, ווייל ווער ס׳איז נישט געגאַנגען איז דערשאָסן געוואָרן אין גיין. און ער איז גע־בליבן ליגן אין פעלד הפקר פאַר רויב־פייגל און הינט.

ווייניק זענען לעבן געבליבן פון דעם וועג און פון די שרעקלעכע באַדינגונגען. מ׳האָט אונדז פון דאָרט געשיקט קיין בוכענוואַלד.

נאָך פינף וואָכן בוכענוואַלד האָב איך זיך פרייוויליק אָנגעגעבן אין אַ צווייטן לאַגער. כ׳בין נאָך עטלעכע טעג אָנגעקומען קיין דאַכאַו, דער לעצטער גהינום מיינער.

דעם 30־טן אַפּריל 1945 זענען די אַמעריקאַנער אַריין און אונדז באַפרייט. ווען איך האָב שוין אינגאַנצן נישט גע־קאָנט רירן מיט מיינע פיס.

מ׳האָט מיך אָפּגעראַטעוועט, ווען כ׳האָב שוין כמעט נישט געוואָלט לעבן און כ׳האָב נישט געהאַט קיין כוח צום לעבן.

יצחק פאַסטערנאַק / ניו־יאָרק

# כ׳האב אליין אויסגעקעמפט מיין לעבן

דרייצן יאָר בין איך אַלט געווען, ווען מ׳האָט אונדז אַרויסגעטריבן פון ווישאַגראַד.


יצחק פאַסטערנאַק ע״ה

נאָך דער ווישעדליעניע פון ווישאַגראַד קיין דזיאַל־דאָווע זענען מיר אָנגעקומען קיין סלופּיע־נאָווע. נאָך אַ ריי מיט צרות שלעק און געסטאַפּאָ־רציחות אין ווישאַגראַד.

ס׳איז שוין געווען כמעט פינצטער, ווען מיר זענען אָנ־געקומען קיין סלופּיע־נאָווע און עפּעס נישט אַזוי גוט אויפן האַרצן. קומט צו צו מיר וואָלף קאַרפּ און זאָגט: לאָמיר גיין צוריק אַהיים!

איך הייס דאָך סטאַראַ־ביעדאַ, האָב איך באַלד געפרעגט, ווען מיר גייען! אין דעם זעלבן טאָג זענען מיר אַוועק צו דער באַן. ס׳איז אַ וועג פון בערך 10—20 קילאָמעטער. פון סלופּיע־נאָווא צו דער באַן־סטאַציע.

אַ קליינע געווען די באַן־סטאַציע, האָבן מיר זיך באַ־האַלטן אין די ביימער און געוואַרט אויף אַ צוג.

אפשר צוויי שעה האָבן מיר געוואַרט. ס׳איז אָנגעקומען אַ טאָוואַראָווע צוג. זענען מיר אַרויף אויפן צוג און אַוועק ביז וואַרשע.

אין וואַרשע איז שוין געווען געפערלעך צו גיין. אָבער וואָלף האָט געקענט וואַרשע זייער גוט, זענען מיר אַוועק צום הויפּט באַן־הויף און געפאָרן קיין סאָכאַטשעוו. מיר האָבן געוואָלט אָנקומען קיין מלאַדזיעשין דורך דער גרענעץ פון פּראָטעקטאָראַט.

ביי דער גרענעץ האָט מען אונדז געכאַפּט. מ׳האָט גע־פרעגט וווהין מיר גייען האָבן מיר געזאָגט קיין וואַרשע. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויב מיר וועלן זאָגן קיין ווישאַגראַד וועט מען אונדז פאַרפירן קיין וואַרשע.

אַזוי איז געווען. די וואַכמענער האָבן זיך צעשריגן אויף אונדז:

— זי מוסן גיין נאָך ווישאַגראַד, נאָך האָכנבורג! זי זאָלן נישט גיין נאָך וואַרשע!

מ׳האָט אונדז אַריינגעפירט אין דער קאָמענדאַטורע דאָרט האָבן מיר געכאַפּט גוטע קלעפּ, אָפּגעאַרבעט א שווערן טאָג אָן עסן און ווען דער טאָג האָט זיך געענדיקט האָבן זיי אונדז געלאָזט גיין קיין ווישאַגראַד.

אין ווישאַגראַד איז וואָלף קאַרפּ אַוועק צו זיין משפחה

און איך, וואָס האָב נישט געהאַט קיינעם, האָב באַשלאָסן גיין אין אַ דאָרף, זיך אָנגעבן צו אַ גאַספּאָדאַזש אויף אַרבעט. מיינער אַ חבר פון שוסטער־גאַס האָט מיך מיטגענומען קיין ראַשעוואַ. און כ׳האָב אָנגעהויבן פּאַשען בהמות ביי איינעם סטאַניסלאַוו וואַלסקי. דאָרט אין אַ שכנס הויף האָט געפּאַ־שעט די קי מענדל פּערשטס אַן אייניקל.

אין זשניוואַ האָב איך געהאָלפן מיין גאַספּאָדאַזש שניידן תבואה און ער האָט מיך ליב געקריגן פאַר מיין גוטער אַר־בעט. כ׳האָב געקריגן גוט עסן און אָנטון און אויך אַ פּאָר זלאָטעס אין טאַש.

אין דער צייט איז אָנגעקומען מיין טאַטע צוריק קיין ווישאַגראַד. ער האָט מיר געזאָגט, אַז מ׳האָט מיין מאַמען גע־כאַפּט און אַוועקגעשיקט אין לאַגער. וואָס האָב איך געקאָנט טון, אַ קינד פון פערצן יאָר. כ׳האָב דערציילט דעם בעל־הבית, האָט ער געגעבן דעם טאַטן אַ ברויט מיט פּוטער און אַביסל געלט און דער טאַטע איז אַוועק. ווייל דער גאַספּאַ־דאַזש האָט מורא געהאַט אים צו האַלטן. ווּ דער טאַטע איז אַוועק האָב איך געוווּסט. מ׳האָט געזאָגט אין געטאָ, איז ער אַוועק.

איינמאָל בין איך געזעסן מיט מיין בעל־הבית, האָט מען אונדז דערציילט, אַז מ׳האָט אַלע יידן אַרויסגעפירט קיין טשערווינסק און דאָרט איז אויך געווען מיין פאָטער און מיין יונגער ברודער יענקעלי.

אַ מאָל פאַרנאַכט איז אַריינגעפאָרן אַ קאָטש צו אונדז אין הויף. ס׳זענען אַראָפּ צוויי זשאַנדאַרן און גענומען זוכן און דער פורמאַן, אַ ייד, ער האָט געהייסן יעקב קיעפּצאַק, האָט געפרעגט מיין ווירט:

— מיר ווילן וויסן צי ס׳זענען ביי דיר נישטאָ קיין יידן.

מיין ווירט איז געוואָרן בלאַס ווי די וואַנט. איך בין פונקט געזעסן צוזאַמען מיט אַלע און געגעסן. אָבער ער האָט געענטפערט, אַז ס׳זענען נישטאָ ביי אים קיין יידן.

יעקב האָט אים געדראָט, אַז אויב מ׳וועט יאָ געפינען יידן, וועט מען אים שיסן. אָבער ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינעם.

דאַן האָט יעקב געהייסן מאַכן פאַר זייער וועגן צוויי קאַטשקעס, האָט מען מיך אַרויסגעשיקט ברענגען די עופות. איך האָב זיי געכאַפּט און אָפּגעהאַקט די קעפּלעך, ווי אַגוי פירט זיך און אַריינגעבראַכט די קאַטשקעס און צוריק אַרויס אין פעלד צו מיין אַרבעט.

ביז היינט ווייס איך נישט צי האָט יעקב קעפּצאַק גע־ווּסט, אַז כ׳בין אַ ייד אָדער ניין. דער ווירט אָבער האָט אים געדענקט צום שלעכטן. און מיר אויסגעוואָרפן „מיינע ברידער" יידן צו וואָס זיי זענען פּעאיק.

איינמאָל האָט זיך מיר פאַרבענקט זען מיין פאָטער. כ׳האָב דאָס געזאָגט דעם ווירט, האָט ער מיר געזאָגט:

— ס׳איז אַ געפאַר צו גיין קיין טשערווינסק. ס׳איז אויך געפערלעך פאַר דיר דאָרט אין געטאָ. יידישע פּאָליציי וועט דיך כאַפּן אויף אַרבעט און אַוועקשיקן אין אַ לאַגער אַריין.

כ׳האָב אים אָבער געבעטן, אַז כ׳וועל גיין קיין טשער־ווינסק אין געטאָ, האָט ער מיר געגעבן אַ ברויט און צוקער און מעל און מיך געלאָזט גיין.

אין געטאָ האָב איך געטראָפן מיין ברודערל מיט מיין טאַטן. זיי זענען געווען אויף גרויסע צרות. אויסגעהונגערט, צעבראָכן, איינזאַם אָן דער מאַמען, צעשלאָגענע.

אין זייער וווינונג איז געווען צוויי לאַנגע פּריטשן, מיט זיי זענען געווען רפאל קלמן גראָסמאַן, און דער שטריק־מאַכער פון רעמבאָווער גאַס. זייער לאַגע איז געווען ערגער ווי ערגער. כ׳האָב זיי איבערגעלאָזט דאָס עסן און אַוועק צוריק אין דאָרף אַריין.

אַזוי האָב איך געמאַכט יעדע וואָך און געבראַכט עסן מיין טאַטן מיט מיין ברודערל.

איינמאָל האָט מיך די יידישע פּאָליציי געכאַפּט און אַריינגענומען אין יודנראַט, דאָרט איז געזעסן דער יודן־עלטסטער הער נייבערג און פּאָליציי־קאָמענדאַנט כאַצקל בראַווערמאַן (היינט אין קאַנאַדע). האָבן זיי מיר געזאָגט:

— דו מוזט בלייבן אין געטאָ. מיר טאָרן דיך נישט איבערלאָזן אויסער דעם געטאָ, ווייל מיר צאָלן 10.000 מאַרק שטראָף פאַר יעדן ייד, וואָס מ׳דערשפּירט אַז ער איז אויסער דעם געטאָ.

כ׳האָב זיי דערקלערט, אַז כ׳בין נישט פאַרשריבן אין געטאָ און כ׳מוז נישט בלייבן דאָרט.

די צוויי האָבן מיך „געוואָרנט" און איך בין אַרויס פון זייער ביוראָ און אַוועק צוריק צו מיין ווירט. אין צוויי וואָכן אַרום האָב איך אָבער ווידער זיך פאַרבענקט נאָך מיינע. כ׳בין ווידער אַוועק קיין טשערווינסק מיט עסן און... מ׳האָט מיך ווידער געכאַפּט, אָבער דאָסמאָל בין איך שוין פאַרבליבן אין געטאָ.

מ׳האָט מיך גענומען צו דער אַרבעט פון יענער זייט ווייסל און אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען מיך אַרעסטירט.

אין טורמע זענען שוין געווען אַ דרייסיק יידן. מ׳האָט געדאַרפט צוגעבן נאָך 20, זיי האָבן געוואָלט 50 קרבנות.

פאַרנאַכט איז די טורמע געוואָרן פול מיט מענטשן. איך האָב באַשלאָסן צו אַנטלויפן, כ׳האָב געזאָגט מיין ברו־דערל, ער זאָל גיין צו ראובן קירשטיינס שוועסטער, זי איז געווען מיין קוזינקע, זי זאָל מיר ברענגען עסן פאַרן אָפּ־פאָרן.

זי איז באַלד געקומען מיט עסן. כאַצקל איז געווען דער וועכטער פון טורמע דעם טאָג, האָב איך אים געפרעגט, צי ער איז נישט דאַקעגן, כ׳זאָל אַרויסגיין עסן, ווייל דאָ איז נישטאָ קיין פּלאַץ.

כאַצקל האָט מיר דערלויבט און איך בין אַרויסגעגאַנ־גען אין דרויסן, ווי נאָר ער האָט זיך אויסגעדרייט, בין איך שוין נישט געווען.

כ׳בין אַריבערגעשפּרונגען די דראָטן, און אַרויף אויף אַ הויכן בוים, ביז אויפן שפּיץ. כ׳האָב זיך צוגעבונדן מיט אַ פּאַסיק, כ׳זאָל נישט אַראָפּפאַלן און כ׳בין איבערגעזעסן די גאַנצע נאַכט אויפן שפּיץ בוים.

פון בוים אַראָפּ האָב איך געזען אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ. כאַצקל איז אַרומגעלאָפן ווי אַ פאַרסמטע מויז און

מיך אַרומגעזוכט. אַרום 4 אַזייגער אינדערפרי זענען געקומען וואָגנס און מ׳האָט אַלע 50 אַוועקגענומען און מיך האָט ער פאַרגעסן.

7 אינדערפרי, ווען אַלץ איז שטיל געוואָרן, בין איך אַראָפּ פון בוים און געגאַנגען צו דער ווייסל, אָפּוואַשן דאָס פּנים, האָט עמעצער באַמערקט און אַוועק אָנזאָגן דאָס, האָב איך זיך באַהאַלטן און גאַנץ שפּעטער אַוועק אין דאָרף אַריין.

שפּעטער בין איך ווידער אַוועק אין געטאָ מיט עסן. מיין פאָטער האָט געבאַקן מצות, איז אים שוין לייכטער געווען און איך האָב געמיינט אויף אַ שטיקל צייט וועל האָבן רו און נישט לויפן אויף סכנות אין געטאָ אַריין.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָב איך דערפילט, אַז כ׳האָב גרויסע היץ. כ׳האָב מורא געהאַט דערציילן דעם ווירט, טאָמער וועט ער מיר אַוועקשיקן. בין איך אַוועק צוריק אין געטאָ און בין אַריין צום טאַטן אין בעט אַריין.

ס׳איז געווען טיפוס, אָבער מיין טאַטע האָט מיך נישט אַרויסגעטריבן פון זיין בעט. אויף דער פּריטשע. מיין גוטער טאַטע.

אין אַכט טעג אַרום, האָב איך זיך אויסגעלעגן און אַוועק אין דאָרף אַריין. די גויע האָט דערפילט, אַז כ׳בין געווען קראַנק. זי האָט מיך גענומען אויספרעגן, האָב איך איר אַלץ דערציילט. האָט זי גענומען אַלע מיינע קליידער אויסגעוואַשן און גאָרנישט געזאָגט.

כ׳האָב זיך נאָר דערפילט אַביסל בעסער בין איך אַוועק ווידער אין געטאָ.

דאָס איז געווען דער לעצטער טאָג פּסח 1942. איך האָב געטראָפן מיין טאַטן טויט. ער איז געשטאָרבן מיט אייגענעם טויט. יידן האָבן אים מקנא געווען. ער איז אַלט געווען 56—58 יאָר. מ׳האָט אים געטון זיין רעכט. איך האָב געזאָגט קדיש. אַ גליק־טויט האָט עס געהייסן. געשטאָרבן אַליין, געקומען צו קבר ישראל מיט „קדיש”, ווי אַ ייד, און פּטור געוואָרן פון אַזאַ וויסט לעבן.

דערווייל האָבן די נאַציס אַריבערגעפירט אַלע טשערווינסקער געטאָ איינוווינער קיין נאָווידוואָר. איך האָב זיך דערווייל געשטאַרקט, זיך אָנגעגעסן, געוואָרן אַן אַרבעטער און ממש געאַרבעט. נאָך דעם תבואה־שניט האָט דער ווירט מורא געקריגן מיך צו האַלטן, האָט ער מיר געגעבן צו פאַרשטיין די געפאַר, וואָס דערוואַרט אים און ער האָט מיר געזאָגט, איך זאָל גיין אין די פעלדער.

ס׳איז געווען אַרום אָקטאָבער 1942. ביינאַכט איז געווען זייער קאַלט, כ׳פלעג קומען ביינאַכט שלאָפן אין שטאַל אַריין און בייטאָג זיך וואַלגערן אויף די פעלדער. ס׳איז מיר נמאס געוואָרן. בין איך אַוועק צום ווירט און אים געבעטן, ער זאָל מיר פאַרקויפן עסנוואַרג און איך וועל אַוועק פון דאַנעט.

כ׳האָב געקויפט אַביסל צוקער און פלייש און מעל און בין אַוועק אין נאָווידוואָרער געטאָ.

מיט 40 קילאָ אויף די פּלייצעס בין איך געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט. אַרום 3 פאַרטאָג בין איך אָנגעקומען אין געטאָ.

דאָרט האָב איך געטראָפן מיין קליין ברודערל, מיין באָבע, מיינע מומעס און פעטערס. ווי אַ מלאך איז אַראָפּ פון הימל אַזוי האָבן זיי מיך דערזען. כ׳האָב זיי אַוועקגעגעבן אַ העלפט און ס׳איבעריקע פּראָדוקטן האָב איך פאַרקויפט אין געטאָ. יידן האָבן מיר געדאַנקט און איך האָב געמאַכט אַביסל פּרנסה.

אַזוי בין איך געוואָרן אַ שמוקלער פון געטאָ.

נאָך צוויי טעג אין געטאָ בין איך ווידער אַוועק אין דאַרף אַריין, אויסגערוט זיך, איינגעקויפט פּראָדוקטן און ווידער אַוועק אין געטאָ.

דאָס מאָל האָט מען מיך געכאַפּט צוזאַמען מיט נאָך יידן פון געטאָ אויף צוואַנגס־אַרבעט. די דייטשן האָבן געפאָדערט 400 מענטשן, דער יודנראַט האָט געהאַט נאָר 350, האָבן זיי געמאַכט אַן אָבלאַווע און איך בין אַריינגעפאַלן.

וואָס האָט פּאַסירט ווייסן אַלע ווישאָגראָדער. ס׳איז געווען שווערע אַרבעט, אָן עסן, באַגלייט מיט טויט־שלעק. מענטשן זענען געפאַלן צום טויט פון די געסטאַפּאָ־קלעפּ. ווי ס׳האָט פּאַסירט מיט איינעם פון די בוכנערס. נישט אַלע האָבן אויסגעהאַלטן. פיל זענען אַוועקגעפאַלן אָדער דערשאָסן געוואָרן.

ווען מיר זענען צוריקגעגאַנגען אין געטאָ, האָב איך זיך באַלד אויסגעדרייט צו גיין אין דאָרף אַריין.

כ׳האָב אָנגעטראָפן ווידער וואָלף קאַרפּ, מיין „אַלטן שותף” און ביידע זענען מיר אַוועק. 12 ביינאַכט זענען מיר אַרויס פון געטאָ און אינדערפרי זענען מיר געווען אין דאָרף ביי מיין ווירט וואָלסקי.

ער האָט מורא געהאַט אונדז צו פאַרקויפן עסנוואַרג. מיר זענען אַרומגעגאַנגען צווישן אַנדערע גויים, וואָס האָבן מיך געקענט. מיר האָבן איינגעקויפט סחורה, איינגעפּאַקט זי, און ביינאַכט, זיך געלאָזט אין וועג אַריין. 4 פאַרטאָג זענען מיר שוין געווען אין געטאָ.

אַזוי האָבן מיר געשמוגלט צוויי מאָל אַ וואָך. מיר האָבן מיטגענומען נאָך צוויי חברה און געפירט אַ גאַנץ ברייטן שמוגל.

איינמאָל זענען מיר אַריינגעפאַלן צו דער געסטאַפּאָ. אַ גליק נאָך, וואָס מיר האָבן דערפילט מ׳גייט, האָבן מיר אַלץ אַוועקגעוואָרפן און זיי האָבן אונדז געכאַפּט מיט ליידיקע הענט.

פריער האָבן זיי אונדז געשלאָגן צום טויט, נאָכהער האָבן זיי אונדז אַריינגעזעצט אין אַ קעלער מיט וואַסער און אָפּגעהאַלטן אין דער קאַלטער וואַסער ביז 12 בייטאָג. ערשט דאַן האָבן זיי אונדז איבערגעגעבן אין די הענט פון דער יידישער פּאָליציי אין געטאָ. זי האָט אונדז איינגעזעצט אין טורמע אויף איין טאָג. ווען מיר זענען אַרויס בין איך מיט וואָלפן אַוועק, נאָך די זעלבע נאַכט אין דאָרף אַריין, די איבעריקע צוויי האָבן מורא געהאַט. ווען מיר זענען צוריקגעקומען זענען זיי שוין נישט געווען. מ׳האָט זיי אַוועקגעשיקט קיין אוישוויץ.

מיר האָבן ווייטער געשמוגלט. איצט שוין איבער דעם געפרוירענעם טייך נאַרעוו דורך מאָדלין און זאַקראָטשים.

אײנמאָל האָט מען אונדז געזאָגט, אַז פּונקט הײַנט שיקט מען אַ „טראַנספּאָרט". האָבן מיר זיך אויפגעהויבן בײַנאַכט און אַוועק. דורך אַ געדיכטער וואַלד פון עס־עס און עס־דע דײַטשן האָבן מיר זיך דורכגעריסן און מיטן אײַז פון טײַך אַוועק. אָפּגעוואַרט אַ ביסל און ווידער געשמוגלט.

דאָס לעצטע מאָל, ווען מיר זענען אַרײַן אין געטאָ, האָבן מיר שוין כמעט קײנעם פון אונדזערע קרובים נישט געטראָפן. מײַן ברודערל יאַנקעלע — אויך נישט. נאָר מײַן קוזין דוד דער פּאָליציאַנט איז נאָך געווען. ער האָט דער־ציילט, אַז צומאָרגנס ווערט דער געטאָ „ריין". כ'האָב זיך געעצהט מיט וואָלף קאָרפּ וואָס צו טון. האָט ער געזאָגט ווי וועלן מיר דאָ בלײַבן אַן יידן, אַליין, אײנזאַם. ער האַלט פאַר בעסער מיר זאָלן גײן מיטן טראַנספּאָרט.

אין צוויי טעג אַרום האָט מען אונדז טראַנספּאָרטירט. דאָס איז געווען דער לעצטער טראַנספּאָרט.

דעם צער אין די געפּאַקטע וואַגאָנען איז נישט צום דערציילן. מיר האָבן באַשלאָסן אַרויסשפּרינגען פון וואַגאָן און אַנטלויפן.

ווען מיר זענען שוין געשטאַנען אויפן טרעפּל צום שפּרינגען האָט דער וועכטער באַמערקט און אָנגעהויבן צו שיסן. זענען מיר אַרײַן צוריק און מיר האָבן באַשלאָסן שוין פאָרן מיט אַלע, הגם דאָס האַרץ האָט אונדז געזאָגט, אַז עס וועט זײַן שלעכט.

מיר זענען פאַרפאָרן קײן בירקנהאַו. דעם גהינום האָבן אַלע שוין באַשריבן. נאָך בירקנהאַו קײן בונא צופּוס. אין בונאַ האָט מען אונדז אַרײַנגעזעצט אין אַ קוואַראַנטאַנע. ווען מען האָט אונדז גוט אַרומגעוואַשן און נאָכדעם, וואָס מ'האָט אונדז דעזינפעקצירט, האָט מען אונדז איבערגעפירט אין אַרבעטס־בלאָקן. איך מיט וואָלפן זענען מיר צוזאַמען אַרײַנגעפאַלן אין בלאָק 12.

שפּעטער אין בלאָק 10 און דאָרט בין איך געבליבן ביז דעם סוף. די דײַטשן האָבן באַשלאָסן פאַר זייער בראָך אויסראָטן אַלע יידן. ס'זאָלן נישט בלײַבן קײן עדות קעגן זיי.

די ווישעדליעניע פון דאָרט איז געווען דעם 18־טן יאַנואַר 1945. דאַן האָט מען אַלעמען אַרויסגעפירט פון בירקנהאַו און מ'האָט נישט געוווּסט וווּהין מ'פירט אונדז.

פאַר דעם אַרויספאָרן פון דאַנען האָט שיע ליכטנשטײן מיר פאַרגעשלאָגן, מיר זאָלן זיך צוגרייטן ציווילע קליידער און בעת דעם פירן זאָלן מיר אַנטלויפן. אויף מאָרגן האָב איך געהאַט אַ פאָר הויזן מיט אַ מאַרינאַרקע. איך בין געווען תמיד גרייט צום לויפן.

אויפן וועג האָט מען אונדז געלאָזט זיך אָפּרוען אין אַ צעגעלניע. דאָ האָבן מיר פאַרשטאַנען ווען מען קאָנען מאַכן אַ ויברח.

ווען מיר זענען אַרויס פון דער צעגעלניע איז געווען גאַנץ טונקל. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט אַוועק, ווען דער גאַנצער טראַנספּאָרט וועט אַריבער און שפּעטער זיך טרעפן און גײן צוזאַמען, כדי צוזאַמען צו באַשליסן וואָס ווייטער צו טון.

מ'איז דורך אַ בריקל, וואָס פירט איבער דעם שאָסיי און אונטער דעם גייט אַ וועג פאַר פורן מיט פערד. איך בין אַראָפּגעשפּרונגען און זיך באַהאַלטן אונטער דעם בריקל. שיע האָט אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, ווען ער איז אַראָפּגעשפּרונגען, האָט מען אים באַמערקט און דערשאָסן.

צוויי שעה בין איך אָפּגעלעגן אַליין אונטער דער בריק, ווען די נאַכט איז געוואָרן טיף, בין איך אַרײַן אין אַ קוילן־קאַמער און אָפּגעלעגן די גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג האָב איך מיך געלאָזט גיין צוריק קיין אָוישוויץ, ווייל דאָרט האָבן באַדאַרפט אָנקומען די רוסן און מער קיין דײַטשן זענען דאָרט נישט געווען.

נאָך אַ טאָג גײן אין שניי, איבער פעלדער אין דער פרעמדער געגנט בין איך אָנגעקומען צו אַ דאָרף. כ'האָב אָנגעקלאַפּט אין ערשטן שטיבל. אַ גויע איז אַרויס, כ'האָב זי געבעטן, זי זאָל מיר לאָזן איבערנעכטיקן ביי איר. זי האָט מורא געהאַט, דער זון אירער איז געווען אַ דויטשער זעל־נער, אָבער ווען כ'האָב איר געוויזן אַ גוט דאַמען־זייגערל האָט זי מסכים געווען.

כ'בין געשלאָפן אין קעלער. זי האָט מיר געגעבן עסן, כ'בין געשלאָפן שטאַרק. אַרום 10 אַזייגער אַוונט קומט אַרײַן אין קעלער דער זון, דער זעלנער, אָן אַ האַנט און אָן אַן אויג. ער האָט פאַרפירט מיט מיר אַ פרײַנדלעכן שמועס. ער האָט געמיינט, איך בין אַ פּאָליאַק. איך האָב אים געזאָגט, כ'בין פון קראָקאָוו, האָט ער מיר געראָטן גיין דורך קאַטאָ־וויץ—סאָסנאָוויץ „אַהיים" קיין קראָקאָוו.

דער וועג איז געווען אַ שווערער. אין דאָמבראָוואַ־גור־ניטשאַ איז געווען דער פראָנט. כ'האָב געמוזט אַוועק, בין איך געלאָפן צוריק. אויפן וועג האָט מען מיך געכאַפּט צו גראָבן אָקאָפּעס. כ'בין ווידער אַנטלאָפן, גענעכטיקט אין חורבות און איין נאַכט — אין אַ טואַלעטע. ווידער געסטאַפּאָ, קלעפּ, צרות ביז כ'בין אָנגעקומען אין מײַנע לעצטע וואַנ־דערונגען קיין ריבניק.

דאָ איז שוין געווען רוסיש מיליטער אונטער דער שטאָט. איך בין אַרײַן אין שטאָט. דאָ זענען נאָך געווען עטלעכע פאַמיליעס, האָב איך זיך ביי זיי אויסבאַהאַלטן און געוואַרט אויף די רוסן. ליידער זענען זיי געבליבן דריי חדשים הינטער דער שטאָט. כ'האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין קוילנ־גרובנס.

נאָך פיר וואָכן האָט מען מיך מיט נאָך פופצן אַרבעטער אַוועקגעשיקט אין אַ פאַבריק.

ערשט אין זעקס וואָכן אַרום זענען די רוסן אַרײַן און כ'בין באַפרייט געוואָרן.

מיט מײַן באַפרייאונג האָבן זיך אָנגעהויבן טיפע זאָרגן ווו זאָל איך גיין, וועמען האָב איך? ווו וועל איך האָבן אַ היים?

*

כ'האָב דערלעבט צו קומען קיין ישראל, דורך ציפערן, מיט צרות, אָבער צום אייגענעם לאַנד און דאָ אין „אצל" און אין „צה"ל". און געוואָרן אַ פרייער ייד.

צבי פוקס

# איינער פון א סך

פרייטיק, דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939, זענען געפלויגן איבער אונדז די דייטשישע עראָפּלאַנען און שבת אויפצומאָרגן איז די שטאָט שוין געווען פול מיט פּליטים פון פּלאָנסק. זיי האָבן זיך נישט אויפגעהאַלטן ביי אונדז. זיי זענען ווייטער געלאָפן און געשריגן:



— יידן לויפט ווו איר קענט, די דייטשן שעכטן אויס אַלעמען. ראַטעוועט זיך!

זונטיק 3.9.1939 זענען אָנגעפלויגן דריי עראָפּלאַנען און אַראָפּגעוואָרפן באָמבעס אין דער ווייסל נעבן דער ראָלניטשע גאַס. די פּאַניק איז געוואַקסן און יידן האָבן אָנגעהויבן לויפן אין די דערפער און קיין וואַרשע.

איך מיט מיין פרוי ע״ה טאָבע לייבל מאירדאָרפס טאָכטער און מיין 3־יאָריק קינד, אייזיקל, זענען מיר געלאָפן קיין וואַרשע. אויפן וועג זענען מיר געוואָרן באָמבאַרדירט. די וועגן זענען געווען אָנגעשטאָפּט מיט פּליטים און די עראָפּלאַנען האָבן אונדז באַשאָסן מיט מאַשין־געווער, מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן.

ערשט מאָנטיק נאָכמיטאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין וואַרשע. צוזאַמען מיט פּופּובסקען האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן ביי זייערס אַ משפּחה.

נאָך דריי וואָכן פון הונגער און באָמבאַרדירונגען, טאָג און נאַכט, זענען מיר צוריק אַוועק אַהיים. מיר האָבן געטראָפן די טירן און פענצטער אויסגעבראָכן און די סחורה אויסגערויבט. די נויט איז שוין געווען טיף אין אונדזער הויז.

חול המועד סוכות האָבן די דייטשן אָנגעהויבן רויבן יידיש האָב־און־גוטס און געוועלטיק ליקווידירט יידישע געשעפטן. זיי האָבן געשלעפּט די יידן צו שמוציקע און שווערע אַרבעטן און זיי געשלאָגן מערדערלעך.

איך האָב ליקווידירט מיין וואַרשטאַט און געגאַנגען ריי־ניקן שאָסייען, די אויפזעער זענען געווען אונגאַרישע זעלנער. איך האָב די גאַנצע צייט געאַרבעט מיט יצחק יעקב דויטש און יענקל שטיין.

אין יאַנואַר 1941 האָט מען מיך פאַרנומען אין באַלסקער לאַגער. כ׳האָב דאָרט געאַרבעט ביי שטיינהאַקעריי און שפּעטער אין קיך צוזאַמען מיט טוביה בילגאָריי. אין דעם לאַגער בין איך געווען ביז מ׳האָט אים ליקווידירט, אין אָקטאָבער 1941.

דאַן האָט מען אונדז אַלע צוריקגעפירט קיין ווישאָגראָד און אַלעמען אַריינגעשפּאַרט אין געטאָ. מיין פרוי האָט אינצווישן אויסגעליטן שווערע און ביטערע ליידן. מ׳האָט זי אַרויסגעטריבן פון שטוב און אַריינגעזעצט זי ביי בורטשע וואַסערטרעגער אין שטוב. זי איז געווען עלנד, נישט געהאַט מיט וואָס צו דערנערן דאָס פּיצעלע קינד און ביידע האָבן זיי געליטן הונגער. כ׳האָב געדאַנקט גאָט, וואָס מ׳האָט זי נישט אַרויסגעפירט קיין סלופּיע־נאָוואַ אין דער מערץ ווישעדלעניע.

אין חודש נאָוועמבער, דאָס זעלביקע יאָר, אין אַ שיינעם שבת האָט מען אַרומגערינגלט דעם געטאָ מיט פאָלקס־דויטשן פון דער געגנט און מיט אַ סך געסטאַפּאָ־מענטשן. מ׳האָט אַלע יידן אַרויסגעטריבן אין גאַס און דאָרט זיי צעטיילט אויף צוויי־ען. פון זיי אַ טייל האָבן זיי אַרויסגעטריבן קיין נאָווידוואָר און אַ טייל קיין טשערווינסק.

ביים אַרויפשטייגן אין די לאַסט־אויטאָס האָבן די דייטשן געהאַלטן אין איין שלאָגן און אַראָפּשניידן די פּלעצאַקעס מיטן לעצטן „פאַרמעגן” פון די פּלייצעס, ס׳האָט געהייסן צוליב מאַנגל אין פּלאַץ אין אויטאָ.

דערווייל זענען די ווישאָגראָדער יידן אָנגעקומען אי׳ן די פרעמדע געטאָס אָן עסן און אָן שום מיטלען צו עקזיסטירן. אַזוי זענען מיר אָנגעקומען קיין נאָווידוואָר הונגעריק און פאַרמאַטערט.

מ׳האָט אַריינגעשטופּט צו 15—20 מענטשן אין איין קליין צימערל. איך בין געווען צוזאַמען מיט מיין פרוי ע״ה און קינד. מיט מיין שוואָגער הערשל מאירסדורף און משפּחה און יעקב יהודה פעלז מיט זיין פרוי ציפּרע און זייערע קינדער קלמן און שיינדל און אברהם ליפּסקי מיט זיין פרוי און טאָכטערביילע מינדל — 19 נפשות אין איין צימער.

אינצווישן האָבן די ווישאָגראָדער געשאַפן אַ קאָמיטעט פון דריי יידן: יואל ליפּע קרוי, לייזער ראָטבאַרט און יואל בוים, וואָס האָבן אונדז פאַרטרעטן אין יידנראַט. מ׳האָט געגרינדעט אַ קיך און מיך באַשטימט אַלס קוכאַזש. אַזוי בין איך אַריין ווינען אין גרויסן געטאָ. די קיך האָט געהייסן פאַר די פאָרט־אַרבעטער. זי איז געווען אַ גרויסע, מיר האָבן אַרויסגעגעבן 2000 מיטאָגן אַ טאָג.

מיטאָג האָט געהייסן אַ הייבטל קרויט מיט אַביסל אָפּ־

פאַל, וואָס מ׳האָט געבראַכט פון דייטשן מיליטער אין דער פעסטונג. צווי דריי מאָל אַ וואָך איז געווען אַביסל פערדן־פלייש מיט אַביסל קאַרטאָפל.

יידן זענען געשטאַנען אַ פּאָר שעה אין דער ריי, כדי צו קריגן דאָס ביסל שיטערע וואַסער. דער באַוווּסטער שלמה מאָרדע האָט דערביי געשלאָגן, געהרגעט און אָפּט האָט אויך פּאַסירט, אַז נאָך די פּאָר שעה שטיין, זענען מענטשן אַהיים געגאַנגען ליידיק און פאַרציטכטעט אויף דעם עסן. ווייל וואָס זיי האָבן געזען האָט זיי אָפּגענומען דעם אַפּעטיט.

די עקזעקוציעס, דאָס הענגען און שיסן יידן, האָבן די מערדערישע דייטשן אויסגעפירט אויפן פּלאַץ נעבן דער קיך. איינמאָל האָט מען אויפגעהאַנגען פינף יידן פון טשעכאַנאָוו. אויף דעם פּלאַץ איז איינער פון זיי אַראָפּגעפאַלן פון תליה און געבליבן לעבן. אַנגענומען אין אַזאַ פאַל אַז מ׳לאָזט אַזאַ געהאַנגענעם לעבן אַפילו ער זאָל זיין דער גרעסטער פאַר־ברעכער. דאָ אָבער האָט דער קאָמענדאַנט אים געהייסן אויפ־הענגען נאָכאַמאָל. און מ׳האָט אים אויפגעהאַנגען און דאָס מאָל ביז צום טויט.

איינמאָל האָט מען אַזוי אויפגעהאַנגען זיבן יידן און זיי געלאָזט הענגען 24 שעה. צווישן זיי איז געווען וואָלף לעווינס יינגל.

נאָוועמבער 1942 האָט מען אָנגעהויבן אַרויספירן אַלע געטאָ־איינוווינער קיין אוישוויץ. עס זענען געגאַנגען אַלע טאָג פאַרשידענע טראַנספּאָרטן. אַלטע פּאָר דער צייט, פרויען, קינדער, דערשלאָגענע, צעבראָכענע, פאַרמאַטערטע צום טויט. ס׳איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז דער לעצטער וועג צום טויט.

מיך האָט מען אַרויסגעפירט דעם 12־טן דעצעמבער 1942 מיטן לעצטן טראַנספּאָרט, צוזאַמען מיט מיין פרוי און קינד. מאָנטיק ביינאַכט, ו׳ טבת דעם 13.12, האָט מען זיי פאַרגאַזט און פאַרברענט הי״ד.

מ׳האָט פאַרברענט אין בירקענאַו־אוישוויץ אַלע ניט־נייטיקע מענער און אַלע פרויען און קינדער, אָן אויסנאַם.

איך בין פאַרבליבן צווישן די 600 מענער, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט צו דער אַרבעט. מ׳האָט אונדז אַריינגעפירט אין לאַגער און ווי נאָר מיר זענען אַריין אין דעם פאַרצאַמטן פּלאַץ, האָבן מיר זיך אָפּגעריסן די דאַשקעס פון די היטלען. ס׳איז געווען אפשר אַן אויסדרוק פון קריעה רייסן. כ׳קאָן נישט געדענקען, פאַרוואָס מיר האָבן דאָס געטאָן. כ׳געדענק נאָר, אַז קיינער האָט אונדז נישט געצוווּנגען דערצו.

אין לאַגער האָט מען אונדז געגעבן צעריסענע שטינקענ־דיקע קליידער, מ׳האָט אונדז אָפּגעשוירן און אַריינגעפּאַקט אין די באַקסן צום שלאָפן. אויפצומאָרגנס האָט מען אונדז אויסגעשטאָכן (טאַטואירט) די נומערן. איך האָב באַקומען דעם נומער 83106, אויסגעשטאָכן אין אָרעם אויף אייביק.

אין צוויי טעג אַרום האָט מען אונדז געגעבן נייע פּי־דזשאַקעס און אַוועקגעפירט קיין בונאַ, פאַרשלאָסן אין קוואַ־ראַנטין און געלאָזט אין בלאָק נומער 2.

דריי וואָכן זענען מיר דאָרט געווען צוזאַמען מיט די ברידער דויטש. כ׳דערמאָן מיך, אַז כאַצקעל בראַווערמאַן האָט געוואָלט געפעלן די דייטשן, האָט ער פאַרמסרט די ברי־דער דויטש, אַז זיי האָבן געלט און מ׳האָט גענומען נתן לייב דויטש און אים אויפגעהאַנגען אויף די הענט. יעדער איז געווען זיכער, אַז מ׳ענדיקט מיט אים, אַ נס איז געשען און נאָך 15 מינוט הענגען האָבן זיי אים אָפּגעלאָזט און ער איז געבליבן לעבן. ווען ער איז אַרונטער די תליה איז ער געווען באַוווּסטלאָז. מ׳האָט אים געמוזט פירן אין צימער אַריין.

ס׳איז מיר שווער צו באַשרייבן, וואָס אַלץ איך האָב איי־בערגעלעבט אין אוישוויץ און וואָס פּאַר אַ מערדערישע ביל־דער מיינע אויגן האָבן דאָרט געזען. קורץ — כ׳בין ביים ענדע גענומען געוואָרן אין שפּיטאָל, ווייל כ׳האָב זיך צע־קלאַפּט ביי דער אַרבעט. דאָרט האָב איך געפילט, אַז איך וועל שוין מער נישט קאָנען אַרבעטן, האָב איך זיך אָנגעגעבן אַלס מוזיקער, כ׳האָב דאָך ביי די פּאָליאַקן געשפּילט אין אָרקעסטער און כ׳בין אַריין אין דעם אָרקעסטער אויך דאָ.

אַזוי האָב איך אָנגעהאַלטן ביז דעם 18.1.1945 ווען מ׳האָט אונדז געטריבן צופוס קיין גלייוויץ און פון גלייוויץ קיין דאַכאַו, ווו כ׳בין באַפרייט געוואָרן דורך די אַמעריקאַנער, דעם 4טן מאַי 1945.

פון אוישוויץ געדענק איך די פּאָר ווישאָגראַדער יידן: זכריה פּרוסאַק, אברהם פּאַפּאָווסקי, יאַסקע לעווין, גאַדל קירשנבוים. משה קופערמאַן און לייביש־דוד פּרייזינגער.

*

פאָרן פאַרן קיין ישראל האָב איך נאָך באַוויזן צו זיין אין ווישאָגראַד פון 1945 ביז 1957. כ׳האָב דאָרט געאַרבעט אַלס קאַפּעלמייסטער פון דעם פייערלעשער־אָרקעסטער. כ׳האָב דאָרט חתונה געהאַט, אָבער כ׳האָב נישט געקאָנט דאָרט זיין אַן איבעריקן טאָג.

**זכריה פּרוסאַק**

# צו 16 יאָר אין די נאַצישע הענט

פרייטיק, דעם 1.9.1939 האָבן שוין די דייטשישע עראָ־פּלאַנען געאַרבעט אין פּולן ברען. זיי האָבן דאָס אַזוי שנעל געמאַכט, אַז די פּאַליאַקן האָבן געמיינט און געווען זיכער, אַז דאָס זענען „זייערע”. ס׳האָט נישט געדויערט קיין סך און דער טעות האָט זיך אויפגעקלערט.



זונטיק דעם 3.9.1939 האָבן יידן אָנגעהויבן לויפן פון מלאַווע, ציעכאַנאָוו און פּלאָנסק אין דער ריכטונג קיין וואַר־שע, די לופט איז געווען פול מיט פּחד.

2 אַזייגער האָבן די דייטשן געוואָרפן באָמבעס אין דער ווייסל אַריין, קעגנאיבער דער פייערלעשער־סטאַנציע. אין שטאָט איז געוואַקסן די פּאַניק. מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן פון ווישאָגראַד.

מ׳איז געגאַנגען זוכן אַ באַהעלטעניש אין די דערפער פון אַרום, אין שלאַדאָוו, יאַנושיב און אויך קיין וואַרשע איז מען געלאָפן. מ׳האָט געגלייבט, אַז די גרויסע שטאָט, די קרוינשטאָט, איז באַשטימט מער באַשיצט און די שוץ־פלע־צער דאָרט און די באַהעלטענישן מערערע.

מאָנטיק 4.9.1939 האָט דאָס פּוילישע מיליטער אָפּגע־טרעטן פון פּראַגנט. מיין ברודער שייע, דאַן אַ זעלנער, איז געקומען אַהיים און געשריגן:

— יידן, אַנטלויפט ווי נאָר איר קענט, די דייטשן ווען זיי קומען נאָר, שעכטן זיי אויס יידן מאַסנווייז.

מיין ברודער איז ווייטער געגאַנגען מיט זיין פּאָלק און מיר האָבן איינגעשפּאַנט פערד און וואָגן און אַנטלאָפן קיין וואַרשע.

דער וועג איז געווען אַ שרעקלעכער. ער איז געווען פול געדיכט מיט פּליטים. מיר זענען געפאָרן לאַנגזאַם און אין אַן ענגשאַפט, די דייטשישע עראָפּלאַנען האָבן זיך יע־דעס מאָל אַראָפּגעלאָזט און באָמבאַרדירט די געדיכטע פאַר־צווייפלטע מענטשן־מאַסע, אָדער גאָר באַשאָסן זיי מיט האָגלען פון קוילן. מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן. די וועגן זענען פאַרשטאָפּט געוואָרן מיט מענטשלעכע קערפּערס. מען איז געפאָרן אויף קערפּערס, מ׳האָט געטרעטן אויף קער־פּערס.

מיר זענען צוגעקומען צו דער קראַכמאַלנע גאַס נומער 26. מיר האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין הויף און געשלאָפן אונ־טערן פרייען הימל אויף די וואָגנס. דריי וואָכן צייט האָבן מיר געלעבט אַזוי.

מיט אונדז זענען געווען, ראובן נאַשעלסקי, אַ בעל־עגלה פון קרוטקע גאַס, ער מיט זיין משפּחה, פיר טעכטער מיטן זון אפרים.

די דייטשן האָבן אונדז באַמערקט און אונדז באַוואָרפן מיט זייערע באָמבעס. צוויי נאַשעלסקיס טעכטער זענען פאַר־ווונדעט געוואָרן, ווען זיי זענען אַראָפּ אין אַ קעלער אַריין, מ׳האָט זיי קוים אַרויסגעשלעפּט לעבעדיק. זיי זענען געווען פאַרוווּנדעט און אָפּגעברענט די פּנימער. דאָ איז אויך גע־ווען מיין פעטער שמואל פּרוסאַק מיט זיין ווייב יהודית, מיין פעטער איטשע פּרוסאַק, זיין ווייב רבקה און זייערע קינדער, די מומע רחל־לאה יעקב בילגאַרייס פרוי מיט אירע קינדער, מיינע עלטערן שלום און פייגע, מיינע צוויי ברידער יעקב און יוסף און מיין שוועסטער דבורה.

ס׳איז אונדז זייער שווער געווען אָן וואַסער און אָ קאָפּ עסן. מען האָט בכלל נישט געקאָנט קויפן עסן אַפילו פאַרן גרעסטן פּרייז. מיין פאָטער איז צוזאַמענגעפאַלן. ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן. ער איז געלעגן אין וואָגן אַ פאַרחלש־טער, אָן באַוווסטזיין אָן לשון.

מיר האָבן נאָר געקאָנט דערוואַרטן דאָס ערגסטע אין זיין לאַגע. איך בין דאַן אינגאַנצן אַלט געווען 16 יאָר, האָב איך געכאַפּט אונדזער פערד און אונטער אַ האָגל פון קוילן בין איך געלאָפן גאַלאָפּ צום טייך און געבראַכט וואַסער, אויפן וועג האָב איך געזען אויך שפּייז־מאַגאַזינען אויפגע־ריסענע פון די באָמבעס האָב איך מיר אָנגענומען פולע הענט און טאַשן מיט שפּייז, ווי נאָר כ׳האָב געקאָנט און געלאָפן אַהיים. אַדאַנק דעם האָבן מיר אויסגעהאַלטן דריי וואָכן.

*

חול המועד סוכות זענען מיר אַוועק צוריק קיין ווי־שאָגראַד. מיר האָבן געטראָפן אונדזער שטוב אויפגעבראָכן און אויסגעליידיקט אינגאַנצן. די שויבן צעטראַסקעט, די שטאָט איז שוין געווען רואינירט נישט צום דערקענען, די קלייטן אָפּגעריסן טיר און פענצטער און צערויבטע. יידן האָט מען שוין גענומען צו צוואַנגס־אַרבעט, אַלע באַוווּ־גונגס־מיטלען פון שטאָט צוגענומען, קאָנפיסקירט פון אַ

לאַסט־אויטאָ ביז אַ פערד און וועגעלע. ס׳האָט אויך אונדז באַלד געטראָפן און מיר זענען געבליבן אָן פּרנסה. כ׳האָב מיך צוזאַמענגעשפּאַנט מיט ברוך ראָזנפעלד און אברהם האָלענדער, דער יאַנושאָווערס אַן איינִיקל און צוזאַמען האָבן מיר אָנגעהויבן צו שמוגלען האָלץ צום הייצן. מיר האָבן דאָס געשמוגלט דורכן טייך און אויך פון טשיטשקאָווע. איין מאָל האָבן אונדז די דייטשן געפּאַקט און אונדז גוט אָנגע־בראָכן די ביינער, האָבן מיר איבערגעלאָזט דאָס געשעפט און אַוועק קוים מיטן לעבן.

אַזוי האָט מען מיך אויך אָנגעהויבן נעמען אויף צוואַנגס־אַרבעט. מיר האָבן איינגעלייגט די שיינע שול אונדזערע, דאָס בית־מדרש, די גאַנצע שוסטער גאַס צום באַרג צו, ווו עס האָבן געוווינט יידן און די לאַנגעוועגס קע־גנאיבער דער שול.

מ׳האָט אונדז נישט באַצאָלט גאָרנישט פאַר אונדזער אַרבעט. מיר האָבן נאָר געקריגן מכות רצח. די אויפזעער פון דער אַרבעט זענען געווען צוויי דייטשן ניקל און טאַו־בער, דאָס זענען געווען צוויי מערדער און בלוט־זויפער, זיי האָבן זיך איזדיעקעוועט איבער אונדז און געשלאָגן אומברח־מנותדיק ביי יעדע געלעגנהייט ביי דער אַרבעט און אויך פאַר איר און נאָך איר.

## סלופּיע־נאָוואָ

דעם 6.3.1941 האָבן די דייטשן מיט זייערע אונטער־העלפער אַרויסגעטריבן העכער זיבן הונדערט יידן פון שטעטל און זיי אַריבערגעפירט קיין סלופּיע־נאָוואָ און גע־מאַכט געטאָ אין שטעטל, וואָס האָט זיך געצויגן פון דער קירכן־גאַס ביז דער פּלאָצקער גאַס און ביז די פאַרוועס.

צווישן די דייטשן זענען געווען צוויי סוחרים העניג און אוגוסט, וואָס פלעגן פירן מסחרים מיט פּלאָצק, האָבן זיי מיך צוגענומען צו זיך, כ׳זאָל אַרבעטן פאַר זיי. איך פלעג פאַר זייערטוועגן אויפקויפן פּראָדוקטן, האָב איך פאַר מיר אויך געקויפט. אַמאָל אַ זאַק גרויפּן, אַ זעקל מעל און דער פאָטער מיינער האָט מיך אָפּגעוואַרט אין אַ הויף פון אַ גוי מיט אַ האַנט־וועגעלע, גענומען די סחורה, זי אַריינגעפירט אין געטאָ און פאַרקויפט און אַזוי אויסגעהאַלטן זיין הויזגעזינט און די ברייט פאַרצווייגטע משפחה זיינע — פון זון און איידעמס. איינמאָל האָבן אים די דייטשן געכאַפּט, צוגענו־מען דאָס וועגעלע מיט דער סחורה, אָנגעהרגעט אים גוט און אים פאַרפירט קיין פּלאָצק און אַריינגעוואָרפן אין טורמע. פון דאַן האָב איך שוין נישט זוכה געווען אים צו זען. דאָס איז געווען דער לעצטער טאָג, ווייזט אויס, פון מיין טאַטן עליו השלום.

תשעה־באב 1941 האָט מען מיך פאַרנומען אין אַרבעטס־לאַגער פון באַלסק. כ׳האָב דאָרט געאַרבעט ביים לייגן טעלע־פאָן־קאַבעלן. כ׳האָב זייער שווער געאַרבעט און געקריגן קלעפּ און געשרייען, וואָס האָבן מיר פאַרגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן, געשלאָפן זענען מיר אויף דער קאַלטער ערד, אין דער פינצטער און די לייז האָבן אונדז אויפגעפרעסן אונ־דזערע קערפּערס.

די לייז, דאָס איז געווען אַ דאָפּלטע פּיין, שעהן לאַנג האָבן מיר זיך באַשעפטיקט מיטן אויסכאַפּן זיי. מיר האָבן זיי געכאַפּט הויפנסטווייז און זיי האָבן זיך דאָך געמערט אונ־טער די הענט און אויסוואַקסן אין די טויזנטער — די נערוון זענען אונדז געשפּאַנט געוואָרן און פון דער הויט האָט גע־שפּריצט מיט בלוט, אָבער דאָס האָט מען נאָך געקאָנט דערליידן, דאָס ערגסטע אָבער איז געווען, וואָס מיט דער אויסרייד פון די לייז האָט מען אונדז געמאַכט יעדעס מאָל „שוואַנץ־פּאַראַדן", דאָס האָט דעם מענטשן דערדריקט צום טויט. דער דייטשישער קאָמענדאַנט פלעגט קומען מיט זיינע סאַטראַפּן, אונדז צווינגען אַראָפּלאָזן די הויזן און די פּאָלי־ציאַנטן פלעגן דערביי צוליכטן מיט זייערע עלעקטרישע לעמפּלעך און אָפּלאַכן פון אונדז. אַזוי האָט אויסגעזען דער שוואַנץ־פּאַראַד. זיי האָבן דאָס גערופן „יודן־פּאַראַדע" און אָפּשפּעטן פון אונדז צום טויט און צוגעבנדיק דערביי טויט שלעק.

## צוריק אין ווישאָגראַד

נאָוועמבער 1941 האָט מען אונדז צוריקגעבראַכט קיין ווי־שאָגראַד. שבת איז עס געווען, האָט מען אַרומגערינגלט די יידישע וווינונגען, מ׳האָט געכאַפּט הונדערטער יידן פון די הייזער, אַ טייל האָט מען אַרויסגעשיקט קיין טשערווינסק און אַריבער טויזנט יידן האָט מען אַרויסגעטריבן קיין נאָווי־דוואָר אין וואָגנס און אין לאַסט־מאַשינען, געפּאַקט ווי הערינג האָבן די דייטשן איבערגעפירט די יידן פון זייער שטעטל אין דער פרעמד און אויף אייביק. ביים אויפשטייגן אויף די מאַשינען האָבן זיי אונדז געשלאָגן, די דייטשן מיט זייערע אונטערהעלפערס, די פּלעצאַקעס, וואָס מיר האָבן זיך אויפגענייט. כדי מיטצונעמען דעם לעצטן ביסן אונדזערן אין וועג אַריין האָבן זיי אונדז אָפּגעשניטן פון די פּלייצעס אַראָפּ, מיט דעם אויסרייד, אַז ס׳פאַרנעמט פּלאַץ, איבעריק פּלאַץ אין דעם לאַסט־מאַשין. מיטן אָפּשניידן די פּלעצאַקעס האָבן זיי אונדז אָפּגעשניטן דאָס לעצטע ביסל האָפענונג, צום לעבן און דערלעבן.

## אין נאָווידוואָר

מיר זענען אָנגעקומען אַהער שבת נאָך מיטאָג. מ׳האָט אונדז אַריינגעשטופּט אין אַן ענגן אָנגעשטאָפּטן געטאָ. מיר האָבן געהאַט משפחה אין נאָווידוואָר, האָבן זיי אונדז אריינ־גענומען צו זיך אין שטוב, וואָס איז צופעליק אריינגעפאַלן אין גרויסן געטאָ.

ס׳איז אונדז געווען שלעכט צום טויט, אָן דעם טאַטן, וואָס האָט פאַר אַלעמען געזאָרגט, אָן אַ גראָשן געלט, מיר האָבן געהונגערט נאָך ברויט. די אַרבעט איז דאָ געווען שלעכט, שווער און נישט קיין באַצאָלטע, שייע, מיין ברו־דער איז געוואָרן אַפּאַטיש, ווילנלאָז און שרעקלעך פאַרצווייִ־פלט, אַזוי אַז די גאַנצע לאַסט פון זאָרגן פאַר דער משפחה איז געפאַלן אויף מיר.

כ׳האָב געהאַט אין ברירה, אָדער שטאַרבן פאַר הונ־גער, אָדער איינשטעלן דאָס לעבן און ווייטער שמוגלען.

כ׳האָב געוואָלט לעבן און באַלשאָסן ריזיקירן דאָס לעבן.

כ׳האָב זיך פאַרבונדן מיט נאַווידוואָרער חברה־לייט, וואָס האָבן געטון שמוגלען קיין לעגיאָנאָווע און כ׳האָב אָנגע־הויבן אַרבעטן. נאַכט־איין, נאַכט־אויס, האָב איך זיך געוואַל־גערט אויף די גרענעצן פון די מסוכנדיקע פּלעצער.

איך בין יונג געווען און נאָך נישט פאַרפליכטעט צו צוואַנגס־אַרבעט, האָב איך געשמוגלט.

דער שמוגל טראַקט האָט געפירט דורך אַ וואַלד. דער סקערדער וואַלד, וואָס האָט געפירט גלייך צו דער גרענעץ. אַ געדיכטע דייטשע גרענעץ־וואַך האָט געהאַט די גרענעץ מיט אויסדרעסירטע וואַך־הינט. שיסערייען זענען געפלויגן אָן אויפהער. די וואָס זענען פאַרוואונדעט געוואָרן און נישט געקאָנט אַנטלויפן האָבן די הינט געכאַפּט און צעריסן לע־בעדיקערהייט אויף שטיקער.

איינמאָל האָבן זיי געפאַקט זיבן יידן, לעבעדיק. צווישן זיי אויך אַ ייִנגל פון 16 יאָר. וואָלף לעווינס אַ זון פון ווי־שאַגראַד. איך האָב זיך צופעליק געראַטעוועט. אַלע זיבן האָבן די דייטשע מערדער געבראַכט אין געטאָ אַריין און זיי אויפגעהאָנגען אין מיטן העלן טאָג פאַר יעדן אין די אויגן. אַלע יידן פון געטאָ האָבן געמוזט אַרויסגיין אויפן פּלאַץ און צוזען ווי מ׳הענגט זייער בלוט און פלייש.

די קערפּערס זענען געבליבן הענגען 24 שעה אויף די תליות און געדינט אלס ביישפּיל פאַר די איבעריקע. מיין מאַמע האָט דאַן געזאָגט צו מיר:

— בעסער זונעניו וועלן מיר אויסגיין פאַר הונגער, אָבי כ׳זאָל נישט דערלעבן צו זען דיך אין אַזאַ סכנה.

דאָך האָב איך ווידער געמוזט שמוגלען, צו גרויס איז געווען דער הונגער. כ׳האָב נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון.

כ׳האָב אָנגעהויבן שמוגלען עסנוואַרג פון ווישאַגראַד אין טשערווינסקער געטאָ. דאָ זענען די פאַרדינסטן געווען שוואַכערע, אָבער די ריזיקאָ אַ קלענערע. ס׳איז געווען דאַן ווינטער, כ׳האָב די סחורה געפירט אין שליטנס, אין די נעכט, איבערגעפרוירן געוואָרן פאַרנדיק, אָבער געלעבט און גע־האָלפן דער משפחה.

מ׳האָט מיך צו ענדע געכאַפּט. זיי האָבן מיך אָפּגעפירט אין דער פּאָליציי, אַריינגעוואָרפן אין קעלער אויף אַ גאַנצער נאַכט. אינדערפרי האָט מיך איין פּאָליציי־מאַן אַרויסגענומען פון קעלער, אַריינגעפירט מיך אין אַ פעלד־קלאָזעט אַריין, פאַרשלאָסן די טיר הינטער מיר און געזאָגט:

— דו קליין הינטעלע, אָט אַ דאָ וועסטו אַזוי לאַנג זיצן ביז דו וועסט ווערן איין שטיק אייז.

אין דרויסן איז געווען אַ שרעקלעכער פראָסט, נאָך אַ האַלבע שעה האָב איך געפילט, אַז כ׳וועל נישט אויס־האַלטן די קעלט, בין איך אַראָפּ אין גרוב אַריין זוכן אַ שוץ פון דער עסטרעמער קעלט. עס האָט נישט געהאָלפן. צופע־ליק איז דאָרט דורכגעגאַנגען מיינער אַ פריינט, ער דער־הערט מיין וואַיען, האָט ער זיך איינגעשטעלט, אויפגעריסן אַ לאַך און כ׳בין אַרויס.

כ׳בין באַלד אַנטלאָפן קיין טשערווינסק אין געטאָ.

אויף צומאָרגנס זענען זיי געלאָפן מיך זוכן קיין נאַווי־דוואָר. ס׳האָט מיר אָפּגעגליקט.

אינמיטן נאַוועמבער האָבן די דייטשן גענומען עטלעכע און פערציק יידן קיין סטאַטשניע. מען האָט זיי פאַראַרבעט צום טויט. איינציקע זענען אַנטלאָפן האָבן זיי גענומען ניין און צוואַנציק יידן און זיי צעשניטן לעבעדיקערהייט אויף שטיק שטיקלעך, דערנאָך האָבן זיי אויסגעגראָבן אַ גרוב און זיי באַגראָבן. די פאַרפייניקטע קערפּערס האָבן נאָך געזשי־פּעט, געאָטעמט ווען מען האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין גרוב און פאַרשיט.

**די לעצטע אויסזידלונג**

דעם 12.12.1942 האָט מען די לעצטע יידן אַרויסגעפירט פון געטאָ נאַווידוואָר.

איך בין אָנגעקומען מיטן לעצטן טראַנספּאָרט קיין ביר־קנאַו אין דעם באַוווסטן לאַגער פון ברען־אויוונס פאַר מענ־טשן און גאַז־קאַמערן.

מאָנטיק נאָך מיטאָג, טבת 1942, האָט מען מיך מיט מיין ברודער שייע גענומען צו דער אַרבעט. מען האָט אונדז אָפּגעשיידט פון דער גאַנצער משפחה און אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט.

דאַן האָט מען אָפּגעגלידערט פון אונדז אונדזערע טייערסטע, וואָס מיר האָבן געהאַט אָפּגעשניטן פון אונדזער קערפּער און נשמה אויף אייביק.

מיין מאַמע, מיין ברודער יעקב, מיין שוועסטער דבורה, און אונדזער קליינטשיק ברודערל יאָסעלע זענען דעם זעלבן טאָג פאַרברענט געוואָרן, נאָך דעם, וואָס זיי האָבן זיי פאַר־גאַזט צום טויט.

צו מאָרגנס האָט מען אונדז אויסגעטאַטואירט נומערן אויף די עלנבויגנס. מיין נומער איז געוואָרן 83333, מיין ברודערס — 83335. מען האָט אונדז אויסגעטון נאַקעט. מ׳האָט אונדז אויסראַזירט אַלע האָריקע פלעצער פון קערפּער, אַריינגעזעצט אין אַ בונא און אונדז געהאַלטן אין איזאָלאַציע 21 טעג. מען האָט אונדז געזאָלט שיקן צו דער אַרבעט, אָבער פיל פון אונדז זענען קראַנק געוואָרן אויף פלעק־טיפוס און מ׳האָט אונדז אַלע אָפּגעשיקט צוריק קיין בירקנאַו. דאָ זענען געקומען דאָקטוירים און האָבן אויסגעקליבן די געזונטסטע פון אונדז און אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט. זיי האָט מען איבערגעלאָזט זיי זאָלן נאָך לעבן אַ ביסל. די איבעריקע האָבן די דייטשן פאַרגאַזט און פאַרברענט.

איך און מיין ברודער זענען געווען צווישן די געזונטע און מיר זענען געבליבן.

דאַן האָבן די דייטשן פאַרברענט דוד פּרוסאַק, דער זון פון איטשע פישער, הירשל לעווין, מאָניע לעווינס זון, אשר ליכטנ־שטיין, אברהם חיים פרצעס זון, פסח פּרוסאַק (שימבער) שלמה דודס אידעם און ישראל גאָלדמאַן, שלמה לומפּס איי־ניקל

מיר האָבן געאַרבעט ביי רעפּאַרירן און ברוקירן שאָסייען און ווידער געקריגן געשלאָגן שרעקלעכע קלעפּ, געקריגן געשימפּט, געוואָרן פאַרשריגן. די געשרייען און קלעפּ האָבן

אונדז פֿאַרמאַטערט נאָך מער ווי די אַרבעט. ביי דער אַרבעט האָב איך באַגעגנט הירש יאָסקע פויגלס זון און אבא ראָק. ווי מען ווייסט זענען זיי געווען קרעפטיק שטאַרקע מענער, בעלי־עגלות פון קינדווייז אָן, פאַרהאַרטעוועטע און געזונטע, דאָך זענען זיי צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן אין די שווערע שרעקלעכע אַרבעטס־באַדינגונגען און זענען אַוועקגעפאַלן.

מיטאַמאָל האָבן די דייטשן אויסגעוויילט אַלע 18־יעריקע יינגלעך פון צווישן אונדז און זיי אַוועקגעשיקט אין אַן אַרבעטס־לאַגער, וואָס זיי האָבן גערופן „די בוי שולע פון דער קאָמענדאַנטור". מיט מיר פון ווישאָגראָד איז אויך געווען אברהם פּאָפּאָווסקי, אייזיק פּרוסאַק, שלמה גורפינקעלס צוויי אייניקלעך, וואָס זענען איצט אין לאָנדאָן, שמחה ליפּסקי, חנן ליפּסקי, ביידע איצט אין אַמעריקע, שמואליק בוקי, וואָס איז איבערגעקומען אַלע גרויזאַמקייטן פון דעם לאַגער, געקומען קיין ישראל און געפאַלן אין דער באַפרייאונגס־קריג, מיין ברודער ישעיה, וואָס איז אומגעקומען אין איינעם פון די טראַנספּאָרטן און משה שענקמאַן, וואָס איז אַוועקגעפאַלן אינמיטן דער אַרבעט אין דער „בוי שולע".

איך און אברהם פּאָפּאָווסקי געפינען זיך אין ישראל.

דריי חדשים זענען מיר פאַרבליבן אין דער „שולע" און דאַן האָט מען אונדז געהייסן בויען הייזער. מיר האָבן געאַרבעט מיט פרייע בירגער, זיי פלעגן זיך ביטן מיט אונדז. זיי האָבן גענומען פון אונדז לייבלעך, סוועטערס און געגעבן אונדז ברויט אַלס פרייז פאַר זיי.

אינצווישן האָט מען מיך אריבערגעפירט אין דער אָפּטיילונג פון קעסל פירער. מיר האָבן געפירט די קעסלען מיטן עסן פון דער אַלגעמיינער קיך צו די פאַרשידענע קאָמענדעס. דאָ אין קיך האָב איך „אָרגאַניזירט" יעדעס מאָל אַ קעסל עסן פאַר אונדזערוועגן. כ'האָב פשוט זיך איינגעשטעלט און געגנבעט עסן פאַר אונדזער לאַגער. דאָרט האָבן געוואַרט אויפן ביסל עסן אונדזערע שטאָטישע און פריינט הונגעריקע און גיריקע נאָך עסן.

אַזוי האָט מען אויסגעהאַלטן ביז אינמיטן יאַנואַר 1945.

דעם אַכצנטן דעם חודש זענען מיר אַריבערגעפירט געוואָרן קיין גלייוויץ ווידער אין לאַסט־וואַגאָנען און ווידער געפּאַקט ווי הערינג, אין יעדער וואגאָן צו 120 מענטשן.

פון דאָרט האָט מען אונדז געפירט קיין מאַטהאַוזן. מיר זענען געפאָרן עטלעכע טעג און אַ גרויסע צאָל יידן זענען געשטאָרבן אין וועג. כ'בין אָנגעקומען קיין מאַטהאוזען צוזאַמען מיט שמחה ליפּסקי, חנן ליפּסקי און מיין ברודער.

נאָך עטלעכע טעג האָט מען אונדז אריבערגעפירט קיין עבענזע. מען האָט אונדז אַריינגעוואָרפן אין באַראַקן. צו פיר־פינף אין אַ בעט, מיר פלעגן ליגן אַ גאַנצע נאַכט נישט אַריר צו טאָן זיך, קאָפּ צו פיס, פיס צו קאָפּ, אויסגעפּאַקט ווי סאַרדינען.

יעדן פרימאָרגן האָט מען אונדז אויפגעוועקט צו דער אַרבעט 5 אַזייגער. מיר האָבן געגראָבן טונעלן אין די בערג, די דייטשישע מערדער האָבן שוין געהאַלטן פאַר זייער סוף, דאָך האָבן זיי זיך נאָך מערדערלעך נוקם געווען אין יידן.

זיי פלעגן אונדז יאָגן אַרויף אַ באַרג אויף הויכע בערג ווי די הינט. יידן זענען נעבעך געפאַלן ביים לויפן און זיך אַראָפּגעקייקלט אין די טיפע אָפּגרונטן און געהרגעט געוואָרן.

דאָרט בין איך געבליבן ביזן זעקסטן מאַי 1945. דעם טאָג האָט דאָס אַמעריקאַנער מיליטער אונדז באַפרייט.

אין דעם טאָג פון מיין באַפרייאונג האָב איך געוויגן 39 קליאָגראַם. זייער שווער איז מיר אָנגעקומען צוריקצוקומען צו זיך און זיך לענגער צו האַלטן. כ'האָב זיך געשטרקט, געגעסן און צוגענומען אויף דער וואָג.

אין 29.3.1949 בין איך געקומען קיין ישראל.

יענקל גמאַכס אייניקלעך



שמעון זלאַטניקס קינדער



גמאַכס טעכטערלעך

**ז. בילגאָריי**

# כ׳בין פאָרפאָרן קיין בערלין

אין ווישאָגראָדער געטאָ בין איך געווען ביזן סוף. ביז דעם לעצטן אַרויסטרייבן פון לעצטן יידן אין שטעטל. אַ טאָג פאַר דעם גירוש בין איך אַוועק פון ווישאָגראָד, אָבער נישט מיט אַלע.

ביינאַכט איז געקומען אַ באַקאַנטער דייטש פון שטעטל און האָט מיר געזאָגט:



— האָסט פאַמיליע אין טשערווינסק, אַנטלויף וואָס שנע־לער אַהינצו, ווייל מאָרגן וועט מען אַרויסטרייבן אַלע יידן און ווער ווייסט וווהין און ווער ווייסט, וואָס מיט זיי וועט געשען.

אין דער זעלבער נאַכט האָב איך גענומען מיין מאַמען, מיינע דריי שוועסטער, מיין פרוי און ברודער, מיר האָבן איינגעפּאַקט די פעקלעך און אַרויס אין וועג קיין טשערווינסק.

דאָס איז געווען מיין ערשטע נאַכט אויסער דעם שטעטל. פון קינדווייז אָן האָב איך זי נישט פאַרלאָזט. קיין אַנדער וועלט נישט געזען. ווען כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט אינדערפרי איז שוין אַ טייל יידן פון ווישאָגראָד געווען דאָ אין טשער־ווינסק. זיי זענען געווען נעבעכדיק און צעבראָכן. אַ טייל האָבן געשלעפּט זייערע פעקלעך אין די הענט און אַ טייל פון זיי האָבן געפירט אַ געפעק אויף געדונגענע פורמאַנקעס. פון דעם וואָס זיי האָבן באַוויזן אָפּצוראַטעווען, פון גאַנצן האָב און גוטס, האָבן זיי געשלעפּט.

נאָך 3 מאָנאַט זענען אַהער געקומען געסטאַפּאָווצעס און מיך אַרעסטירט פאַר אַ משפט, וואָס כ׳האָב געהאַט, נאָך אין געטאָ אין ווישאָגראָד, כ׳האָב דאָרט געהאַנדלט מיט בראָנפן, וואָס אַ גוי פלעג מיר ברענגען און איך פלעג אים פאַרקויפן אין געטאָ. אייגנטלעך האָבן זיי מיך געפּאַקט ווען כ׳האָב גע־טראָגן ליידיקע פלעשער, כדי צו געבן דעם גוי. אָבער די געסטאַפּאָ האָט דערשמעקט דעם ריח פון בראָנפן און דאָס איז פאַר זיי געווען גענוג קעגן אַ יידן, אים אָנצוגעבן אין געריכט.

כ׳בין אָפּגעזעסן אין פלאָצקער טורמע 6 מאָנאַט אָנ־שטאָט 1 מאָנאַט. איך בין פאַרמשפט געוואָרן נאָך אויף 1 מאָ־נאַט מיט געלט־שטראָף, אָבער כ׳האָב נישט געהאַט קיין געלט צו באַצאָלן.

פון דער טורמע האָט מען מיך פאַרנומען מיט נאָך יידן קיין אוסטריע אין מאַטהאַוזן־לאַגער. מ׳האָט אונדז געפירט צוזאַמען מיט דייטשע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן צופוס, אָן עסן און אָן רו. פון פינף און דרייסיק יידן, וואָס מ׳האָט געפירט קיין מאַטהאַוזן בין איך איינער אַליין געבליבן. אַלע איבע־ריקע יידן האָבן די נאַציס דערמאָרדעט. די קרימינעלע דיי־טשישע אַרעסטאַנטן האָבן אויך צוגעהאָלפן צום מאָרד.

איך האָב געהאַט מזל, כ׳האָב געאַרבעט צוזאַמען מיט דייטשן, פּאָליטיש פאַראורטיילטע, וואָס מ׳האָט זיי באַ־שטראָפט צוליב זייערע אידעישע פאַרברעכנס, זעלבשטענדיקן דענקן און זייער קעגנשטעלן זיך דעם מערדערישן רעזשים. מ׳האָט זיי פאַרמשפט אויף צענדליקער יאָרן. זיי האָבן מיך געראַטעוועט אויף פאַרשידענע אופנים. זייער באַציאונג צו יידן איז געווען אַ באַציאונג פון פאַרשטענדעניש צו אונדזער גורל, ווייל זיי אַליין האָבן געליטן פון זייערע ברידער אַזוי ווי אונדז כמעט.

איינמאָל, נאָך 4 מאָנאַטן, בין איך אַרויסגעגאַנגען פון לאַגער צו דער אַרבעט, ווי דער שטייגער איז געווען טאָג־איין־טאָג־אויס. אינדעם קומט צו צו אונדזער אָפּטיילונג אַ שיין געקליידעטער דייטש, לויט די קליידער האָב איך דער־קענט, אַז דאָס איז אַן עס־עס־מאַן. ער האָט זיך געווענדעט צום קאַפּאָ און אים געהייסן ער זאָל מיך נישט צוריקברענגען אין לאַגער, נאָר זאָל מיך דערשיסן אויפן וועג. אָבער דער קאַפּאָ האָט אַ שפּרונג געטון צו אים און געזאָגט:

— אים וועלן מיר נישט הרגענען, ער איז אַ געזונטער און נוציקער אַרבעטער.

כ׳ווייס נישט ווי דאָס איז געשען. אָבער דער מערדער האָט אים גאָרנישט געענטפערט, נאָר ער האָט אים געהייסן מיך אָפּהאַלטן, ווען מיר וועלן צוריקקומען, און נישט אַריינ־לאָזן אין בלאָק אַריין, כ׳זאָל בלייבן ביים טויער. קעגן דעם האָט דער קאַפּאָ נישט געקאָנט זיך קעגנשטעלן.

ער האָט אַלעמען אַריינגענומען. מיך האָט ער געלאָזט שטיין אויסער דעם לאַגער. כ׳בין געווען זיכער, אַז דאָס מאָל וועל איך קיין לעבעדיקער נישט אַרויס. די עס־עס אַליין וועלן מיך הרגענען.

ווען כ׳בין צו צום טויער איז געשטאַנען אַן עס־עס־מאַן און געהייסן אַלעמען אַריין אין די בלאָקן. מיר האָט ער גע־הייסן לויפן צום צווייטן טויער, אָן ערך 100 מעטער ווייט פון ערשטן. האָב איך געמיינט, אַז לויפנדיק וועט ער מיר אַריינהאַקן אַ קויל אין פּלייצע. בין איך געלאָפן מיטן גאַנצן

כוח, כ׳בין שנעל אָנגעקומען צום טויער. האָט ער געשריגן כ׳זאָל זאָפאָרט צוריקלויפן צום ערשטן טויער.

כ׳בין ווידער געלאָפן, שנעל ווי כ׳האָב נאָר געקאָנט, און צוקומענדיק צו אים האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט נעבן אים אויסגעצויגן און סאַלוטירט פאַר אים ווי אַ זעלנער. ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס און מיר געהייסן אַראָפּ אין דער וואַש־קאַמער און מער זיך נישט ווייזן דאָ אין בלאָק. ער האָט פשוט געוואָלט זיך אָפּרעכענען מיט די פּאָליטישע דייטשן און קיין ייד זאָל דאָס נישט צוזען.

ס׳איז געוואָרן פאַרנאַכט, כ׳האָב געוואָלט גיין צו מיר אין בלאָק, אָבער מ׳האָט מיך נישט געלאָזט און געהייסן נעכטיקן אין וואַש־קאַמער. זיי האָבן מיר געבראַכט אַ מאַטראַץ, 2 קאָצן, ברויט און קאַפע. כ׳האָב זיך אַוועקגעלייגט אויף דעם מאַטראַץ און איינגעשלאָפן שנעל.

צומאָרגנס האָט מען מיר געבראַכט אַ לעבל ברויט און פרעמדע ציווילע קליידער, נישט מיינע. כ׳האָב זיך אָנגעטון און געוואַרט. ס׳איז איבערגעגאַנגען אַ שטיקל צייט איז געקומען אַ געסטאַפּאָ־מאַן, מיך גענומען און געגאַנגען.

דער מאַן האָט נישט אויסגערעדט צו מיר אַפילו אַ וואָרט, כ׳האָב געמוזט פאַרשטיין לויט זיינע באַוועגונגען וווהין צו גיין. כ׳בין געגאַנגען נאָך אים. מיר זענען ווייט אַוועק. מיר זענען געפאָרן מיט דער באַן 3 טעג, מיר זענען צו צו אַ לאַגער פון באַראַקן, און קאַמערן, און קרעמאַטאָריעס. דער לאַגער איז געווען ריזן־גרויס, ווי אַן אויסגעבויטע שטאָט. לאָזט זיך אויס, אַז כ׳בין אָנגעקומען קיין אוישוויץ. מ׳האָט מיר באַלד אויסטאַטואירט אַ נומער אויף דער האַנט, מ׳האָט מיך אָנגעטון די באַוווסטע פּאַסן־קליידער, און מ׳האָט מיר אָפּגעגעבן אַ פּלאַץ אין בלאָק.

דער אַרבעטס־עלטסטער פון מיין אָפּטיילונג איז געווען אַ דייטש, אַ סאַדיסט אָן אַ האַרץ, ווען ער האָט מיך דערזען האָט ער אַ זאָג געטון:

— אויב דו ביסט אַהער פאַרפאָרן אַ לעבעדיקער פון מאַטהאַוזן, וועסטו שוין בלייבן לעבן.

ער האָט מיך צוגעטיילט צו אַן אָפּטיילונג, וואָס האָט געאַרבעט ביי אויפלאָדן ציגל. האָט ער צוגערופן צו זיך דעם קאַפּאָ און געזאָגט:

— אים זאָלסטו מער נישט דערטשעפּן, נישט שלאָגן, ער איז געקומען פון מאַטהאַוזן.

נאָך 3 מאָנאַט האָט מען מיך איבערגעפירט קיין בירקענאַו. יעדער בלאָק אונדזערע האָט באַדאַרפט אויסטיילן פון זיך צוואַנציק יידן קיין בירקענאַו, בין איך געווען צווישן זיי.

אַ וואָך צייט האָט מען אונדז פריער געהאַלטן אין אַ קעלער אין אוישוויץ איזאָלירט פון אַנדערע. מ׳האָט אונדז נישט געזאָגט, וואָס מ׳מיינט צו טון מיט אונדז. מענטשן האָבן געוויינט, אויסגעבראָכן אין היסטעריעס, זיי זענען געווען זיכער, אַז מ׳פירט זיי צום טויט. איך האָב מיך געשטאַרקט. זיך געהאַלטן גוט, און זיך נישט אונטערגעגעבן מיינע געשפּאַנטע נערוון, אָבער די ספיקות האָבן מיך גוט גענעיקערט.

ביים ענדע וואָך האָט מען אונדז גענומען קיין בירקענאַו. מ׳האָט אונדז אַרויסגענומען אַלע דריי הונדערט מענטשן און געפירט.

אין בירקענאַו האָב איך געפונען געציילטע ווישאָגראַדער מענטשן. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז מייך גאַנצע משפחה האָבן די דייטשן פאַרברענט אין די קרעמאַטאָריעס נאָכן פאַרגאַזן.

הייסט עס, אַז כ׳בין איינזאַם און אַליין. די לאַגע מיינע איז געווען קלאָר.

אַ צוויי יאָר האָב איך געאַרבעט אין בירקענאַו, אין אַן איינהייט, וואָס האָט סאָרטירט קליידער און אַנדערע זאַכן.

קליידער און זאַכן פון די פאַרברענטע יידן אין די בירקענאַוער קרעמאַטאָריעס!

זיי האָבן זיי סאָרטירט, כדי איבערצושיקן קיין דייטשלאַנד. דאַן האָב איך געזען, אַז זיי הרגענען נישט סתם אַזוי קיין יידן, ס׳איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז די נאַצישע פאַרברעכער מאָרדן אויס יידן, כדי זיי צו באַרויבן.

סאָרטירנדיק די קליידער האָבן מיר געפונען אין זיי געלד מיט זילבער. האָבן מיר אַ גרויסע טייל דערפון איבערגעפירט אין לאַגער אַריין, אפשר וועלן יידן זיך קאָנען אַמאָל אָפּראַטעווען זייער לעבן דערמיט.

פון דאָרט האָבן זיי מיך איבערגעפירט קיין בונאַ. דאָרט האָט מען שוין געהערט, אַז די רוסן זענען נאָענט.

די דייטשן האָבן זיך געיאָגט און אַרויסגענומען אונדז אויף שנעל פון לאַגער און אַוועקגעפירט אונדז ווייט פון דאַנעט. מ׳האָט אונדז געפירט צופוס צו אַן אומבאַקאַנטן פּלאַץ. מיר זענען געווען הונגעריק און מיד, אָבער דאָס האָט זיי נישט געשטערט. אַזוי האָבן זיי אונדז געיאָגט אַ פּאָר וואָכן. און מיר האָבן אַלץ נישט געוווסט וווהין.

אויפן וועג האָבן זיי אויסגעמאָרדעט אַ דריי טויזנט יידן, וואָס זענען געווען אונטערשטעליק אָן כוחות און אויסגעהונגערט. פון דריי טויזנט יידן זענען מיר געבליבן קוים הונדערט אַכציק. אויפן וועג האָבן מיר זיך דערוויסט, אַז זיי האָבן בדעה אונדז אויסצומאָרדן אין וועג, כדי צו פאַרטושן די שפּורן פון זייערע פאַרברעכנס און אומברענגען די עדות פון דעם.

אינצווישן האָבן אָנגעהויבן קומען אָנקלאַגעס פון דייטשישן מיליטער. אַז די טויטע קערפּער, וואָס וואַלגערן זיך אין די זייטן פון די וועגן, פוילן און צעפּאַלן זיך, און די לופט איז אָנגעפילט מיטן געשטאַנק פון דעם פוילן, דאָס מיליטער קאָן זיך נישט באַוועגן אין אַזעלכע באַדינגונגען, די לופט שטיקט זיי און דאָס בילד פון וואַלגערנדיקע הפקר־קרבנות שוואַכט זיי אָפּ אינגאַנצן. די גאַנצע אומגעבונג איז געווען פאַרפעסטעט פון טויטן געשטאַנק, וואָס האָט געשוועבט אין דער לופטן. זיי האָבן זיך געשראָקן, דאָס מיליטער האָט אויך מורא געהאַט פאַר עפּידעמיעס און האָט געדראָט אַנצונעמען מיטלען.

זיי האָבן נישט געהאַט קיין צייט צו באַגראָבן די טויטע, האָבן זיי געמוזט אויפהערן דעם ווייטערדיקן מאָרד. זיי האָבן אונדז אַריינגעפירט צו אַ דייטש אין אַ פערד־שטאַל, אונדז אָנגעגעסן און אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן מיט גראָבן קאַנאַלן און שוץ־אַקאָפּעס.

אַ מאָנאַט צייט כמעט האָבן מיר דאָרט געאַרבעט. ס׳וויזט אויס, אַז דאָס מיליטער האָט דאָס געפּאָדערט פון זיי, אויסער דעם זענען זיי געווען זיכער, אַז מיר זענען אַזוי שוצלאָז און אומבאַהאָלפן, אַז מיר וועלן זיי נישט אַוועק און מיט דער צייט וועלן זיי זייערס מיט אונדז אויספירן.

איינמאָל שטייען מיר אויף אינדערפרי און לויפן צו די אָקאָפּעס אַרבעטן, יעדער זוכט זיין קאָפּאַ, די שרעק איז גרויס, מ׳האָט נישט געהערט דעם גאַנג. אַוודאי פאַרשלאָפן, איז ווער ווייסט, וואָס ס׳וועט שוין קאָסטן יעדן איינעם. אָבער ווען מיר זענען אַריין אין די אָקאָפּעס זענען שוין דאָרט גע־ווען די רוסן.

לאָזט זיך אויס, אַז ביינאַכט האָט מען אָנגעזאָגט די דייי־טשן, זיי זאָלן וואָס שנעלער אַנטלויפן, האָבן זיי אין דער גרויי־סער בהלה נישט באַוויזן אונדז צו פאַרניכטן.

ערשט דאַן האָבן מיר זיך דערוויסט, אַז מיר זענען דאָ 10 ק״מ פון בערלין, און אַז דער רוסישער פאָרשריט האָלט ווייטער אָן און גייט טיף קיין דייטשלאַנד, און דער פראָנט האָט זיך אַריבער געטראָגן אויף די פעלדער פון די פאַר־ברעכער.

*

אַזוי בין איך געבליבן לעבן. ס׳זענען מיט מיר געשען עפּעס אומפאַרשטענדלעכע צופאַלן. נסים.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָב איך נישט געהאַט צו וועמען זיך אומצוקערן, צו וועמען צו גיין, וועמען צו זוכן.

בין איך אַוועק קיין ווישאַגראַד.

דאָס שטעטל איז געווען פוסט. קיין יידישן נפש האָט מען נישט געזען. די מאַכט איז געווען אין די הענט פון די פּאָ־ליאַקן. דער בירגערמייסטער האָט מיר צוגעטיילט אַ וווינונג און כ׳בין דאָרט געבליבן 5 יאָר.

*

5 יאָר בין איך אַלט געווען ווען מיין פאָטער איז גע־שטאָרבן און האָט איבערגעלאָזט מיין מאַמע אַן אַלמנה מיט פינף קינדער. איך האָב געמוזט אַרבעטן פון קינדוויז. כ׳האָב נישט געהאַט ווען צו לערנען, כ׳בין נישט געווען איינגעוועבט אין לעבן פון שטעטל, שפּעטערצו, אַלע האָבן זיך געקהלט, איך האָב זיך נישט אָפּגעגעבן מיט פּאָליטיק ,אָדער געזעל־שאַפטלעכע אַרבעט, ס׳האָט מיך נישט געצויגן צו דעם, כ׳האָב אויך קיין צייט נישט געהאַט, כ׳האָב געקענט זייער ווייניק מענטשן אין ווישאַגראַד, אָבער דאָס שטעטל איז מיר געווען טייער. כ׳האָב געמיינט כ׳וועל מיין גאַנץ לעבן בלייבן אין איר. כ׳האָב אויך איצט געוואָלט בלייבן דאָרט. אָבער איצט האָט מיך יעדעס געסל דערמאָנט דערשיטערנדיקס. פאַר מיינע אויגן זענען דורכגעגאַנגען גרויל־בילדער פון די נאַציש צייטן. כ׳האָב זיך דערמאָנט זייער מערדעריי, זייער איזדיעקע־ווען זיך אויף יידן. מיט מיינע אייגענע אויגן האָב איך געזען, ווי אָט אַ דאָ אין גאַס האָבן די נאַציס, די דייטשע מערדער, דערשאָסן פּשוטע, טייערע, תמימותדיקע יידן. אַזוי זיך סתם האָבן זיי אַריינגעהאַקט זייערע קוילן אין די הערצער פון יידן רודפי שלום, פרידנזוכנדיקע יידעלעך, סתם אַזוי אויספּאַר־גניגן האָבן זיי זיי געהרגעט, קאַלטבלוטיק, שפּילעוודיק. דאָ, אין אַ צווייטער גאַס, זענען אויסגעוואַקסן פאַר מיינע אויגן בילדער פון יידן, וואָס האָבן זיך קוים געשלעפּט אויף די פיס, פאַרהונגערטע, פאַרמאַטערטע, און פּלוצעם אַזוי גייענדיק דאָ אין זייער גאַס פאַלט אַן אויף זיי אַן אָנגעפּרע־סענער, ריזיק־גרויסער דייטש, און הייבט אָן צו שלאָגן מיט זיינע האַמערדיקע פויסטן דאָס נעבעכדיקע, אומבאַהאָלפענע יידעלע, און ער האַקט אַזוי לאַנג און קאָפּעט אים מיט די געקאָוועטע שיך זיינע אין בויך אַריין, ביז ער פאַלט אַוועק, גיט אַ צוויי ציקן מיטן קערפּער און הויכט אויס זיין נשמה. אין גאַס פון מיין שטעטעלע זענען זיי אַרומגעגאַנגען און נאָר געזוכט צו דערמאָרדן יידן מיט זייערע אייגענע הענט. איך אַליין, מיר אַליין האָט דאָס זעלבע פּאַסירט. וויפל האָב איך זיך אָנגעליטן הונגער און דערנידערונג. זיי האָבן דאָך מיך אַמאָל געשלאָגן ביז צום טויט, געשפּיגן אין פּנים, געפּראַסקעט אין די באַקן און געקאָפּעט מיך אין בויך אַריין.

און נישט נאָר די נאַציס. די פּאָליאַקן זענען נישט געווען בעסער. די נעבעכדיקע פּאָליאַקעלעך האָבן זיך אויך געבאָדן אין יידיש בלוט, אין דער צייט ווען זיי אַליין זענען געווען דערנידעריקט און פאַרשקלאָפּט דורך דעם זעלבן דייטש. זיי זענען געבליבן די זעלבע פאַררעטער און שקלאָפּן.

איך האָב באַשלאָסן אַוועק פון דאַנען.

איינמאָל, אַ פרימאָרגן, האָב איך זיך אויפגעהויבן און אַוועק, אַזוי זיך אַרויסגעגאַנגען פון שטעטל און אַוועק אויף אייביק. כ׳האָב נישט געהאַט מיט וועמען כ׳זאָל זיך דאַרפן געזעגענען אין מיין שטעטל!

ווישאַגראַד, וואָס איז אַמאָל געווען פאַר מיר מיין לעבנס־שטאָט, די שטאָט פון מיינע קרובים, חברים און טייערסטע, געוואָרן אינהאַלטסלאָז און פרעמד.

מער וויל איך זי שוין נישט זען. וואָס די פּאָליאַקן האָבן געמאַכט פון אונדזער ווישאַגראַד האָב איך געזען אין די 5 יאָר פון פּוילישן רעזשים דאָרט איז מיר גענוג דאָס צו זאָגן.

איך וועל געדענקען ווישאַגראַד, די יידישע, אַמאָליקע, און די איז שוין מער נישטאָ.

חנוך לעווין

# דער אַריינמאַרש

פרייטיק־צונאַכטס. אַ וואָך נאָכן קריגס־אויסברוך, דער אַלטער קאַבאַלינסקי פאַרטיילט די פאַטרולן פון דער אַזוי גע־רופענער מיליץ, וועלכע האָט זיך געשאַפן צו פאַרמיידן דאָס אויספלינדערן די דירות און געשעפטן, וועלכע זענען געבליבן פראַנק און פריי, נאָכדעם ווי דריי־פערטל איינוווינער האָבן פריער מיט פיר טעג פאַרלאָזט דאָס שטעטל, מיטגעריסן מיטן דראַנג פון פליטים, וואָס זענען אָנגעקומען פון פלאָנסקער זייט.



9 אַזייגער אָוונט האָב איך מיטן דייטשן אָרגאַניסטער ראַסל איבערגענומען די פאָסטנס און מיר האָבן פאַטראָלירט איבער די ליידיקע גאַסן. אונדזער פאַטראָל איז באַשטאַנען פון אָנפאַנג בריק, וואָס איז מיט פיר טעג צוריק אויפגעריסן געוואָרן דורך די פוילישע אָפטרעטנדיקע סאַפיערן. די צע־שטערטע בריק האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא, קוקנדיק אויף די בעלקעס און אייזנס, וועלכע האָבן אַרויסגעשטאַרצט אין אַלע זייטן. ס'איז שווער געווען צו דערקענען, אַז אויף דעם פלאַץ איז אַמאָל אַ בריק געשטאַנען.

פון דאָרט איז אונדזער מאַרשרוט געגאַנגען איבערן לאַנגן וועגס־מאַרק אין רעמבאָווסקע ביז שלמה גאַרפינקעל, דאָרט, עק רעמבאָווסקע, האָבן זיך געהערט קולות פון פייפע־ריי, וועלכע האָבן דערמאָנט די אונדז באַקאַנטע פוילישע פייף קולות, דאַן האָבן מיר זיך אומגעקערט צום קאָשציאָל, דאָרט האָט סטאַציאָנירט אַ גרויסע פויליש מיליטער. מיר האָבן דעם אָפיציר געמאָלדן וועגן די סודותפולע פייפערייען. ער האָט פאַר אונדז געלאָזט הערן זיין פייף און מיר האָבן געהאַלטן, אַז זיין טאָן איז אַ גאַנץ אַנדערער.

צוויי אַזייגער ביינאַכט האָט זיך געענדיקט אונדזער פאַטראָל.

צומאָרגנס (שבת) 10 אַזייגער פאַר מיטאָג, זענען מיר גע־שטאַנען אַ גרופע פון דער מיליץ נעבן בית־המדרש ליקל. אין דעם מאָמענט איז אָנגעלאָפן אַן עראָפלאַן אין דער ריכטונג פון רעמבאָווע, עס האָט אויסגעזען, ווי ער לאָזט זיך דאָרט אַרונטער. דער קאָמענדאַנט קאַבאַלינסקי האָט געבעטן שמעון גראָסדאָרף, ער זאָל לויפן אין דער ריכטונג הינטער דער שטאָט, זען ווו ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט. אין דעם מאָמענט האָט זיך געהערט שיסערייען פון קאָשציאָל־געגנט. דאָס האָט דאָרט שטייענדיקע פוילישע מיליטער אַרויפגעשאָסן צום עראָ־פלאַן און אַלס ענטפער איז אָנגעפלויגן אַן עסקאַדרע דייטשישע עראָפלאַנען, וועלכע האָבן באָמבאַרדירט דעם טייל פון זיי־קאָווסקי ביז מענדל פערשט. עס איז אויסגעבראָכן אַ גרויס פייער, וואָס האָט דעם גאַנצן טייל שטאָט אָפגעברענט. אין דער צייט זענען מיר אַלע איבערגעבליבענע געווען באַהאַלטן אינעם טונעל פון דער פאַרווע פון דער רעמבאָווער גאַס. קו־קנדיק אין דער ריכטונג פון פלאָצקער גאַס, איז פלוצלינג אָנגעפאָרן מאָטאָריזירט מיליטער אויף מאָטאָציקלען. ווען זיי האָבן אונדז דערזען, האָבן זיי אויסגעדרייט די קוילנוואַרפער אין אונדזער ריכטונג. באַמערקנדיק דאָס, האָבן מיר אינסטינק־טיוו אויפגעהויבן די הענט, אַזוי מיט די הענט אין דער הויך אַרויפגעשטיגן אין דער ריכטונג פון ראובן נתן־דודס געשעפט. דאָרט האָב איך אָנגעטראָפן אויף הענעך כהן. אויף מיין פראַ־גע, וואָס מען דאַרף טאָן?! האָט ער געענטפערט: כאַפ אַן עמער און לויף לעשן דאָס פייער.

מיר זענען געלאָפן ביז משה שענקמאַנס הויף. דאָרט זע־נען געשטאַנען די פייערלעשער מיט זייערע אינסטרומענטן. מיר האָבן געהאָלפן לעשן דאָס פייער. לויפנדיק אַהין אויפן וועג, האָבן מיר אָנגעטראָפן דעם טויטן קערפער פון שמעון גראָסדאָרף, דער ערשטער קרבן פון שטעטל. נאָכדעם ווי ס'איז געלונגען אַ ביסל איינשטילן דאָס פייער. האָבן דייטשישע סאָלדאַטן געכאַפט מיך מיט דעם פוילישן בלעכנער פיקאַלאַ און אונטערן ביקס און באַגנעט אונדז געטריבן ביזן הויף פון דער שולע אין מאַרק. דאָרט איז געווען די צייטווייליקע פעלד־קאָמאַנדאַ. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פון גרויס צעשטריי־אונג האָבן מיר פאַרגעסן אַרונטערנעמען פון די אָרעמס די מיליץ ווייס־רויטע לענטעס. דאָס איז געווען די סבה פון אונדזער אַרעסט. דאָרט זענען מיר געשטאַנען אונטער דער ביקס ביז ס'איז אָנגעקומען דער דייטשישער לערער ראַסל. ער האָט אויפגעקלערט די באַדייטונג פון די רויט־ווייסע לענטעס, האָט מען אונדז באַפרייט. אָבער אַלע טירן אין פענצטער זע־נען געווען פאַרהאַקט. עס איז נישט געווען ווו אַריין. אַזוי האָבן אונדז געכאַפט אַלע מאָל אַנדערע סאָלדאַטן פאַטראָלן, ביז מיר האָבן ערגעץ־ווו פאַרשטעקט אונדזערע קערפערס.

צומאָרגנס (זונטיק) האָט זיך אָנגעהויבן דאָס כאַפן אויף אַרבעט. די ערשטע אַרבעט אונדזערע איז געווען דאָס פאַר־שיטן דעם גרויסן גרוב, וועלכער די נעכטיקע באָמבאַרדירונג האָט געשאַפן ביים האָלץ־סקלאַד פון אברהם חיים וויערניק.

אַרבעטנדיק ביים פאַרשיטן דעם גרוב, איז אָנגעפאַרן אַ גרופּע דייטשישע אָפיצירן אין שוואַרצע מאַנטלען מיטן טויטן־קאָפּ־אָפּצייכענונג, די ס.ס. אויף זייער פראַגע ווער מיר זענען? האָט דער דייטשישער סאָלדאַט, אונדזער אויפזעער, געענטפערט, אַז „זיי זענען יידן און פאַרשיטן דעם גרוב". זייער צוריק ענטפער איז געווען מיט אַ פראַגע? „פאַרוואָס מען פאַרשיט נישט דעם גרוב מיט די פאַרשיטערס די יידן"?! דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן אומקום פון אונדזער שטעטל.

הערשל נוימאַן גיט צו, אַז ביי די ערשטע באָמבאַרדי־רונג זענען דערהרגעט געוואָרן עטלעכע יידן. ער דערציילט דעם פאַל, אַז אין אַ הויף דאָרט זענען גלייך מיט מענטשן (יידן) צעשמעטערט געוואָרן חזירים, האָט מען אַרויסגערופן מאיר שוחט (באַמבערג) כדי אונטערשיידן און דערקענען מענטשלעכע קערפּער־טיילן, כדי זיי צו ברענגען צו קבר ישראל, צווישן די דעמאָלט געפאַלענע איז אויך געווען הערשל ליסער. ער איז געפאַלן אין הויז פון שלמה גאַרפינקל. אין דער באָמבאַרדירונג זענען צעשטערט און פאַרברענט געוואָרן אַלע הייזער פון משה לייב דימאַנט ביז מענדל פערשטס הויז. די רואינען פון דעם הויז האָבן צוגעדעקט דעם קעלער אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען פאַרשידענע תבואות. נאָך עט־לעכע חדשים איז צוגעטראָגן געוואָרן די דייטשן, אַז די תבואה אין קעלער זאָל האָבן באַהאַלטן געוואָרן, ווען נאָכן אָפּרייניקן די גרוזעס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די תבואה איז פאַרדומפּט נישט צום געברויכן, איז מענדל פערשט געוואָרן באַשולדיקט אין סאַבאָטאַזש. זיי האָבן אים אָפּגעשיקט קיין דאַכאַו. נאָך עטלעכע טעג איז פון דאָרט צוריק געקומען אַ קעסטל אַש פון מענדל פערשטס פאַרברענטן קערפּער.

**ג. כהן־דקלבוים**

# מיין לעצטער טאָג אין ווישאָגראַד

דאָס איז געווען אין די ערשטע דעצעמבער־טעג פון 1939, כאָטש נאָר 3 חדשים זענען פאַריבער ווי היטלערס מערדערישע מאַכט האָט רעגירט אין פּוילן, אָבער פון ווי־שאָגראָד איז שוין נישט געבליבן קיין צייכן פון איר אַמאָליקן שפּרודלדיקן לעבן.

כאָטש די מערסטע יידישע פאַמיליעס האָבן פריער גע־לעבט אין דחקות, האָט אָבער די יוגנט־פרייד געהערשט אין די גאַסן און זיך געפילט אויף יעדן טריט. איצט אָבער איז גלייך פון דער יוגנט אָוועקגערויבט געוואָרן די גאַס, וועלכע האָט געשראָקן מיט רוצחישע היטלערישע סאָלדאַטן, פּוסט זענען טאַקע געווען די גאַסן. אַן אומעט און אַ צער איז גע־לעגן אויסגעגאָסן אויף אונדזערע אַלעמענס פּנימער.

דעם זעלבן טאָג האָט מען באַשעדיקט אונדזער שול, אַרויסגעריסן אַלע ברעטער פון די פּאָדלאָגעס און ביינאַכט האָט מען זי געזאָלט אונטערצינדן. דאָס ביסל צעשראָקענע יידן מיט די געלע לאַטעס אויף די פּלייצעס זענען נישט גע־שלאָפן. די גאַנצע נאַכט נאָר געוואַרט אויף דעם גרויזאַמען טאַט פון די דייטשישע כוליגאַנעס, וועלכע האָבן אָבער דאָס פאַרברענען פון שול אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדער מאָל. בין איך אָבער געווען אַן עדות ווי צווי דייטשן האָבן אָפּגעצויגן נאַקעט די טאָכטער פון אונדזער שכן שיילע גלעזער, נאָר כדי צו שפּעטן פון זיי און זיך אַמוזירן. דעם טאָג האָב איך זיך געגרייט פאַרלאָזן מיין היימשטאָט ווישאָגראַד און אַנטלויפן קיין רוסלאַנד ווו פיל יידן האָבן דאַן געזוכט שוץ.

די לעצטע שעהן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין מיין שטוב, מיט מיינע ברידער און שוועסטער איז קיין שום פּעדער נישט אימשטאַנד איבערצוגעבן. די געזעגענונג, אַלע האָבן געשוויגן. דער גרויסער צער האָט ביי אַלעמען צוגענומען דאָס לשון, מיר האָבן געפילט, אַז מיר שיידן זיך אויף אייביק. אַן אומבאַשרייבלעכע בענקשאַפט האָט מיך אַרומגעכאַפּט צו דער שטוב, צום הויף, צו די טרעפּ פון אברהם פרידלאַנד, ווו מיר אַלע חברטעס פון דער גאַס פלעגן פאַרברענגען גאַנצע טעג. די שטאָט איז מיר אין דער מינוט אַזוי טייער געווען, איך בין דאָך דאָ געבוירן, געקענט יעדן שטיין, יעדעס ביימעלע, יעדעס ווינקעלע. איצט ווער איך פון מיין געבוירן־אָרט פאַר־טריבן, ווייל איך בין אַ יידישע.

דער ווייטיק איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב אויף די אויגן נישט געזען פון טרערן, לויפנדיק צום אויטאָבוס האָב איך נאָך באַוויזן בייצוווינען נאָך אַ שוידערלעך בילד. אַ ייד איז נעבעך געצוווּנגען געוואָרן דורך די דייטשן צו לויפן איבערן מאַרק אָנגעטון אין טלית און דערביי זינגען. איך בין געלאָפן מיט דער געלער לאַטע, וועלכע האָט מיך געברענגט אַזוי ווי אַלע אונדזערע צרות, צו דער פאַמיליע גמאַך לייביש ווייל זייער טאָכטער חנה גמאַך־ברים האָט מיך אויף אירע קאָסטן מיטגענומען קיין רוסלאַנד. און אַזוי אַרום מיך געראַ־טעוועט פון די דייטשישע גאַז־קאַמערן, ווו מיינע שוועסטער און ברידער זענען אומגעקומען. איך וועל טאַקע איר קיינמאָל דאָס נישט פאַרגעסן.

מיט אונדז צוזאַמען האָבן אויף דעם וואַרשעווער שאָסיי אין אויטאָבוס איינגעשטיגן נאָך אַנדערע יידן אַלע מיט דעם זעלבן ציל. אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין דעם אוי־טאָבוס. אַלע מיט פאַרטרערטע אויגן און מיט גרויס צער אין האַרצן געקוקט דאָס לעצטע מאָל אויף דעם שטעטעלע ווי־שאָגראָד. קיינער האָט אונדז נישט באַגלייט. נאָר די בוימער פונעם שאָסיי אויף וועלכן מיר האָבן יעדן שבת אַזוי פריילעך שפּאַצירט, זענען געשטאַנען שטיל און אונדז באַגלייט מיט טרויער אין אונדזער אומבאַקאַנטן וועג.

**מאָטל וואָלפיש**

# דער אנהייב פון סוף

אין אויגוסט 1939 האָבן יידן אין פוילן געלעבט אין אַ טאָפּלטער פּאַניק. ס'איז געווען גרויס די מורא פּאַרן נאַצישן אַריינדרינגער, מיט זיין גרויזאַמער יידן־שנאה — און דער פּחד פאַר דער פּוילישער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען נאַציש געשטימט אויף זייער שטייגער. מ'האָט געוווּסט, אַז די פּאָליאַקן וועלן זיך באָדן אין יידיש בלוט.



ס'איז דאַן אַרויסגעטרעטן מיט אַ באַרואיקונגס־אַרטיקל ד"ר יהושע גאָטליב אין „היינט" און דערקלערט, אַז דאָס פּוילישע יידנטום איז פאַר „זיי" אַ גרויסער ווירטשאַפטלעכער פאַקטאָר און זיי וועלן מיט אים זיך רעכענען אאַז"וו.

אָבער שוין פרייטיק, דעם 1טן סעפּטעמבער גאַנץ פרי, האָט דער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז די דייטשן זענען באַפאַלן פּוילן און באָמבאַרדירט אַ ריי שטעט, צווישן זיי אויך אונדזער פּאַוויאַט־שטאָט פּלאָצק.

9 אַזייגער אינדערפרי האָבן שוין אויטאָס געפירט די ערשטע פאַרוווּנדעטע, צווישן זיי די פרוי פון ווישאָגראַדער פּאָליציי־קאָמענדאַנט, וואָס האָט געוווינט אין פּלאָצק. באַלד האָבן זיך אויך באַוויזן דייטשישע עראָפּלאַנען און יידן, גייענדיק פון דער מקווה, האָבן מיט טאַשנטיכלעך זיך פאַרשטאָפּט דאָס מויל, כדי אויסצומיידן אַ גאַז־פאַרגיפטונג און געלאָפן אַהיים, כדי שנעל זיך פאַרשליסן אין שטוב.

שבת האָט איגנאַצי קאָוואַלסקי געהאַלטן אַ רעדע אין דער רעמיזע און דערקלערט, אַז ווישאָגראַד האָט נישט וואָס מורא צו האָבן, ווייל זי האָט נישט קיין מיליטערישע באַזעס אָדער אינדוסטריע־אָביעקטן, און ס'לוינט זיך נישט זי צו באָמבאַרדירן, ווייל אַ באָמבע קאָסט אַ מאָסע געלט „ס'לוינט זיך נישט". אָבער אויף צומאָרגנס האָבן דריי דייטשישע עראָפּלאַנען באָמבאַרדירט ווישאָגראַד. אַריינגעוואָרפן די באָמבעס אין ווייסל.

מאָנטיק, דעם 4טן סעפּטעמבער 1939 האָט די שטאָטישע מאַכט באַפוילן גיין גראָבן אָקאָפּעס און האָט, מערקווירדיק, קאָנפיסקירט לאָפּעטעס און גראָבאײַזנס נאָר ביי יידישע סוחרים, ביי לייזער זילבערשטיין, הירשל שווירץ, ליפּמאַן נאַשעלסקי, אָבער נישט אין פּוילישן סינדיקאַט. מ'האָט פאַרשטאַנען דעם ווונק, אַזוי וועט עס אויסזען.

דעם זעלבן מאָנטיק פאַרנאַכט האָט זיך די פּאַניק פאַרגרעסערט מיטן אָנקומען פון די ערשטע יידישע פּליטים. זיי האָבן זיך באַוויזן אויף דער רעמבאָווער גאַס, פון אַרומיקע שטעט זענען זיי געקומען מיט קינדער אויף די הענט און מיט פּעקלעך מיט בעטגעוואַנט פונעם געראַטעוועטן האָב־און גוטס. דער פּראָנט האָט זיך דערנענטערט, די שרעק — זיך פאַרטיפט.

זיי האָבן אַפילו נישט געוואָלט זיך אָפּשטעלן און אַנטפערן אויף פראַגן. זיי האָבן געוואָלט וואָס שנעלער אַריבער די בריק און אויף יענער זייט ווייסל, גלייך ווי דאָרט איז געזיכערט די לאַגע. זיי האָבן געוווּסט, אַז באַלד וועט די בריק אויפגעריסן ווערן.

ווישאָגראַדער יידן האָבן זיי נאָכגעטון, מ'האָט געפּאַקט פּעקלעך, גענומען קינדערלעך אויף די הענט און אַוועק, אַריבער די בריק. די הייזער זענען געשלאָסן געוואָרן. געציילטע יידן זענען געבליבן. די שטאָט איז פּוסט געוואָרן, פּויערן, וואָס האָבן געבראַכט פּראָדוקטן צו פאַרקויפן, האָבן נישט געהאַט וועמען אָפּצוזעצן און זיי האָבן זיי איבערגעלאָזט אין מאַרק אויף הפקר.

הפקר זענען אויך געשטאַנען די סעדער מיט די פרוכטן און די געשעפטן מיט סחורות, און פּויערן פון אַרום זענען געקומען און אין משך פון אַ גאַנצער וואָך גערויבט און געגזלט וואָס ס'האָט זיך געלאָזט. ווישאָגראַד איז געבליבן אָן אַ מאַכט און אָן אַ פאַרוואַלטונג. פּאָליאַקן זענען אַנטלאָפן און די דייטשן זענען נאָך נישט געקומען.

דינסטיק, דעם 5טן סעפּטעמבער, האָבן דייטשישע עראָפּלאַנען באָמבאַרדירט און פאַרניכטעט אַ פּויליש הויז.

פּויליש מיליטער איז אַריבער די ווייסל מיט שיפלעך, מיטנעמענדיק מיט זיך רפואות, שפּייז, פּרוכט אד"גל. די מאַכט איז אַריבער צו די פייערלעשער.

שבת, דעם 9.9, איז געווען אַ שווערע באָמבאַרדירונג. די דייטשן האָבן צעשמעטערט פאַרשידענע טיילן פון שטאָט. ס'זענען צעשטערט געוואָרן הייזער. נעבן הויז פון בענקעוויטשן איז דערהרגעט געוואָרן הערשל גראָסדאָרף, איציק אנבינדערס איינִיקל. מענדל פערשטס הויז איז פאַרברענט געוואָרן אינגאַנצן. ס'זענען אויך געטראָפן געוואָרן אַנדערע הייזער ביי ד"ר זאַוואַדסקי אין סאָד. אַרום און אַרום זענען געפלויגן פלאַמען פייער.

און באַלד זענען שוין די דייטשן געווען אין שטאָט.

זיי האָבן אַרויסגעיאָגט די איינוווינער, זיי זאָלן גיין לעשן די שריפות. אין שטאָט האָבן געהערשט די פעלדפּאָליציי און דייטשישע מיליטער. בולט געווען צווישן זיי זענען וויטן פון

דער עלעקטראָווניע, שולץ מיטן זון, ווינקלער און ראסל דער פּאַראַבעק פון שטאַיבעצקין. צווישן דעם לעצטן און חיים בילגאַריי איז אַנטשטאַנען אַן אינצידענט און דער דייטש האָט אים געוואָלט דערשיסן. על־פּי נס האָט ער זיך אָפּגעראַטעוועט.

די פּאָלקסדייטשן האָבן געפירט די נאַצישע מערדער רויבן און רויִנירן יידן. זיי האָבן אַרויסגעיאָגט יידן פון די הייזער און געשעפטן, גערויבט, און נאָך צוגעגעבן גוטע קלעפּ אַלס צוגאָב.

דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט באַשטעלט אַ פּאָר שטיוול ביי יונה לעווין און ווען זיי זענען פאַרטיק געוואָרן און גוט געפּאַסט, האָט ער אים באַדאַנקט מיט מכות־רצח.

ספּעציעל האָט זיך נוקם געווען אין יידן די פּוילישע אונטערוועלט. זיי האָבן געפירט די דייטשן און זיי באַווירקט צום שלאָגן און מאָרדן. זיי זענען אַריין אין די שולן און געשלאָגן יידן ביים דאַווענען, ווי למשל, אַהרון וואַלפּיש, יוסף שפּיכלער און אַנדערע.

זונטיק, דעם 10טן סעפּטעמבער, האָט מען אָנגעהויבן שלעפּן יידן אויף צוואַנגס־אַרבעט און געשלאָגן און געממיתט דערביי. די לאַגע איז געוואָרן שרעקלעך. די יוגנט האָט אָנגעהויבן קלערן פון אַוועק קיין רוסלאַנד, ווו זיי האָבן זיך טאַקע טיילוויז געראַטעוועט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אויסגערופן געוואָרן אויסנאַם־צושטאַנד. נאָך 7 אָוונט האָט מען זיך נישט געטאָרט ווייזן אין די גאַסן.

ברוך מרדכי פוטערמאַן (קאַבילינקער) איז צופעליק אַרויס אין גאַס 9 אַזייגער אָוונט, האָט מען אים דערשאָסן.

דער דריטער קרבן איז געווען שיע פלאַם אַ 71יאָריק יינגל. ער איז געגאַנגען צום ווייסל־ברעג און אַ דייטשישער זעלנער האָט אים דערשאָסן, סתם אַזוי זיך. שרעקלעך איז געווען צוצוקוקן דאָס בילד, ווען דער פאָטער זיינער, אברהם איטשע פלאַם, האָט אַרויפגעלייגט זיין טייער יינגל אויף די אַקסלען און אים געטראָגן אַ טויטן אַהיים.

צווישן די ערשטע נאַצישע בעסטיאַלישע קרבנות זענען געווען: ראובן רורע, פּרעגער, שמעון זלאַטניק, וואָלף זלאַטניק און אהרון הוזמאַן, וועלכער איז מיט צוויי פּיצלעך קינדער אויף זיינע הענט דערהרגעט געוואָרן.

די פּאָליאַקן האָבן זיך געקוויקט צוזאַמען מיט די דייטשישע מערדער מיטן יידישן בלוט.

מיר האָבן דאָס פריער געוווּסט.

*

ווען יידן האָבן נאָכן קריג זיך צוריקגעקערט אַהיים, האָט שוין דאָס יידישע ווישאָגראַד נישט עקזיסטירט. די סעפּטעמבער־טעג פון יאָר 1939 זענען געווען דער אָנהייב פונעם סוף.

**בעלאַ זאַוויערוכאַ־גוטמאַן**

# ס'הייבט זיך אָן...



הדסה באָום, ב. זאַוויערוכאַ

ס'איז דער 1טער סעפּטעמבער 1939. אַ שיינער זוניקער טאָג פון ערב־האַרבסט. די גאַסן זענען באַלעבט, קינדער פריילעכע שפּאַנען פון די שולן. פון די ביוראָען ציען אַהיים מענטשן גוט־געשטימטע מיט פּלענער ווו צו פאַרברענגען די אָוונטן און פרייע טעג.

איך, מיין מאַן שיִע און מיין שוועסטער האַנקע, געפינען זיך צווישן דעם עולם אויף זאַמענהאָף־גאַס אין וואַרשע.

ס'הערט זיך אַ סירענע־אַלאַרם. אַ לאַנגער אויסגעצויגענער סווישטש. דערשטוינטע, דערשראָקענע, לויפן מיר צוגלייך מיטן גרויסן עולם, פון גאַס, אַריין אין הויז אויף ראָג זאַמענהאָף־גענשע. דאָרט זענען שוין פאַראַן פיל מענטשן אויף אַלע שטאָקן.

אין דעם גאַנצן צעשראָקענעם געטומל געפינען זיך נאָך פיל בעלנים צו קוקן אויפן הימל און שפּאַרן זיך וועמענס מחבלים רוישן דאָס אין די הויכקייטן. כאָטש די באָמבעס האָבן שוין אין מיעדזשעשין חרוב געמאַכט אַ קינדער־אינסטיטוציע, נאָר דאָ אין הויז איז נאָך נישט געווען רייף דער געדאַנק און דער גלויבן, אַז דער חורבן האָט זיך אָנגעהויבן, דער גרעסטער חורבן אין דער יידישער געשיכטע.

דער אמת אָבער, דער טרויעריקער אמת, איז זיך געגאַנגען מיט זיין צעשטערערישן גאַנג, טאָג נאָך טאָג, און חרוב געמאַכט אונדזערע וווינונגען און אַרבעטס־ערטער.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער, ווען כ'בין צוגעקומען צו מיין אַרבעטס־פּלאַץ אויף פּזשעיאַזד 5, איז דאָס הויז געווען

אַ קופּע צעשטערטע ציגל... אין שכנות מיט אַנדערע צעשטערטע הייזער, שפּיטאָלן און טויזנטער מענטשלעכע קרבנות.

פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן מענטשן געדענקט, אַז פון די פּראָווינצן האָט מען זיך געראַטעוועט מיט אַנטלויפן אין דער הויפּטשטאָט. דאָס מאָל, אין דער היטלער־מלחמה, איז דאָס געווען אַ פאַרשפּרייטע אילוזיע, וואָס האָט געפירט פיל משפחות צום באַלדיקן היימלאָזן, פאַרוואָגלטן הונגערלעבן.

דער זעלבער גורל האָט אויך געטראָפן די אָרטיקע איינוווינער, וועלכע זענען באַלד אין די ערשטע טעג געוואָרן אָפּגעברענט, אָדער אַרויס קוים־לעבעדיקע פון אונטער די חורבות פון די איינגעפאַלענע הייזער.

צו אונדז זענען אָנגעקומען פריינד, משפחות פון ווישאָגראָד, נאָווידוואָר, פּרושקאָוו. דאָס האַרץ האָט פאַרקלעמט ווען מען האָט דערזען אָנקומען מענטשן נאָענטע, טייערע, מיט קליינע פּעקלעך אין די הענט, איבערלאָזנדיק זייער גאַנץ האָב־און־גוטס, אויף וועלכן זיי האָבן זיך געמאַטערט דאָס גאַנצע ביז איצטיקע לעבן.

אין מיטן שטוב ביי אונדז שטייט דאָס אַנדערטהאַלבןיאָריקע טעכטערל פון מיין שוועגערין חוה; זי שטייט שוין פאַרוואָגלט אין אַ לאַנג קלייד פון אַ דערוואַקסענעם, ביי דער וואַנט שטייט איר זיידע, מאַגיד, אַ קליין יידל, מיט אַ ברייטער לאַנגער גרויער באָרד, שטייט און קוקט אויף זיין ערשט אייניקל, דאָס היימלאָזע, ער איז ווי פאַרשטיינערט, טרערן רינען ווי אַ רעגן...

ס'איז געקומען אונדזער משפחה זיידענבערג, מיט זייערע צוויי זין און צוויי טעכטער און שטאַרק קראַנקן זיידן. דער פעטער יאָסעלע, זיין פרוי און צוויי קליינע ייִנגלעך. אַלע ווערן שפּעטער ביי אונדז אין הויז פאַרווונדעט.

עס קומט אַריין בלומע לאה גאָלדמאַן מיטן מאַן און פירן מיט זיך אין וועגעלע אַן 1יאָריק פּרעכטיק טעכטערל. נאָך איר צוריקקערן זיך קיין ווישאָגראָד, איז זי צווישן די ערשטע, וואָס ווערן פאַרשיקט קיין סלופּיע־נאָווע.

אויך בראַנע־רבקה מיטן מאַן חיל זעלמאַן, און 16־יאָריקן בן־יחיד, זענען אונדזערע געסט. זייער זון ווערט פאַרווונדעט אין גאַס און מען נעמט אים אין שפּיטאָל אַריין אויף עלעקטאָראַלנע.

צומאָרגנס, ווען די עלטערן קומען אים באַזוכן, טרעפן זיי דאָס שפּיטאָל ווי איין גרויס מאַסן־קבר פון לעבעדיק־באַגראָבענע, אונטער די חורבות פון שפּיטאָל.

ערב ראש־השנה איז די באָמבאַרדירונג געווען ממש אַ מערדערלעכע. די גאַנצע דזשיקע־גאַס, ביז דער אָקאָפּאָווע איז געשטאַנען אין פלאַמען. צענדליקער עראָפּלאַנען האָבן פאַרהילכט די לופט מיט מוראדיקע אויפרייסן פון ברענבאָמבעס.

די אַוועקגעשטעלטע מענער מיט לאָפּעטעס אויף די בוידעמער פון די הייזער, האָבן נישט געוווסט, וואָס זיי האָבן צו טון, זיי לויפן צעשראָקענע, צוגלייך מיט אַלע.

אין הויז נר. 35 איז אַריין אַ באָמבע. די שוסטערין פון פאָדערשטן געוועלבל כאַפּט אַרויס איר 3יאָריק מיידעלע, און איצט אויף דער גאַס זעט זי, אַז זי האַלט בלויז דאָס אָפּגעריסענע הענטל פון איר אומגליקלעך קינד.

אונדזער הויז, נר. 37, קריגט אַ טרייסל. עס עפענען זיך טירן אין געטומל...

מיר ווילן אויך אַרויס אין גאַס, דאָס טויער איז אָבער פאַרמאַכט. פאַרוואָס? קיינער ווייסט נישט.

ס'איז אַנטשטאַנען אַ ווילדע פּאַניק. מענטשן טרעטן איינער איבערן אַנדערן, ווילד צעשראָקענע ראַנגלט זיך אַ קופּע מענטשן אין פינצטערן טויער. שווידערלעכע געוואַלדן הערן זיך אין דעם דאָזיקן ריזיקן הויז. אָט אַזוי, איז גאָרנישט צוגעגרייט, דער היטער ביים זאַמד און דער סטרוזש ביים טויער.

מיר האָבן זיך פאַרלוירן פון אונדזערע נאָענטסטע, ווען מיר זענען ענדלעך אַרויס פון טויער האָט נאָך אַלץ אַרום געדונערט און געברענט. מיר זענען געשטאַנען אומבאַהאָלפענע ווי ביי אַן ערד־ציטערניש.

אינעם גרויסן טומל, האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ פאַרצווייפלט האַרצרייסנד רופן: „בעלאַ"!!! דאָס האָט מיין ברודער משה זיך צוריק געקערט, נאָר מיר מיט שיען, מיינענדיק אַז מיר זענען פאַרפאַלן געוואָרן. זיי זענען געגנאַגען אַלע אָנגענומען ביי די הענט, טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, אונטער זיי די רעשט משפחה. זיי זענען געגאַנגען אין דער גאַנצער ברייט פון דער גאַס.

ביי יעדן פון זיי האָבן געבלוטיקט פאַרשידענע טיילן פון קערפּער, געטראָפענע פון שפּליטערס. כ'האָב נישט באַוויזן צו באַזינען זיך, ווי מען הערט שרייען: דערהרגעט מיך, איך בין בלינד, איך זע גאָר נישט!!! דאָס איז לאָזער זיידענבערג געלאָפן אין מיטן גאַס מיט צעשפּרייטע הענט און פאַרצווייפלט געשריגן אין זיין אומגליק.

מיין ברודער פאַרלאָזט אונדז און גייט מיטן בלינד־געוואָרענעם לאָזער איבער מעדיציניש פונקטן, אין שפּיטאָלן, ווו ער קריגט נישט קיין שום הילף, אומעטום ענטפערט מען, אַז זיי האָבן נישט קיין ספּעצעאַליסטן, ביז אין איינעם אַ שפּיטאָל פאַלט משה אין חלשות און פאַר רחמנות אויף משהן, לאָזט מען לאָזערן איבערנעכטיקן אין שפּיטאָל. לאָזער איז נאַכער אַריבערגעפירט געוואָרן אין אַ ספּעציאַליסטן־שפּיטאָל, ווו ער האָט אָנגעהויבן זען אויף איין אויג. מען האָט אים באַשעפטיקט אין שפּיטאָל. שפּעטער, אַלס ייד, האָבן זיי אים אַכזריותדיק אַרויסגעוואָרפן און ער איז אומגעקומען.

פאַרטאָג זענען מיר צוגעגאַנגען צו אונדזער הויז. עס איז געווען גלייך מיט אַלע שכנותדיקע הייזער אויסגעברענט. אין מיטן פון די טליענדיקע ווענט האָבן מיר נאָך דערקענט טיילן און סימנים פון אונדזער צעשטערטע, וואַרעמע שטוב.

מיטן פאַרלירן די שטוב, האָב איך געפילט אַן איבעריקייט צו זאַכן. איך לאָז איבער אַלץ און מיר הויבן אָן וואַנדערן. פון יענעם טאָג אָן, האָבן זיך אָנגעפאַנגען צייטן שווערע, היימלאָזיקייט, וואַנדערונג און פּיין, ביז מיר האָבן דערגרייכט צו אונדזער וואַרעמער היימישער נעסט, אין יידישן לאַנד, ארץ־ישראל.

בעלא גוטמאַן

# מיין מאמעס לעצטער בריוו

אין גערויש פון באָמבאַרדירונג און געקנאַל פון ברע־נענדיקע הייזער, אין געלויף פון פאַלנדיקע מענטשן ביים זוכן אַ ביסל וואַסער, ביי דעראַבערן אַ שטיקל עס־פּראָדוקט, האָט מיין מאַמעס שוועסטער, מיין מומע פריידע, באַקומען געבורט־ווייען. דער מאַן אויפן פראָנט. נישט מעגלעך צו באַ־קומען מעדיציניש הילף. אַ האַרצרייסנדע לאַגע, טויט האָט געדראָט דער קימפּעטאָרין. די שעה, זייער לאַנגע שעהן, איז מיין מאַמע געווען די איינציקע ביי איר שוועסטערס קאַמ־פּליצירטן געבורט... ווען כ׳בין אַריין אין צימער, האָב איך געטראָפן די מאַמע און די קימפּעטאָרין מיט געל־פּלעקער־דיקע פּנימער, טויט דערשראָקענע, פאַרצווייפלטע, געקוקט אויף דעם געבוירענעם זון... נישט אין דער צייט איז ער געבוירן געוואָרן דער נייער ייד...

אין מיין מאַמעס לעצטן בריוו צו אונדז אין פאַרשיקונג, אין די אַרכאַנגעלסקער וועלדער, שרייבט מיין מאַמע: „איך זיץ אין וויג אַיין דאָס קינד. כ׳לעב זיך אויס אין אויסזינגען אים לידער, וואָס קומען פון מיין האַרץ און פון גרויסן בענקשאַפט נאָך אייך! אַזוי שווער אַ ביסל נחת!...״

אין זייער איינזאַמקייט און טרויער זינגט זי לידער, וועלכע ברענגען זיי צו אונדז.. צו מיין פּיצל מיידעלע און פּיצל יינגעלע פון מיין ברודער, וואָס זיי קענען אים נישט אַפילו.

### מיין חלום

עס איז נאָך ביז איצט נישט אויסגעפאָרשט געוואָרן וואָס איז חלום, פאַרגעפיל אָדער נאָכגעפיל, מיסטישע פאַרבינ־דונג פון מענטש צו מענטש אָדער צופעליקער צוזאַמענטרעף פון געשעענישן? דער חלום איז אַזוי אַלט, ווי אַלט עס איז דער מענטש, אַפילו עלטער ווי ער איז. און איז נאָך אַלץ אַ רעטעניש פאַר דער וויסנשאַפט...

ס׳איז דאָס יאָר 1942, מיר זענען אין רוסלאַנד, ווייט ווייט, אין סאַליקאַמסק. מיר ווייסן נאָך גאָר נישט וועגן דעם שרעקלעכן גרויל וואָס קומט פאָר אין וואַרשע דורך דער היטלער־חיה.

איין נאַכט שטייט מיין טייערער טאַטע מיר אַקעגן, מיט זיין נאַטירלעכן, גוטמוטיקן חן און באַשיידענער חכמה, קוקט צו מיר שטיל, טרויעריק. איך פיל צער, איך פיל צע־שיידונג!... אַ צווייטע נאַכט חלומט זיך מיר, אַז איך קום אַהיים, גיי איבער חורבות. אין דעם דערזע איך ווי מען טראָגט צוויי לאַנגע שמאָלע ברעטער, איבערגעדעקט מיט שוואַרץ.

איך גיי נאָך און ווייס, אַז דאָס איז די מאַמע און איר שוועסטער פריידע. איך גיי פאַרקלעמט נאָך. מיר קומען אָן אין אַ קעלער וווּ מען שטעלט אַוועק די ברעטער אויף דער ערד. דורך אַ טיר זע איך אַ צווייטן קעלער, באַלויכטן. עס שטייען יידן און דאַווענען.

איך פאַל צו צום איבערגעדעקטן ברעטל פון מיין מאַ־מען און שריי: מאַמע! מאַמע! גוט וואָס כ׳בין כאָטש איצט געקומען. זאָג מיר, ווען איז דאָס געשען? לאָמיך כאָטש וויסן די דאַטע!!!

ענטפערט מיר די מאַמע: אין דער פרי ווען דו וועסט אויפשטיין, איז עס געשען... איך בין אויפגעשטאַנען ווי משוגע.



אברהם און יוכבד זאַזוויערוכע (בעלאַ גוטמאַנס עלטערן)

עס איז געווען די נאַכט פון 27סטן אויפן 28סטן יולי 1942.

ווי דערשטוינט בין איך געווען, ווען מיר האָבן געלייענט צום ענדע פון דער מלחמה, אַז דעם 22סטן יולי איז געווען די ערשטע אויסזידלונג פון וואַרשע. איך האָב דאַן גע־טראַכט, אַז די עלטערן ווינען אומגעמאָלדן ביי דער מומע פריידע, און מעגלעך, אַז מען האָט זיי גענומען צווישן די ערשטע.

אין פוילן, נאָך דער מלחמה, האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פון טאָבע יידעס גאָלדמאַן ווו זי שרייבט, אַז די שוועס־טער זלאַטניק ווייסן וועגן מיינע עלטערן.

כ'האָב גלייך געשריבן קיין אַמעריקע צו זלאַטניק־זיל־בערשטיין.

זילבערשטיין ענטפערט מיר: מיינע עלטערן זענען יעדן טאָג געווען ביי די זלאַטניקס, ביז דער ערשטער אויסזידלונג. נאָך דעם טרויעריקן טערמין האָט מען זיי מער נישט געזען.

אַזוי האָט עס געשטימט. זיי זענען געווען צווישן די ערשטע קרבנות אין טרעבלינקער טויט־לאַגער. דעם 22סטן זענען זיי געזאַמלט געוואָרן. דאָס אַרויסשיקן, ס'פאָרן, דאָס אַרויספירן... ס'האָט געשטימט: פון 27סטן אויפן 28סטן!!! מיט אייביקן טרויער און ווייטיק צו אייערע איינזאַמע לעצטע שעהן אין אייער שרעקלעך געפייניקטן קידוש־השם, ווייטיקן מיר דאָס גאַנצע לעבן!

אויב די וועלט וויל פאַרגעסן אין דעם היטלער־מבול, קענען מיר, די על־פי נס לעבן געבליבענע יורשים פון פאַר־שניטענעם פוילישן יידנטום, נישט פאַרגעסן אונדזער אומ־גליק! אין אונדז איז געבליבן דאָס געשפענסט פון יענע טעג. די ווונדן פון די נאַצי־רוצחים וועלן נישט פאַרהיילט ווערן אין אונדזערע הערצער!

## טרעבלינקע

אין וואַרשעווער וואָיעוואָדסטוואָ, נישט ווייט פון שטעטל סאָקאָלאָוו, געפינט זיך אַ קליינע באַן־סטאַציע טרעבלינקי, וואָס איז פאַר דער מלחמה כמעט געווען אומבאַקאַנט. 4 קילאָמעטער פון דער דאָזיקער סטאַציע, אין אַ וויסט אָרט צווישן זאַמדן און שיטערע סאָסנע־וועלדלעך, האָט זיך גע־פונען אַ שטיין־האָקעריי, צו וועלכער עס האָט געפירט אַ באַן־אָפּצווייג פון דער סטאַציע. אויפן דאָזיקן אָרט איז אין 1941 אויפגעשטעלט געוואָרן אַן אַרבעטס־לאַגער, וועלכער האָט אויך געהייסן טרעבלינקע.

ווען דאָס דריטע רייך האָט באַשלאָסן אין 1941 וועגן דער טאָטאַלער פאַרניכטונג פון אייראָפּעישע יידנטום, האָט מען זיך דאַן דערמאָנט אין דער דאָזיקער וויסטער געגנט פון דער קליינער באַן־סטאַציע.

אין פרילינג 1942 איז נישט ווייט פון דער שטיין־האָ־קעריי, אייניקע קילאָמעטער פון דעם אַרבעטס־לאַגער רעאַ־ליזירט געוואָרן די נייע דערפינדונג פון בערלין: אַ לאַגער פאַר מאַסן־פאַרניכטונג. טיף אין אַ געדיכט וועלדל איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ גרויסער שטח, וואָס איז אַרומגע־צוימט געוואָרן מיט שטעכל־דראָט אויף אַ הויך פון דריי מעטער.

די דראָטן זענען אַדורכגעפלאָכטן געוואָרן מיט סאָסנע־צווייגן.

אַ זייטיקע ליניע, וואָס האָט זיך געצויגן פון דעם באַן־אָפּצווייג, האָט געפירט צו דעם פלאַץ אין וועלדל.

דאָ זענען אויפגעשטעלט געוואָרן באַראַקן, אין אַ קליינע 3־צימערדיקע הייזקע, אויף וועלכער מען האָט אויסגעהאָנגען אַ שילד מיט דער אויפשריפט „באַד־אַנשטאַלט" אין עטלעכע שפּראַכן, איז געגרינדעט געוואָרן דאָס שרעקלעכסטע וואָס אַ מענטש קאָן זיך פאָרשטעלן. וועמען האָט געקאָנט איינפאַלן, אַז דאָס באַדייט פאַקטיש אַ גאַז־קאַמער פאַר מענטשן־פאַר־גאַזונג.

אין האַרבסט 1942 איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער צוויי־טער „באַד־אַנשטאַלט" אַ פיל גרעסערער פון ערשטן, ווו עס זענען שוין געווען צען גאַז־קאַמערן.

אין די הילצערנע באַראַקן, האָבן געוווינט די ס.ס.־לייט פון לאַגער. דאָ האָבן זיך אויך געפונען וואַרשטאַטן, מאַגאַזי־נען און די קאַנצעלאַריע פונעם לאַגער. אין די זעלבע באַראַקן האָבן אויך געוווינט יידישע אַרעסטאַנטן, וועלכע האָבן גע־דינט אַלס אַרבעטס־קראַפט פאַרן פאַרניכטונגס־לאַגער.

## די ערשטע טראַנספּאָרטן

די ערשטע טראַנספּאָרטן קרבנות האָבן אָנגעהויבן אָנ־קומען אין לאַגער אין די זומער־חדשים פון יאָר 1942. איי־ניקע צוגן אַ טאָג, אָנגעלאָדענע פול מיט מענטשן, פלעגן אַריינפאָרן אין לאַגער מיטן באַן־אָפּצווייג. אַלץ האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ נאָרמאַלער סטאַציע. נאָכן אָפּטיילן די מענער פון די פרויען און קינדער, פלעגט מען אַלעמען אַריינפירן אין די גאַרדעראָב־צימערן ווו זיי זענען געצוווּנגען געוואָרן איבערצולאָזן די זאַכן און אַלע חפצים פאַרן אַריינ־גיין אין „באַד־אַנשטאַלט". דערנאָך האָבן די קרבנות דורכ־געמאַכט דעם לעצטן וועג אין זייער לעבן, — דעם „טויטן־וועג" פון גאַרדעראָב־צימער אין די גאַז־קאַמערן, צונויפ־געפרעסט און צונויפגעשטיקט אין גרעסטן געאייל אין באַד־אַנשטאַלט כלומרש, נישט וויסנדיק וואָס עס שטייט זיי פאָר, האָט זיך אין די הערצער פון די דאָזיקע מענטשן אָנגעהויבן דערוועקן פחד און חשד, אָבער דאָס איז שוין געווען צו שפּעט, ווייל נאָכן פאַרטראַסקען די טיר הינטער זיי, איז זייער גורל געווען אַ געחתמעטער.

אין טרעבלינקער לאַגער זענען פאַרניכטעט געוואָרן אַרום 800 טויזנט יידן, פון פוילן, עסטרייך, בעלגיע, בול־גאַריע, טשעכאָסלאָוואַקיע, פראַנקרייך, גריכנלאַנד, יוגאָ־סלאַוויע, דייטשלאַנד און ראַטנפאַרבאַנד. זייערע קערפּערס זענען פאַרברענט געוואָרן אין קרעמאַטאָריעס און דאָס אַש באַגראָבן נעבן די קרעמאַטאָריעס, אַרום די גאַז־קאַמערן.

דעם 2טן אויגוסט 1943 האָבן די יידישע אַרעסטאַנטן

אין דינסט פונעם לאַגער אָרגאַניזירט אַ באַוואָפנטן אויפ־שטאַנד קעגן די היטלעריסטישע רוצחים, וועלכער איז בלוטיק אונטערדריקט געוואָרן. גלייך נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן די שנעלע ליקווידאַציע פונעם לאַגער און ביז נאָוועמבער 1943 איז דער פאַרניכטונגס־לאַגער פון טרעבלינקע פולשטענדיק ליקווידירט געוואָרן, די גאַז־קאַמערן אויסגעריסן, די הילצערנע באַראַקן צעשטערט, דער באַן־אָפּצווייג צענומען און דעם שטח פון לאַגער פאַראַקערט.

**עזרא האָלענדער / הרצליה**

# פון גוי צו גוי

ווען די קריג איז אויסגעבראָכן דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939 בין איך געווען מיט מיינע עלטערן אין שלאַדאָווע און ווען די דייטשן האָבן אָפּגענומען שלאַדאָווע איז מיין פאָטער יודל יאַנישאָווער מיט דער גאַנצער משפחה געווען פאַר־



שטעקט אין אַ קעלער צוזאַמען מיט נאָך ווישאָגראָדער יידן. אייניקע געדענק איך: ר׳ איטשע מאיר מלמד מיט זיין פרוי, יוסף שניידער מיט זיין פרוי, רבקה קאַלוואַריסקע, משה ווישאָגראָדסקי דער קלעזמער מיט זיין פרוי און פיר קינדער. ס׳איז אויך געווען מיט אונדז אַ טשענסטאָכאָווער ייד, ווען די דייטשן זענען אַריין איז אין אים דעם זעלבן הויז געווען פויליש מיליטער, האָבן זיי דאָס הויז אונטערגעצונדן און מיר זענען אַרויס פון קעלער. ס׳האָט געדראָט מיט זיכערן טויט, האָט מען געקלערט אפשר וועלן זיי דאָך אונדז לאָזן לעבן, האָבן די דייטשן אַלע מענער אַרעסטירט, אויך די געבליבענע פּאַליאַקן, ביי דעם טשענסטאָכאָווער יידן האָט מען געפונען אַ ראַזיר־מעסערל, האָט מען אים אויפן פּלאַץ געשאָסן. די פרויען האָט מען געהייסן גיין אין אַ געוויסן הויז, די מענער האָט מען געפירט גרופּנווייז אין פעלד אַרויס, איז צו אונדז צוגעקומען אַ פאָלקס־דייטש, פּעטער שאַפּרעק און האָט מיך מיט מיין פאָטער באַפרייט, אַלע אַנדערע מענער האָט מען אַרויסגעפירט אויסער דעם דאָרף.

אין אַ צווייטן קעלער איז געווען אהרון הוזמאַן מיט זיינע צווי קינדער האָט מען זיי אַרויסגענומען און דערשאָסן. מיר האָבן זיך דאָס דערוווּסט אויף צומאָרגנס.

מ׳האָט אונדז געזאָגט, אַז אויף טשורעס פעלד ליגן דערשאָסענע אַ ייד מיט צווי קינדערלעך אויף די הענט. ווען כ׳בין צוגעקומען מיט מיין פאָטער האָבן מיר זיי באַלד דערקענט, מיר האָבן אויסגעגראָבן אַ גרוב אויפן פּלאַץ, געמאַכט פון ברעטער אַן אָרון און זיי באַגראָבן.

שפּעטער מיט טעג, האָב איך מיט זיין ברודער אלי הוזמאַן, שמואל איטשעס איידעם, זיי אויפגעגראָבן מיט אַ דערלויבעניש פון אַ דייטשן פּאָליציאַנט און זיי געפירט קיין ווישאָגראָד און זיי קובר געווען אויפן בית הקברות. אין געגנט פון שלאַדאָווע גייענדיק פאַר דער ווילטשע זענען אויך דערשאָסן געוואָרן די ווישאָגראָדער יידן:

1. מאָטיס שיינבלום;
2. וואָלף זלאָטניק;
3. משה מענדל שלאָסבערג;
4. זיין איידעם יאָסל האָלענדער;
5. פנחס שיינבלום.

פנחס איז על פי נס געבליבן לעבן.

אין דער זעלבער צייט איז דורך דער ווייסל, אהיים געפאָרן אויף אַ לאָדקע שמעון זלאָטניק, האָבן די דייטשן אים דערשאָסן און אַריינגעוואָרפן אין טייך אַריין. נאָך אַ שטיקל צייט האָט מען געפונען זיין קערפּער.

איך האָב געאַרבעט ביי די דייטשן ביי פאַרשידענע שמוציקע אַרבעטן אַלס צוואַנגס־אַרבעטער ביז כ׳בין צוגעטיילט געוואָרן צו האקן האָלץ פאַרן מיליטער. זייענדיק אויפן ציפּל איינער אַליין מיט אַ דייטשן סאָלדאַט, האָט ער אויף מיר מיטלייד געהאַט און געזאָגט:

— זאָלסט וויסן, אַז די דייטשן וועלן אייך אַלע פאַרניכטן, זיי קלוג און אַנטלויף, גיי אַריבער די רוסישע גרענעץ. כ׳האָב אים געפאָלגט. אין זעלבן טאָג בין איך אַנטלאָפן קיין סאָכאַטשעוו, ביאַליסטאָק, וואָלקאָוויסק. אין וואָלקאָוויסק האָב איך געטראָפן יאָסל סאָלימען.

מען האָט מיך גענומען קיין קובאַן, אין אַ דאָרף פון קאָזאַקן, און אין 15.8.1941 האָט מען מיך מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי צוזאַמען מיט מיינע צווי שוואָגערס

משה און לייזער קאַכוואַסער. לײדער זענען זײ בײדע אומגעקומען אין רוסלאַנד.

אין 1.1.1942, ווען כ׳האָב געענדיקט די רעקרוטסטוועָ, בין איך געשיקט געוואָרן אין פראָנט.

אין 28.2.1943 בין איך פאַרווונדעט געוואָרן אויפן קאָפּ, און אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל אין גרוזיע. דאָרט בין איך געווען פיר חדשים און אַריבערגעפירט געוואָרן אין אַן אינוואַלידן־הויז, וווּ כ׳בין געבליבן ביזן 15.3.1946.

ווען נאָר כ׳האָב געפילט פאַר גוט, בין איך אַרויסגעפאָרן קיין פוילן — שווידניצע. דאָרט האָב איך נאָך פינף יאָר געטראָפן מיין פרוי און אַוועק קיין ישראל ביי דער ערשטער מעגלעכקייט אין יאָר 1957.

אהרן איסר בילגאָריי (פּאַריז)

# מיט ווישאגראדער אין וואנדער־וועגן

ווען די דייטשן זענען אַריין קיין ווישאָגראַד זענען מיר אַנטלאָפן קיין ליעשנע, אָבער זיי זענען אויך אַהער פאַרפאָרן און אָונט־צייט האָבן זיי צוזאַמענגענומען די אַלע פרעמדע יידן, וואָס זענען נישט פון דער שטאָט און מ׳האָט זיי קאָנצענטרירט אין דער קאַטוילישער קירכע. מיר האָבן נישט געוווּסט צוליב וואָס. אָבער מורא געהאַט צום טויט. איך בין אויך געווען צווישן זיי. די מענער האָבן זיי אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט אין דעם קאָשציאָל אָן עסן, אָן אַ פלאַץ צום שלאָפן.

אינדערפרי האָבן זיי אונדז אַרויסגעפירט אין פעלד אַריין נעבן אַ קעמפּ פון באַראַקן און אַן עס־עס אָפיציר אויף אַ דזשיפּ מיט אַ קוילנוואַרפער אונטערן אָרעם איז אָנגעקומען. זיינע אויגן האָבן אויסגעדריקט מאָרד און בלוט־גיריקייט. ער האָט זיך געווענדעט צו אונדז און אונדז געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיר זענען „די אויסוווּרפן פון דער מענטשלעכער ראַסע״, אַז מיר זענען שולדיק אין אַלע דערשיטערונגען, וואָס די וועלט לעבט איבער פון מאָל צו מאָל און פאַרענדיקט האָט ער, אַז מ׳גייט אונדז אַלע אויסשיסן ביז צו איינעם און בעסער וועט זיין, ווען מיר וועלן זיך מודה זיין, אַז מיר זענען שולדיק אין אַלעמען.

די 24 שעה פון נערוון־אָנשטרענגען, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט, אַז מ׳האָט אונדז דאָרט אויפגעהאַלטן האָבן זיך געצויגן יאָרן. מיר האָבן געוווּסט, אַז דער טויט איז זיכער. אָבער אויף צומאָרגנס זענען אָנגעקומען לאַסט־אויטאָס און מ׳האָט אונדז פאַרפירט קיין ראַוואַ־רוסקאַ און פון דאָרט אין פערד־וואַגאָנען קיין בערלין.

אין בערלין גופא האָט מען אונדז נישט אַריינגעלאָזט. בערלין מוז זיין יודנריין. האָט מען אונדז צוריק אָפּגעפירט קיין ראַוואַ־רוסקאַ און מ׳האָט אונדז געהייסן גיין „איר זעט פריי״. אָבער ווען מיר האָבן זיך אַ ביסל דערוויטערט האָבן זיי אונדז נאָכגעשאָסן, אַ נס איז געשען, וואָס קיינעם האָט עס נישט געטראָפן.

דערווייל זענען אַריבער 48 שעה און מיר האָבן נאָך קיין עסן נישט געהאַט אין אונדזער מויל, מיר זענען געווען מיד און צעבראָכן, הפקר אין פעלד אָן קיין שום פאַרבינדונגס־מיטל, וווהין זאָלן מיר גיין?

איך האָב באַשלאָסן גיין צוריק אַהיים קיין ווישאָגראַד. מיט מיר זענען געווען אַ צען מענטשן פון ווישאָגראַד, פון זיי אַלע געדענק איך לײדער נאָר הירשקע קראָנענבערג, חנא קאַנאַסטער, איטשע קאַרפּ און זיין ברודער. זיי האָבן אַלע זיך צוגעאייניקט צו מיר און מיר זענען אַוועק צוריק אַהיים.

ווישאָגראַד איז שוין געווען דאַן ווי אַ באַלאַגערטע שטאָט. מ׳האָט קיין לעבעדיקן נפש נישט געזען אין די גאַסן. אונדזער פאַרמעגן האָט מען צערויבט, מיין מאַמע האָט געוואָלט אַריינגיין אין געשעפט עפּעס אָפּראַטעווען, האָט מען איר נאָכגעשאָסן, כדי זי אָפּצושרעקן. זי איז אַריין צוריק אין שטוב און געזאָגט:

— קינדערלעך, דאָ האָט שוין דאָס מענטשלעכע לעבן קיין ווערט נישט. אַנטלויפט פון דאַנען. גייט קיין רוסלאַנד.

מיר האָבן זי געפאָלגט. אין דער זעלבער נאַכט האָבן מיר צוגעגרייט אַלץ צום וואַנדערן און מיר זענען אַוועק צופוס קיין רוסלאַנד. די מאַמע מיט מיין שוועסטער, מיט אירע צוויי פּיצעלעך קינדער זענען געבליבן אין דער היים. זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די שוועריקייטן אין וועג. אַזוי זענען זיי נעבעך אומגעקומען.

מיר זענען אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק, געאַרבעט אין טשאַרנאָוויעזש אַן ערך אַנדערטהאַלבן יאָר און ווען עס האָט אויסגעבראָכן די דייטשיש־רוסישע קריג, זענען מיר אַוועק מיט אַלע אָפּטרעטנדיקע כוחות קיין רוסלאַנד.

אויפן וועג האָט מען אונדז מאָביליזירט צו דער רויטער אַרמיי. פיר ווישאָגראָדער זענען מיר געווען. איך, מיין ברודער חיים בילגאָריי, חיים פוטערמאַן און אברהם בוים.

דער וועג איז געוואָרן שרעקלעכער פון מינוט צו מינוט. מ׳האָט אונדז באָמבאַרדירט. מיר זענען יעדעס מאָל געפאַלן און איבערגעוואַרט די באָמבעס. אין טאָמבאָוו אין וואַלד האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט, כדי זיך אָפּצורוען אַ ביסל. אין דעם וואַלד זענען שוין געווען קאָנצענטרירט טויזנטער פּלי־

טים. מיר האָבן צווישן זיי געפונען יאָסקע קוואַשנע און יצחק שטשאַפּע.

דאָרט האָט מען אונדז „באַפרייט" פון דער רויטער אַרמיי. סטאַלין האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו אונדז. מיר די מערב־בירגער זענען אים געווען פאַרדעכטיקט, אַז מיר האָבן אַלע פיינט רוסלאַנד און מ'האָט אונדז פאַרשיקט קיין מיטל־אַזיע אין אַן אַרבעטס־לאַגער אין שטעטל ניגאַוועט אין טאַדזשיקיסטאַן (פריער האָט די שטאָט געהייסן כאַדאַ־זאַנט).

צופעליק האָט מיך דאָ געפונען שמואל פּרוסאַק (קוטער). ער איז געווען אַ זינגער ביי אַ חזן, ווען ער האָט זיך דער־וווסט, אַז מיר זענען דאָ, פלעגט ער אונדז קומען באַזוכן יעדעס מאָל. פון זיין אַרבעטס־פּלאַץ ביז אַהער איז געווען אַ 30 קילאָמעטער. מיט אים זענען אויך געווען טאָסיע און אלתר רורא.

דאָ אין דעם לאַגער איז מיר אָפּגעשטאָרבן מיין ברודער חיים. ער איז געווען דערשעפּט פון דער „הכשרה", וואָס ער האָט מיטגעמאַכט פאַר דעם איצטיקן גלות און ער האָט נישט אויסגעהאַלטן די וועג־ און וואַנדער־שוועריקייטן.

אברהם בוים האָט געאַרבעט אין אַ זיידן טעקסטיל־אַגרעגאַט. מען האָט אים געכאַפּט ביי אַן עבירהלע און אים איינגעזעצט אין טורמע, ווו ער האָט געוואַרט אויף זיין אור־טייל און געריכט. כ'פלעג אים באַזוכן אין טורמע. ער איז געווען באַפריינדעט מיטן עלטסטן טורמע־וועכטער, אַרומ־געגאַנגען פריי און אים צוגעהאָלפן אויספּאַרבן זיין וויליע. ווען מיר האָבן געפונען אַ וועג צו איינעם פון די אָפיצירן און דאָרט האָבן מיר אים פאַרגעלייגט, אַז מיר וועלן אים ברענגען ציווילע קלײדער, ער וועט זיך איבערטון און אַנט־לויפן. מיר האָבן שוין געהאַט צוגעגרייט געלט פאַרן אָפיציר אָבער אברהם איז אַזוי געווען זיכער אין זיין אומשולדיקייט, אַז ער האָט געגלויבט, אַז מען וועט אים גענצלעך באַפריי־ען. ער האָט נישט געוואָלט לעבן אין אייביקן פּחד טאָמער וועט מען אים נאָכזוכן א.אַ.וו.. דער סוף איז געווען אַן אַנ־דערער. עס איז פאַרגעקומען דער משפּט און ער האָט באַ־קומען צוויי יאָר געפאַנגענשאַפט. אין דער טורמע לײדער איז ער פאַרשלאָפּט געוואָרן אויף טיפוס און דאָרט געשטאָרבן און באַגראָבן.

איינמאָל בין איך אַרויס אין באַזאַר עפּעס קויפן. האָב איך דערזען פאַר זיך אַן אָפּגעריסענעם אָפּגעשליסענעם באַ־וואַקסענעם מענטש, כ'האָב דערקענט, אַז דאָס איז יצחק שטשאַפּע. כ'האָב אים גענומען צו מיר אין צימער. ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז אַנטלאָפן פון זיין לאַגער און ער לעבט זיך אויס איצט, ווי אַ געהרודפטע חיה, ווי ער טאָגט נעכטיקט ער נישט און וואַנדערט פון אָרט צו אָרט ווי אַ היימלאָזער געזוכטער, פאַרפאָלגטער מענטש.

שפּעטער איז ער אַנגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי קיין סאַמאַרקאַנד און האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ נאָרמאַל לעבן, אַן עקזיסטענץ און געלעבט מיט האָפענונג.

ווען מיין ברודער איז געשטאָרבן האָב איך אים גע־בראַכט צו קבר־ישראל און אים אויפגעשטעלט אַ מצבה.

מיט אונדז איז געווען אַ ייד פון מאָסקווע, אַן אינטעַ־רעסאַנטער טיפּ. ער פלעגט יעדן טאָג דאַווענען, ס'איז אים דאַן געשטאָרבן זיין פרוי און מ'האָט זי צופעליק באַגראָבן אין אַ קבר פון אַ גויע, וואָס איז צוזאַמען מיט איר גע־שטאָרבן. האָבן מיר זיך בײדע איינגעשטעלט דאָס לעבן, אויפגעגראָבן ביינאַכט ביידע קברים און איבערגעביטן די קערפּערס. איין קלייניקייט אַ מאָסקווער ייד און אַזאַ יידיש־קייט. פון דאַן אָן איז מיר קבר ישראל זייער טייער.

כ'האַלט זי פאַר איינע פון די טייערסטע מצוות.

*

אין 1946 בין איך מיט אַלע אַוועק קיין וורָאַצלאַוו. איך האָב ענדלעך פאַרלאָזט דאָס „גליקלעכע" רוסלאַנד.

פאַרן פאַרלאָזן פּוילן האָב איך באַשלאָסן מאַכן אַ באַ־זוך דאָס לעצטע מאָל אין ווישאַגראַד. כ'האָב דאָרט געטראָפן פינף שטאָטישע יידן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון די טויט־לאַגערן און קאַצעטן, דאָס זענען געווען לייביש דוד פרייזינגער, הירשל נוימאַן, הירשל פוקס, זכריה בילגאָריי און איטשע לייזער זאַלצבערג.

כ'האָב געוואָלט באַזוכן מיין טאַטנס קבר, האָבן זיי מיך אָפּגעהאַלטן. ס'איז פון בית־הקברות נישט געבליבן קיין זכר — האָבן זיי געזאָגט — וווּהין וועסטו דאָרט גיין.

כ'בין דאָך געגאַנגען.

דער בית־הקברות איז געווען פאַראַקערט און פאַר־פלאַנצט מיט ביימער. ווו זענען אַהינגעקומען די מצבות ווייס איך נישט. כ'האָב מיך געוווּנדערט. גייענדיק אָבער אויף צוריק איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרן — אין הויף פון דער רודזינסקאַ האָב איך געזען די מצבה פון משה גמאַך ז"ל. זי איז געווען איינגעפלאַסטערט אין הויף און געדינט אַלס טראָטואַר־באַלאַטע.

נישט מער ווי איין טאָג בין איך דאָרט פאַרבליבן אין דער יודנלאָזער צעשטערטער שטאָט ווישאַגראַד. כ'האָב זי פאַרלאָזט אויף אייביק.

די שטאָט איז רואינירט נישט צום דערקענען. די שוסטער־גאַס איז פולשטענדיק רואינירט. דער קוואַרטאַל פון די פוקוסקיס איז פאַראַקערט אינגאַנצן, די לאַנגעוועגס גאַס איז צעשטערט אויסער פיר הייזער, וואָס שטייען נאָך. אַלע הייזער פון די פאַרוועס האָט מען איינגעלייגט און פאַרשיט מיט זיי די פאַרוועס.

צופעליק איז די רעמבאָווע גאַס געבליבן גאַנץ און נישט באַרירט.

פאַר אונדז איז ווישאַגראַד איצט אַ בית־הקברות פון יוגנט־טרוימען און טייערע עלטערן — נישט מער.

**עזרא האלענדער**

# קידוש השם אין מאסקווע

**(אַן עפּיזאָד)**

אין מערץ 1941 בין איך געפאָרן פון סיביר — נאָוואָ־סיבירסק קיין ראסמידאַר. מיט מיר איז מיטגעפאָרן מיין ווייב, דאָס קינד אונדזערס פון דריי חדשים און מיין ווייבס צווי ברידער. אין מאָסקווע זענען מיר אַלע דריי מענער גע־גאַנגען אויסזען אַביסל די שטאָט און די פרוי מיטן קינד זענען געבליבן אויפן וואָקזאַל אויסער דער שטאָט.

מיר האָבן זיך געפרעגט אויף דער גרויסער שול און ס'האָט זיך געפונען אַ ייד, וואָס האָט אונדז געוואָלט ווייזן די שול. גייענדיק אַזוי, רעדט ער וועגן דער שיינקייט פון איר. זאָג איך צו אים, אַז איידער איך זע זי בין איך דאָך זיכער, אַז זי איז באַשטימט נישט אַזוי שיין ווי אונדזער שול. פרעגט ער:

— פון ווו זענט איר, וואָס איר זענט אַזוי שטאָלץ מיט אייער שול?

ווען כ'האָב אים געזאָגט פון ווישאָגראָד, איז ער געוואָרן אויסער זיך. ער איז געוואָרן אינגאַנצן איבעראַשט:

— איך בין פון ווישאָגראָד — זאָגט ער מיט אַ באַ־זונדער וואַרעמקייט — איך בין משה כמיעלס ברודער און איך בין דער גבאי פון דער מאָסקווער שול.

איך האָב אים שוין דערציילט, ווער איך בין, לאָזט זיך אויס, אַז ער האָט גוט געקענט מיין באָבע רויזיע יאַנושעוו ע"ה. מ'האָט זיך צערעדט און ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז איך בין דאָ מיט דער פרוי און קינד פרעגט ער:

— ווי אַלט איז דאָס קינד? ווער האָט עס אייך געמלט?

דערהערנדיק, אַז ס'איז שוין אַלט 3 חדשים און ס'איז נאָך נישט געמלט, איז ער דערשיטערט געוואָרן.

— ס'טייטש, אַ קינד פון ווישאָגראָדער אָפּשטאַמונג און נישט געמלט? ווו איז דאָס געהערט געוואָרן?!

ער האָט פאַרגעלייגט באַלד דאָס צו מלן.

און שוין זענען מיר אַוועק צוריק אויפן וואָקזאַל, אי־בעררעדן מיטן ווייב איבער זיין פאָרשלאָג.

ער איז שפּעטער אָנגעקומען מיט אַ טעקסי מיט נאָך אַ ייד, אונדז פאַרנומען מיט זיך אין מאַשין און מיר זענען געפאָרן.

מיר זענען פאַרפאָרן אין שול אַריין, דאָרט האָט שוין געוואַרט אויף אונדז דער רב און אַ מוהל מיט נאָך עטלעכע יידן, ס'איז געווען צוגעגרייט אַ סעודה פון בראָנפן מיט הע־רינג און ברויט און יידן האָבן געשיינט, וואַרטנדיק אויף דער מצווה. מיר זענען געווען צוזאַמען פאַראייניקט מיט אַ גרויסן סוד און „פאַרברעכן", וואָס מיר גייען אויספירן רח־מנא לצלן, קעגן דער רוסישער אימפּעריע — ברענגען נאָך אַ געיידישטן ייד צום יידישן פאָלק.

מ'האָט מל געווען דאָס קינד מיט אַלע פּיטשעווקעס, דערקוויקט זיך מיט דעם ביסל יידישקייט, פאַרביסן מיט הערינג און בראָנפן און די שמחה איז געווען אַ גרויסע און אמתע.

דעם זעלבן טאָג בין איך אַוועקגעפאָרן קיין קראַסנאָ־דאַרסק און זיי די טייערע יידן זענען זיך צעגאַנגען יעדער איינער צו זיך.

דער גבאי האָט איינגעאָרדנט מיין פרוי מיטן קינד ביי אַ יידישער משפחה, ווו זי איז געווען דריי וואָכן ביז דאָס קינד איז געקומען צו זיך.



שייע און דרייזל סקשידלאָ

מ. וואָלפיש

# הרב ר' נפתלי שפיוואק זצ"ל, דער לעצטער ווישאגראדער רב

אין יענע צייטן איז דער איינציקער טרוים פון טאַטע־מאַמע געווען צו פאַרקנסן זייער טאָכטער צו אַ בחור אַ לערנער און ירא־שמים, געבן אים יאָרן קעסט, און זאָל זיצן און לערנען תורה.

אַזוי איז נפתלי דער ישיבה־בחור געוואָרן דער איידעם פון מנשה טאָב, אַן אָנגעזעענער ייד אין ווישאָגראָד, אַ גרויסער סוחר, גביר, און אַ גערער חסיד. מנשה האָט געגעבן אים זיין עלטסטע טאָכטער חיה צירל, אַ הויכע, אַ שיינע, אַ יפת־תואר און צוגעזאָגט 3 יאָר קעסט.

יאָרן זענען געלאָפן, ס'זענען געקומען קינדער אויף דער וועלט: יאָסל, מרדכי, דבורה, בצלאל, לייבל און שרה, און ווי נאָר די קעסט האָבן זיך געענדיקט איז דער דלות געוואָרן אַ שטענדיקער גאַסט ביי נפתלין אין שטוב. דחקות און נויט האָבן געהערשט ביי אים, די איינציקע זאָרג איז געווען ווו נעמט מען פרנסה?

אין יאָר 1896 איז ר' משה יחזקאל בידערמאַן זצ"ל געוואָרן אַן אַלטער מאַן און געמוזט האָבן אַ געהילף אויף כשרות. איז ר' נפתלי געוואָרן מורה צדק און געפסקנט שאלות.

ער האָט ממשיך געווען אין דעם פאָסטן אויך ביי ר' דודל באָרנשטיין זצ"ל, וואָס איז שפּעטער געוואָרן סאָכאַטשעווער רבי.

דאָס געהאַלט איז געווען קליין, די משפחה איז געוואַקסן און מיט איר אויך די הוצאה. מען איז געווען געצוווּנגען זיך באַגנוגן מיט דעם ווייניקסטן. מ'האָט געלעבט אַ שווער לעבן, די צרות האָבן געדריקט פאַרבאָרגענערהייט, דאָס האָט זיך אויסגעווירקט צום שלעכטן אין דער ערשטער ריי אויף דער בעל־הביתטע. זי איז קראַנק געוואָרן און יונגערהייט געגאַנגען פון דער וועלט.

ר' נפתלי דער מו"צ איז געבליבן אַן אַלמן ביזן סוף פון זיין לעבן. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון זיין טראַגעדיע. אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, בעת דער קאַדענץ פון רב ר' דודל, איז זיין מאַטעריעלע לאַגע נישט געוואָרן בעסער. ווער עס איז געקומען אין שטוב פון מורה הוראה, האָט זיך געקענט אָנשטויסן אויפן שווערן קאָשמאַר וואָס האָט דאָרט געהערשט, אַפילו אַ שטיקל טרוקן ברויט איז געווען אַ לוקסוס. דער איינציקער פריילעכער טאָג אין יאָר איז געווען פורים, ווען די בעלי־בתים פון שטאָט האָבן געשיקט זייער מורה־הוראה משלוח־מנות בשפע. נאָך פורים, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די ערב־פסח־צייט, האָט זיך ר' נפתלי מו"צ געגרייט צו 2 זאַכן, צו דער דרשה אין בית־המדרש שבת־הגדול, און צו די פסח־פאַרדינסטלעך, ווי כשרן צוקער אין דער צוקער־פאַבריק אין מאַלאָוויעש, כשרן אויוונס צו מצות, און מכירת חמץ. פון דער איינקונפט האָט ער געצאָלט חובות, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון אַ גאַנץ יאָר.

אין די נישט געהויבענע באַדינגונגען איז דער עלטסטער זון יאָסל ז"ל, זייער אַ קלוגער, אויסגעוואַקסן אַ קראַנקער אויף לונגען און שפּעטער געשטאָרבן. דער צווייטער זון, מרדכי, זעענדיק די שווערע לאַגע האָט זיך גענומען ווערן אַ קלאָצן־מאַכער, דער דריטער זון, בצלאל, איז שטענדיק געזעסן ביים טיש און געמאַכט פּאַפּיראָסן, ביז דער טאַבאַק האָט אים אויפגעגעסן די לונגען און ער איז יונגערהייט, אין עלטער פון 18 יאָר, געשטאָרבן. שמחהלע איז אין עלטער פון 14—15 יאָר געשטאָרבן, די טאָכטער שרה איז געווען שטענדיק אַ קראַנקע. אַלע האָבן געמוזט אַרבעטן, כדי צוצוהעלפן פאַרדינען אויף פרנסה. מ'קען זיך פאָרשטעלן דאָס געמיט און די שטימונג פון ר' נפתלי נאָך אַזעלכע שווערע קלעפּ. אַזוי, אַז זיין געזונט־צושטאַנד האָט זיך אויך גענומען וואַקלען. צו דעם איז צוגעקומען דער שטענדיקער קאַמף קעגן אים מצד די חסידים, נגידים און פּני פון שטאָט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, נאָכן אָפּזיין יאָרן רב פון ווישאָגראָד, האָט ר' דודל באָרנשטיין פאַרלאָזט ווישאָגראָד און איז געוואָרן טאָמאַשאָווער רב, שפּעטער סאָכאַטשאָווער רבי. ווישאָגראָד איז געבליבן אָפּיציעל אָן אַ רב. אין דער דאָזיקער צייט איז ר' נפתלי געוואָרן זייער אַקטיוו און האָט זיך אינטערעסירט מיט דעם קהילה־לעבן, געמאַכט אָרדענונג אין שול, בית־המדרש, מקווה, בית־הקברות, אָפּט געגאַנגען אין שעכטהויז און געוואָרן אַ מחבר פון אַ ספר. ער האָט אויך אויפגענומען און קאָנפערירט מיט געסט יידישע און נישט־יידישע, פון שטאָט און אויסער דער שטאָט. ער האָט צוביסלעך געשאַפן זיך אויטאָריטעט ביי גרויסע טיילן פון שטאָט, אויב נישט ביי זיינע אייביקע קעגנער איז ביי פּשוטע עמך־יידן, וואָס זענען געווען דער רוב מנין און רוב בנין פון שטאָט.

טראָץ זיינע באַגרענעצטע מעגלעכקייטן האָט ר' נפתלי שטענדיק געגעבן שיינע נדבות אָרעמע לייט, ווי אויך סתם בכבודיקע מענטשן געקומענע פון אַנדערע שטעט נאָך הילף.

לויטן געזעץ פון אויטאָנאָמיע פאַר יידישע קהילות אויפן געזעלשאַפטלעך־רעליגיעזן געביט, האָט אויך ווישאָגראָד געהאָט דאָס רעכט אין משך פון אַ געוויסער צייט פּראָקלאַמירן בייע וואַלן פון אַ רב אין שטאָט. אייגנטלעך האָבן געקענט פאָרקומען די וואַלן נאָך מיט אַ צייט פריער, נאָר עס איז געגאַנגען אַן אונטערקוליסן־קאַמף פאַר און קעגן־דעם, מיט די מאָטיוון פון דער מערהייט פון דער קהילה, אַז מיר זענען גאָרנישט גרייט צו די גרויסע קאָסטן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דעם שריט. סוף־סוף זענען דורכן סטאַראָסטע אין פּלאָצק

אָפיציעל פּראָקלאַמירט געוואָרן וואַלן פון אַ רב אין ווישאָגראַד אויף האַרבסט 1925.

שוין מיט חדשים פריער האָט זיך געפילט אין שטעטל דער ריח פון שטורמישן וואַל־קאַמף. ס׳האָבן זיך געשטעלט אויף לעבן און טויט 2 קעגנערישע ריכטונגען, די ערשטע זענען געווען דער האַנטווערקער־פאַראַנד פון שוסטער, שניידער, סטאָליאַרעס, שטעפּערס, קליינע קרעמער, דאָרפסגייער, קצבים און סתם פּאָלקס־מענטשן פון שטעטל. זייער הויפּט־מאָטיוו איז געווען, אַז מ׳דאַרף אומבאַדינגט אויסוויילן אַלס רב, ר׳ נפתלין, דערפאַר ווייל ער האָט אָפּגעליטן כמעט אַ גאַנץ לעבן אין שטעטל, און איז אַדורך שבעה־מדורי גיהנום, געדינט געטריי דעם קהל, און נישט באַקומען די געהעריקע באַלוינונג, אַ גאַנץ לעבן געהאַט צרות, טרויער און אומגליק. אויסער דעם איז ער אַ גרויסער בן־תורה, און פאַרדינט דעם כבוד צו פאַרנעמען אויף די עלטערע יאָרן דעם פּאָסטן פון רב אין ווישאָגראַד. פון ריין הומאַניטאַרן, מענטשלעכן און יידישן שטאַנדפּונקט, האָבן זיי געהאַלטן, דאַרף נפתלי ווערן רב. פון דער צווייטער זייט איז אויך דאָס אָרעמע שטעטל פּשוט נישט אומשטאַנד מאַטעריעל אויפצונעמען אַ נייעם רב, וואָס איז פאַרבונדן מיט אומגעהויער גרויסע אויסגאַבן, אין דער צייט ווען ר׳ נפתלי איז שוין דאָ אויפן אָרט.

דאָס זענען געווען זאַכלעכע אַרגומענטן און לאָגישע, וועלכע האָבן גערעדט צום האַרץ און געפיל פון אַלע עמךיידן אין שטעטל. דער וואַל־בלאָק פון ר׳ נפתלי האָט אויך אַרויסגעגעבן אויפרופן קליינע און גרויסע מיט אויפקלערונגען און אָנווייזונגען פאַר וועמען צו שטימען. אין ערשטן אויפרוף איז געווען דערמאָנט, אַז דער מורה־הוראה האָט אין מאָמענטן פון סכנה, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איינגעשטעלט זיין לעבן און געגאַנגען אין שטאַב פון רוסישע סאָטראַפּן, אָפּשרייען גזרות אויף יידן אין ווישאָגראַד. אַזוי איז אויך געווען ווען מ׳האָט געכאַפּט דעם סטאָליער ספּודניקס זון, דעם בייגל־בעקער און מ׳האָט אים פאַרמשפּט צום טויט, ווייל אַנטאָשעוויטש האָט געמסרט, אַז ער האָט געוואָלט איבערשניידע דעם טעלעפאָן. ער איז אויך געגאַנגען איינטערוועניר אָפּצוראַטעווען דעם ערובניק ר׳ אברהם שמחה רייכמאַן, און עס איז אים געלונגען.

ר׳ נפתלי ווידער האָט זיך אויך געבעטן רחמים, אַז מ׳זאָל נעמען אין אַכט זיין געפייניקטע פאַמיליע, די וואָס לעבן און אויך די, וואָס זענען שוין אויפן ווישאָגראַדער בית־עולם און מ׳זאָל שטימען פאַר אים, זיינע אָנהענגער, אין דער שפּיץ פון משה גמאַך, ישראל גדליה דייטש, עוזר־מאיר גאָלדבערג, מלך גמאַך און אַ סך אַנדערע, האָבן אָפּגעגעבן צייט און געלט און געאַרבעט בלב ונפש צו דערפירן די זאַך ביזן זיגרייכן סוף.

דער צווייטער קעגנערישער וואַל־בלאָק איז באַשטאַנען פון גערער, וואָרקער, אַמשינאָווער און אַנדערע חסידים. די חסידים־נגידים האָב אָנגעהויבן אַ פאַרביסענעם וואַל־קאַמף. זיי האָבן מאָביליזירט די בעסטע כוחות אין דער אַקציע. זייער טענה איז געווען, אַז ווישאָגראַד האָט אַ טראַדיציע פון רבנים מיט דורותדיקן יחוס פון רבנישע דינאַסטיעס, אַ טראַדיציע פון גרויסע לומדים, גרויסע אויטאָריטעטן, און ר׳ נפתלי טאָר נישט געוויילט ווערן. צו דעם צוועק האָבן זיי געבראַכט אַנדערע קאַנדידאַטן אויף דעם אַמט פון רב אין ווישאָגראַד. דער ערשטער איז געווען דער זאַגראָווער רב, ער האָט גערעדט אין בית־המדרש 3 אָוונטן נאָכאַנאַנד. אַ גרויסער רעדנער און אַן אומאויסשעפּלעכע קוואַל פון תורה און חכמה. ער האָט אַלעמען באַצויבערט מיט זיינע ווונדערלעכע באַהויפּטונגען. זיי האָבן אויך געבראַכט דעם ניישטעטישן רב, אויך ער האָט גערעדט שבת אין בית־המדרש. זייער בלאָק האָט באַשלאָסן אויפן ערשטן פּלאַץ אַלס קעגנער פון נפתלין, דעם ניישטעטישן רב, אַ יונגערמאַנטשיק בלוט און מילך.

דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די לעצטע פאַזע פון דער וואַל־מלחמה. ביידע בלאָקן האָבן מאָביליזירט די בעסטע און אַקטיווסטע כוחות, ביידע צדדים האָבן גערופן מיטינגען, פאַרזאַמלונגען און האָבן געפירט אינדיווידועלע און הויז־אַגיטאַציע.

דער טאָג פון די וואַלן איז געווען דער טאָג פון העכסטער שפּאַנונג, קיינער האָט נישט געאַרבעט. יעדער איינער האָט געוואָלט זיין דער זיגער. די אַמביציע איז געווען גרויס. איין שעה פאַרן פאַרמאַכן די וואַל־אורנעס איז געוואָרן קלאָר ווי מ׳האַלט, און ליפּאַ וויעזבינסקי מיט הערשל שווירץ אַליין זענען געקומען אין גאַס ראַטעווען די לאַגע און דעראָבערן עטלעכע שטימען. מ׳האָט שוין געזען, אַז זיי האָבן דעם קאַמף פאַרשפּילט. נאָך אַ האַלבע שעה, נאָך 10 מינוט, מענטשן שטייען הינטערן פענצטער און הערן ווי מ׳ציילט די שטימען. דער זיג פון ר׳ נפתלי מו״צ איז שוין געווען אַ געזיכערטער. און אָט איז דער ענדגילטיקער רעזולטאַט: ר׳ נפתלי שפּיוואַק איז געוויילט געוואָרן אַלס רב פון ווישאָגראַד.

ספּאָנטאַניש האָט זיך פאַרזאַמלט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל ביים הויז פון רב. יידן און גויים האָבן אים אָפּגעגעבן מזל־טוב. דער רב אָבער פון פרייד פאַלט אַוועק אין חלשות. מ׳דערמינטערט אים, און דאָ הערט מען דאָס שאַלן פון מוזיק הינטערן פענצטער פון רב. מ׳זעט שוין אָנגעצונדענע שטורקאַצן און פאַקעלן. זיינע אָנהענגער טוען אָן דעם רב אַ נייע פוטער און אַ נייע שטריימל און אויך שטיוול און פירן אים אַרויס אין גאַס, ווו מען לאָזט זיך אין אַ מאַניפעסטאַציע־צוג פון יידן און גויים, גרויס און קליין, יונג און אַלט, און אין דער שפּיץ דער אָקאָרשט אויסגעוויילטער רב, אַזוי גייט מען מיטן אָרקעסטער איבער אַלע גאַסן אַרום דער שטאָט אָנזאָגן די בשורה פון זיג.

ס׳איז געווען אַ יום־טוב פון נצחון. פון פּראָסטן עולם, פון עמך.

אַזוי האָט ר׳ נפתלי זוכה געווען צו זיין דער לעצטער רב פון ווישאָגראַד און ליידער אויך אומצוקומען צוזאַמען מיט זיין הייליקער קהילה פון שמוציקע רוצחישע הענט.

מאַרק טורקאָוו

# מיט נחום סאָקאָלאָוו אין פּלאָצק און אין ווישאָגראָד

(פון בוך „פּלאָצק — בלעטלעך געשיכטע")

אַזאַ מין אינצידענט איז פאָרגעקומען קודם־כל ביים אָנקומען פון דער שיף קיין ווישאָגראָד, סאָקאָלאָווס געבורט־שטאָט.

דאָס איז געווען פאַרטאָגס. אין דעם רייזע־פּראָגראַם איז געווען אַזוי פאָרגעזען, אַז מיר זאָלן פריער פאָרן קיין פּלאָצק און ערשט שפּעטער קיין ווישאָגראָד, וווּ סאָקאָלאָוו האָט געדאַרפט שבת האַלטן אַ רעפעראַט.

אָבער ווישאָגראָדער יידן האָבן נישט געוואָלט וויסן, נישט פון קיין אָפיציעלע פּראָגראַמען און אויך נישט פון קיין צייט.

נחום סאָקאָלאָווס דורכרייזע איז פאַר די ווישאָגראָדער יידן געווען אַ ליל שמורים.

אַ גאַנצע נאַכט איז דער עולם געווען פאַרזאַמלט אין דעם קליינעם פּאָרט, ביים ברעג פון דער ווייסל און געוואַרט אויפן אָנקום פון דער שיף. ווען די שיף איז אָנגעקומען פאַרטאָגס, האָט מען דערהערט אָוואַציעס און בעת מען האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס בריקל, בכדי איבערצולאָזן און אויפצונעמען די געווינלעכע פּאַסאַזשירן, האָט זיך אַ גרופּע יידן אַרויפגעריסן אויף דער שיף און געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי צולאָזן צו סאָקאָלאָוון.

דער שיפס־קאַפּיטאַן האָט מיך גלייך אויפגעוועקט און מיך פאָרגעשטעלט פאַרן עולם אַלס סאָקאָלאָווס „סעקרעטאַר", אָבער דער עולם האָט נישט געוואָלט רעדן מיט קיין שום סעקרעטאַרן, נאָר געפאָדערט, אַז מען זאָל צולאָזן זייערס אַ דעלעגאַציע צו סאָקאָלאָוון גופא.

קיין שום טענות און דראָונגען האָבן נישט געהאָלפן. די שיף איז נישט געווען קיין גרויסע און דער טומל איז שוין דווקא געווען גאָר גרויס, אַז סאָקאָלאָוו האָט זיך אויפגעכאַפּט און אַרויס פון זיין קאַבינע געוואָר ווערן וואָס מען טומלט אַזוי שטאַרק. דער עולם ביים ברעג האָט כסדר געמאַכט אָוואַציעס „יחי סאָקאָלאָוו" און איינער פון דער דעלעגאַציע האָט אין אַ ווייניק העפלעכער, אָבער גאַנץ קאַטעגאָרישער פאָרם אַוועקגעלגייט אַ "ספּיטש", אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט דעם פאַרדרוס פון גאַנצן ווישאָגראָדער כלל, וואָס דער חשובער פּרעזידענט „חבר" סאָקאָלאָוו גיט אָפּ פּלאָצק מער כבוד, ווי זיין געבורט־שטעטל ווישאָגראַד, וווּ עס געפינען זיך די קברים פון זיינע עלטערן.

אין נאָמען פון גאַנצן ווישאָגראָדער יידנטום וואָס שלאָפט נישט די גאַנצע נאַכט און איז פאַרזאַמלט אויפן ברעג, האָט די דעלעגאַציע געבעטן, אַז ער זאָל ענדערן זיין רייזע־פּלאַן און גלייך אָפּשטייגן.

מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל האָט סאָקאָלאָוו אָנגעהויבן באַרואיקן די „חברים", אַז ער וועט חלילה נישט מבייש זיין ווישאָגראָד. און ער האַלט, אַז שבת אין ווישאָגראָד איז מער כבוד ווי אין אַ פּראָסטן מיטוואָך. עס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט ביז דער עולם האָט זיך געוואָלט באַרואיקן און מסכים זיין, אַז די שיף זאָל זיך ווייטער לאָזן אין וועג אַריין, בפרט נאָך, וואָס די מאַנשאַפט האָט זיך שוין אָנגעהויבן דענערווירן, אַז עס איז שוין די העכסטע צייט אָפּצופאָרן ווייטער. עס האָבן זיך שוין אַפילו געהאַט באַוויזן עטלעכע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן „בעטן" די דעלעגאַטן, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן די שיף. ביי אומאויפהערלעכע „יחי"־אויסרופן און ביים געזאַנג פון „התקוה" האָט זיך די שיף געלאָזט ווייטער אין וועג אַריין.

די גאַנצע סצענע אויף דער ווישאָגראָדער האַפן־סטאַציע, ווי קאָמיש זי זאָל נישט זיין, האָט זי אָבער שטאַרק גערירט סאָקאָלאָוון. און ווען איך פלעג מיך מיט פיל יאָרן שפּעטער באַגעגענען מיט סאָקאָלאָוון פלעגט ער דערמאָנען דעם „בונט" אין ווישאָגראָד, וואָס איז געווען אַ סימן ווי טיף דער עפּיזאָד האָט זיך איינגעקריצט אין זיין זכרון.

——— אין סאַמע ברען פון דער יום־טובדיקייט האָט נ. סאָקאָלאָוו געמוזט פאַרלאָזן פּלאָצק, בכדי פרייטיק פרי אָפּצופאָרן קיין ווישאָגראָד. די רייזע האָבן מיר געמאַכט מיט אַן אויטאָ, וואָס איז אגב אין יענע צייטן נאָך געווען אין פּוילן אַ זעלטנקייט. הגם דער דעקאָראַטיווער פּאַראַד אין ווישאָגראַד איז געווען אַ סך אָרעמער ווי אין פּלאָצק, איז אָבער דער אינערלעכער ענטוזיאַזם איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען.

אויך דאָ איז ביים אַריינפאָר אין שטעטל אויפגעשטעלט געוואָרן אַ טריומף־טויער און דאָס גאַנצע שטעטל איז אים אַנטקעגנגעגאַנגען אַ שטיק וועגס פאָרויס. ווען אונדזער אויטאָ האָט זיך דערנענטערט צום טריומף־טויער און סאָקאָלאָוו מיט זיינע באַגלייטער זענען אויסגעשטיגן פון אויטאָ, האָבן מיר בראש פון דעם אָפיציעלן קבלת־פּנים־קאָמיטעט דערזען דעם רב פון שטעטל מיט אַ ספר־תורה אין האַנט.

נ. סאָקאָלאָוו איז געווען טיף גערירט פון דעם דאָזיקן כבוד און איז גלייך צו צום רב און געגעבן אַ קוש די ספר־תורה, ער האָט אַ לאַנגע ווילע נישט געקענט קיין וואָרט אַרויסרעדן. דער עולם, בפרט די יוגנט האָט געטאַנצט פון גרויס פרייד.

איך דערמאָן זיך אַזאַ סצענע: צווישן עולם, וואָס האָט אָפּגעוואַרט ביים טריומף־טויער איז אויך געווען אַן אַלטע פרוי, עפּעס אַ מומע פון סאָקאָלאָוון. ווען סאָקאָלאָוו איז צו איר צוגעגאַנגען און איר דערלאַנגט די האַנט, האָט זיך די

אַלטיטשקע איינגעבויגן און אים געוואָלט געבן אַ קוש אין האַנט. סאָקאָלאָוו האָט שנעל צוריקגעצויגן זיין האַנט און מיט פאַרוווּנדערונג געפרעגט:

— מומע, וואָס טוט איר?

די אַלטיטשקע האָט זיך אַ ביסל פאַרשעמט און זיך געפרוּווט פאַרענטפערן:

— מען דערציילט, אַז דו ביסט אַ שררה ביי יידן, אַז די רעדסט מיט קיסרים, אַז די גרויסע פריצים גיבן דיר אָפּ כבוד און דאָך ביסטו געבליבן אַ ייד...

און נחום סאָקאָלאָוו האָט זיך צעשמייכלט און גלייך געענטפערט:

— מען גיט מיר אָפּ כבוד טאָקע ווייל איך בין אַ ייד, ווייל איך רעד אין נאָמען פון יידן, ווייל איך וויל, אַז יידן זאָלן קענען צוריק קומען קיין ארץ־ישראל.

האָט די אַלטע זיך צעוויינט און אויסגערופן:

— הלוואי, רבונו של עולם, הלוואי זאָל שוין משיח קומען און מיר זאָלן קענען אַלע גיין קיין ארץ־ישראל...

*

אַז פאַר קיין רייזנדן פון דער גרויסער וועלט האָט דאָס קליינע, אָרעמע ווישאַגראַד נישט געקענט פאַרשטעלן קיין שום ספּעציעלן אינטערעס, איז איבעריק צו זאָגן. ווען מיר האָבן זיך אָבער געפונען מיט סאָקאָלאָוון האָט זיך אונדז געקענט אויסדוכטן, אַז ווישאַגראַד איז די וווּנדערבאַרסטע שטאָט אין דער וועלט, אַזוי פּרעכטיק האָט ער געשילדערט דאָס דאָזיקע קליינע, אָרעמע און פאַרנאַכלעסיקטע שטעטל, ווו ער האָט דאָס ערשטע מאָל געזען די ליכטיקע שיין.

ווישאַגראַד, וואָס האָט אויך איר בלעטל אין דער געשיכטע פון פּוילישן חסידיזם, איז דורך סאָקאָלאָווס שילדערונג אויסגעוואַקסן גרויס און שיין. בפרט נאָך דער יום־טוב־דיקייט פון זיין באַזוך.

נישט בלויז זייענדיק מיט סאָקאָלאָוון איז עס דאַן געווען אינטערעסאַנט, נאָר אויך ווען מיר האָבן זיך אויף אַ ווײַלע געפונען אָן אים און זיך צוגעהערט צו די גאַסן־דיסקוסיעס פון דעם פאָלקס־עולם וועגן סאָקאָלאָוון, צי ער איז אַ פרע־זידענט אָדער ער וועט זיין אַ קיסר אין ארץ־ישראל, צי ער איז פרום אָדער ער איז אַן אַפיקורס, צי איז ער רייך און צי גיט מען אים אָפּ מער כבוד ווי ראָטשילדן... צי דאַוונט ער, אָדער נישט... פון די דאָזיקע אונטערגעהערטע און צופעליקע אויפגעכאַפּטע פראַגמענטן איז אין יענער צייט אויסגעוואַקסן אַ ציקל פון וויצן און הומאָרעסקעס אין דער וואַרשעווער יידישער פרעסע.

דער ערשטער באַזוך פון סאָקאָלאָוון אין ווישאַגראַד איז געווען אויף די קברים פון זיינע עלטערן, וועמען ער האָט נאָך פאַר זיין אָנקומען קיין פוילן געהייסן אויפשטעלן נייע שיינע, מיט מאַרמאָר־באַפּוצטע מצבות. דאַן ערשט האָט ער באַזוכט אייניקע קרובים און צו קבלת שבת געגאַנגען אין בית־המדרש, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן אויפן אָרט פון אַלטן חרוב־געוואָרענעם.

שבת אין דער פרי, ביי עליית התורה האָט סאָקאָלאָוו געהאַלטן אַ דרשה און אין אָוונט זענען מיר מיט דער שיף צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע, ווו עס האָט זיך פאַר סאָקאָלאָוון אָנגעהויבן אַ נייע, גרויסע פּאָליטישע אַרבעט פאַרן ציוניזם און פאַר דער פאַרבעסערונג פון די יידיש־פּוילישע באַ־ציאונגען.



יוגנט־מאַסן באַגעגנען נ. סאָקאָלאָוו אין ווישאַגראַד

# גרשון עפשטיין

(צייטונגס־אויסצוגן)

אין עלטער פון 67 יאָר איז אַוועק פון דער וועלט דער דורך אונדז אַלעמען געשעצטער פריינד גרשון עפשטיין. גע־שטאַמט האָט ער פון דעם יידישן שטעטל ווישאַגראַד, ווו ער האָט שוין אין זיינע יינגסטע יאָרן געשמט אַלס עלוי. אַלט זייענדיק קוים 13 יאָר האָט ער אָנגעהויבן שרייבן קאָרעספּאָנ־דענציעס אין דעמלטיקן „הפלס", וואָס איז רעדאַגירט געוואָרן דורכן פּאָלטאָווער רב.



אין יאָר 1921 קומט ער קיין בערלין און צוזאַמען מיט ד״ר שמואל גרינבערג אַרבעט ער ביים אַרויסגעבן אַ יידיש־העברעאיש־דייטש ווערטערבוך. אין יאָר 1925 קומט ער קיין פּאַריז, ווו ער הייבט אָן פירן אַ פאַרשפּרייטע טעטיקייט אויפן געביט פון פאָרשן יידישע געשיכטע און זאַמלט פיל אַלטע יידישע מאַנוסקריפּטן. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה באַהאַלט ער זיך אויס אין פראַנקרייך. באַלד נאָך דער באַפרייאונג ווערט ער דער פּערמאַנענטער קאָרעספּאָנדענט פון ייוואָ אין פראַנקרייך. ער זאַמלט צונויף פיל אַלטע יידישע ביכער, כתב־ידן, יידישע דרוק־זאַכן און העלפט אויף אַזאַ אופן באַרייכערן דעם אוצר פון ייוואָ. זיינע קענטעניש אויף דעם געביט זענען גרויסע, מען האָט זיך געקענט אויף אים שטיצן.

אין די לעצטע יאָרן האָט גרשון עפשטיין זיך געגרייט עולה צו זיין קיין ישראל. עס איז שוין געווען צוגעגרייט פאַר אים אַ דירה און אַ פּאָסטן אין „יד ושם". אַ שווערע קראַנקייט האָט אָבער צעשטערט זיין חלום עולה צו זיין און צו דינען מיט זיין וויסן און בקיאות דער יידישער מדינה.

גרשון עפשטיין איז געווען אַ מענטש אַ רואיקער, אַ שטילער, אַ גרויסער עניו, מיט פיל הויכע עטישע ווערטן. יעדער איינער האָט אין אים געשעצט דעם ייד, דעם תלמיד־חכם, פול מיט יידיש וויסן און יידישער קולטור.

כבוד זיין אָנדענק!

דינסטיק דעם 22סטן מאַי ה״י איז אין פּאַריז געשטאָרבן גרשון עפשטיין אין עלטער פון 67 יאָר. ג. עפשטיין איז געווען ייוואָ־קאָרעספּאָנדענט אין פּאַריז פון סוף 1945 ביז 1950, אין פּרט פון באַרייכערן די ייוואָ־ביבליאָטעק און אַרכיוו מיט זייער ווערטפולע און זעלטענע מאַטעריאַלן דאַרף זיין נאָמען פאַר־רעכנט ווערן צווישן די ערשטע און וויכטיקסטע. אַן איידע־לער, שטילער און צוריקגעהאַלטענער מענטש און דערצו אַ חלוש, האָט ער אַרויסגעוויזן אומדערמידלעכע ענערגיע און התמדה ביים צונויפקלייבן יידישע ספרים, ביכער און כתב־ידן, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם חורבן און געווען צעוואָרפן אין באַהעלטענישן אָדער אויף הפקר. זיינע שיקונגען צום ייוואָ האָט ער שטענדיק באַגלייט מיט גענויע און פאַרלאָזלעכע אַדנאָטאַציעס וועגן יעדן ספר אָדער עלטערן דאָקומענט באַ־זונדער. אין זיין אַרבעט פאַרן ייוואָ איז ער געשטאַנען אין נאָענטן קאָנטאַקט מיטן פראַנצויזישן קולטור־מיניסטעריום און ער האָט דאָרט געוווּנען אַזאַ צוטרוי און פריינדשאַפט, אַז דאָס מיניסטעריום האָט אים געשיקט ווי זיין אָפיציעלן שליח קיין דייטשלאַנד, כדי דאָרט אָפּצוזוכן און צוריקברענגען די אָנגעראַבעוועטע קולטור־אוצרות. אין משך פון זיין אַרבעט פאַרן ייוואָ האָט גרשון עפשטיין איבערגעשיקט אַ סך הונ־דערטער ביכער און ספרים, דער עיקר יודאַאיקע אין פראַנ־צויזיש, אַלט־יידיש, לשון־קודש, דייטש און אַנדערע שפּראַכן, צווישן זיי אַ סך מוסר־ספרים פון 17טן י״ה, עלטערע כתב־ידן און דאָקומענטן, עלטערע פּינקסים פון קהילות און חברות אין דרום־פראַנקרייך און הונדערטער בענד יידישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס.

„אַרבעטער־וואָרט", פרייטיק, 1.6.1962, נומער 10 (531), פּאַריז

# ווערטפולע מתנה פאר ישראל

אַ דאַנק די באַמיאונגען פון פאַריזער יידישן ערודיט און לאַנגיאָריקן זאַמלער פון אַלטע כתבים און כתב־ידן — גרשון עפשטיין — וועט די נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק אין ירושלים באַרייכערט ווערן מיט בענדער פון אומשאַצבאַרן ווערט.

גרשון עפשטיין האָט אין די נאָכמלחמה־יאָרן גענישטערט אין די דייטשע ביבליאָטעקן און דאָרט אויסגעפונען אַ ריי יידישע זעלטענע כתבים, וואָס זענען אַהין פאַרשלעפט געוואָרן בעת די מלחמה־אָפעראַציעס, אָדער זיי האָבן געהערט צום נאַציסטישן רויב. אַ גרויסן טייל פון די געפונענע ביכער און כתבים האָט גרשון עפשטיין אַוועקגעשיקט אין ייוואָ, אַן אַנדערן חלק האָט ער אַוועקגעשאָנקען קיין ישראל.

די וויכטיקסטע פון די דאָזיקע ווערק זענען די טעג אונדז געוויזן געוואָרן בעת אַן אינטימער אויפנאַמע וואָס דער אַמבאַסאַדאָר יעקב צור האָט איינגעאָרדנט לכבוד עפשטיינען. מיר האָבן געזען צוויי בענדער פון דער ביבל אין דער איבערזעצונג פון סעבאַסטיאַן מינסטער.

נאָך אַ באַנד האָבן מיר געזען און ס׳איז אַן אמתער יקר־המציאות: אַ באַנד פון נביאים אחרונים, קאָמענטירט דורך דאָן יצחק אברבנל, וועלכער איז, כידוע, אַרויסגעטריבן געוואָרן פון שפאַניע און האָט פאָרגעזעצט זיין אַרבעט אין ווענעדיק. דער באַנד איז טאַקע אַרויסגעגעבן אין ווענעדיק, געדרוקט אין יאָר 1520, דורכן באַרימטן יידישן דרוקער גרשון שונצני — פון דער עלטסטער יידישער דרוקער־„דינאַסטיע”.

און אָט זעען מיר אַ גרויס ספר, אין פאַרמעט, פאַרשריבן מיט דער האַנט. אַ סידור איז עס, וואָס אַן אומבאַקאַנטער סופר האָט אין 14־טן אָדער 15־טן יאָרהונדערט פאַרפאַסט, אָנפילנדיק דעם כתב־יד מיט קאָלירפול געצייכנטע גרויסע אָנהייב־אותיות ביי יעדן קאַפיטל.

דער כתב־יד איז האַלב פאַרברענט, ווער ווייסט וויפל יידישע קרבנות זענען פאַרברענט געוואָרן אין זעלביקן פייער?

אָבער דער ווערט פון כתב־יד גופא איז נאָך גרעסער דערמיט, וואָס עס געפינט זיך אינעווייניק איינגעקלעבט אַ זייט מאַשין־שריפט, אין דייטש, מיטן פאַרשאָלטענעם נאַצישן אָדלער באַשטעמפלט.

פון דאָזיגן דייטשן טעקסט ווערט מען געוואָר, אַז דער זעלטענער סידור איז געפונען געוואָרן אין שטעטל שידלאָווצע, אין אָקופירטן פוילן, דורכן דייטשן עקספערט ד״ר ק. ג. קוהן, ימח שמו, וועלכער האָט, אגב, אַרויסגעגעבן אַ ריי אַנטיסעמיטישע „פאָרשונגס־ביכער” איבער יידישער געשיכטע.

ד״ר קוהן האָט געהערט צו דער „קולטור־נעץ” פון אַלפרעד ראָזענבערג און האָט דעם סידור געהאַט אַוועקגעפירט קיין בערלין אַלס עקספאָנאַט פאַרן טרויעריק באַרימטן יידישן מוזיי”...

דאָס ברענגען אים איצט קיין ירושלים וועט זיין פון אַ גאָר באַזונדערער באַדייטונג.

בעת דער אויפנאַמע לכבוד עפשטיינען, האָט דער אַמבאַסאַדאָר צור געזאָגט:

„איך האָב געהאַלטן פאַר וויכטיק איינצואָרדענען דעם היינטיקן באַשיידענעם צוזאַמענטרעף מיט גרשון עפשטיינען, כדי אונטערצושטרייכן, אַז אין די טעג, ווען אַזוי פיל ברענענדיקע ענינים פון פאָליטישער אַקטואַליטעט באַשעפטיקן אונדז פולשטענדיק, האָבן מיר דאָך געפונען צייט אַ בליק צו טאָן אויף די־אָ מערקווירדיקע עדות פון אונדזער אַלטער קולטור־שאַפונג. קיין שום באַשעפטיקונג קאָן אונדז נישט אַוועקרייסן פון פאָרזעצן די רומפולע קולטור־טעטיקייט אונדזערע”. דער אַמבאַסאַדאָר האָט אויך געמאָלדן, אַז גרשון עפשטיין ווערט צוזאַמען מיט זיין פרוי איינגעלאַדן דורך דער ישראל־רעגירונג צו קומען קיין ירושלים איבערגעבן פערזענלעך די מתנה דער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק אין ישראל.

ח. ר.

# יוסף יצחק עפּשטיין


יוסף יצחק עפּשטיין (י. מאַניטש)

דער איינציקער לעבנגעבליבענער ברודער פון די עפּ־שטיינס.

ער האָט אין דער יוגנט פאַרלאָזט זיין געבורט־שטעטל ווישאָגראַד און אַרויס אין דער גרויסער וועלט, אָבער נישט פאַרגעסן זיין אָפּשטאַם, זיין היימאַט און דערציונג.

אויף די עלטערע יאָרן זיינע האָט ער אָנגעהויבן שילדערן ווישאָגראַד אין זיין פּרעכטיקן בוך „כוח פון גלויבן״ און ער ווייזט זיך אַרויס אַלס סובטעלער שרייבער, טיפער דענקער און הויך טאַלענטירטער עסייאיסט.

„אין דעם בוך — שרייבט ער אין זיין פאָררעדע — ריזלט דאָס פאַרגאַנגענע לעבן מיטן נוסח פון אַמאָל... דאָס לעבן אין דעם בוך איז פול מיט ראַנגלענישן, וואָס לייטערן און דער־הייבן״.

זאָל ער לאַנג לעבן און שאַפן! זיינע שריפטן אויסער דעם, וואָס זיי זענען פּערל־ליטעראַטור, זענען זיי אַ בכבודיקע מאָנאָגראַפיע פון אונדזער שטעטל.

ס'וועט פרייען יעדן פון אונדז צו הערן, אַז אונדזער י. מאַ־ניטש געפינט זיך דאָ אין ישראל און זיין ביישטייער צו דער מדינה איז אַ טאָכטער אַ פּראָפעסאָרין אין ירושלימער אוני־ווערסיטעט און אַ זון אַ יוגנט־אינסטרוקטאָר.

ס'ווייטיקט אונדז, וואָס זיין בלינדקייט האָט פאַרמינערט זיין שאַפונגס־קראַפט און מיר האָפן פאַר בעסערונג.

# שמחה עפּשטיין


שמחה עפּשטיין

דער יינגסטער ברודער פון די עפּשטיינס. געבוירן אין ווישאָגראַד אין יאָר 1908. זיין יוגנט פאַרבראַכט אין געבורטס־שטעטל און אַריבער קיין פראַנקרייך.

אין 1940 שליסט ער זיך אָן אין דער פראַנצויזישער „רעזיסטאַנס״, אין 1942 ווערט ער אַרעסטירט דורך די נאַציס און נאָך אַ יאָר תפיסה אין פאָרט־דע־אמאַנוויל ווערט ער דעפּאָרטירט קיין בונא און נאָך אים זיין פרוי, חנה, מיט זייערע צוויי יינגעלעך.

אין אוישוויץ־בונא איז ער געווען צוזאַמען מיט די רעשטלעך פון ווישאָגראַד און צוזאַמען מיט זיי אַרויסגעפירט געוואָרן קיין בוכנוואַלד, ווו ער איז אומגעקומען אין אַפּריל 1945, הי״ד.

**נתן דייטש** (גבעתיים)

# יאָסקע לעווין ז״ל

אין יאָר 1915, 8 טעג פאַר פורים האָט מען אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון ווישאַגראַד קיין וואַרשע. 6 חדשים שפּעטער צוריקקומענדיק קיין ווישאַגראַד האָט מען געטראָפן די טירן און פענצטער אויסגעבראָכן. ס׳מעבל אויסגערויבט, אין שטאָט



האָבן געהערשט די דייטשע זשאַנדאַרמעריע. בירגערמייסטער איז געווען אַ קליינער דייטש, מען האָט אים גערופן יאָעל קאַפּעל. די קריג האָט געדויערט ביז נאָוועמבער 1918. ס׳איז געווען זייער שווער מיט לעבנסמיטל. די דייטשן האָבן אַלץ רעקוויזירט און געשיקט קיין דייטשלאַנד. מען האָט געלעבט אויף צוטיילונגס־קאַרטן זייער בצימצום. מענטשן האָבן ממש געהונגערט. אין יענער צייט האָבן אַמעריקאַנער יידן געשיקט פּראָדוקטן און מען האָט געמאַכט אַ פּאָלקס־קיך. די קיך איז געווען אויף צוויי פּלעצער — ביי בלומע חיין אין הויף, און ביי לייבל זלאָטניק אין דער אָפּיצינע.

עס איז געווען אַ קאָמיטעט, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער קיך. גענומען עסן האָבן כמעט אַלע, וואָס האָבן געהאַט קליינע קינדער. פאַר יעדן קינד האָט מען ספּעציעל צוגעטיילט אַ פּושקע קאָנסערווירטע מילך אַ וואָך. יעדן טאָג אין דער פרי האָט מען געגעבן זיסע קאַקאַאָ מיט אַ לאַנגע זעמל פון אַמעריקאַנער מעל, מיט וואָס מען האָט זיך געקאָנט אָנעסן. אויף מיטאָג האָט מען באַקומען רייז מיט מילך. אינעם קאָמיטעט זענען געווען פאַרטרעטן: הערשל שווירץ, מענדל פּערשט, יצחק מאיר קאָן, סיני מאיר קראָנענבערג, סיני מרדכי באַום, איכל גערשט, יהודה לוזער קליין, אברהם שינקמאַן, פּייזל מאיר ליכטנשטיין און יאָסקע לעווין. די אַלע מענטשן האָבן געפירט זייערע פּריוואַטע געשעפטן. די קיך איז געווען ביי זיי אַ זאַך פאַר פרייע שעהן. אויסער יאָסקע לעווין. ער איז געווען אַ יונגערמאַן נאָך דער חתונה און איז געווען זייער אַקטיוו. יאָסקע לעווין איז געשטאַנען אויף דער וואַך ווי אַן איבערגעגעבענער עסקן פון גאַנץ פרי ביז שפּעט ביינאַכט. 7 אין דער פרי איז ער שוין געווען אויפן פּלאַץ ביים אויסטיילן דאָס עסן און קאָנטראָלירט, צי מען טוט נישט קיינעם קיין עוולה.

ער איז געווען זייער אַ שיינער מענטש מיט אַן אַריסטאָקראַטישן אויסזען און שיין געקליידט. אין יענער צייט האָב איך געלערנט אין חדר ביי ר׳ בונעם ז״ל אין דער שוסטערגאַס. דער דאָזיקער פּלאַץ האָט זיך געגרענעצט מיט זלאָטניקס פּלאַץ. איך מיט נאָך עטלעכע קינדער זענען צוגעגאַנגען זען ווי דאָס זעט אויס יאָסקע האָט אונדז שטענדיק גערופן גוטמוטיק, מיט אַ שמייכל געגעבן אַ זעמל און געזאָגט: „קינדערלעך, עסט און קומט יעדן טאָג״. ווען איך בין אַהיימגעקומען פון חדר האָב איך דערציילט מיינע עלטערן, אַז יאָסקע איז זייער אַ גוטער מענטש, האָבן די עלטערן ע״ה געזאָגט, אַז יאָסקע איז פּנחס־חנניה סופרס אַן אייניקל. דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון ביימעלע.

וועגן פּנחס לעווין איז געשריבן אין ספר יזכור. ער איז געווען אַ ייד, וואָס האָט געקענט די קליינע אותיות, פון די ערשטע משכילים און חובבי ציון. און יאָסקע לעווין האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין אים. ער איז געווען אַ פאַרגעשריטענער יונגערמאַן, שאַפער און אָנפירער פון מרכז־הציונים. דעם עלטערן דור פרומע יידן האָט עס נישט אַזוי שטאַרק געשמעקט. אָבער פאַר יאָסקע לעווין האָט מען געהאַט דעם גרעסטן רעספּעקט. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גלייכן מענטש און נקי כפּיים. ער איז אויך געווען פאַרטרעטן כמעט אין אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. אַלע האָבן זיך מיט אים גערעכנט, הגם ער איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן.

אין יאָר 1923 האָט יאָסקע לעווין דערפילט, אַז אין פּוילן ברענט דער באָדן אונטער די פיס און מען דאַרף אַוועק פון דאַנען. און ער איז געפאָרן קיין אַמעריקע. פריער אַליין דערנאָך איז ער צוריק געקומען קיין ווישאַגראַד, מיטגענומען די עלטסטע טאָכטער פאַלע, וואָס לעבט ביזן היינטיקן טאָג אין אַמעריקע.

ווען יאָסקע לעווין איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט זיך פאַר אים געעפנט אַ נייער האָריזאָנט פאַר געזעלשאַפטלעכער און וווילטעטיקער אַרבעט פאַר נויטבאַדערפטיקע.

ער האָט אין אַמעריקע אָרגאַניזירט, געטון, געשאַפן. נישט געזעסן אין ד׳ אמות של הלכה, נאָר „ויגדל משה ויצא אל אחיו וירא בסבלותם״. ער האָט געזען דעם אָרעמען און נויטבאַדערפטיקן טייל פון ווישאַגראַדער יידן. ער האָט גענומען צו הילף גוטמאַן האָלענדער ז״ל, לייזער בונעמס זון און דוד ליפּמאַן, זאָל האָבן אריכות ימים און צו הילף די אַלטע סאָסייטי, און צוויי מאָל אין יאָר איז געקומען אַ סומע

געלט פון אַמעריקע קיין ווישאָגראַד — ווינטער צוטיילן האָלץ מיט קוילן און קויפן זעקלעך קאַרטאָפל און פּסח אויף מצות, ווייַן און לעבנסמיטל פאַר די נויטבאַדערפטיקע.

עס איז געוואָרן געטיילט בסתר, כדי קיינער זאָל חס וחלילה נישט פאַרשעמט ווערן. מען האָט אויך געגעבן בכבו־דיקע מענטשן געוויסע סכומים, כדי צו קענען זיך העלפן מיט פּרנסה.

יאָסקע לעווינס הילף איז געקומען ביז אין יאָר 1939. ווינטער 1939/40, באַלד נאָך סוכות, האָט מען געטיילט דאָס לעצטע מאָל געלט פון אַמעריקע אין ווישאָגראַד. איך בין געווען דערבײַ.

די טעטיקייט פון יאָסקע לעווין האָט זיך נאָך מער פאַר־שטאַרקט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען עס איז גע־קומען די שארית הפליטה פון ווישאָגראַד קיין אַמעריקע. יאָסקע לעווין האָט זיך מיט גרויס מסירת־נפש פאַראינטע־רעסירט מיט די נייַע עמיגראַנטן. מען האָט אים באַגעגנט אַלס מנהיג, חבר און פרייַנד., מיט ראָט און טאַט. ווען מיר, די שארית הפליטה, האָבן זיך געפונען אין דייטשלאַנד אין די די.פּי.־לאַגערן, האָבן אַלע ווישאָגראַדער באַקומען קייר־פּעק־לעך פון די ווישאָגראַדער יידן אין אַמעריקע דורך יאָסקע לעווינס איניציאַטיוו, און דאָס האָט געשאַפן די התחברות פון אין ווישאָגראַדער צום צווייטן. ווען מיר זענען געקומען קיין ישראל און מיר האָבן געשאַפן דעם ארגון און געשאַפן די גמ״ח־קאַסע, ווען גאָלדע גוטמאַן איז געקומען קיין ישראל און צוגעזאָגט די ערשטע סובסידיע פאַר דער קאַסע, איז דאָס געלט געקומען דורך יאָסקע לעווין. ער צוזאַמען, צו לאַנגע יאָר, מיט דוד ליפּמאַן האָבן אָנגעהויבן שיקן געלט. ליידער, האָט ער נישט זוכה געווען צו זען מיט זיינע אייגענע אויגן די פּירות וואָס ער האָט געשאַפן.

אין יאָר 1969 האָבן מיר אַרויסגעגעבן 28 הלוואות אויף אַ סומע פון 14.950 ל״י און צענדליקער עולים האָבן זיך אַרויסגעהאָלפן פון יאָסקעס איניציאַטיוו פאַר אונדזער ארגון.

ליידער איז יאָסקע לעווין פּריצייטיק אַוועקגעריסן גע־וואָרן פון אונדז. גייענדיק שבת פון דאַווענען האָט אים אָן אויטאָ פון א דורכרייזנדיקן דערהרגעט אויפן טראָטואַר. זיין טויט איז אַ פאַרלוסט פאַר זיין משפּחה, אָבער אויך פאַר אונדז ווישאָגראַדער.

אַ גרויסער כבוד איז פאַר די קינדער און אייניקלעך, אַז זיי האָבן געהאַט אַזאַ פאָטער און זיידן מיט אַזעלכע מידות טובות. זיין זון חנוך לעווין לעבט אין ישראל און איז פּרע־זעס פון ארגון יוצאי ווישאָגראַד. די טאָכטער פאָלע צווערן געפינט זיך אין אַמעריקע, איר מאַן איז אַ ריכטער אין אַמע־ריקע. די טאָכטער אַנדזשע געפינט זיך אין אויסטראַליע, חתונה געהאַט מיט אונדזער וואָפּטשע שלאַדאָוו.

מיר זענען שטאָלץ מיט דעם, וואָס ווישאָגראַד האָט אַרויסגעגעבן אַזעלכע מענטשן.

אַמעריקאַנער דערציילן, אַז יאָסקע איז אויף די עלטערע יאָרן געוואָרן פרום ביז פאַנאַטיזם און מחמיר געווען בקלה כבחמורה און געווען פאַרטון אין מעטאַפיזישן ממש פּראָבלעם פון יידישן פאָלק.. זיי דערציילן אויך, אַז ווען מ׳זאָגט יאָסקע לעווין האָט געהאָלפן, הייסט עס, יאָסקע לעווין איז אַרומגע־גאַנגען זוכן נויטבאַדערפטיקע. ער האָט נישט געוואַרט זיי זאָלן קומען צו אים זיך בעטן, און דער „כל המקיים נפש אחת״ אי זביי אים געווען אַ המשך צו דעם רעטעניש יידיש פאָלק, וואָס 2000 יאָר האָט עס זיך געהאַלטן אויף טיפן גלויבן און טיפער אָפּשאַצונג פון מענטשלעכן און יידישן אינדיווויד.

מיר זענען שטאָלץ, וואָס ווישאָגראַד האָט געדינט אַלס מיליע פאַר אַזעלכע גרויסע זעלישע זון. כבוד לזכרו.



די פאַמיליע לעווין באַגלייט יאָסקען קיין אַמעריקע אין יאָר 1923

נ. ל. דייטש

# משפחת ליפמאַן

ר׳ שמואל־משה ליפמאַן ז״ל איז געווען אַ ייד מיט יחוס עצמי, אַ טיש־זיצער ביי רביים אין פּוריסאָוו און סאָכאַטשאָוו, ביי ר׳ שמואל זצ״ל און ביי ר׳ דודל באָרנשטיין זצ״ל. ער האָט געשטאַמט פון דער שענסטער משפחה אין ווישאָגראָד.



ר׳ שמואל־משה ליפמאַן

זיינע שוועסטערס, שרהל און חנה־איטע, זענען געווען פון די חשובסטע פרויען אין ווישאָגראָד. שרהל האָט געהאַט דאָס גרעסטע שניט־געשעפט און געפירט אַ פיינע שטוב פון צדקה און גמילות־חסדים. ביי איר האָט מען אויך געקענט אַ קלוגע עצה פרעגן. זי האָט מען באַשיינט מיט דעם נאָמען שרהל טויבעלעס.

ר׳ שמואל־משה ליפמאַן ז״ל האָט געהאַט זיין אייגענעם יחוס. אים האָט מען גערופן ר׳ שמואל־משה ליפמאַן, אָדער שמואל־משה אייזנהענדלער. ער האָט געהאַט אַן אייזן־געשעפט. ער פלעגט זיצן און לערנען מער ווי אין געשעפט. דאָס געשעפט האָט געפירט דוד ליפמאַן, מיט זיין שוועסטער.

ר׳ שמואל־משה איז געווען אַ תלמיד־חכם און אַ בעל־מקובל. חתונה געהאַט קיין אילאָווע. געווען חזן, שוחט אין קראָסנאָשילץ, לאָמזשער גובערניע. פאַר דעם ערשטן וועלט־קריג 1913 האָט ער זיך באַזעצט אין ווישאָגראָד.

איך, אַלס יינגל, האָב דערקענט ר׳ שמואל־משה ליפמאַן ווען איך האָב אים געהערט דאַווענען, אַלס בעל־שחרית אין בית־המדרש ימים נוראים. אַ שיינער מענטש, מיט אַ קיילעכדיקער באָרד און אַריסטאָקראַטישן אויסזען. שטענדיק גוטמוטיק, מיט אַ שמייכעלע אויפן פנים. געווען אויך אַ מוהל. ווען עס איז געווען אַ ברית ביי אַן אָרעמאַן, האָט ער געשיקט אַ טאָג פריער זיין געלט אָנצוגרייטן דעם ברית. ליידער, האָט ער זיך פאַרקילט, ווען ער איז געפאָרן אין אַ גרויסן פראָסט אין אַ דאָרף אַריין מל זיין אַ קינד און אין אַ וואָך נאָכדעם איז ער נפטר געוואָרן דעם 10.1.1924., ד׳ שבט תרצ״ד, אין עלטער פון 61 יאָר.

ר׳ שמואל־משה איז געוואָרן אויס שוחט, ווען ער איז אַלט געווען 51 יאָר, ווייל ער האָט געטייטש דעם פסוק: אל תאכל ממנו נא״ — און דאָס וואָרט „נא״ באַטרעפט 51. ביי דעם עלטער איז ער צוריקגעקומען קיין ווישאָגראָד.

די פרוי זיינע איז געווען אַ צדיקת און געפירט אַ פיינע שטוב, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין פרקי אבות: יהי ביתך פתוח לרוחה ויהיו עניים בני ביתך. עס איז געווען אַן אָפענע שטוב פאַר אורחים, צדקה און גמילות חסדים. יעדן שבת און יום־טוב זענען געווען אורחים ביים טיש.

אין ווישאָגראָד האָבן זיי געהאַט ביי זיך דריי קינדער: שרה, לאה ע״ה, דוד לאריכת ימים און רחל. אַ חוץ די פאַרהייראַטע קינדער, אויסער ווישאָגראָד. צוזאַמען האָט ער געהאַט ניין קינדער,ביידע עלטערע זין זענען געווען שוחטים.

שרה־לאה טיק איז ממש געווען אַן אשת־חיל, זי האָט מקיים געווען פאַר איר מאַן דעם פסוק פון משלי ל״א־כ״ג: נודע בשערים בעלה בשבתו עם זקני ארץ. איר מאַן, ר׳ חיים טיק ז״ל איז געווען אַ יונגערמאַן, וואָס האָט געקענט לערנען, אַ ריכטיקער תלמיד־חכם. יעדן אינדערפרי איז ער געזעסן געלערנט בחברותא מיט יענקל טאָוב אין בית־המדרש דעם דף היומי. געווען אַ משכיל, אַ מענטש אין פולן זין פון וואָרט. עוסק געווען אין צרכי ציבור. געווען פון די שעפער און אַקטיוויסטן פון „מזרחי״. געהאָלפן שאַפן דאָס בית־ספר „יבנה״ ווו מ׳האָט נאָר געלערנט עברית בעברית. דער יסוד איז געווען תורה ועבודה און צוגעגרייט די יוגנט קיין ישראל עולה צו זיין. ער איז געווען פאָרשטייער פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק. ער איז טאַקע געווען אַן אַקטיווער פּאַרטיימאַן, נאָר ער האָט געהאַט די מידה פון אהרון הכהן — אוהב שלום ורודף שלום. די פרוי שרה־לאה איז געווען אַן עזר כנגדו, אָבער מער עזר ווי כנגדו. זי האָט אים נישט

געשטערט אין זיין הייליקער אַרבעט, זי האָט אים געהאָלפן צו פרנסה, געאַרבעט אין דער צוקערניע און צוגעהאָלפן ביי אַלעם. מער האָט זי זיך קונה שם געווען נאָך דעם אומקום, ווען זי איז געווען אין די. פּי.־לאַגערן אין עשוועגע, אין קיבוץ פון הפועל המזרחי. אַלע יונגע מענטשן אין קיבוץ האָבן זי גערופן מאַמע. זי פלעגט זיך באַמיען חתונה צו מאַכן יונגע פּאָרלעך. ווען איך האָב געמאַכט דעם ברית ביי מיין עלטסטן זון, איז זי אַ גאַנצע נאַכט וואַך געווען, געהאָלפן צוגרייטן אַלץ, וואָס מ׳האָט געדאַרפט צום ברית.

קומענדיק קיין ישראל האָט זי די גאַנצע צייט געאַרבעט ביי איר פאַך, ביז צום לעצטן טאָג. איינמאָל, פאָרנדיק צו דער אַרבעט און אַדורכפאָרנדיק ביי מיין הויז אין גבעתיים, האָט זי זיך געפילט שלעכט און איז אַריין צו מיר אין שטוב, זיך אַוועקגעזעצט און אין־דער־סעקונדע געשטאָרבן מיט אַ מיתת נשיקה, אַזוי ווי אַ צדיקת. בגן־עדן תהא מנוחתה.

רחל האָט געהאַט זייער אַ פיינעם מאַן משה סאַפּירשטיין, אַ חסידישער יונגערמאַן. איבערגענומען דאָס געשעפט צוזאַמען מיט דער שוויגער, געהאַלטן זי בכבוד, ווייטער ממשיך געווען די טראַדיציע פון אַ שיין הויז. ליידער איז רחל גע־שטאָרבן זייער יונג.

דאָס איז דער מקור און שטאַם פון דוד ליפּמאַן.

דוד ליפּמאַן אַליין איז אַ מענטש פון בין אדם לחברו, אַ מענטש מיט אַ לב טוב, אַ גוט אידל הארץ. ער איז דער־צויגן געוואָרן אין אַ חסידישער און נגידישער היים. זיין לערע האָט ער געמאַכט אי״ן קראַסנאַשעלץ אין די בעסטע חדרים און פון 9 יאָר אין בית־מדרש.

אין 1913 אַלס 17־יאָריקער בחור איז ער געקומען ווישאָ־גראַד, ער איז אַריינגעטראָטן אין דער משכילישער באַוועגונג און געהאָלפן שאַפן דעם מרכז הציונים. געאַרבעט וועגן ציוניזם איז ער אַריינגעטראָטן אין דער משכילישער באַוועגונג און געהאָלפן שאַפן דעם מרכז הציונים. געאַרבעט וועגן ציוניזם אין די יאָרן 19231915, מיטגעאַרבעט מיטן דראַמאַטישן קרייז, געשטאַנען אין דער אַנפירערשאַפט פון ביבליאָטעק און אָנגעפירט קולטורעלע אַרבעט צוזאַמען מיט יאַסקע לע־ווין. יאַסקע איז געווען יושב־ראש און דוד ליפּמאַן — מזכיר.

דוד ליפּמאַן האָט געפילט, אַז אין פוילן ברענט דער באָדן אונטער די פיס און ער האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע אין יאָר 1923. חתונה געהאַט מיט עטה ע״ה, מענדל גאָלד־מאַנס טאָכטער — אַ מיוחסדיקע משפחה. עטה איז געווען אַ יתומה, אויפגעוואַקסן ביי שרהל גאָלדמאַן.



רחל ליפּמאַן ביים פאָטערס מצבה

דעם גוטהאַרציקן מענטש האָט מען ריכטיק דערקענט ווען מיר זענען געקומען קיין ישראל. דאָ ווען מיר זענען גע־קומען, האָבן מיר געוווּסט, אַז די צוקונפט איז פאַר אונדז אַ געזיכערט, אָבער דערווייל ביז מען אָרדנט זיך איין, דאַרף מען אַ גמילות־חסד פון עטלעכע הונדערט פונט, אָבער זיי



## פנ״ר שמואל משה
## בן שלמה יואל ז״ל

נפטר ד׳ שבט תרפ״ד
שאי קינה ונהי על זה הגבר
מנוער הי׳ י״א עד ירד לקבר
וגם במסחרו הי׳ נאמן רוח
את שבחו לחרות יקצר הלוח
לא עצרהו קר ושלג ומטרים
מליסע למול ילדים בכפרים
שם ליל כיום להגות בתורה
החיש עזרה לכל נפש מרה,
ב׳מ׳ר׳ום ש׳כרו ל׳זכר מ׳פעליו
הטוב יגמול וינצור אל לבניו
זכרו הטוב יהי׳ לעולמים
לקץ ימין יקום עם נרדמים
ת.נ.צ.ב.ה

זאָלן נישט באַשווערן ביים נעמען זיי און נישט דריקן ביים אָפּגעבן. זיי זאָלן נישט שווער זיין מיט די צינזן און מיט די אָפּצאָלונגס־טערמינען און דאָן ווען מ׳האָט געקענט זיך ווענדן צו דער ארץ־ישראל סאָסייטי פון ווישאָגראָד — איז דאָס געווען מער ווי אַ גרויסע טובה. ס׳איז געווען אַ קאָנס־טרוקטיווע הילף, וואָס האָט דעם מענטשן געגעבן אַ באַזע צום לעבן. און מיר געדענקען, אַז די גמילות־חסדים קאַסע פון ווישאָגראָדער ארגון אין ישראל האָט דוד ליפּמאַן גע־האָלפן שאַפן ביז יאָר 1955 צוזאַמען מיט יאָסקע לעווין ע״ה און אַליין, און שפּעטער מיט דער מיטהילף פון חבר מנחם זילבערשטיין.

מיר ווייסן, אַז דוד ליפּמאַנס זויבערע אַרבעט און אי־בערגעגעבנקייט ווערט אָפּגעשאַצט ביי אַלע אַמעריקאַנער חברים און זיי העלפן אים מיט און שטיצן אונדזער קאַסע.

ביי דער געלעגנהייט מוז אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז מיר קענען שטאָלץ זיין מיט אונדזער טעטיקייט אויף דעם געביט פון גמילות־חסדים. אַ נייער עולה קריגט בכבודיק אַ הלוואה, וואָס העלפט אים ביים איינאָרדענען זיך. ווען עמעצער נויטיקט זיך ביי חתונה מאַכן אַ קינד אָדער בייטן אַ וווינונג נאָך יאָרן, אָדער אַריבער פון אַ באַראַק אין אַ מענטשלעך כער שטוב — האָט ער זיך צו וועמען צו ווענדן און ער באַ־קומט זיין הלוואה לייכט, אָן אויפרעגונגען און שווערקייטן און אָן פּראָצענטן.

ס׳איז אונדזער ליי־קאַסע אַ געוואַלדיק מענטשלעכער אויפטו, און אויב זי איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך דוד ליפּמאַן און ווערט מיט זיין איניציאַטיוו געשטיצט דורך אַלע אונדזערע אַמעריקאַנער, באַגלייטן אים אַלע אונדזערע בר־כות. אַזאַ מענטשלעכער מענטש דאַרף לעבן לאַנג, ווייל זיין גוט האַרץ און פיינקייט זענען אַ קוואַל פון הילף און טרייסט פאַר מענטשן.

דוד ליפּמאַן באַשיינט אונדזער שטעטל און מיר ווילן אים באַשיינען מיט אונדזער אָפּשאַצונג.

ר׳ דוד ליפּמאַן — כה לחי!



דוד ליפּמאַן, זיין פרוי עטאַ ע״ה, ביי דער בר־מצוה פון אבנר שניר, חנה טיקס זון — פון די גוש־עציון־גראַטעוועטע.

נתן לייב דייטש

# די דינאַסטיע זילבערשטיין

אין יענע צייטן איז אַ גבאי געווען איינער פון די אינס־טאַנץ־מענטשן, אָדער אַ מענטש־ן־אינסטאַנץ, אַזוי ווי אַ רב, אַ שוחט א. אַ. וו.

גבאות איז געווען די צווייטע מדרגה נאָך רבנות און אַ גבאי האָט געהערט צו די שבעה טובי העיר. ער האָט געמוזט זאָרגן פאַר ידישקייט אָדער אַפילו פאַרשאַפן די מיטלען אַן וועלכע מ׳קאָן קיין ידישקייט נישט אויספירן. ער האָט גע־זאָרגט פאַר דעם אויסהאַלטן פון די כלי קודש, חזנים, שמשים און רבנים. ער האָט געזאָרגט פאַר מעות חטין, נר למאור, יין לקדוש ולהבדלה, פת לאורחים וצדקה לעניים. ווייל אויב ס׳האָט זיך געטראָפן, אַז שבת זענען געבליבן 10 אָרעמעלייט אורחים און מ׳האָט געמוזט זיי באַזאָרגן מיט „שטיבער", האָט עס דער גבאי געמאַכט, ווי אויך בדק בית הכנסת.

פאַרשטענדלעך, אַז ס׳איז שווער געווען צו זיין אַ גבאי און נאָך שווערער צו זיין אַ גבאי אָן געלט כוונות, אַז ווייל איז געווען דעם שטעטל, אַז ס׳האָט געהאַט אַ גבאי אַ נקי כפיים. עס זענען געווען שטעט ווו מענטשן האָבן זיך געריסן צו גבאות טראָץ די שוועריקייטן און זאָרגן, מיט וואָס דאָס איז געווען פאַרבונדן, נאָר ווייל ס׳איז געווען אַ שכרו בצדו. ווישאָגראַד האָט זוכה געווען צו אַ גבאי, וואָס יאָרן לאַנג האָט מען נאָכגעזאָגט זיינע שבחים אַלס מענטש פון מידות טובות, פון נקיון כפיים און שלא על מנת. דאָס איז געווען ר׳ מנחם זילבערשטיינס זיידע ר׳ משה כהן. גבאי פון צוריק מיט 100 יאָר. זיינע זין האָט מען גערופן חיים משה גבאי׳ס, און לייזער משה גבאי׳ס.

חיים זילבערשטיין איז געווען יאָרנלאַנג גבאי אין ווי־שאָגראָדער שול, און לייזער משה גבאי׳ס איז געווען גבאי אין גערער שטיבל. דאָס גבאות איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור.

לייזער איז געווען אַ גערער חסיד, אַ שיינער בעל תפלה. זיין פרוי שרהטשי ע״ה איז געווען אַ פרומע, געפאַסט צום מאַן. ער איז געווען אַן אייזנקרעמער, געהאַט זיבן קינדער: ברכה, איטע און יידעס און מנחם, שלמה, שמואל, מנשה און אפרים. ר׳ לייזער איז געווען פילע יאָרן אַן עסקן צבורי, מיט־גליד פון דער קהלה־פאַרוואַלטונג, געזאָרגט פאַר יידישע ענ־ינים, גמילות חסדים קאַסע, תלמוד תורה, בית יעקב, חדר יסודי התורה אין זיין צייט, ווען ער איז געווען דאָזאָר האָט מען געמאַכט דעם דאָך פון שול און ער האָט זיך מיטבאַטיי־ליקט אין אַלע ענינים לצרכי צבור ווי דער שטייגער פון אַמאָליקע גבאים.

מנחם האָט געצויגן די קייט פון דער דינאַסטיע און אַנט־וויקלט אַ מאָדערנע אַרט פון טעטיקייט פאַר דער געזעל־שאַפט.

אַליין אַ דערצויגענער אין אַ חסידישער שטוב, געלערנט אין די בעסטע חדרים, געדאַוונט אין גערער שטיבל און איינגע־זאַפט אין זיך דעם דרך התורה. אין עלטער פון 15 יאָר איז ער אַריינגעטראָטן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „מרכז הציונים".

אין זיין יוגנט נאָך איז ער געווען פון די פירער פון דעם „מרכז הציונים" און געלייסטעט פיל פאַר דער אויפקלע־רונגס־אַרבעט, געפּלעגט די ביבליאָטעק, געפירט שמועסן, געלערנט עברית, אַריינגעצויגן די יוגנט אין די רייען פון ציוניזם, געשאַפן געלט פאַר די נאַציאָנאַלע פאָנדן און געווען דער נאָטירלעכער פאַרטרעטער פון ציוניזם אין שטעטל. מנחם איז געווען אָנפירונגס־מיטגליד אין פּאָליטישע עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס, אין באַנק און אין מאַגיסטראַט, אין פּאַרטיי און אין אַפּיקאַ ספּאָלעטשנאַ, ווי אויך אין שולן און לערן־אַנ־שטאַלטן. ער האָט געזאָרגט פאַר נויטבאַדערפטיקע יידן, ווי פאַר סובסידיעס פאַרן קרן קימת און קינדער־שולן, פאַר שיקן אַ קראַנקן הילפס נויטיקן יידן אין שפּיטאָל אַריין אויפן חשבון פון מאַגיסטראַט און שטיין אויף דער וואַך, אַז יידן זאָלן נישט זיין קיין שטיף־קינדער אין מאַגיסטראַט.

ס׳איז אייגנטלעך געווען אויך גבאות נאָר אין אַ מאָדער־נער פאָרם.

חתונה געהאַט מיט סיני מאיר קראַנענבערגס טאָכטער, פריידע, געפירט אַ שיין פאַמיליע־לעבן, געהאַט צוויי קינדער.



פון רעכטס: ה. נוימאַן, א. כהן, א. כהן, ח. לעווין, מ. זילבערשטיין, זיין פרוי רעגינע, פאַליע צווערן, איר מאַן, רעדאַקטאָר ח. רבין, נ. ל. דייטש, מ. וואַלפיש.

געווען אַ תבואה־סוחר און אַ שותף צו דער שענסטער מיל אין שטאָט. לאַנג האָט זיך אָבער די קייט פון דער דינאַסטיע נישט געצויגן.

די היטלער־מלחמה האָט חרוב געמאַכט מנחמס הויז און הויזגעזינט און אים פאַריאָגט אין וואַרשעווער געטאָ, ווו ער האָט מיטגעמאַכט אַלע גרוילן און אָנטייל גענומען אין געטאָ־אויפשטאַנד אַלס טעטיקער מיטגליד.

אין 1943 אין דעם 26־טן אַפּריל אין אַ קאַמף קעגן די נאַציס איז ער טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין לובלין, בוזין, מיעלעץ, פּלאַסנבורג, לייטמעריץ און מעטהויזן.

דערמיט האָט זיך געענדיקט די געשיכטע זילבערשטיין אין ווישאָגראַד און עס הויבט זיך אָן מנחם זילבערשטיינס ווידעראויפבוי, רייך ווערן און דאָך געדענקען אין ווישאָגראַד און ווישאָגראַדער. מיט דער באַטייליקונג פון זיין איצטיקער פרוי, אַ ווישאָגראַדערין, וואָלף זלאָטניקס טאָכטער, רעגינע.

דאָס קאַפּיטל געהערט אָבער צו מנחמען און זיין אָנטייל־נעמען אין דער סאָסייטי אין אַמעריקע, זיין הילף פאַר אונדזער ארגון און זיין דינאַמישע איניציאַטיוו אין אַרויסגעבן דאָס בוך.

נאָך דער קריג האָט מנחם חתונה געהאַט מיט רעגינען, וואָלף זלטניקס טאָכטער, און פירט אַ גליקלעך פאַמי־ליע־לעבן אין אַמעריקע. ער האָט אויך מצליח געווען דאָרט אַלס ביזנעסמאַן. דאָך איז ער געבליבן דער זעלבער מנחם זילבערשטיין פון ווישאָגראַד, דער איבערגעגעבענער עסקן פאַר ווישאָגראַדער. איצט שטייט ער אין שפּיץ פון דער סאָסייטי. ווען ער איז געווען אין 1969 אין ישראל און איך האָב מיט אים גערעדט טעלעפאָניש, האָט ער מיר אויפמערק־זאַם געמאַכט פאַרוואָס כ'ווענד זיך נישט צו אים אויף „דו״:

— מיר, ווישאָגראַדער, זענען איצט ברידער — האָט ער דערקלערט — און אַלע זענען מיר „דו״.

ער האָט מבטל געמאַכט זיינע טוריסטישע פּראָגראַמען און צוזאַמען מיט זיין פרוי זיך באַטייליקט אין די זיצונגען פון קאָמיטעט מיטן רעדאַקטאָר פון יזכור־בוך, פאַרברענגט אַ סך צייט, כדי וואָס שנעלער אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך און שטעלן די מצבה אונדזערע טייערסטע. מנחם האָט זיך פאַרפּליכטעט צו שאַפן געלט פאַרן בוך און וואָס ס'וועט אויספעלן וועט ער צולייגן פון זיינעם. און, ברוך השם, ביז היינט זיין צוזאָג גע־האַלטן.

מיר זענען שטאָלץ מיט אונדזער מנחם זילבערשטיין, וואָס מיט זיין פערזענלעכקייט גיט ער צו אַ באַזונדער געוויכט צו דער ווישאָגראַדער עסקנות. ער ציט דערמיט די קייט פון משה גבאי און דינט אַלס מוסטער פון ערנסטער און פאַראַנטוואָרט־לעכער געזעלשאַפטלעכקייט.



א. ד. וויעזשבינסקי, פ. קראַנענבערג

**א. פעלז**

# א חבר פאַר יעדן

א. מ. קראָנגראַד האָט ביי קיין גרויסע רביים ניט געלערנט. ער איז אַליין אויסגעוואַקסן און זיך אַליין איבערגעוואַקסן. ביי זיך אין שטעטל האָט ער דעם געהעריקן דרך־ארץ, וואָס ער פאַרדינט, ניט אַרויסגערופן, ווייל ווי געוויינלעך „אין נביא בעירו", אָבער אין דער פרעמד, ווי ער האָט נאָר אַ רעפּעראַט געהאַלטן, וווּ ער איז אַ גאַסט געווען, אַפילו נאָר אויף אַ ווײַלע, דאָרט האָט מען זיך מיט אים באַראַטן — ווי מיט אַ פּראָמינענטער פּערזענלעכקייט — אין אַלע ענינים.

ווען א. מ. ק. איז שוין געשטאַנען אין דער שפּיץ פון זיין פּאַרטיי, האָט ער זיך שוין ניט באַגנוגנט מיט זיינע רעפעראַטן פון שטאָט און שטעטל, נאָר ער האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן (און אויך אַ חלק פון זיין פאַמיליע), אַז זיין וואָרט זאָל אָנקומען צו יעדן, וואָס איז ניט אָנוועזנד בעת זיינע רעדעס.

אָנגעפאַנגען האָט ער מיטן אַרויסגעבן אַ מאָנאַט־שריפט, אין וועלכן ער האָט דאַן געזען אַלס דערגרייכונג פונעם ציל. די נאָרמאַלע חודשלעכע דערשיינונג, אָבער זיין אומדערמידלעכע טעטיקייט און וואַכזאַמקייט צו אַלע געשעענישן, וואָס קומען פאָר, האָבן אין קורצן געפונען פאַר ווייניק דעם מאָנאַט־זשורנאַל פון 16 זייטן. ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן, אין אַ וואָכן־שריפט פון 24—32 זייטן. יעדע געלעגנהייט, ווי אַ יובל פון אַ געוויסער פּערזענלעכקייט, אַ יום־טוב, אַ לאַנדעס אָדער וועלט־קאָנפערענץ, דאַן איז א. מ. ק. „געשוועען", 64 זייטן, 80 זייטן, אַן אַלמאַנאַך, אַ בוך אינעם פערטל בויגן פאָרמאַט. ער האָט געצווונגען דעם דור צו יעדעס וואָרט וואָרט. שוין דאַן האָט א. מ. ק. פאַרשטאַנען צו באַגלייטן זיינע אַרטיקלען מיט בילדער פון געשעענישן אָדער פּערזענלעכקייטן, און דאָס איז צו יענער צייט געווען א חידוש אין דער אָרטאָדאָקסישער פּרעסע, און ווי אויף אַלע געביטן איז ער געווען דער קעמפער פון דער ערשטער ריי, אַזוי אויך אין דעם פאַל. זיינע זשורנאַליסטישע פעאיקייטן זענען אויך אָנערקענט געוואָרן אַפילו אין קעגנערישע קרייזן, ווייל זיין קאַמף איז געווען אַ קאַמף פאַר אַ ציל, און ניט קאַמף לשם קאַמף. דאָס איז אויך דער יסוד פון זיינע דערגרייכונגען, די קעגנער, וועלכע האָבן ניט גערוט ביי זיינעם אַ רעפעראַט און קיין אָבסטרוקציעס האָבן ניט אויסגעפעלט, האָבן מיט דער צייט זיך באַצויגן צו אים מיטן פולסטן דרך ארץ.

ווייניק מענטשן אין אונדזער באַוועגונג האָבן אַזויפיל געשאַפן אין געדרוקטן וואָרט. ער האָט זיך באַטייליקט אין „יידישן טאַגבלאַט", און „דגלנו", אַליין אַרויסגעגעבן און רעדאַגירט „די אָרטאָדאָקסישע יוגנט־בלעטער" אין יידיש, „מוריה" — אין דער פוילישער שפּראַך און אַרויסגעבן ביי א. מ. ק. מיינט, אַליין שרייבן, קאָרעגירן, רעדאַגירן, אַדמיניסטראַציע און אַפילו שלעפן די פּעק זשורנאַלן צו דער פּאָסט, און ערשט דאָרט דערזען, אַז עס פעלט אים אויס געלט אויף געוויינלעכע פּאָסט־מאַרקן און פאַרן זעצער אָדער דרוקער. אַלע שוועריקייטן האָבן ניט אָפּגעטויט זיין שפּרודלקייט, ער איז געלייטערט געוואָרן אין די ליידן און נאָך מער דערקענט

יאָרגאַנג 3

אָרטאָדאָקסישע

נומער 22

יוגנט־בלעטער

אָרגאַן פון „צעירי־אגודת־ישראל" אין פוילן

רעדאַגירט דורך א. מ. קראָנגראַד

ב"ה ווארשא אלול תרצ"א

warszawa Sierpien 1931



פון רעכטס: (שטייען) וו. פרידלאַנד, י. וויעזשבינסקי, מ. זאַנד, ש. ל. קראָנגראַד, מ. נאַשעלסקי, א. רורע, א. מ. זאַיאָנץ, מ. וו. האָלענדער, ח. ראָזנבערג. (זיצן) ל. שפּיוואַק, ש. מ. טאַוב, א. ש. פעלז, י. מ. טאַוב, פ. קראָנגראַד, ש. גורפינקעל

די וועלט און בעיקר זיינע קרייזן, וואָס זיי האָט ער געשפּענדעט זיין לעבן.

ער פלעגט אהיים קומען נאָך אַן איבערפולטן אַרבעטס־טאָג, אין זיין „געוויינלעך־נאָרמאַלער מיטאָג־שעה״, ד. ה. בערך 11־12 ביינאַכט און אָפּעסן דאָס שוין איבערגעשטאַנען־פאַרשטאַרטע געקעכטס און דאַן ערשט זיך אַוועקזעצן ביים אַרבעטס־טיש, שרייבן אָדער לעזן און ניט איין מאָל האָט ער פאַרן איינשלאָפן געזען דעם מאָרגנשטערן־אויפשיין.

אַרבעטנדיק ווי אַ מוראַשקע מיט איבערנאַטירלעכע פלייסיקייט, האָט ער אין שטאָט, שריט נאָך שריט דעראָבערט, אַלס וואָס נאָר מעגלעך איז געווען צו דערגרייכן, פאַר זיינע קרייזן, דערמיט אָבער האָט ער זיך פאָרבאַרייט די העכסטע ראַנגע פון זיין פאַרטיי, אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון זיין לאַנד־אָרגאַניזאַציע „צעירי אגודת ישראל״ אין פוילן.

זיין אומדערמידלעכע עסקנות אַרבעט איז שווער צו שילדערן, ניט קיין טאָג, ניט קיין נאַכט, די גרענעצן פון טאָג און נאַכט האָבן אין זיין מציאות קיין אָרט ניט געהאַט. פריינט, באַקאַנטע, האָבן אין זיין שטוב אַ פולשטענדיקע היים געהאַט. אויך איך פערזענלעך בין מער פון איין נאַכט געשלאָפן אין זיין דירה, גראָד אין איין בעט מיט אונדזער גרויסן בשותפות־דיקן פריינט הרב צבי הירשהאָרן ז״ל, וועלכער האָט דאַן דעם פרנקל־האומים־גלות אָפּגעריכט און געהאַט אַ היים ביי א. מ. ק. גלייך ווי מיר. יעדער שטאָטישער, וואָס האָט געוואָלט פאָרן קיין ארץ־ישראל, האָט געמוזט פאַרברענגען אַ געוויסע צייט אין וואַרשע, איז זעלבסטפאַרשטענדלעך זיין דירה געווען ביי א. מ. ק. מיטגעגעסן, וואָס עס איז געווען, מיטגעשלאָפן, באַקומען אַן ענטפער אויף אַ פראַגע אין מיטן שרייבן דאָס לייט־אַרטיקל אָדער אין מיטן קאָרעגירן יענעמס אַרטיקל.

קיין זאַך איז ניט שווער געווען פאַר א. מ. ק., ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן באַדינען אַ חבר, בפרט אַ שטאָטישן. ער אַליין האָט זיך ערשט אַוועקגעלייגט אין בעט כאַפּן אַ שלאָף ערשט נאָכדעם ווי די ערשטע גרופּע איז אויפגעשטאַנען, שטענדיק האָט ער געפונען אַ פּלאַץ פאַר נאָך אַ חבר „ענגער אַ ביסל, אָבער צוזאַמען״ און אַלץ פאַר דעם הויפּט־ציל, ארץ־ישראל, מיט אַלע זיינע כוחות האָט ער געשטופּט מער, ווען ער האָט נאָר געקענט און ווען עס האָט זיך געלאָזט.

כ׳מיין, אַז מיר האָבן אים צו פאַרדאַנקען אונדזער דאָ זיין, לויטן סדר פון קומען זענען מיר א. פלז און פאַמיליע, מ. בזשעזשינאַ, ז. סג״ל און פאַמיליע, פ. קראָנגראַד און פרוי, ישעי׳ טויב און פאַמיליע, ס. פלס. פון אונדזער שטעטל וויפל פון אומגעגנט, וויפל האָט ער אָנגעפאַנגען און שוין לײדער שפּעט געווען. אונדזער פליכט איז צו געדענקען און שאַפן עפּעס פאַר זיין אָנדענק.

יעדער ווישאָגראָדער באַשעפטיקטער, אָדער נאָר פּרעטענדענט אויף עליה, האָט א. מ. ק. געקאָסט צייט און

און געלט און נאָך מער די, וואָס האָבן אַנגעפּאַנגען און שוין לײדער פאַרשטעטיקט, מיט אַלע האָט ער מיט־געליטן, מיט די, וואָס האָבן שוין ליקווידירט זייערע געשעפּ־טן און געזעסן אויף די וואַליזן, און מיט די, וואָס האָבן חתונה געהאַט אויף דער שנעל, מיט דער כוונה אַנצופּאַנגען דאָס לעבן דאָרט און ווער שמועסט נאָך, דעם וואָס מען האָט צוגעזאָגט און אָפּגענאַרט, מיט יעדן האָט ער אַדורכגעלעבט און מיטגעליטן, פאַר אַלע האָט ער געהאַט צייט.

זיין טעטיקייט און כלל־אַרבעט אויף אַלע אַנדערע גע־ביטן און רעליגיעזע אָדער פּאָליטישע קאַמפן בין איך ניט קאָמפּעטענט און פעאיק צו באַשרייבן.

איך שטעל זיך פאַר אונדזערע הייליקע עלטערן און גע־שוויסטער האָבן אין זייערע לעצטע מינוטן אים אין זינען געהאַט צום גוטן דערפאַר, וואָס ער האָט צוגעהאָלפן אַ טייל פון זייערע קינדער אָדער משפחה אויסמיידן זייער טרויעריקן גורל און מעגלעך דאָס זייערע טויט־יסורים זענען געווען אַ ביסל געלינדערט מיט דעם באַוווסטזיין. אַ גרויסן חוב זענען מיר שולדיק דעם אָנדענק פון לעבן אין טייערן חבר א. מ. ק. און זיין פרוי איטע. זי פלעגט אָוועקגיין שלאָפן פון שטוב צו פריינט אום ניט צו שטערן די האָרמאָדע אורחים, וואָס זענען געקומען פרעגנדיק אָדער ניט פרעגנדיק.

זאָלן זייערע הייליקע נעמען ביי אונדז זיין איינגעקריצט און די פאַר ווערטער, זאָלן דינען אַלס דענקמאָל פאַר זיי אַלע און איבערהויפּט פאַר א. מ. ק. פאַר זיין ברייט האַרץ און טיפן חברישן געפיל.

*יהי זכרם ברוך.*

**א. פעלז**

# ר׳ חיים אהרון (קאצקער) פערשט

ר׳ חיים אהרון האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ חסיד, וואָס די מתנגדים פון בית־המדרש וואָרטן אָפּ שבת נאָכן שלאָף צו הערן פון אים אַ שטיקל מדרש תנחומא און טאָקע מיט אַ חסידיש קנייטשעלע.

אַלס איבערגעבליבענער פון דער אַלטער קאַצקער גוואַרדיע, האָט ר׳ חיים אהרון נאָך 80 יאָר חסידות פאַרווען אין קאָצק און אַלעקסאַנדער, גור, סאָכאַטשעוו, גאַסטאַנין און נאָוואָמינסק, נאָך יאָרן פון האַנדלען־וואַנדלען, דערציילן חסידישע מעשיות און סתם ווערטלעך, דאַווענען כל נדרי׳ס, שחריתים נעילה׳ס, טאַביק־שמעקן, מבינותן אויף אָקעוויט און נאָך טויזנטער פאַרשידענע מענטשלעכע נאַרישקייטן, האָט ער זיך אַרומגעזען און באַשלאָסן, אַז לויט אַלע כללים, דאַרף ער שוין איצט זיין אַ ביסעלע מידלעך. דאָס האָט אויך באַשטע־טיקט ר׳ מענדל נאמן און להבדיל אויף יאַנקאָווסקי דער פעל־דשער, וואָס האָט צוגעגעבן אַ בפירושן פאַרבאָט „מער ניט דאַווענען פאַרן ברעטל קיין שחריתים און דעם לילוקע־ציבעך מאָמענטאַל אָוועקלייגן״. אָבער ר׳ חיים אהרון גיט אַ מאַך מיט דער האַנט:

„מירן נאָך זעען״! „מילא, אַזוי וויט האַלט עס נאָך ניט״.

דערווייל האָט ר׳ גבריאל בוימגאָלד שוין איינשטודירט מיט דער קאַפּעליע די תפילות און זיך געגרייט צו דאַווענען. אָבער אין סאַמע ערב ראש־השנה קומט ר׳ חיים אהרון צוריק פון וואַרשע און דערקלערט, אַז ער איז נישט מוותר אויף זיין חזקה. עס האָבן נישט געהאָלפן די ביטעס פון דער משפחה. ר׳ חיים אהרון האָט „אָפּגעאַרבעט״ אַלע שחריתים און ערשט דאַן דערציילט די סגולה, וואָס ער האָט באַקומען פון נאָוואָ־מינסקער רבין:

— מיט אַ האַנטעך אַרומגעבונדן דעם בויך — און צו־געגעבן — שוין לאַנג האָב איך זיך ניט געפילט אַזוי גוט ווי היינט.

אַזוי האָט ר׳ חיים אהרון אָנגעקליבן חיות אויף נאָך אַ יאָר. דאָך, עפּעס עטלעכע מאָנאַטן שפּעטער האָט ער אַליין איינגעזען, אַז מער קען עס אַזוי ניט גיין, „ליגן, — אויפהייבן, ליגן״. ענטוועדער אָדער ?! אַראָפּ פון די שטיגן מילא, ביים אַרויפגיין אָבער מוז מען שוין בעטן הילף. הילף ביי אַ מענטשן האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געבעטן. אַ; אַזוי האַלט עס שוין ? „וועט מען שוין צוואַרטן אָט דאָ אין בעט ביז מ׳וועט אויך אַראָפּטראָגן״ און אַז ר׳ חיים אהרון ליגט און קומט ניט צום עולם אין שטיבל, מוז דער עולם קומען צו אים. און זיין צימער ווערט דאַ ופאַרוואַנדלט אין אַ גערער שטיבל, אין וועלכן ר׳ חיים אהרון איז דער צענטער. מען לייגט צו די אויערן צו אויערן אַ גוט חסידיש וואָרט, אַ מעשהלע פון זיין חסידישער רייכער פאַרגאַנגענהייט. מ׳הויבט זיך אויף אין אַנדערע ספערן, מ׳פאַרגעסט די פערזענלעכע ווייטיקן. מען פאַרגעסט, אַז ערשט מיט עטלעכע שעה צוריק האָט דער „סעקוועסטראַטאָר״ פאַרשריבן דעם וואַנט־זייגער, אָדער אַז ערשט האָט מען זיך מיט אים „געיאָגט״, איבערגעטראָגן דאָס ביסל סחורה ווי מ׳האָט געגלויבט, אַז היינט וועט ער דאָרט מער ניט זיין און נאָך אַזאַ טאָרג האָט מען דאָך ערשט גע־מוזט אַרומלויפן און צוזאַמענשטעלן די פאָר זלאָטעס ביי דעם, וואָס ער אַליין האָט אויך ניט געלייזט און קען סיי ווי ניט אַליין פאָרן נאָך דעם ביסל סחורה. ר׳ חיים אַהרונס אַ מעשהלע איז ווי אַ פּלאַסטער צו אַ מכה, עס היילט אפשר ניט אָבער עס קילט, עס לינדערט די שמערצן.

און ווען ר׳ חיים אהרון האָט שוין באַשיינפּערלעך איינגעזען, אַז אויך די צייט פון אַראָפּטראָגן דערנענטערט זיך, איז ער אויך דאַן ניט געפאַלן פון זיין מוט, חסידות און נפילה זענען צוויי עקסטרעמען, וואָס האָבן קיין בשותפותדיקס. ר׳ חיים אהרון האָט פאַרשטאַרקט דעם אקאָרד פון זיינע דערציילונגען, ווי איינער וואָס האָט שוין ניט וואָס צו באַהאַלטן, און קען שוין אַנטפּלעקן דעם פּולקאָמען אמת, און יידן וואָס אַ גאַנצע וואָך האָבן זיי דורכגעשטופּט זייער לעבן נאָר מיט פּיין און ליידן. ווען אָבער ר׳ חיים אהרון איז אַריין אין טראַנס פון דערציילן, דאַן ווירקט זיינס אַ חסידיש מעשהלע מער ווי אַ גוטער בעל דרשן אין בית־המדרש. קיין בעסערע באַרואיקונגס־מיטלען האָבן פיל ווישאָגראָדער יידן ניט געהאַט און ניט געאַנט וועגן זיי. איז דעריבער פאַרשטענדלעך דעם עולמס צוגעבונדנקייט צו ר׳ חיים אַהרון פערשט ז״ל.

יאָרן שפּעטער האָט מען נאָך געדענקט ר׳ חיים אהרונס ווערטלעך, וועלכע האָבן אויסגעשטעלט צו לייטיש געלעכטער קעגנער פון פאַרשידענע מחלוקלעך.

אַפילו אַן אַלט באַוווסט ווערטל האָט אין ר׳ חיים אהרונס מימיק און אויסדרוק געהאַט אַ טעם פון אַלטן וויין. און ווי אַזוי האָט ער דאָס ניט געקענט מוחל זיין דעם אַקציז, וואָס צוליב זייערע געזעצן האָט ער אָנשטאָט אַ קוואַטירל אָקעוויט געמוזט טרינקען טיי, אי דאָס אין אַ גלאָז. אין זיין פאַרקלאָגן זיך אויף דער טיי, האָט מען געהערט זיין אָנקלאַגע אויף דעם איצטיקן דור, וואָס דערווייטערט זיך פון די פריערדיקע דורות. דער פריערדיקער דור — אַן אָקעוויט דור, וואָס ער אַליין האָט זיך נאָך מיטבאַטייליקט אין זיין ברען, אין דעם ברען פאַר יידישקייט און איצט? אַ דור פון טיי הייסע־קאַלטע אָבער טיי. ניט מער ווי דאָס.

אין דער לעצטער ר׳ חיים אהרונס תקופה איז געשען אַ טרויעריקער פאַל צווישן די מתפללים ביי אים אין שטוב; ר׳ איטשע גורפינקל איז פּלוצים געשטאָרבן איבערלאָזנדיק אַ פרוי, חיה ר׳ משה טיימאַכערס טאָכטער, אַ זעלטענע צדיקת. דאָס האָט מען געזען, מיט וואָסערע אָפּפערונג און אומבאַגלויבלעכע איבערגעגעבנקייט זי האָט באַדינט איר שווער ר׳ משה יעקב וואָלפס, מיט דריי קינדערלעך. ר׳ איטשע איז געווען אַ זעלטענער טיפּ, אַן ענוותן ושפל רוח, ביים דאַווענען האָט זיין קאָפּ דעם דיל אָנגערירט, געבויגן און געבראָכן זיך אין אַלע זייטן ווי אַ גוט טורנירטער ספּאָרטסמאַן. און פלעגט פון מאָל צו מאָל אַרויסלאָזן מוראדיקע געשרייען, ווי פון שרעקלעכע ווייטיקן, אין טאָג־טעגלעכן לעבן, ווען ער האָט גערעדט, האָט ער אַליין אויך ניט געהערט וואָס ער שעפּטשעט.

קורץ נאָך דעם איז אויך ר׳ חיים אַהרון נפטר געוואָרן. די גאַנצע שטאָט האָט זיך אין זיין לוויה באַטייליקט. דאָס איז געווען אַ זונטיק אין דער צייט, ווען די לוויה איז געגאַנגען, איז פון באדזאנאָווער שאָסיי אַנטקעגנגעקומען עטלעכע בריטשקעס מיט זינגענדיקע יונגעלייט, וועלכע האָבן געברענגט אַ חתן צו דער חופּה. דער חתן איז געווען ר׳ שמואל זיינוול סג״ל ז״ל, וועלכער איז יונגערהייט נפטר געוואָרן אין תל־אביב, אין יאָר תש״ב. מען האָט דאַן געשמועסט, אַז עס איז אַ גוטער סימן פאַר אַ נפטר, אַז מ׳גייט אים אַנטקעגן מיט מוזיק, זיין אָרט האָט ער באַקומען אין שכנות פון פאָריקן רב הרב ר׳ משה יחזקאל בידערמאַן ז״ל.

שבט — חברה זענען פאַרנומען מיט חמישה־עשר פּירות, טייטלען, פייגן און ארץ־ישראל באָקסער, וואָס קייענדיק פילט זיך יעדער אלס ארץ־ישראל־קאָזע. עס ווילט זיך די טייטל־קער איינגראָבן אין דער ערד, אַז זי זאָל נאָך 70 יאָר אַרויסגעבן אַ טייטלבוים, אַזאַ ווי חוני־המעגלס טייטלבוים, דאָך, דער אונטערבאַוווּסטזיין זאָגט אונטער פאַרציכטן אויפן פּרווו. אין גלות וועט עס נישט געלינגען.

ראש חודש אַדר — די הענט זענען פאַרנומען מיט אַרבעט אַז דער „משנכנס אדר״ זאָל זיין באַצירט מיטן פלעשל און גלעזל און אין די פיר ווינקלען צו פאָרלעכוויז פּישלעך, דאָס אַלץ צו דערפילן דעם „מרבין בשמחה״, חברה גרייטן זיך צום קונפטיקן פּורים.

די נאַטור באַטייליקט זיך אויך אין הויבן אונדזער מאָראַל, די שפּאָגל־נייע זון טוט איר אַרבעט בשלמות, צעשמעלצט און צעטריפט אַלע שניי־פעלצן, די בלאָטעס אין די הייף און אין גאַס ווערן אַן אָביעקט פון טאָפּטשען און איינער דעם אַנדערן באַשפּריצן. פון די דעכער, פעלדער און בערג ציען זיך ערשטע וואַסער־שנירלעך, שפּעטער אין ברייטער און שנעלערן שטראָם, שאַפן סטרומיקלעך, וואָס איילן זיך פון אַלע וועגן און אומוועגן, צו די ווייסל־ברעגעס, כדי אונדז פאַרשטערן דעם ווינטער־פאַרגעניגן פון גליטשן זיך אויפן אייז. די אייז־פּלאַכטע ווערט איצט דורכגעשפּיזט פון דער זון, אויף דער אויבערפלאַך האָט די זון זיך איינגעאָרדנט טויזנטער שפּיגלען. מיטאָג־צייט אָבער שפּיגלט זי זיך אין אלע אויף אַ מאָל, אַזוי ווי מיר בויען אַ מענטש פון שניי, און ווען ער איז שוין קאָמפּלעט פאַרטיק פאַנגט מען אָן וואַרפן קליינע שטיינדלעך און גרעסערע ביז מיר צעשטערן אים אַליין מיט אייגענע הענט, אַזוי האָט די זון מיט דער הילף פון די שטראָמענדיקע וואַסערן פון דער יבשה אַליין חרוב געמאַכט איר שפּיגל־פאַרגעניגן.

די וואַסער־שטראָמען שווענקען אונטער, דרינגען אַריין אונטערן אייז, הויבן אויף די גרויסע אייז־פּלאַכטע און די מיליאָנען טאָנען קראַכן פון אייגענער שווערער וואָג, וועלכע האָט זיך געשאַפן אין פאַרלויף פון 3 חדשים.

די בריק שטייט יעדעס יאָר פאַר אַ סכנה בעתן אייזגעלויף, היינט איז געווען אַ שווערער ווינטער און דער פרילינג אַ פּלוצימדיקער, איז די סכנה איבערהויפּט פאַר די פילאַרן אַ גרויסע, צוויי־דריטל פון זייער עקזיסטענץ זענען זיי געווינט, אַז די וואַסערן פון דער ווייסל זאָלן זיי גלעטן און צערטלען. איצט אָבער בעת דעם אייז־קראַך, שטייען זיי פאַר מיטגעריסן ווערן פון די טויזנטער טאָניקע שטיקער אייז, וועלכע שטעלן זיך ווי מויערן אָדער קרומע דעכער און פאַלן אָן מיט אַ געפּילדער אויף די פילאַרן. פּרשה תרומה — מיר דאַרפן דאָך פאַר די פייגעלעך שיטן הירזש אויף די קעמפּע, וואָס צעשניידט די ווייסל אין צוויי העלפטן לענגאויס, די קעמפּע זייענדיק שטענדיק באַוואַסערט, גיט זי אַרויס בשפע פאַרשידענע ווילדע, ווי אויך קולטיווירטע געוויקסן ווי די

פייגעלעך האָבן דאָ אומגעשטערטע מעגלעכקייטן פון זינגען און ליבן, ווי אויך פרישע גוטע דערנערונג.

דער שווערער ווינטער, האָט געפּאָדערט די שנעלע איינ־טערוועניץ אויך פון דער „חברה־קדישא״, דאָס איז־געיעג, די שפּע־וואַסערן אינעם שנעלן ווייסל־שטראָם, האָבן אין זייער לויף־מאַרש אונטערגעשוואַנקען דעם באַרג פון אַלטן „בית־החיים״, פיל קברים זענען מיטגעריסן געוואָרן מיט די אַראָפּפאַלנדיקע שטיקער באַרג, מיט גרויס סכנת נפשות האָט די „חברה״ צוזאַמענגעקליבן די עצמות אין זעק און צו קבורה געבראַכט.

ביי דער הייליקער אַרבעט האָבן זיי דאָן אָנגעטראָפן אויף אַן אויסערגעוויינלעכן פאַל, ווען אין אַזאַ רואינירטן קבר פון בערך 200 יאָר אַלט האָבן זיי געטראָפן אַ גאַנצן קערפּער ווי באַגראָבן מיט עטלעכע טעג פריער. דער פאַל האָט די מתפללים אין בית־המדרש פאַרטיילט אין קופּקעלעך, וועלכע האָבן מיט פּיעטעט אויסגעהערט פון די חברה־לייט די פּרטים פון דעם וווּנדערלעכן געשעעניש און דערביי צוגעשאָקלט מיט די קעפּ אין אלע זייטן; „איי, איי, איי! אַזאַ מעשה!״

נאָכן „בית־הקברות־באַרג״ ווייטער ביים ווייסל־ברעג גע־פינט זיך אַ סטרומיקל פון אַ דין שנירל קאַלט אַלבאַסטער־קלאָר וואַסער, וואָס שטראָמט פון באַרג און פאַלט אין ווייסל אַריין. די אומגעגנט באַוווינער פלעגן לויפן אַהין ווי צו מצה־וואַסער וואַשן די אויגן אין פאַל פון וועלכע עס איז אויגן־קראַנקייט, ווער עס איז דער פּראָפעסאָר, וואָס האָט מוותר געווען אויף זיין פּרנסה און פּראָטעזשירט דעם היי־לונגס־מיטל? דאָך ריינע אויסגעוואַשענע אויגן האָבן זיי יאָ געהאַט און דאָס אַליין איז דאָך שוין מער פון גאָרנישט, „און גאָרנישט איז דאָך גוט צו די אויגן״.

נאָך לאַנגע חדשים פון חדר־לערנען אויך אין די אָוונטן האָט דער פרילינג צו אונדז געוווּנקען און געצויגן צו די ווייסל־ברעגעס, צו פרישע לופט, צו דער נאַטור־פרייהייט פונאַנדערגעשפּרייט די אָרעמס האָבן מיר מיט פולע לונגען אַריינגעזאַפּט אין זיך פרישע געזונטע לופט פון פריש־שפּראָצנדיקע דין־קעפּיקע גרעזלעך, פון יונגע צאַרטע בלו־מען און בעז־ביימער, וואָס אַ גאַנצן טאָג האַלטן זיי אָפּן די פּיסקלעך, זויגן אַריין פרילינגס־לופט, ווייסל־פייכטקייט און וואַרעמע זון־שטראַלן און זאַמלען אָן גאַנצע מענגעס גוטע ריחות, ספּעציעל פאַר אונדז גיבן זיי דאָס אַלץ אָפּ פאַר אַ מתנה, אַלס לוין פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס מיר זענען געווען פאַרנומען מיטן לערנען און נישט אויסגענוצט די גוטע געשמאַקע לופט. מיט דאַנקבאַרקייט נעמען מיר די מתנה און שעפּן כוחות אויף ווייטערדיקע אָוונטן.

**א. פעלז**

# ר׳ ליפּא וויעזשבינסקי

אויסער פּרשיסטאַן־אַרבעטער, וואָס וואַרטן אויפן דורכ־שווימענדיקן סטאַטעק, פאַרשפּעטיקטע קאָרטן־שפּילער, דער



געוועזענער רוסישער אַריאַדניק און איצט נאַכט־וועכטער פרו־סאָקאָוו און אַ בחורל, וואָס האַלט וואַך ביי אַ קראַנקן — שלאָפן פון געוויינלעך אין מיט־נאַכט שוין אַלע ווישאָגראַדער איינ־וווינער. און אַז אינמיטן נאַכט ווערט אַ געשריי, אַ ליאַרעם: עס ברענט! געוואַלד ס׳ברענט!״ דאָס גאַנצע שטעטל שרייט: אַן עמער כאַפּ; אַן עמער וואַסער! וואַסער!״

אַלץ לויפט אין דער ריכטונג ווו דער הימל איז רויט ווי אַ בראַנד. קנוילן און שוואַמען פון פייער און רויך שליידערן זיך אין דער הויך, ווי זיי וואָלטן אויך מורא געהאַט פאַר דער שריפה און מאַכן נאָך רויטער די הימלען און דערשרעקן זיך אָבער נישט און ווערן נישט בלאַסער טראָץ דעם ליאַרעם און געשרייען: „וואַסער! וואַסער!״

געוויינלעך טראַכט מען אין דעם מאָמענט ווייניק, וואָס ס׳ברענט אָדער ווו איז עס געשען, האָב און גוטס ווערט דאָ פאַרברענט. דער געשריי „עס ברענט!״ פאַרשרייט אַלע חשבונות און געפילן און די אומברחמנותדיקע פייער־צונגען טוען איינשלינגען מער און מער שטויסן ברעטער און קלע־צער, מיל, טאַרטאַק מיט זעגן פון נייעסטן סאָרט, מיט דער עלעקטראָווניע. פון יעדן באַזונדער און פון אַלע צוזאַמען איז געבליבן איין גרויסער הויפן אַש.

דאָס שרייען „עס ברענט״ און וואַסער גיסן האָט בלויז געהאָלפן לאָקאַליזירן דאָס פייער, עס זאָל זיך נישט פאַר־שפּרייטן און באַדראָען די שטאָט, צו דער עצם שריפה האָבן

שוין נישט געהאָלפן אַפילו די פיערלעשער פון אָרט און פון דער אומגעגנט אונטער די קאָמאַנדע פון לאַגאָדזינסקין. ער האָט זיך געפּלייסט ווייזן פאַר די אומגעגנט-פיערלעשער, ווי אַזוי ער לאָזט פאַרברענען יידיש פאַרמעגן און דאָך היט ער דעם קוימען, ער זאָל, חלילה, נישט איינפאַלן...

אַ מרה-שחורהדיקייט איז געפאַלן אויף די ווירזבינסקי פאַמיליע. ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק האָבן זיי באַנייט דאָס נייע הויז, נאָענטער צו דער שטאָט אין עק פון סקלאַד-פלאַץ, ווו עס זענען געשטאַנען די האָלץ-געבײדעס, וועלכע ר' ליפאַ האָט צייטווייליק פאַרשענקט פאַר דעם חדר „יסודי התורה" אונטער דער לייטונג פון ר' דוד וויטעלזאָן, ר' פנחס גאַרבאַרז און ר' דוד הירש לובין.

נאָך דער גרויסער שריפה איז ר' ליפאַ פאַרעלטערט געוואָרן, שווער זיך געמיט צוריק צו געווינען דעם צוטרוי פון בעלי-חובות און שאַפן עקזיסטענץ פאַר זיין פאַמיליע. זיין פאַטריאַרכאַלישער אויסזען האָט זיך געבראָכן נאָך בעת דעם פריען טויט פון זיין עלטסטע טאָכטער כאַנטשע און די מאַטעריעלע פאַרלוסטן. איצט דער טויט פון דער פרוי חיה, ווי אויך צער גידול בנים, — אַלץ צוזאַמען האָט אויף אים שווער געווירקט.

די שול-מתפללים האָבן עס „דערהערט" בעת די ימים-נוראימדיקע „הנני העני ממעש"! פאַרן עמוד איז איצט גע-שטאַנען אַן אַנדערער „הנני". דאָן, פריער, רבי ליפאַ מיט די פיר זין אין בײדע זייטן לויט דער עלטער זייערער, פלעגן בכבודיק דורכגיין די גאַס צו דער שול צו שחרית אין די ימים נוראים. מיט דרך-ארץ האָבן מתפללים אָפּגעטראָטן דעם דורכגאַנג צום רב ווינטשן אַ גוט יאָר, דאָן איז ער צום עמוד בנעימות צוגעטראָטן מיט די זין אין בײדע זייטן און מיט דבקות שטילערהייט געשעפּטשעט די ספּעציעלע תפילה פאַ-רן שליח-ציבור, דערנאָך האָט ער מיט זיין ריזן-שטימע אַרויס געלאָזט דעם „הנני".

די ווייבער-שול, ווי זי זאָל וואַרטן אויף דעם סיגנאַל איז אַרויס מיט אַ יאָמערלעך געוויין און „עולם" האָט געפילט אַ ריכטיקן טעם פון ימים נוראים תפילות. חדשים שפּעטער האָבן ווייבער נישט אויפגעהערט בענטשן ר' ליפען, פאַרן ברענגען זיי צום העכסטן עקסטאַז פון כליפען און וויינען.

שפּעטער נאָך דער שריפה, די עלטערע חתונה געהאַטע קינדער האָבן פאַרלאָזט דעם טאַטן מיטן שטעטל. אין שול איז ר' ליפע שוין געשטאַנען מיט 2-3 זין. די ליניע זיינע נאָך מער געבראָכן. די זעלבע תפילות, אָבער מיט מער ווײי-אויסגעשריי. די אינערלעכע יסורים, וואָס ער האָט באַוויזן צו דערשטיקן אין זיך און מייסטערהאַפט פאַרבאָרגן פאַר מענטשלעכע אויגן, די אַלע יסורים האָבן ביים עמוד זיך אַליין אַרויסגעשריגן. זיין אינערלעכער צער האָט די תפילות נאָך מער געריייניקט, אַזוי אויך געווירקט אויף אַנדערע.

ווען אין אַ וואָכנטאָג זענען אַ פאָר יינגלעך געגאַנגען נאָך אַ נדבה, האָבן מיר נאָר געוואָלט ביי ר' ליפען אָנהויבן, עס זאָל זיין מזלדיק, שמייכלדיק האָט ער מיט צוויי פינגער פון וועסט-טעשל אַרויסגעצויגן אַ זלאָטי און דערלאַנגט, דערביי מיט דער צווייטער האַנט באַריהרט דעם יינגלס אַקסל, דאָס האָט נישט נאָר געזאָגט „זייט ממשיך קינדערלעך", „זייט מצליח", נאָר אויך „איר האָט קיין שולד, וואָס כ'גיב מער ווי כ'קען — און וויניקער ווי כ'וויל געבן". ביים עמוד האָט מען נישט באַדאַרפן מפרש-זיין. דאָרט האָט ער אַלץ בפירוש געזאָגט ווי ער וואָלט קיין בעל-הבית נישט געווען אויף זיין געשריי...

**בן-סיני דייטש**

# משפחת גראַסמאַן

יצחק מרדכי גראַסמאַן איז געבוירן געוואָרן אין 1831. ביי 16 יאָר, זייענדיק אַ יתום האָט מען אים צוגענומען אין צאַרישן מיליטער, ווו ער האָט געדינט אַלס צווייטראַנגיקער קאַנטאָניסט 16 יאָר דורכאַנאַנד אין סיביר. קומענדיק צוריק אַהיים האָט ער חתונה געהאַט מיט דבורהן לייבל דזיעדזיצ'ס אַ שוועסטער.

איך האָב אים געקענט, ווען כ'בין אַלט געווען אַן 8 אָדער 9 יאָר. ער איז געווען אַ שוסטער. תמיד געגאַנגען רײן ציכ-טיק אָנגעטון, געהאַט אַ שיינע ווייסע באָרד, אַ ברייטע, אַ זויבערע. פיר אַ זייגער פאַרטאָג פלעגט ער גיין דאַווענען. ער האָט געדאַוונט אין בית המדרש און ווען ער פלעגט כאַפּן אַ שמועס פון יידישקייט, פלעגט ער תמיד צוגעבן:

„עם לבן גרתי ותרי"ג מצוות שמרתי". 16 יאָר האָב איך געדינט פאַניען און בייגעשטאַנען דעם נסיון.

ער האָט געהאַט צוויי זין און צוויי טעכטער. דעם יינגסטן זון שמואל, האָט ער געוואָלט מאַכן פאַר אַ בן תורה. עס איז געווען מקובל אין ווישאָגראַד ביי בעלי-מלאכות, אַז דעם יינגסטן זון זאָל מען לאָזן לערנען. ער האָט דערביי גענוג מי צוגעלייגט, כדי צו דערמעגלעכן זיין זונס לערע.

ווען כ'האָב אַמאָל געזען זיין גראָבן סידור פון ליסער רב, האָב איך באַמערקט, אַז ביי דעם „יהי רצון שאומרים קודם אמירת תהלים ואל תקחנו מהעולם הזה קודם זמננו עד מלא שנותינו, בהם שבעים שנה" איז געווען, ביי דעם יהי רצון אַרויפגעקלעפּט אַ בלעטל 120 אָנשטאָט „שבעים". ווען כ'האָב געפרעגט זיין זון שמואל, וואָס איז דאָס? האָט ער מיר געענטפערט:

— ווען מיין טאַטע איז אַלט געוואָרן 70 יאָר, האָט ער שוין אַרויפגעקלעפּט אַ צעטל 80, נאָך די 80 האָט ער אַרויפ-

געקלעפּט 90 און נאָך די 90, האָט ער אויפגעקלעפּט 120. און ער איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון 96 יאָר. ביז דריי טעג פאַר דער פטירה האָט ער נאָך געאַרבעט.

אַ ייד, וואָס האָט געלעבט ביזן לעצטן אָטעמצוג פון יגיע כפּיים.

*

שמואל זיין זון האָט חתונה געהאַט ביי 20 יאָר. די גאַנצע צייט האָט ער געלערנט אין בית מדרש. זיין שווער לייבל דזיעדזיץ האָט אים גענומען אַלס לערנער, אַ מאַן פאַר זיין טאָכטער הינדע־רבקה און אים געגעבן קעסט נאָך דער חופּה. אין דער יאַפּאַנישער קריג האָט ער געדינט פיר יאָר אין מינסק און, ווי זיין פאָטער, אויך נישט געגעסן טריפס.

אין מינסק האָט ער זיך אויסגעלערנט שוסטעריי און גע־קומען אַהיים אַ גוטער פאַכמאַן, אַ ספּעציאַליסט פאַר געניימע פאַסאָנע אַרבעט. ער האָט אויפגעמאַכט אַ װאַרשטאַט און גע־האַט אַ סך געזעלן און אַ גרויסע קליענטורע.

שמואל גראַסמאַן איז געווען אַ ייד, וואָס האָט זיך אויס־געקליבן אַ לעבן פון יגיע כפּיים טראָץ זיין גרויסע תורה־קענטעניש. ער האָט קובע געווען עתים לתורה. יעדן טאָג פיר פאַרטאָג איז ער געזעסן אין בית מדרש, געלערנט אַ שי־עור פאַרן דאַווענען.

ביי שמואל גראַסמאַנס אַרבעטס־טישל איז תמיד געלעגן אויפגעמישט דער „חיי אדם" און ביים טיש ביים עסן — אויך אַ ספר. ער איז געווען אַ גרויסער בעל מדרגה, אויפגע־נומען אורחים און געטון גרויס צדקה און אויך מקיים געווען דעם „יתן ויתנו אחרים", ער פלעגט שאַפן געלט פאַר ר' מאיר בעל הנס, ארץ־ישראל א. אַ. כ'האָב ביי אים אַמאָל גע־זען אַ קבלה אויף 10 רובל פאַר ר' מאיר בעל הנס. אין שטוב ביי אים איז שטענדיק געשטאַנען אַ ספּעציעל בעט פאַר אור־חים חשובים, מגידים, משולחים. זיין פרוי האָט פאַר יעדן פרישן אורח געטוישט דאָס בעטציג, און אָנגעגעסן אירע אורחים מיט אַלעם גוטן.

די קינדער זייערע האָבן זיי דערצויגן על פי דרך התורה והעבודה. זיי האָבן געהאַט איין זון, רפאל־קלמן, איז ער גע־ווען אַ בעל קורא אין שול. די דריי טעכטער חנה־פייגע, שרה און יהודית האָט שמואל געשיקט אין חדר לערנען צוזאַמען מיטן זון, מ'דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז קיין „בית יעקב" שולן זענען נאָך דאַן נישט געווען און טעכטער לערנען איז נישט געווען פון די אָנגענומענע זאַכן אין שטעטל.

די ערשטע טאָכטער חנה־פייגע איז געווען שלמה יהודהס ווייב און זי פלעגט אים מיטהעלפן פירן דאָס מוסטער־חדר זיינס און לערנען די קינדער גלייך מיט אים.

שרה, די צווייטע האָט חתונה געהאַט פאַר נ. ל. דייטש, האָט געפירט אַ שיינע שטוב מיט אַן אָפענער טיר פאַר אורחים און פאַרוואַנדלט זי אין אַ צוזאַמענטרעפס־אָרט פאַר צעירי אגודת ישראל. שרה האָט געהאָלפן איר מאַן אין זיין געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט און אַליין געווען טעטיק אין דער באַווע־גונג ווען מ'האָט געשריבן די ספר תורה פון צ. א. י., האָט שרה פיל אַנטייל גענומען ביים אַרויספירן דעם פּלאַן אויף אַ וועג.

יהודית די יינגסטע איז געווען די טרייב־קראַפט אין בית יעקב, געהאַלטן רעפעראַטן, געזאָרגט פאַר אָרגאַניזאַטאָרישער גאַנצקייט, געפירט טעאַטער און אַליין געשפּילט די פירנדע ראָלן. זי איז יונג געשטאָרבן אין פּלאָצקער שפּיטאָל אין 1938.

צו אַלע זיינע מידות, האָט שמואל גראַסמאַן, יעדן פרייטיק, 12 אַ זייגער, זיך נוהג געווען אויפצוהערן אַרבעטן און גיין שאַפן געלט פאַר דער תלמוד־תורה, מ'זאָל האָבן צו באַצאָלן די מלמדים און אַנדערע אויסגאַבן.

דער נאַצישער עמלק האָט זיי אויך אומגעבראַכט. יהי זכרם ברוך.

**בעלאַ גוטמאַן**

# מיינע טרעפונגען מיט מ. מ. זשיכלין

(שטריכן צו זיין געשטאַלט)

כ'בין אַראָפּ פון דער בינע. ס'האַרץ האָט מיר געקלאַפּט. ווער ווייסט צי בין איך נישט געווען אַ חוזק. ווער ווייסט, צי האָב איך נישט בלאַמירט מיין שולע מיט מיין פאָרשטעלן. כ'פיל אַ קנופּ אין בעקל. אַ יישר כוח פון מ. מ. זשיכלין. אַ נשמה מיר אַריינגעגעבן. איידלקייט און אויפמערקזאַמקייט.

*

אין 1938 קומט הדסקע באום אריין צו אונדז אין וואַרשע מיט מ. מ. זשיכלין. ער פאָרט קיין ארץ־ישראל אומלעגאַל. דער קאָפּ איז פאַרדרייט. ווער ווייסט צי וועט אַלץ זיין אין אָרדענונג — פאָרן פאָרן, פאָרן אָפּרייסן זיך פון ווישאַגראַד איז ער נאָך געבונדן צו ווישאַגראַדער. ער געדענקט זיין אָפּ־שטאַם, ער האָט אים ליב. אין לאַגע פון קאָפּ־זאָרג געדענקט ער אין אונדז.

*

שפּעטער מיט יאָרן, מ. מ. פאָרט דאָס צווייטע מאָל קיין ארץ־ישראל. ווידער אומלעגאַל. אַ גורל. ער איז געבוירן גע־וואָרן אַ בן יחיד און 17 יאָר נאָך דער חתונה, אַן אויסגעווייג־טער און אויסגעטרוימטער האָט ער געמוזט צוריקקומען פון ארץ־ישראל צו זיינע אַלטע, קראַנקע אויסגעבענקטע עלטערן. פאָרן טויט ווי קאָן ער, אפשר וועט ער זיי נאָך אָפּראַטעווען אַ פּאָר יאָר מיט זיין הילף. ער אַליין בענקט אויך נאָך זיי. ער

איז צוריק געקומען מיטן געדאַנק אויף צוריק צו פאָרן ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

די געלעגנהייט איז דאָ. די עלטערן זענען נישטאָ. אַליין האָט ער דאָ נישט וואָס צו טון, אָבער עולה זיין קאָן ער נאָר אומלעגאַל. אָבער ער איז נישט פאַרפאָרן. ס׳האָבן אים די „עליה־מאַכערס" אָפגענאַרט. איצט איז ער אויך דאָ, אין פוילן אומלעגאַל. ער מוז זיך אויסבאַהאַלטן, איז ער ווידער אין וואַרשע. דאָ וועט ער זיך אויסבאַהאַלטן און זוכן אַן אָפּפאָר־מעגלעכקייט. מיר שאַפן אים אַ פלאַץ אויף עטלעכע טעג. ער איז אונדז נאָענט געוואָרן מיטן אָנפאַרטרויען זיינע גורל־סודות. ער איז אָפּגעפאָרן אָבער די צוגעזאָגטע בריוו נישט געשיקט, דערווייל דערגייען קלאַנגען, אַז אַן אומלעגאַלע שיף איז דערטרונקען געוואָרן דורך ענגלישע יאַגד־הינט. אַוודאי אויך מ. מ. זשיכלין צווישן די דערטרונקענע. ער דער מענטש פון גורל. מסתמא אויך ער.

דאָס וואָס מיר האָבן קיין שום ידיעה פון אים האָט באַשטעטיקט אונדזער השערה. מיר לעבן מיט דעם געדאַנק, אַז מ. מ. זשיכלין לעבט נישט מער.

*

1950. מיר זענען נאָך דער לאַנגער בלוט־רייזע פון יידישן פאָלק אָנגעקומען קיין ישראל און אָט איז צו מיין פון זון אָנגעגליט שטיבעלע אין מחנה ישראל צוגעקומען אַ שיינע לימוזינע. מ. מ. לעבט! דאָס איז ער אין דער מאַשין, געקומען אונדז זען. איך בין געווען גליקלעך פון זיין באַוויזן זיך. פון זיין געדענקען ווישאָגראָדער. כ׳האָב געמוזט צוזאָגן, אַז כ׳וועל אים אָפּצאָלן אַ וויזיט אין טבעון.

*

אין טבעון איז ער אין אַ גליקלעכער שטוב־אַטמאָספערע. אַ סימפּאַטישע פרוי, יפה די טייערע. אַ געלונגען יינגעלע, אויך אַ בן יחיד, אַ קיילעכדיקער בן יחיד ווי דער טאַטע. אויך א שפּעט־געקומענער צו פאַרגיטיקן זיין גורל פון אַמאָל. ער איז אַרומגערינגלט מיט גליק.

אויך אויסער דער שטוב פון גליק גייט אים גוט. ער האָט אַ בכבודיקע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציע. ער שיינט מיט חכמה און הומאָר.

שבת גאַנץ פרי. כ׳בין מיר אַרויסגעגאַנגען זען טבעון. אַ גרינער ים אויף אַ שפּיץ באַרג, קוקסט אַראָפּ זעסטו טאָלן גלאַט־גרינע ווי טעפּיכער און די רויט שינדלדיקע הייזקעס זענען ווי רויט ברענענדיקע בלומען אין אָפּגוס פון הימל־בלויקייט. יידן שטייען און ציען זיך צו זייערע גערטנדלעך אַרום די הייזקעס, בראָקן אַריין אין זיי די אָפּרו־שעהן אין די סעדעלעך צאָלן זיי אָפּ מיט רו און באַרואיקונג.

אין טבעון מיין איך איז מ. מ. זשיכלין גליקלעך אַרום און אַרום. ער איז ביי אונדז אין וויזיט מיט יפהן. צביקה לערנט אין נהלל. צביקע איז דאָרט שוין מדריך. נאָך אַ ביסל גייט ער אין צבא. ביידע האָבן זיי אַ פול מויל פון צביקען. ער איז דער אָביעקט פו זייערע פּלענער, דער טרעגער פון זייער האָפענונג. מ. מ. זאָגט אַ פאַרשעמטער:

צביקע איז דער איינציקער מענטש, וואָס כ׳קאָן זיך אים נישט קעגנשטעלן. ביי אים בין איך נישט אין אָפּאָזיציע, אים גיב איך אַלץ נאָך.

*

אַלע ביי מיר אין שטוב וויסן שוין, נאָר איך ווייס דאָס נישט. שפּעטער האָב איך אויך געוווּסט. ווידער גורל־שפּיל אין מ. מ. זשיכלינס לעבן. צביקע איז אין אַ שיינעם פרימאָרגן אין טבעון זיין שטוב־שטעטל געפאָרן צוריק אין צבא אויפן מאָטאָציקל און געפאַלן. געקומען, אָנגעזאַפּט טאַטע־מאַמע אַ ביסל גרויס גליק און אַוועק און צוריק נישט געקומען.

בין איך צו די שלושים געפאָרן קיין נהלל. אויפן טיש איז געשטאַנען אַ בילד פון אַ פּרעכטיק לעבנס־שיינעם בחור. שוואַרץ געפּוצטע ליכט האָבן געשפּילט אַ טריבן ליכט און שאָטן שפּיל. עס שטייען לערער, שולע חברים, שילער, צביקעס שילער. אַלע רעדן וועגן צביקען. אַלע האָבן אים פאַרלוירן.

יפה און מ. מ. שטייען ווי פאַרשטיינערט.

פּלוצים נעמט זיך מ מ. אָן מיט די לעצטע כוחות און זאָגט:

— צביקע האָט געזאָגט, צביקע האָט געמאַכט, צביקע האָט געצהט, צביקע האָט געשאַפן, צביקע... איז נישטאָ.

אויפן בית הקברות הצבאי אין חיפה האָט יפה אַרומגענומען, געקושט און דעליקאַט צערטלעך געלייגט דאָס צייטווייליקע בלעכל אויפן קבר.

מ. מ. זשיכלין האָט נישט אויסגעהאַלטן. דער גורל האָט מיט אים טראַגיש פאַרענדיקט.

ב. זאַוויערוכאַ־גוטמאַן

# אַ סחר מכר

פאַרנאַכט. ס׳טונקלט זיך צוביסלעך.

מיר האָבן פאַרענדיקט מאַכן די לעקציעס ביי חייה ליבע גאָטפאַרב. מ׳לויפט אַהיים. חיה ליבע פירט אונדז אַרויס דורך זייער געוועלב.

חיה ליבעס מוטער שטייט מיר עפּעס אויפגערעגט, איך הער זי בייזערט זיך, כ׳ווייס נישט אויף וועמען, כ׳ווייס נישט פאַרוואָס:

— גוט, גוט אָבער אַ פלאַש מוז איך דאָך צוגעבן, ווי קאָן מען אָן אַ פלאַש טראָגן נאַפט.

אין געוועלב שטייט דאָס ווייסהאָריקע מיידעלע, דעם שוסטערס, הירש מאיר קוסטאַס טעכטערל. טרערן פליסן איר פון די בלויע גרויסע אויגן און קייקלען זיך איבער אירע ווייסע, בלאַסע, צו בלאַסע בעקעלעך, זיי זענען בלאַס און פאַרנעצט און זעען אויס ווי זעמעלעך פאַרן באַקן. אַזוי זעען אויס אַלע אירע ווייסהאָריקע שוועסטערלעך און בלאַסע ברידערלעך מיט בלאָנדע פּאהלעך.

זי שטייט אַן אומגליקלעכע, גייענדיק מיטן פלעשעלע נאַפט אַהיים איז זי געפאַלן און דאָס פלעשעלע האָט זיך צעבראָכן. דער טאַטע דאַרף נאָך צואַרבעטן ביינאַכט און ווי וועט ער דאָס מאַכן אָן נאַפט. ווי וועט זי איצט אהיימגיין אָן דעם נאַפט.

חיה־ליבעס קליין פרום מאַמעלע דרייט זיך אַרום אין איר הויכן געוועלב און זוכט דאָס, וואָס זי קאָן דאָרט באַשטימט נישט געפונען, אָבער זי וויל דאָך פאַריכטן דעם קינדס אומגליק.

זי וועט זיכער געפונען אַן עצה, זי וואָס האָט איר גאַנץ לעבן זיך אַן עצה געגעבן און אַליין אויפגעבראַכט אַזעלכע געראָטענע, באַשיידענע דריי טעכטער און איין זון.

חיה ליבעס מאַמע איז קליין באַשאַפן, אָבער גרויס געוואַקסן. קליין אַליין און גרויס אירע טאַטן. נישט איינמאָל האָט זיך געוואָלט מאַכן אַקסיאָמעס פון איר און אויספירן, וואָס קלענער דער קערפּער אַלץ גרעסער דער גייסט, אָדער וואָס גרעסער דער האַרץ־מענטש אַלץ קלענער זיין אויסזען.

„חליבעס״ מאַמעלע גייט אויפלייזן אַ דראַמע און איך בין צוגעשמידט צו איר און צום ווייס־זעמלדיקן מיידעלע. זי קומט באַלד אַרויס מיט אַ גרויסער פלאַש און גיסט אָן אַ ביסעלע נאַפט. זי שטופּט אַריין דעם קינד די „סחורה״. מעשה סוחר און דאָס מיידעלע, אַ פאַרוויינטע, נעמט מיט ציטער דעם נישט באַצאָלטן נאַפט. זי ווייסט, חיה ליבעס מאַמעלע האָט זי אָפּגעראַטעוועט פון אַ צרה אָבער פאַרטושן די שפּורן האָט זי נישט באַוויזן... ווייל די פלאַש איז אַ גרויסע אַ גרעסערע פון אירער, פון דער, וואָס דער טאַטע האָט איר מיטגעגעבן.

הירש ניימאַן

# אַ נר נשמה פאַר הענעך (חנוך) כהן

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער אַלגעמיין־ציוניסטישער ביבליאָטעק. אַלס קינד פון 12 יאָר האָב איך אָנגעהויבן קומען אין דער ביבליאָטעק. לויט מיין עלטער האָב איך נישט געקאָנט זיין קיין מיטגליד אין ביבליאָטעק, נאָר אַ לייענער, אָבער דערצו האָב איך געמוזט באַצאָלן קויציע (פקדון), כדי צו קריגן ביכער אַהיים, און אין דערהיים האָט מען מיר נישט געגעבן דאָס געלט. כ׳האָב אָנגעווענדט פּראָטעקציע דורך מנחם זילבערשטיין. זיין ברודער שלמה איז געווען מיין חבר און כ׳פלעג אָפט קומען צו זיי אין הויז.

כ׳האָב די ביכער געקריגן אויף מיין ברודער פּיניעס נאָמען, ער איז יאָ געווען אַ מיטגליד.

דאָס איז געווען אַ צייט ווען דער גאַנצער אינטערעס אונדזערער איז געווען אין ביבליאָטעק און ביכער, די ביכער זענען געווען אינטערעסאַנטע, דאָס גיין אין ביבליאָטעק איז געווען אַ מין אינהאַלט פאַר זיך.

שווער איז געווען ווען טובה יהודית גאָלדמאַן האָט אַרויסגעגעבן ביכער, זי האָט נאָר געוואָלט איך זאָל לייענען ערנסטע ווערק, נישט קיין בעלעטריסטיק, אפשר דערפאַר ווייל כ׳פלעג קומען מיט איר קוזין יואל־ליפּע קרוי. מיר האָבן געמוזטביידע לייענען לייכטע וויסנשאַפטלעכע ביכער און וואַרטן, ווען אַן אַנדערער וועט אַרויסגעבן ביכער און קריגן אַ ראָמאַן, אַ שפּאַנענדע דערציילונג.

מיט דער צייט האָט זיך געשאַפן אַ שפּאַלטונג אין דער ביבליאָטעק. די לינק־געשטימטע יוגנט האָט זיך געשאַפן אַ יוגנט־ביבליאָטעק און מיר דאָ זענען געבליבן אַ קליינע צאָל יוגנטלעכע, וואָס וואָלטן אפשר אויך אַוועק ווען נישט הענעך כהן.

ער איז געווען אַן ערנסטער, אינטעליגענטער, פול מיט וויסן. לויט זיין אָפּשאַצונג וועט די יוגנט אויף דער יידישער גאַס אַריבער פון איין עקסטרעם צום צווייטן, ווערן לינק געשטימט און פאַרלוירן גיין פאַרן יידישן פאָלק. אַליין איז ער געווען אַן אַלגעמיינער ציוניסט, דאָך האָט ער געשאַפן

דווקא אַ קן פון השומר הצעיר, אין וועלכן ער האָט געזען די סינטעזע ,וואָס וועט באַפרידיקן די לינקיסטישע נייגונגען פון דער יוגנט און דאָך זיי פאַרהאַלטן פאַרן ציוניזם.



הענעך כהן מיט זיין פאַמיליע
שטייט — די שוועגערין

ער האָט אָנגעפירט מיטן השומר הצעיר און געוואָרן אַריינגעצויגן אין אים, גלייך ווי ס'וואָלט נישט געווען קיין שום אידעאָלאָגישע אונטערשיידן צווישן אים און זיין ציונות כללית. פיל מאָל, אין פריוואַטע שמועסן, האָט ער אונטער־געשטראָכן, אַז ער פאַרטרעט גאַנץ אַנדערע שטאַנדפונקטן ווי די פון די אַלגעמיינע ציוניסטן.

אַליין איז ער צום ציוניזם געקומען פון גערער שטיבל און געווען זייער אָנגענומען ביי זיי. אַלע האָבן אָפּגעשאַצט זיין ערנסטקייט, זיין ערודיציע און וויסן, אָבער עת לעשות — הפרו תורותיך. ער האָט געוווּסט ווען מ'דאַרף פאַרבייגן איי־גענע פרינציפּן און זיך אויסלעבן אין אַן אידעאישער סתירה צוליבן ראַטעווען די יוגנט.

דער השומר הצעיר האָט עקזיסטירט אינגאַנצן צוויי יאָר, אָבער אַ דאַנק חנוך כהן און זיינע ברייטע געדאַנקען־האָריזאָנטן, איז עס געווען אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אונדז זייער אַ סך געגעבן. מיר זענען באַרייכערט געוואָרן מיט גע־דאַנק און אידעע און געקריגן אַ קלאָרן צוגאַנג צו פראַגן, וואָס פאָדערן טיפקייט און וויסן און אַנטשלאָסנקייט.

הענעך האָט געשטרעבט עולה צו זיין קיין ישראל און ווי־סנדיק, אַז זיין פיזישע שוואַכקייט וועט אים שטערן צו פולן חלוציזם, האָט ער זיך אויסגעלערנט אַ לייכט פאַך, געוואָרן אַ בלעכער און זיך געגרייט צום וויכטיקן פאַר אים טאָג.

ליידער האָט אים דער בעסטיאַלישער נאַציזם פאַרכאַפּט אין מיטן פון זיינע פּלענער. הענעך כהן האָט געהאַט דעם זעלבן גורל פון אַלע פּוילישע יידן. אָבער מיר געדענקען אים מיט טיפן רעספּעקט און זעען אים אַלס אונדזער יוגנט־פערזענ־לעכקייט, וועלכער האָט מיט זיין דערציערישער פערזענלעכ־קייט דערצויגן און דערהויבן.

יהי זכרו ברוך.

**רחל גלאַטשטיין / כפר־סבא**

# אברהם וואלפיש (פישעלע)

אין שטאָט, אין די אַרבעטער־קרייזן, האָט מען אים גע־קענט אַלס „פישעלע" לויטן העלד פון יואל מאַסטבוימס בוך „פון רויטן לעבן".

**פישעלע אַגיטאַטאָר**

ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1910 ביי פרומע על־טערן, משפחה פון גערער חסידים. דער פעטער זיינער איז געווען לאַנגע יאָרן ווישאָגראָדער רב. כאָטש קיין אַלגעמיינע בילדונג האָט ער נישט געהאַט, אָבער אין חדר און ישיבות האָט ער געלערנט אַ סך. ער האָט געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ און

אויך אַ שאַרפע צונג ווען ער האָט נאָך געדאַווּנט האָט געקענט דאָס גאַנצע דאַווענען, דאָס וואָכעדיקע און דאָס שבת'דיקע פון אויסנווייניק. יעדע זאַך וואָס ער האָט געלערנט, חומש אָדער גמרא, האָט ער עס גלייך געקענט אויף אויסנווייניק. אַלע זיינע חדר־חברים האָבן אים מקנא געווען מיט זיין וווּנדערלעכן זכרון.

שוין אַלס יינגל פון נישט קיין גאַנצע 15 יאָר, אין 1925, בעת די רבנות־וואַלן האָבן אים דערקענט דאָס גאַנצע שטעטל אַלס הויפּט־אַגיטאַטאָר פון זיין פעטער נפתלי שפּיוואַק אין קאַמף פאַר זיין כסא הרבנות. דער איבערגאַנגס־פּעריאָד פון פרומקייט אָדער האַלב־פרומקייט צום פרייען וועלטלעכן לעבן

איז געשען נאָך אַ יאָר צייט אין „השומר הצעיר", דאָרטן האָט ער קיין גרויסע אַקטיוויטעט נישט אַרויסגעוויזן, האָט אַ סך געלייענט ביכער פון פאַרשידענע זשאַנרן ווי ציוניס־טישע און נישט־ציוניסטישע און זיך ביסלעכווייז באַפרייט פון געמיט־דרוק און געוווינהייטן פון דער פאַרגאַנגענהייט.



אברהם וואָלפיש (פישעלע)

דערנענטערט זיך צו דער לינקער פּראָלעטאַרישער און נאָכהער קאָמוניסטישער באַוועגונג האָט ער פונאַנדערגענומען זיינע הענט און געלאָזט אין גאַנג זיין שאַרפן צונג, נאָך זיין ערשטן עפנטלעכן אַרויסטריט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון דער יוגנט אין זאַל פון די פּראָף. פאַריינען ביי קזשעמינסקין אין קלויסטער־גאַס, האָט ער גלייך זיך קונה־שם געווען אַלס גו־טער זאָכלעכער רעדנער וואָס קען באַווירקן דעם עולם. ער איז גלייך געוואָרן באַליבט ביי דער גאַנצער יוגנט און איז געוואָרן זייער פאָרשטייער און רעפּרעזענטאַנט.

ווען מען האָט אים אַריינגעצויגן אין דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז ער געווען טעטיק אויף אַלע געביטן, גערעדט אויף פאַרזאַמלונגען, געהאַנגען אויף די טעלעפאָן־דראָטן רויטע פענער, פונאַנדערגעשפּרייט קאָמו־ניסטישע אויפרופן אין שטאָט און אין דאָרף, געפאָרן אין שליחות אויסער ווישאַגראַד, געהאַט קאָנטאַקטן און געפירט קאָמוניסטישע אַרבעט אין דערפער. אין דער אַרבעט איז ער געווען ווי אַ שפּרינגפעדער, דערפאַר האָט מען אים אין די אַרבעטער־קרייזן גערופן „צאַפּלדיק פישעלע".

צו פישעלען האָבן זיך אויך באַצויגן מיט רעספּעקט די עלטערע פירער פון דער פּאַרטיי. ווען די פּרץ־ביבליאָטעק האָט באַשלאָסן אַנצוהייבן אַ ציקל רעפעראַטן אויף ליטעראַ־רישע טעמעס איז פישעלע געווען אויף דער רשימה פון די ערשטע פּרעלעגענטן. איך געדענק, אַז זיין ערשטן רעפעראַט פאַר אַן עולם פון עטלעכע הונדערט מענטשן וועגן וויניטשעס „צו בין" איז געוואָרן אויפגענומען מיט גרויס אַנטציקונג.

עס איז נישט געווען איין קעסטל־אָוונט, אַז פישעלע זאָל נישט געבן זיין קאָמענטאַר אין אַלע פראַגן פון פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. איינמאָל ווען ער האָט אין אַן אָוונט געהאַלטן אַ פּאָליטישן רעפעראַט אין זאַל פון דער פּרץ־ביב־ליאָטעק, ביי ווילאַמאָווסקין אין קלויסטער־גאַס, איז דער פּאָ־ליציי־קאָמענדאַנט געשטאַנען אַ לענגערע צייט אונטערן פענצ־טער. ווען ער איז אַריין אין זאַל מיט דעם רעוואָלווער אין דער האַנט און געפאָדערט דעם רעדנער, איז פישעלע אַרויס־געשפּרונגען דורך אַ צווייט פענצטער און זיך פון אים אַרויס־געדרייט.

*

אברהם וואָלפיש איז געווען אַ קינד פון זיין שטעטל ווישאַגראַד און ליב געהאַט אַלע אירע יידן. זיי האָט ער גע־ווידמעט אַלע זיינע פעאיקייטן און געמיינט אויף זיין שטייגער אויסבעסערן זייער לעבן און צוקונפט.

אין לויף פון צייט און געדאַנק, ווען אַלץ ווערט גוט פאַר־שטאַנען און פאַרצייעט, שיינט אויף זיין געשטאַלט ווי אַ גע־טרייער געלונגענער זון פון אונדזער ווישאַגראַד און מיר דערמאָנען זיין נאָמען מיט כבוד און שטאָלץ.

מאָטל וואַלפיש

# קלמן אגראדניק

## (דער מוזיקאַנט און דיריגענט)

ביז קלמן, זיינע עלטערן און געשוויסטער זענען צוריקגע־קומען קיין ווישאָגראַד פון פאַרשיקונג אין רוסלאַנד האָבן אַלע אין שטעטל געוווּסט, אַז ס׳זענען פאַראַן שפּילער, כלי־זמרים, ווי לייביש ווישאָגראַדסקי (מאַזשניאַק), זיין ברודער, זיין פאָ־



טער, דער אַלטער הערשל מיטן באַס, משה זלאָטניק מיטן טראָמפּייט, וואָס האָבן געשפּילט ביי יידן אויף חתונות און אַנ־דערע שמחות, געגרימפּלט און געריטשעט, פון אויסנווייניק, קיין נאָטן האָבן זיי נישט געקענט, מ׳האָט עס פון זיי נישט גע־פאָדערט. דאָס פאַך ווידער איז איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור, שטענדיק האָט געהערשט דער זעלבער נוסח, די זעלבע מאָטיוון. און דער רעש ביים שפּילן איז געווען גרויס, דאָס האָבן זיי פאַרגרילצט זיך אַליין און זייערע פאַלשע גאַמעס, דערפאַר האָבן די בעלי־שמחה געוווּסט, אַז פאַר די כלי־זמר דאַרף מען צוגרייטן טאָפּלטע פּאַרציעס צום עסן. האָט מען זיי טאַקע גערופן די „בולקע־פּרעסער". דאָס זענען געווען אָרעמע באַשיידענע פאָלקס־מענטשן ווען מ׳האָט געדאַרפט שפּילן אויף אָרעמע חתונות, האָבן זיי אויך געשפּילט אָן געלט, פאַרן בלויזן „פּיקן"...

קלמנס פאָטער, איציק, פלעגט אין בית־המדרש בין מנחה למעריב דערציילן, אַז זיין יינגל קלמן וואַקסט אַן עילוי (אַ פענאָמען) אין מוזיק און נגינה. ס׳האָט געוווּנען נישט קיין לאַנגע צייט און די טענער פון זיין פידעלע האָבן געצויגן די אויפ־מערקזאַמקייט פון ברייטע קרייזן פון דער באַפעלקערונג. ער האָט באַקומען פריינד און פאַרערער, וועלכע האָבן אים גע־האָלפן אַרויסטרעטן אויף דער אַרענע פון דער ווישאָגראַדער עפנטלעכקייט. אַ געוויסן טאָג איז באַקאַנט געוואָרן דורך אַפישן אין גאַס, אַז קלמן וועט אויפטרעטן אין שול שבת אין אָוונט, אויף בילעטן מיט אַ קאָנצערט פון רעליגיעזע און יידישע פאָלקס־מאָטיוון.

דאָס האָט געמאַכט אין שטאָט אַ גרויסן רושם. ס׳זענען געקומען מאַסן מענטשן, יונג און אַלט, באַוווּנדערן דאָס טאַלאַנטפולע 12־יאָריקע יינגל, זיין דרייסטקייט און מוט, אויסצופירן איינער אַליין אַ פּראָגראַם פון איבער צוויי שעה, פאַר אַזאַ ריזיקן עולם. דער רעזולטאַט איז געווען אַן איבער־ראַשנדער, די מאַסן מענטשן האָבן געגאַפט פון אַנטציקונג, זיין סאָפּראַן־שטימע האָט אַלעמען באַצויבערט און זיין זינגען האָט זיי מיטגעריסן. קלמן האָט אויסגעהאַלטן דעם ערשטן עקזאַמען, און באַקומען אָנערקענונג און פּאָפּולאַריטעט אין שטאָט.

די אַלטע כלי־זמרים האָבן גלייך אַריינגענומען קלמנען אין זייער קאַפּעלע, אַלס זייער אָנפירער, און האָבן זיך באַ־צויגן צו אים נישט ווי צו אַ קינד, נאָר ווי צו זייער טאָן־געבער און פאַכמאַן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע ערע אין דער מוזיק פון ווישאָגראַד.

קלמן האָט נישט נאָר געלייענט נאָטן, נאָר אויך אַליין געשריבן און פאַרפאַסט מעלאָדיעס צו לידער. ער איז אויך געשטאַנען אין שריפטלעכער פאַרבינדונג מיט דיריגענטן און קאָמפּאָזיטאָרן פון לאַנד און פון אויסלאַנד, און פון זיי גע־לערנט. ער האָט אויך זיינע חברים פון דער קאַפּעליע גע־לערנט נאָטן און די עלעמענטאַרע כללים פון מוזיק. קלמן האָט מיטגעווירקט אָפּצושטעלן די אַלטע נישט־אַנשטענדיקע פּראַקטיק פון די כלי־זמרים, ווי כאַפּן פון די טישן, שטעלן טאַצן, בעטן צוגאָב־געלט פון די געסט פאַרן מצוה־טענצל און אויפשפּיל־געלט אאַז״וו. דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ גינס־טיקע אַטמאָספער און אַ נייע באַציאונג צו די כלי־זמרים, ווי צו מענטשן מיט ווירדע און כבוד.

קלמן באַקומט דאַן אַ סטאַבילן פּאָסטן, צו שפּילן אין קי־נאָ אין סאָכאַטשאָוו.

דאָס האָט געדויערט עטלעכע יאָר ביזן אויפקום פון קלאַנג־פילם. אין דער צייט הויבן אָן שטראָמען יונגע פּרע־טענדענטן אויף מוזיקער פון דערפער, און אויך לעקציעס פון נאָטן און מוזיק. דאָס פאַרבינדט אים מיטצופאָרן, כמעט אויף אַלע דאָרפישע חתונות, צוזאַמען מיט זיינע פּוילישע שילער.

קלמן ווערט באַרימט אין דער גאַנצער געגנט, די פּוי־לישע אינטעליגענץ נעמט אים אויף פּאַרווילונגען. זייער אָפט פאָרט ער קיין פּלאָנסק, פּלאָצק, סאָכאַטשאָוו, זאַקראָטשים א.א. אַ סך יידישע יוגנטלעכע פון שטעטל האָבן זיך אויך ביי אים געלערנט מוזיק און פידל, ווי נפתלי קופּערמאַן, צירל בלו־שטיין, שמחה ליפּסקער, זיין ברודער מענדל, איזראַעלעוויטש, און אַנדערע. ער אַליין איז סיסטעמאַטיש געשטיגן העכער און העכער, געלערנט פיל ביכער און פּרעסע פון אַלע אי־

דעאישע ריכטונגען, צו זיין אידעלע שפּראַך און הויכן באַוווסטזיין האָבן זיך אַלע באַצויגן מיט רעספּעקט און כבוד.

אין דער צווייטער העלפט פון די 20ער יאָרן ווערט קלמן אַ מיטגליד אין דער אַרבעטער־ביבליאָטעק, און אינטערעסירט זיך מיט אַלע אירע פּראָבלעמען, ווי ביכער קויפן, לעזעזאַל, א.א. ער אינטערעסירט זיך מיט דער יוגנט, ער ווערט אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער קאָמיסיע פון קולטור און דערציאונג. מיט אַנטשטיין פון דראַמקרייז ביי דער ביבליאָטעק הייבט זיך אָן אַ ניי קאַפּיטל אין דער אַרבעט פון קלמנען. ער ווערט דאָס האַרץ און מוח פון קרייז. ער ווידמעט זיך איבער זיינע כוחות, ווערט איר מוזיקאַלישער לייטער, שאַפט קופּלעטן און נאָטן און פּאַסט צו מוזיק. ער איז אויך פאַרבונדן מיט די רעזשיסערן: נחום גרינבערג, בן־עמי, ליפּמאַן ווישאַגראַדסקי, שיע, אייזיק כמיעל א.אַ. זיי שאַפן ספּעקטאַקלען, טעאַטער־שטיק, פון וועלכע אַפילו וואַרשעווער טעאַטער־קענער זענען באַגייסטערט.

ער האָט געטריי געדינט מיט זיין האַרץ, טאַלאַנט און נשמה די געזעלשאַפט. געאַרבעט און געהאַט הנאה פון אירע פּרוכטן. ער איז געווען הויך געשעצט ביי אַלעמען, ווי אַ גוטער חבר און קינסטלער. ער האָט זיך געפרייט מיט אַלע זיגן פון דער באַוועגונג, און איבערגעלעבט און געליטן פון דורכפאַלן. קלמן האָט חתונה געהאַט בערך אין 1930, מיט אַ פרימאַדאָנע פון דראַמקרייז, מיט יסכה זאַיאַנץ, געוווינט ביי כיציעסקין אין אַ שיינער וווינונג, געהאַט אַ שיין, גערוּאַטן טעכטערל, מיט גרויסע מוזיקאַלישע פעאיקייטן און געלעבט אַן אינטערעסאַנט, קולטורעל לעבן. זיין טיר איז שטענדיק געווען אָפן פאַר פריינד און באַקאַנטע און ער איז שטענדיק געווען גרייט יענעם אַרויסצוהעלפן.

ווען ס'איז געקומען דער היטלער־חורבן, האָבן זיי געמוזט פאַרלאָזן זייער היים, זייער האָב־און־גוטס. אַמייסטן איז אים שווער געווען זיך צו שיידן מיט דעם גרויסן אוצר נאָטן, אָנגעזאַמלטע אין משך פון לאַנגע יאָרן.

ער איז אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק מיט זיין כישוף־פידל און געהאַט פּערספּעקטיוון, ווידער מאַכן אַ גרויסע קאַריערע.

איך האָב זיך געפונען אין מינסק, און געפירט מיט אים קאָרעספּאָנדענץ, געמיינט ער וועט זיך ראַטעווען, אָבער זיין מזל האָט אים צום צווייטן מאָל אַריינגעפירט אין די הענט פון דער היטלעריסטישער חיה. ער איז אומגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

ערע זיין אָנדענק.

**פנחס קראַנגראַד**

# זכרון לקדושים

מיין פאָטער ר' אפרים פישל מרדכי ז"ל, פלעגט פאַרברענגען פיל צייט אין דער פרעמד אין צוזאַמענהאַנג מיט זיינע געשעפטן פון האָלץ און קוילן, די חפצים אין זיין רייזערענצל זענען באַשטאַנען, אויסער טלית און תפילין, פון כשר עסנוואַרג, ספרים צום מעיין זיין, און אַ קליין גמרא'לע אויף לערנען צום ערב פסח'דיקן סיום אָלס בכור. צום סיום פלעגט ער אויך מיך — אָדער אַנדערע קינדער לויט דער עלטער — מיטנעמען, מיר זאָלן זיך לערנען זיין דרך. פרייטיק נאָכן האַנדל איז דער פאָטער שנעל אין מקוה געלאָפן, זיך רייניקן לכבוד שבת, און ווען ר' איציק איינבינדער האָט געשריגן „צייט לעכט צינדן!" איז די מוטער ראַשקע ע"ה שוין גרייט געווען צו לעכט צינדן, די קיך מיט שבת'דיקע מאכלים שוין געווען פאַרמאַכט, די ליכט און לאָמפּן צוגעגרייט, דער שבת שמעקט שוין אין אַלע ווינקעלעך, די אַטלאַסענע מלבושים פאַר די זין און די שבת'דיקע קליידעלעך פאַר די טעכטער, אַלץ האָט די מוטער שוין געהאַט פאַרגעגרייט, אויפצונעמען דעם שבת־קודש, די טעכטער דאַוונענען אין שטוב מיט זייער נוסח, און מיר אין אַמשינאָווער שטיבל, דאָרט ווו צו שבת־הייליקייט האָט זיך אויך באַהאַפטן שבת־פריידיקייט, אַט האָט ר' משה טובי' גאָלד — דעם שוואַרצן ר' אברהם'ס אײדעם — געבראַנגט פון וואַרשע אַ נייעם מאָדזשיצער ניגון, וועלכער האָט אונדז באַגלייט אַהיים. נאָך „שלום־עליכם" און „קידוש", האָבן זיך צום טיש געזעצט צו סעודת־שבת, די גאַנצע משפחה, די עלטערן, די 5 זין, אברהם מאיר הי"ד דער עלטסטער, די יינגערע זין איטשע, שלמה־לייב און מנחם הי"ד.

אַז איטשע איז געקומען אויף חופש פון דער ישיבה האָט ער מיטגעבראַנגט מאָדזשיצער ניגונים, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט ביים שוואָגער יואל דוד קרימקאַ ע"ה. זייערע קלאַנגען האָבן ווייט אָפּגעהילכט, און שכנים האָבן פון נאָענט פון הינטער די פענצטער זיך צוגעהערט. נאָכן בענטשן גייט מען אין „צעירי אגודת ישראל" לערנען די שיעורים, הערן אַ וויכטיקן רעפעראַט, ווי אויך צוזאַמען זינגען שירי־שבת. גאַנץ פרי, ווען דער טאַטע וועקט אונדז אויף, האָט ער שוין גאַנץ תהילים געענדיקט און מיר באַטייליקן זיך אין לערנען זוהר, תהילים אָדער מדרש. דאָס שטעטל שלאָפט נאָך זיין שבת־שלאָף, הערט זיך פון ווייט דער רוף פון שמש ר' איציק איינבינדער, „אין־שול־אַריין", „אין־שול־אַריין!". די מאַמע געקליידט אין שבת־מלבושים מיט אירע צירונג גייט אין שול אַריין, און טאַטע, די עלטסטע טאָכטער, טרייבט די פאַר־

שפּעטיקטע פון די בעטן, זי וויל צורוימען די שטוב — איידער די מוטער קומט פון שול — לכבוד שבת, און מיר אַלע, אברהם מאיר, שוין אַדערוואַקסענער בחור, איך שוין אויך אַ בית־מדרש־בחור, זיצן מיר אַלע אַרום טיש מיטן טאַטן און לערנען חומש־רש״י און מדרש רבה. אַז די מוטער קומט פון שול גייען מיר ערשט אין אַמשינאָווער שטיבל, בעל מתחיל איז געווען מיין שווער ר׳ שמעון זילבערבוים ז״ל, בעל שחרית ר׳ אברהם יאַקובאָוויטש — אלעזר יורש׳ס איידעם — אָדער מיין פעטער ר׳ משה יוסף זילבערבוים ז״ל, בעל קורא איז געווען ר׳ אלי בזשעזשינאַ. היינט שבת מברכין האָט געבענטשט ראש־חודש ר׳ ליפּא וויעזשבינסקי ז״ל, מיט דער באַגלייטונג פון זיינע 4 זין: יאָסל, שמואל, מאָטל און ירחמיאל הי״ד. אינדערהיים נאָך סעודת־שבת, זמירת־שבת, און אַ קורצן שבת־שלאָף, האָבן מיר זיך נאָכאַמאָל געזעצט צום טיש. ענדיקן מדרש רבה, אָדער פּרקי־אבות אין ווינטער, דערנאָך אין סעודה שלישית מיט זמירות לויט אַמשינאָווער, וואָרקער און מאָדזשיצער ניגונים. אָט ווערט שטיל. ר׳ יוסף דוד שפּיכלער — דער גבאי, גיט איבער אַ הייס וואָרט פון די גדולי החסידות, מיטן פּזמון „כי אשמרה שבת״ מיט ר׳ שמואל וויעזשבינסקיס אַ נייעם ניגון, פאַרענדיקט מען דעם שבת. אינדערהיים נאָך הבדלה פירט זיך דער פאָטער ז״ל, אַז „ויתן לך״ זאָגט ער מיט אַלע קינדער צוזאַמען. נאָך מלוה־מלכה זעצט זיך דער פאָטער מאַכן זיינע געשעפטס־חשבונות, קומען אָפּגעבן אַ גמילות־חסד, באָרגן אַ גמילות־חסד, אַזוי איז געווען זיין דרך „בין אדם למקום״ און „בין אדם לחברו״. ער האָט אונדז געלערנט, געבן אַן ערלעכע וואָג, פאַרן וועגן, אַכט לייגן די וואָג זאָל זיין ריין. ער האָט באַפוילן, נישט בעטן קיין רשות ביי די עלטערן, דאַן ווען ס׳שטעקט אויס אַ האַנט נאָך אַ נדבה אַ ייד, אָדער להבדיל אַ גוי.

די לעצטע יאָרן ווען ער איז קראַנק געוואָרן אויף סקלעראָזע און נישט געקענט מער אַרבעטן, האָט ער דאָך אונדז געשיקט אין ישיבות לערנען. די מאַמע ע״ה האָט שווער געאַרבעט אום צו שפּאָרן אויף אַ נדן פאַר דער שוועסטער איידל, זי זאָל קענען חתונה האָבן פאַר אַ יידישן בחור. איידל האָט חתונה געהאַט מיט אַ חסידיש־אינטעליגענטן בחור פון די שיינע מקורבים פון גראָדזשיסקער הויף, ר׳ זישא אַלבערט הי״ד. ליידער האָט דאָס לאַנג נישט אָפּגעהאַלטן, זיי האָבן אויך מיטגעשפּאַנט צום חורבן, מיטן כלל וואַרשעווער יידן. מיין ברודער אברהם־מאיר הי״ד האָט גע׳שם׳ט אין גאַנץ פּוילן, אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון די „צעירי אגודת ישראל״ אין פּוילן, רעדנער, אָרגאַניזאַטאָר, און רעדאַקטאָר פון די „אָרטאָדאָקסישע יוגנט־בלעטער״.

*

איך וויל אויך פאַרצייכענען לזכרון, עטלעכע פאַקטן פון מסירת־נפש פאַר תורה און אהבת התורה פון יחידים, וועלכע לערנען וועגן כלל וויִשאָגראָדער יידן. אַפילו אָרעמע קראַנקע יידן האָבן דערצויגן זייערע קינדער צו תורה, געלאָזט לערנען אין בית־המדרש, אין ישיבות, און ביי זיי איז פאַרווירקלעכט געוואָרן די אימרא „הזהרו בבני עניים שמהם תצא תורה״.

איינער פון זיי, דוד יודל טאָהב, דעם פאָטער זיינעם האָט מען גערופן מויטע שוסטער. ער האָט געוווינט אין אָרעמקייט ביי מענדל נאמן (דער מנקר, חברה־קדישא־מאַן) אין הויף, זייער הונגער האָבן זיי עטוואָס געשטילט מיט דער הילף פון אַ סעדל, וואָס האָט זיי איבערגעלאָזט אויפן ווינטער אַ ביסל קאַרטאָפל מיט באָרשט, און דאָך דעם זון געשיקט לערנען אין ישיבות. אויך אברהם־יצחק (הוגרעס) קליינמאַן, האָט געלערנט אין בית־המדרש, דערנאָך אין ישיבת גראָדנא, דער פאָטער ר׳ יעקב איז געווען אַ קראַנקער און אַ לאָמער



די פאַמיליע קראַנגראַד — אויף איידלס חתונה

שוסטער, וואָס האָט נישט געהאַט דעם טאָג איבערצולעבן, אָדער יצחק קאַרפּ, וועלכער האָט געלערנט אין בית־המדרש, און אין בריסקער ישיבה אין וואַרשע, דער פאָטער משה אַ דאָרפס־גייער, און דאָך האָט די אהבת־התורה איבערגעוויגן אַלע חשבונות פון העלפן אין שטוב צו פרנסה, און אפילו מתוך עוני געפירט די קינדער לערנען אין ישיבות. אויך די נסיונות העוני האָבן זיי נישט פאַרפירט, זיי האָבן אַלץ אויסגעשטאַנען און געזיגט. האָט געטראָפן, אַז ר׳ שמשון האָט אַמאָל פאַרלוירן זיין טייסטער, ווען ער איז צוריקגעקומען אין בית־המדרש אים דאָרט זוכן, האָבן די בחורים אים אַקעגן געטראָגן די אבידה, וועלכע זיי האָבן געפונען, ווען ער האָט זיי געוואָלט באַלוינען, איז זייער טענה געווען:

„וואָס הייסט? מיר וועלן פאַרקויפן פאַר געלט די מצוה פון השבת אבידה?! חלילה!".

טראָצדעם וואָס זיי האָבן זיך געניי־טיקט אין דער באַלוינונג, זענען זיי דעם נסיון העוני בייגעשטאַנען...

זאָלן זיי און זייערע מעשים אויך פאַרצייכנט ווערן לזכרון־נצח!

**בחורי הישיבות**

בירנהאלץ ישכר בן ר׳ זאב ז״ל;
גרינבאום ישראל יצחק בין ר׳ יעקב ז״ל;
גורפינקעל מאיר מאכיל בן מענדיל ז״ל;
דייטש מאכיל בן ר׳ סיני ז״ל;
זאנד מיכאל בן ר׳ יעקב דוד ז״ל;
פעלז אברהם שמעון בן יעקב יהודה ז״ל;
פעלז סיני בן יעקב יהודה ז״ל
קאַרפּ יצחק בן ר׳ משה ז״ל;
קליינמאַן אברהם יצחק בן ר׳ יעקב ז״ל;
קראַנגראַד פנחס בן ר׳ אפרים פישיל ז״ל;
קראַנגראַד יצחק בן ר׳ אפרים פישיל ז״ל;
קירשינבאום שמחה בן ר׳ נחמן ז״ל;
ראָזענבערג אהרן אביגדור בן ר׳ גאדיל ז״ל;
רורא נתן מאיר בן ר׳ בנימין ז״ל;
רורא אלתר בן ר׳ בנימין ז״ל

**שרה אסתר קראַנגראַד**

# מיינע עלטערן

דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב געזען מיין פאָטער שמשון שרגא זילבערבוים הי״ד, איז געווען בעתן אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל אין 1935. מיר האָבן זיך געזעגנט, ווי מיר זאָלן פילן, אַז מיר זעען זיך דאָס לעצטע מאָל. מיר האָבן זיך נישט



געקאָנט אָפּרייסן איינער פון צווייטן. דער צוג האָט דעם לעצטן סיגנאַל געגעבן און דער חבר אַלטער רוראַ האָט אונדז געוואָרנט, אַז דער צוג פאָרט אָפּ! און קיין עצה נישטאָ! ווען דער צוג האָט מיך ווייט אַוועקגעפירט, האָב איך ערשט געפילט דעם ווייטיק, וואָס די מוטער איז נישט געווען ביים לעצטן געזעגענען זיך, פריער האָב איך געמיינט, אַז איך פאָר זיך אַזוי קיין וואַרשע...

באַרואיקט האָב איך זיך ערשט אויף דער שיף מיט דער הילף פון דער גוטער געזעלשאַפט, אַלץ יונגע פאַרלעך פון „צעירי אגודת ישראל".

שווער צו שילדערן מיין פאָטער, זיין ליבע צו מיר, צו דער משפחה, צו אַלע מענטשן. זיינע מידות טובות, זיין ערלעכקייט נישט חנפענען קיינעם, תמיד איז ער גרייט געווען אָפּגעבן פאַר אַן אורח זיין געלעגער און זיך אויסבעטן אויף וואָס עס איז. זיין זאָרג פאַר די קינדער ווי פאַר פרעמדע מענטשן, אַן אָפענע טיר געווען ביי אונדז פאַר אַ ייד, וואָס האָט זיך געניייטיקט אין א גמילות־חסד. די לעצטע יאָרן איז געווען אַן עקסטראַ ביכל פון גמילות־חסד. מען האָט נישט געקענט געדענקען אַלץ אויפן קאָפּ.

די ליבע מאַמע פייגע הי״ד, האָט, חלילה, נישט געזאָגט ניין, נאָר אויפגענומען יעדן מענטש מיט פרייד, געגעבן עסן און טרינקען מיט די פולע האַנט אַן אונטערשיד פרעמדע ווי אייגענע.

ביי אונדז איז געווען מיין פאָטערס אַ שוועסטער, אַן אַלמנה מיט פינף קינדער. דאָס איז געווען די מומע מלכה הי״ד. זי איז צוריק געגאַנגען צום זיידן אין דאָרף און די קינדער האָבן געלערנט אין שטאָט און מיין מוטער ע״ה האָט זיי געהאַלטן ווי אייגענע קינדער. פאַר אַלעמען איז געווען פּלאַץ.

די בית־המדרש בחורים האָבן גוט געוווסט, אַז שיקן אַ צע־טעלע מיט אַן אורח אויף מיטאָג, וועט מען ביי אונדז אין שטוב קיינמאָל נישט אָפּזאָגן...

דער חינוך, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן אונדז גע־געבן איז געוואָרן איינגעקריצט אין אונדזערע ביינער. די שוועסטער פראַדיל הי״ד, ווי באַשעפטיקט זי איז געווען, אויב עס איז אַריינגעקומען אַ מיידל, וואָס איז געווען שוואַך אין דער לערע, האָט זי זיך גלייך אַוועקגעזעצט איר צו העלפן.

דעם כבוד, וואָס מיר האָבן אָפּגעגעבן דעם זיידן ברוך מרדכי ז״ל 20 יאָר, וואָס ער איז געווען ביי אונדז אין שטוב און איז געשטאָרבן ביים פעטער משה יוסף הי״ד. די לעצטע ווערטער זיינע, איידער ער האָט פאַרמאַכט די אויגן זענען גע־ווען: „שרה־אסתרשי דו ביסט דאָ!!״ דאָס איז געווען צוליב דעם כבוד, וואָס מיר האָבן אים אַזוי פיל אָפּגעגעבן, אַזוי ווי מיר האָבן געלערנט ביי די עלטערן ז״ל, מכבד זיין יעדן, וואָס איז עלטער פון מיר.

אַלס 10־יאָריק קינד האָט ער מיך שוין געלערנט: ״ליב קינד, זאָלסט זיין פאָרזיכטיק מיט דער וואָג, עס זאָל שטענדיק איבערוועגן יענעמס און דעם, וואָס נעמט אַן געלט, חלילה, נישט רעכענען טייער״.

אַזאַ איז געווען שמשון שרגא זילבערבוים! ליידער האָט מיר קיינער אַפילו נישט געקענט זאָגן אויף וואָס פאַר אַ טראַ־גישן אופן ער און די גאַנצע משפחה איז אומגעקומען.

די שוועסטער רחל מיט איר מאַן משה יעלין, אַ בן תורה, אַ שיינער בעל־תפילה. די שוועסטער פראַדל איז געווען אַ פרום מיידל, אַ חברה אין „בנות אגודת ישראל״. אַלע זענען אומגעקומען אין אוישוויץ. נאָכדעם, וואָס זיי האָבן מיטגע־מאַכט אין די געטאָס פון ווישאָגראָד און נאָווידוואָר.

איך וויל דערמאָנען מיין פעטער משה יוסף זילבערבוים, די מומע חוה מיט זייערע פינף טעכטער. דער פעטער — אַ חסידישער ייד, אַ שיינער בעל־הבית און בעל־תפילה. גע־שטיצט דעם בית־יעקב און חדר „יסודי התורה״ און געגעבן זיינע קינדער אַ מוסטערהאַפטע דערציאונג על דרך התורה. חתונה געמאַכט זיין עלטסטע טאָכטער מיט לייבל גאָלעווסקי, אַ חסידישער יונגערמאַן. די גאַנצע משפחה מיט זייערע פינף קינדערלעך — פראַדיל, חנה, גיטל און זיסעלע. פון זיי איז קיינער נישט געבליבן לעבן. הי״ד, יהי זכרם ברוך.



פאַמיליע זילבערבוים — צו דער עליה פון זייער טאָכטער שרה־אסתר און איר מאַן פנחס

**יענקל העכט**

# די פּעדערן־יידענע און איר אייניקל

**(צום אָנדענק פון איר אייניקל אברהם ז״ל)**

מיינע עלטערן, אברהם־הירש און חנה־חיה, זענען געווען פּשוטע מענטשן און ווישאָגראַד האָט זיי געשעצט און גע־ערט אַלס אַרבעטזאַמע אָרנטלעכע מענטשן, וואָס ביי זייער שווערער אַרבעט האָבן זיי געוווסט צו זיין אויסגעוויזן נאָר אויף זיך און זאָרגן פאַר זייערע קינדער, זיי זאָלן זיין זעלב־שטענדיק, מענטשן מיט פּאַכן און בלייבן געטריי דעם פאָלק אויף זייער שטייגער.



מיין מאַמע חנה־חיהן האָט יעדער גערופן די פּעדער־יידענע און זי געקענט אַלס אַזעלכע. אירע יאָרן זענען אַוועק אין פּעדערן. זי פלעגט פּוצן עופות, הינער, קאַטשקעס, צו־זאַמענעמען די פּעדערן, סאָרטירן און פאַרקויפן.

אייגנטלעך איז עס געווען אַ מסחר ווי אַלע מסחרים, אָבער מ׳האָט געדאַרפט אַרבעטן מער ווי ביי אַנדערע מסח־רים. און ס׳איז געווען מער אַרבעט ווי מסחר. דערפאַר איז ביי אונדז די אַטמאָספער געווען אַ פּראָלעטאַרישע. די מאַמע האָט געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט. און מיר קינדער האָבן מיטגעאַרבעט מיט איר.

מענטשן אין ווישאָגראַד האָבן געקענט אונדזער מאַגאַ־זין, די לעצטע שטוב מיט די פּעדערן. דאָרט האָט געהערשט אַן אייביקער ווייסער שטילער נעפּל פון פּעדערן, און אַ שטילע ערנסטקייט האָט געהערשט אַרום איר.

פאַר שבת און יום־טוב איז געווען הויך־סעזאָן. דאַן האָבן מיר געגעסן, געטרונקן, געשלאָפן און געאָטעמט מיט פּעדערן. מיר זענען געגאַנגען, געשטאַנען און געזעסן אין אַן אַזיערע פון צעשיטע פּוכענע פּעדערן.

מיר האָבן געוווינט אויף רעמבאָווער גאַס, ביי אוראַשעווּ־סקין אונטערן דאַך און דאָרט זענען מיר אויפגעוואַקסן. פינף קינדער, דריי שוועסטערן — שרה־לאה, קיילע־רבקה און פעסיע און צוויי זין — ישראל־וואָלף און איך.

שווער איז געווען מיינע עלטערן, אָבער זיי האָבן אונדז געגעבן אַ דערציאונג אַ זאַכלעכע און ערנסטע. יעדער פון אונדז האָט געלערנט אַ פאַך און נישט געווען קיין אתה־בחרתנו־קאַנדידאַט.

שרה־לאה איז געווען די בעסטע נייטאָרין אין שטאָט און באַנייט אַלע נייע פאַרפעלקער פאַר זייער חתונה. איר מאַן מיכל זשיכלין, איז געווען דער פירער פון די לינקע פועלי־ציון.

קיילע־רבקהס מאַן איז געווען שלמה־לייב בוזשניצקי, דער וואָרטזאָגער פון קאָמוניזם אין שטעטל און טאַלאַנטפו־לער פּאָליטישער רעדנער. ישראל־וואָלף האָט חתונה־געהאַט מיט ביילע זשיכלין, די טאָכטער פון ר׳ איטשע־יעקב.

פון דער גאַנצער משפּחה זענען מיר געבליבן נאָר די צוויי זין. ישראל־וואָלף האָט איבערגעלעבט געטאָס, טויט־לאַ־גערן און אוישוויץ און געפינט זיך היינט אין אַרגענטינע און איך אין מורשה, ישראל.

מיין עלטסטער זון אברהם, דאָס אייניקל פון דער פּעדער־יידענע, איז, געטריי דער משפּחה־אַטמאָספער, אַוועק אין קיבוץ און פון דאָרט געשיקט געוואָרן אין צה״ל. אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה האָט ער אַלס צנחן (פּאַראַשוטיסט און דעסאַנטלער) געקעמפט פאַר דער באַפרייאונג פון ירושלים. באַפרייט די אַלטשטאָט און פאַרוווּנדעט געוואָרן פון אַ שראַפּנעל. צענדליקער שפּליטערס זענען אים געבליבן אין קערפּער און מ׳האָט זיי נישט געקאָנט באַזייטיקן.

נאָך צוויי יאָר האָט ער זיך אומגעקערט אין קיבוץ. געאַרבעט און געטרוימט זיך לערנען אין אוניווערסיטעט. אָבער אין מיטן פון זיין טרוים איז ער געשטאָרבן נאָך שווערע ווייטיקן און אויסגעהויכט זיין ריינע נשמה דעם 21סטן יולי 1969.

אברהם־הערש איז געווען אַ ייִנגל מיט מעלות טובות. דינסטגרייט און גוטהאַרציק, געטריי זיין היים און זיין גע־זעלשאַפט, פּאַטריאָט און מענטש.

מיר, זיינע עלטערן, האָבן פאַרלוירן אַ טייערן זון. דער ווישאָגראַדער געזעלשאַפט איז צוגעקומען אַ נאַציאָנאַלער העלד, וואָס איז געפאַלן אַ קרבן פון זיין אָנשויאונג פאַר דעם פאַרזיכערן דעם קיום פון יידישן פאָלק אין זיין מדינה.

פון דער פּעדער־יידענע ביז אברהמלען ציט זיך אַ לאַנגע קייט פון שווערן קאַמף פאַר יידישער עקזיסטענץ פון פאָלק און פון זיינע יחידים.

**דייטש—וואַלפּיש**

# ר׳ משה יעקב טאוב

אַ ייד אַ קליינינקער אַ דאַרער מיט אַ פּאָר האָר אויף דער גאָמבע, אַן אויסזען פון אַן אַסקעט, וואָס האָט באַשלאָסן קיינמאָל נישט נהנה זיין פון עולם הזה נאָר אַלץ טון, כדי זיך פאַרזיכערן עולם הבא.

קיין קינדער האָט ער לא עלינו נישט געהאַט. געוווינט אין אַ דאַך־שטיבל ביי משה כמעל אין הויז צוזאַמען מיט זיין וויב אין גרויס דחקות און נויט.

ביזן ערשטן קריג האָט ער געהאַנדלט מיט מעל. נאָך דעם גירוש האָט ער געלעבט פון צווי „פּרנסות", פון שטאָפּן פּאַפּיראָסן און קליבן טיטן צום פּאַקעווען.

ער איז געווען אַ ראַדזימינער חסיד און געדאַוונט אין וואַרקער־שטיבל שבתים און ימים טובים.

יעדן טאָג, אַרום 4 אינדערפרי איז ער שוין געגאַנגען אין בית המדרש, געלערנט אַ פּרק משניות און געלערנט „חיי־אדם" ביז 6 אַזייגער. דאַן האָט ער אָנגעפאַנגען זאָגן תהילים און מזכה געווען אויך אַנדערע מיט תהילים. ער פלעגט צורופן יידן און זאָגן צען קאַפּיטלעך תהילים, מיט זיי צוזאַמען, צוליב דרך־ארץ האָט אים קיינער נישט אָפּגע־זאָגט. אַזוי האָט ער געזאָגט ביז 11 אַזייגער. דאַן ערשט האָט ער אָנגעהויבן דאַווענען מיטן לעצטן מנין. דאָס זענען געווען בחורים, וואָס האָבן געענדיקט אַ „שיעור" אָדער יידן וואָס זענען אָנגעקומען שפּעט ביינאַכט מיטן סטאַטעק פון וואַרשע.

ביים דאַווענען האָט ער שטאַרק מדקדק געווען, געזאָגט אַלץ פון סידור, הויך אויפן קול און פּאַמעלעך אַזוי ווי מען ציילט געלט, ער איז געווען אַ חסיד, אָבער ער האָט זיך קיינמאָל נישט געמישט אין קהלישע ענינים, ווייל „דער עי־קר איז לשם שמים".

4 אַזייגער איז ער שוין געווען צוריק אין בית־מדרש דאַ־ווענען מנחה. נאָך מנחה האָט ער ווידער געזאָגט תהילים און נאָך מעריב געזעסן ביז שפּעט ביינאַכט און געשטאָפּט פּאַפּיראָסן אָדער געקלעפּט ביטלען, געלעבט אין נויט, אָבער נישט נהנה געווען פון מתנת בשר ודם.

אין וואַרקער שטיבל האָבן מיט אים אויך געדאַוונט משה יעקב גריצער מיט די זין: יצחק לייב טאָוב, אברהם יצחק קליינמאַן, ר׳ יידל שיינבוים אברהם יוספס זון, בנימין רוראַ, דוד הירש ראָזנפעלד, איטשע דוד בוקי, שמואליק בוקי, יאָסקע זאַיאָנץ און ר׳ בנימין מלמד.

לאַנגע יאָרן איז ר׳ משה יעקב געווען בעל תפלה, גע־דאַוונט פאַרן עמוד אין די ימים נוראים. ווען ר׳ יידל שיינ־בוים איז אַלט געוואָרן 30 יאָר, האָט ער געדאַוונט מוסף ימים נוראים. ער איז געווען זייער אַ שיינער בעל־מנגן, אַ סך שענער פון ר׳ משה יעקבן, וואָס איז שוין געווען אַן עלטערער מענטש. די יונגע חברה זענען צוגעשטאַנען אַז ר׳ יידל זאָל דאַווענען פאַר זיי נעילה. אָבער יידל האָט זיי געענטפערט:

— ר׳ משה יעקב דאַוונט שוין אַזויפיל יאָרן נעילה, וועל איך נישט דאַווענען ביז ר׳ משה יעקב וועט נישט געבן זיין הסכמה דערצו.

נו, מ׳איז צוגעגאַנגען צו ר׳ משה יעקבן און אים דער־ציילט וועגן יידלס ענטפער. ר׳ משה יעקב האָט לאַנג נישט געטראַכט און געזאָגט:

— מהיכא תיתי, זאָל ער דאַווענען דאָס יאָר.

דאָס צווייטע יאָר האָבן ווידער יונגע חברה געוואָלט הערן דעם שיינעם בעל תפלה, זענען זיי ווידער געגאַנגען צו ר׳ משה יעקבן, אים געבעטן געבן זיין רשות. אָבער דאָס מאָל האָט ער געענטפערט קורץ און שאַרף:

— ס׳טוט מיר נאָך באַנק אויף דער פאַראַיאָריקער „נעילה" און צוגעגעבן:

— ווי לאַנג אַ מענטש קאָן, טאָר ער זיך נישט אָפּזאָגן פון „עבודת הבורא".

אין 1931 אָדער אָנפאַנג 1932 איז ר׳ משה יעקב ז"ל נפטר געוואָרן.

ווען ער איז קראַנק געוואָרן און געלעגן אַ שטיקל צייט צו בעט זענען אַ סך מענטשן געקומען אים מבקר חולה זיין, האָט זיין פרוי געהאַלטן אין איין זאָגן, אַז זי וויל שטאַרבן פאַר אים ווייל:

— ווען איך וועל שטאַרבן פריער וועט מען זאָגן גע־שטאָרבן ר׳ משה יעקבס פרוי, אָבער נאָך זיין טויט אויב כ׳וועל שטאַרבן, וועט מען זאָגן „עפּעס אַ יידענע איז גע־שטאָרבן".

און אַזוי איז געווען. זי איז פּלוצים קראַנק געוואָרן, אָפּ־געלעגן אַ פּאָר טעג און געשטאָרבן, דריי טעג פאַר זיין טויט.

צו ר׳ משה יעקבס לוויה האָט די גאַנצע שטאָט אים אָפּ־געטיילט דעם לעצטן כבוד, אַזוי ווי ס׳איז אים געקומען.

ר׳ משה יעקב ז"ל איז געווען אַ זעלטן ערלעכער מאַן, אַן איש תם, וואָס זיין גלייכן זענען געווען געציילטע, נישט נאָר אין וױשאַגראַד נאָר אין דער געגנט אַרום.

דאָס איז געווען נישט אַנדערש ווי אַ למד־וואָווניק, וואָס איז נישט נתגלה געוואָרן. וױשאַגראַד האָט אַזעלכע יידן געהאַט וויניק.

ר׳ משה יעקב, זכרון צדיק לעולם.

חנה גמאַך

# משפחה זכרונות

## מיין באָבעס ליבעס

די באָבע דבורה איז געווען אַ בילד־שיין מיידל. פון קינדוויַיז געווען אַ יתומה און דערצויגן געוואָרן ביי איר פעטער און מומע אינעם קליינעם שטעטל באַדזאַנאָוו. די עלטערן אירע זענען איר אָפּגעשטאָרבן בעת זי איז נאָך געווען אַ קליין קינד. ווי זי איז געוואַקסן איז איר שיינקייט מיטגעוואַקסן. ווי אַ שיינע מלכה האָט זי דאָס שטעטל באַקרוינט. דער פעטער האָט געהאַט אַ שענק, און די שיינע דבורה האָט אויך מיטגעהאָלפן צו דער פּרנסה אין שענק. ווי געוויינלעך, זענען דאָרט פאַרשידענע מענטשן אַריינגעקומען. צווישן זיי אויך אַ געוויסער אַנטעק, אַ פּאָלאַק. דער אַנטעק האָט זיך פאַרליבט אין דער שיינער דבורה, און האָט איר פאָרגעשלאָגן מיט אים חתונה האָבן. וויפל זי האָט אים דערקלערט, אַז זי איז אַ יידיש מיידל און ער דאַרף דערפון קיינמאָל נישט טראַכטן, האָט ער פון דעם אַלעם נישט געוואָלט וויסן. ער האָט געדראָט אַז ער וועט זי דערהרגענען. נישט געפינענדיק קיין אויסוועג, האָט זי אים יעדעס מאָל צוגעזאָגט, אַז זי וועט איבעררעדן מיט דער מומען. אַזוי האָט זי אים עטלעכע וואָכן אָפּגעשלעפּט. איינמאָל איז ער אַרויס פון געדולד און איר געזאָגט:

„הער, דבורה, איך גיב דיר צייט 3 טעג, דו זאָלסט מיר געבן אַן ענדגילטיקע תשובה — יאָ אָדער ניין!"

טראָץ דעם וואָס איר מורא איז געווען גרויס, דאָך האָט זי וויַיטער צוגעזאָגט, אַז זי וועט איבעררעדן מיט דער מומען, אָבער דערביי צוגעגעבן:

„מ'טאָר קיינמאָל נישט פאַרויס זאָגן וואָס דער מאָרגן קען ברענגען".

גאַנצע נעכט איז די באָבע דבורה נישט געשלאָפן, נאָר געוויינט, און דאַן מורא געהאַט צו דערציילן דעם פעטער מיט דער מומען. אין יענער צייט איז פאָרגעקומען דער פוילישער אויפשטאַנד קעגן דער צאַרישער מאַכט, און די פּאָלאַקן פון דער געגנט האָבן זיך פאַרזאַמלט אין צ'ישקאָווער וואַלד, זיך צוגעגרייט מיט ווידלעס און קאָסעס און אַנדערע מכשירים זיך אַנטקעגן שטעלן דער צאַרישער מאַכט. די רוסן האָבן אַרומגערינגלט דעם וואַלד און איידער די פּאָלאַקן האָבן זיך אַרומגעזען, האָבן די רוסן זיי אויסגעשאָכטן, אַז דאָס בלוט האָט געשטראָמט אין ריוו צווישן וואַלד און שאָסיי. צווישן די געהרגעטע איז אויך געווען אַנטעק. די באָבע, דערוויסנדיק זיך דערפון האָט פריי אָפּגעאָטעמט. ערשט דאַן האָט זי דעם פעטער מיט דער מומען דערציילט פון דעם, ווי אַנטעק האָט זי געוואָלט הרגענען און אַליין געהרגעט געוואָרן. שפּעטער איז געקומען אבא מאיר גמאַך און זיך אין איר פאַרליבט, חתונה געהאַט מיט איר, און זי גענומען קיין ווישאַגראַד, ווו זיי האָבן בכבוד און גליקלעך געלעבט.



מאַרקוס און יעקב גמאַך

## דער זיידע — אַ קרבן פון זיין גוטסקייט

די באָבע האָט געטון גוטס פאַר אָרעמע קינדער. מען האָט זי גערופן דבורה די צדקת. דער זיידע איז געווען אַ שניידער. ביים זיידן אין שטוב פלעגט דאַווענען אַ מנין שבת און יום־טוב, און די קינדער פלעגט מען אַלע מאָל נעמען צו פאַרהערן, און די עלטערן האָבן געקוואָלן פון נחת. און ווען זיי האָבן דערלעבט די חתונה פון זון, האָט דער זיידע צוגערופן די טאָכטער און איר געזאָגט, אַז ער מאַכט זי פאַר אַ כלה מיט זיין ברודערן־זון לייבוש. די טאָכטער איז אַרויס מיט אַ געוויין, אַז זי איז נאָך יונג, אינגאַנצן 14 יאָר אַלט, האָט דער זיידע איר געענטפערט: „מיין קינד! איך וויל זען ווער דיין חתן איז, אפשר וועל איך נישט דערלעבן זיין אויף דיין חתונה?!". און אַזוי איז טאַקע געשען. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך פאַרשפּרייט די „חולה־רע"־עפּידעמיע, קיין מיטלען צו היילן זענען נישט געווען, צווישן די קראַנקע איז אויך געווען יודל באַל דער גבור, אַלע האָבן מורא געהאַט אַריינגיין צו אים. דער זיידע אָבער האָט געזאָגט, אַז מען קען נישט לאָזן אָפּשטאַרבן אַ מענטש, און ער איז צו אים אַריינגעגאַנגען. עטלעכע טעג שפּעטער איז דער זיידע קראַנק געוואָרן, האָט ער צוגערופן די משפּחה און מיט זיי זיך געזעגנט און אָפּגעשטאָרבן, אין עלטער פון 48 יאָר, 5 וואָכן פאַר זיין טאָכטערס תנאים, און יודל באַל האָט געלעבט ביז עטלעכע ניינציק יאָר.

מיין מאַמע האָט ביי 14 יאָר אַלט געמוזט אַליין זוכן מיטלען צו לעבן, זי האָט געשריקט זאָקן־בענדלעך, אָבער נישט געקאָנט פון דעם דערנערן זיך מיט דער מוטער. אַ פּוילישע פרוי, ברענדזינאַ, אַליין אַ לאָטשערקע, האָט באַמערקט, אַז יעדן טאָג קויפט די מאַמע אַלט ברויט, זי האָט זיך מיט איר

פּאַראינטערעסירט, און זי אַריינגענומען צו זיך און זי אויסגע־לערנט נייען אויף דער מאַשין. באַלד די ערשטע וואָך האָט זי פאַרדינט אַ האַלבן רובל, און דאָס ערשטע מאָל נאָך אַ לענגערער צייט האָבן זיי געגעסן צו דער זאַט. נאָך עטלעכע וואָכן, ווען די מאַמע האָט דאָס פאָך געקענט גוט, האָט די ברענדזינאַ איר זשירירט פאַר אַ מאַשין און די מוטער האָט געאַרבעט זעלבסטשטענדיק. עס איז געגאַנגען וואָס אַמאָל בעסער, זי האָט צוגעקויפט נאָך אַ מאַשין און אַריין גענומען מיידלעך און זיי אויסגעלערנט העפטן, אייניקע פון זיי אויך געהאַלטן ביז דער חתונה. איינע געדענק איך נאָך, די פרוי בוכנער, איר מאַן האָט געפירט די פּאָסט, ער פלעגט די מאַמע רופן „שוויגער״.

אין עלטער פון 20 יאָר האָט זי חתונה געהאַט פאַר דעם קוזין, מיט וועלכן דער זיידע האָט זי פאַר אַ כלה געמאַכט. ער האָט געענדיקט אַ מעכאַנישע שולע. מיר האָבן געהאַט צו פאַרקויפן מאַשינען, צענטריפוגעס, ראָווערן, גלייכצייטיק איז ער געווען אַן אַגענט ביי זינגערן. דער פאָטער איז געווען באַליבט ביי אַלעמען. ער איז לאַנגע יאָרן געווען לאַווניק אין געריכט, פּרעזעס פון דער באַנק, און אויפסלעצט וויצע־בירגערמייסטער.

איז געווען אַ שמחה ביי אונדז אין שטוב, איז דער שענ־טסטער טיש געווען סערווירט פאַר אָרעמע־לייט און דער טאַ־טע איז געזעסן צווישן זיי. ווען דער לאַיוויטשער פעטער האָט אים געפרעגט פאַרוואָס ער פאַרלאָזט די געסט מיטן יונגן פּאָרל? האָט ער געענטפערט:

„גענוג אַז איר זענט דאָרט, ביי אייך איז אימער יום־טוב, און די אָרעמע־לייט וואַרטן אויף אַזאַ יום־טוב און זיי דאַרפן מיך ביי זיך״.

עס האָט געטראָפן אין געריכט, ווען ער האָט געפונען דעם אָרעמאַן אַ גערעכטן און געפילט, אַז דער גביר קויפט זיך אָפּ מיט געלט, האָט ער פאַר זיין געלט געשטעלט דעם אַדוואָקאַט לענדזיאַן, און די ענדע איז געווען, אַז דער אָרעמאַן האָט געוווּנען און דער רייכער האָט געמוזט באַצאָלן די קאָסטן.

דער פאָטער איז געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן צו העלפן מענטשן, און אין שטוב איז די גאַנצע לאַסט געפאַלן אויף דער מוטער, זי האָט שוין נישט געאַרבעט פאַר יענעם, אָבער פאַר דער שטוב האָט זי אַלץ געטון, אַלע ווי־פּראַוועס גענייט, נאָר פאַר 2 גענערעלער, וועלכע האָבן די מאַטעריאַלן געבראַנגט פון פּעטערבורג און מאָסקווע, האָט זי גענייט, מען האָט זי גערופן די גאָלדענע הענט.

## ווידער די באָבע

ווען די באָבע דבורה האָט געזען ווי די עלטערן אונ־דזערע זענען זיך אַזוי מקריב פאַר די קינדער און ווילן אַלע זאָלן לערנען, האָט זי געזאָגט:

„זין, אַלס פּרנסה־געבער, דאַרפן לערנען, אָבער די טעכ־טער דאַרפן קענען לייענען, שרייבן, זיין אַ גוטע פרוי, אַ בעל־הביתטע, און אַ גוטע מאַמע, און עס וועט נאָך קומען אַ צייט ווען די קענטענישן וועלן זיך אַרומוואַלגערן אויף די מיסטן״. ליידער איז טאַקע אַזוי געווען. די אינטעליגענץ האָט מען אַריינגעזעצט אין יאַבלאָנע, ווו זיי האָבן פאַרלוירן די רעכט צו שטודירן. נאָר די, וואָס האָבן געהאַט מעגלעכקייטן האָבן די קינדער געשיקט קיין אויסלאַנד לערנען, די אַנדערע האָבן געמוזט אַרבעטן ביי וואָס עס האָט זיך געלאָזט. די באָבע האָט אויך געזאָגט, אַז עס איז בעסער ליגן מיט גאַנצע קעפּ אין צעבראָכענע בעטן, איידער אין לוקסוסאָווע בעטן מיט צעבראָכענע קעפּ.

ווען זי האָט מיט מיר „בורא־נפשות״ געזאָגט, האָט זי אויך געזאָגט, אַז יעדער מענטש האָט זיינע גוטע 7 יאָר, אָבער ער ווייסט נישט ווען, אָבער אַז מ'האָט זיי, טאָר מען נישט פאַרגעסן די שלעכטע יאָרן, נישט גרויסן זיך, ווען דו טוסט עפּעס דאַרף קיינער נישט וויסן. אַן אָרעמאַן גיב אַוועק דאָס



אבא מאיר גמאַכס זון

לעצטע, דו גיסט נישט דיינס, דער ליבער גאָט פירט אַ בוכאַל־טעריע, ער צאָלט אָפּ יעדן ווי ס'קומט אים.

ווען די באָבע איז געשטאָרבן איז געווען אַ האַרבסט־טאָג, און ס'איז געווען אַ פראַגע צי מ'וועט איר קענען קובר זיין אינעם זעלבן טאָג. אָבער גלייך ווי מ'איז אַרויס מיטן אָרון האָט די זון אויפגעשיינט און ס'גאַנצע שטעטל מיטן רב בראש האָב איר אָפּגעגעבן דעם לעצטן כבוד. דער טאַטע האָט נישט געלאָזט אַרויפלייגן די שערבלעך אויף די אויגן און דעם שלאָס ביים מויל. ער האָט געזאָגט, אַז זי האָט קיין גרוי־סע אויגן אויף יענעמס נישט געהאַט און נישט גערעדט וואָס מ'דאַרף נישט.

## אַ סוף פון אַ משפּחה

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן בין איך געווען אין ווישאָגראָד מיט מיין יעריק טעכטערל אסתר, און צוזאַמען מיט גיטל קאַהן זענען מיר אַוועק קיין אוקראַינע. דאָרט אין

אסטראג האט מיין ברודער יאקאב געלערנט אין א פוילישער שולע. מיר זענען ביי אים געווען ביז מיר זענען אוועק אויף אוראל. יאקאב האט אונדז אפגעפירט ביז פרזעמיסוקא און אונדז פארזארגט מיט אלעם בעסטן. דא איז געווען דאס לעצטע געזעגענען זיך. מער האבן מיר זיך נישט געזען. ער האט נאך געזאלט אונדז זען דורכפארנדיק קיין מאסקווע, ווו ער האט אין קרעמל געזאלט איבערגעבן זיין ווערק אין רוסיש און אוקראיניש. אבער דער דייטש האט דערווייל פארנומען אוקראינע און ווייסרוסלאנד, און ער איז ביי זיי פארבליבן. אבא מאיר (מארקוס) איז גענומען געווארן אלס זאקלאדניק, און דערשאסן געווארן 31.3.1942. איבערגעלאזט א פרוי און זון פון $3\frac{1}{2}$ יאר. נאך אים איז געשטארבן דער שוואגער יצחק דימאנט מיט זיין זון ניסן און יצחק׳ס ברודער יוסף דימאנט אויף טיפוס. די רעשט — אסתר פייגע, חוה מיטן מאן, שמואל יעקיל זיידע מיט זייערע 2 פרעכטיקע קינדער: צעלושא, און אסתרס זון אבא מאיר. די טאכטער דבורה מיט די עלטערן זענען פארברענט געווארן מיטן לעצטן טראנספארט פון ליקווידירן דאס נאוואדוואר געטא. יאקאבן האט מען גענומען קיין בירקענאו, זיין ארבעט איז געווען אין ביורא צו פארשרייבן די פארניכטעטע. אין ענדע 1944 האט מען דורך אונטערערד־ראדיא געהערט דאס דערנענטערן זיך פון דער דייטשישער מפלה. האבן א טייל יידן זיך קעגנגעשטעלט, זיך נישט געלאזט פארברענען, זענען זיי געפאלן אויף א נייעם פלאן, מ׳האט זיי געגעבן נייע מלבושים אנצוטון, „ווייל מען שיקט זיי אויף א נייע ארבעט״. געפירט האט מען זיי קיין אוישוויץ. אין דער קאזארמע האבן זיי מיטגעשיקט 2 דייטשן צום פארנאטירן זייערע פעאיקייטן צו ארבעטן. באלד האבן זיך די טירן הערמעטיש פארמאכט. די געשרייען זענען געווען גרויס. אבער נאך 2 שעה ווען מ׳האט געעפנט די טירן זענען שוין אלע געווען טויט, צעקאלעטשעטע, זיך אליין געביסן ס׳פלייש אין קאמף מיטן טויט. צווישן די 200 מאן איז אויך געווען משה לייב דימאנט, זיי זענען דאס געווען די לעצטע גרופע, וואס מ׳האט פארברענט. דערונטער אויך יאקאב.

גיטל כהן דקלבוים

# געשטאלטן פון דער אלטער היים

פורים 1938, דער לעצטער פורים פון מיין פאטער. מיין פאטער ע״ה איז זייער קראנק, אבער פורים דארף מען פריילעך זיין! אויפן טיש באשיידענע מאכלים. ארום דעם טיש זיצן חסידים, מיט וועלכע מיין פאטער (אליין א פיאסעטשנער חסיד) האט אלע יארן צוזאמען געדאוונט אין אמשינאווער שטיבל. זיי זיצן אלע און זינגען חסידישע נגונים, און אפילו מיט התלהבות זיך פארגאנגען אין א ריקוד. אלץ בכדי מהנה זיין דעם אומגליקלעכן פאטער מיינעם, וועלכער האט שוין לײדער נישט געקענט באוועגן מיט זיינע קראנקע פיס.

פון די פיל אנוועזנדע, געדענק איך: ר׳ אברהם יאקובא, וויטש, ר׳ משה יוסף זילבערבוים און אויך די הויכע געשטאלט מיט דער לאנגער בארד, ר׳ שמשון „מיט דער בארד״ (אזוי פלעגט מען אים רופן אין שטעטל), דעם צער אין זיינע אויגן, קוקנדיק אויף מיין אויסגייענדיקן פאטער געדענק איך עד היום, ווייל א חוץ זיין שיינער בארד, האט ער אויך פארמאגט א שיין יידיש הארץ. אן אפגעהיטענער פרומער מענטש, האט ערלעך געארבעט פון באגינען ביז שפעט אין דער נאכט, א בעל־צדקה, פול מיט מעשים־טובים, גמילות־חסדים פון וועלכע אויך אונדזער שטוב האט מערערע מאל גענאסן. נאך א יאר שפעטער האבן די דייטשישע באנדיטן אפגעשניטן זיין לאנגע שיינע בארד און קורץ נאכדעם אויך זיין לעבן. שפעטער אויך דאס לעבן פון זיין משפחה. אויך די אלע אנדערע זענען דורך די דייטשישע באנדיטן אומגעברענגט געווארן. זאל מיין דערמאנונג זיי דינען אלס מצבה אויף זייערע אומבאקאנטע קברים.

וויי אין א קאלידאסקאפ גייען פארביי פיל געשטאלטן פון אונדזער שטעטל, צווישן זיי וויל איך מיט גרויס שבח דערמאנען און באערן דעם נאמען פון יידישן דאקטאר ווידאווסקי. איך האב אין ווישאגראד פארענדיקט די „פאווישעכנע״ שולע, און מיט דעם געענדיקט מיין בילדונג. מיט אלע מיינע חושים האב איך געשטרעבט, געגארט פארזעצן לערנען, אבער דאס האט נאר געקענט בלייבן א פאנטאזיע. די ווירקלעכקייט איז געווען מיין ארעמע היים, א טויט־קראנקער פאטער. פון גרויס צער, אנטוישונג, האט זיך מיין גייסטיקער מעמד צוזאמענגעבראכן. איך בין קראנק געווארן. פארשטייט זיך, אז קיין געלט צום היילן זיך איז נישט געווען. צו יענער צייט האב איך באקענט דעם דאקטאר ווידאווסקי, ער האט געוווסט פון מיין באגער צו לערנען, און זיין רחמנותדיק גוט הארץ האט אים טאג־טעגלעך געברענגט צו אונדז אין שטוב און באופן סוגעסטיבי מיך געהיילט, מיר ביכער געברענגט ווי אויך תרופות, און דאס אלץ אן איין פרוטה־געלט. אזוי במשך פון 6 מאנאטן האט ער מיך צוריקגעשטעלט צום גליקלעכן געזונט. כדי צו האבן דעם רושם אז איך לערן, פלעגט ער ביי זיך אין שטוב א צייט־לאנג מיר געבן לעקציעס פון פראנצויזיש, ביז איך בין אוועק אין ווארשע ארבעטן. זאלן די ווערטער פול מיט ליבשאפט, וועלכע איך טראג אין הארצן אייביק דינען אלס קראנץ שיינע בלומען אויף זיין אומבאקאנטן קבר.

צווישן אנדערע דערוועקט זיך אין מיין זכרון א טראגיקאמישער געשטאלט „חיים־אהרן מיט די 1000 פוד לאקשן״.

*

איך געדענק אים אַ הויכער דאַרער ייד, װעלכער פלעגט בעטן עסן אין די שטיבן. דער אָפּגעלאָזענער אינדיװיד האָט גורם געװען אַ מאָל גרויס שרעק פאַר מיר און נאָך אַנװעזנדע. געװען איז דאָס נאָך גאַנץ װײַט פון דער היטלער־תּקופֿה, אַ שײנער ליכטיקער זומער־טאָג אין דאָרף ראַקאָװע, דער פּאָל־װאַרק פון אונדזער שכנה מרים רייזל גמאַך ע״ה. דאָרט װוּ איך און איטע גמאַך, װי אויך די אומגעקומענע גוטשע און פּאָלע גמאַך, מײַן שװעסטער, יוכבד, די שװעסטער פון מרים רייזל — האָבן זיך דאַן געפונען, געניסנדיק אַ גאַנצן טאָג פון שפע פון עסן, זון, גרינס און פרישע לופט. גאַנץ פרי זענען מיט געגאַנגען שלאָפן, אַרום שטיל, נאָר דער גערויש פון די בײמער און דאָס קװאַקען פון די זשאַבעס. און דאָס זינגען פון די נאַכט־פייגעלעך האָבן גלייך פאַרטיפט אונדזער שלאָף און דערװעקט זיסע חלומות װעגן דעם שיינעם אַרום. פּלוצים האָט אונדז אויפגעװעקט אַ שטאַרק קלאַפּן אין פענצטער. אַלע צוזאַמען זענען מיר אויפגעשפּרונגען פון די בעטן און מיט גרויס פּחד געװאַרט אויף דעם אָנקומענדן. פּלוצעם האָבן מיר דערזען אין פענצטער דעם צעשױבערטן קאָפּ פון אונדזער װישאָגראַדער תושב חיים־אהרון. מיר האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט. אויף אונדזער פראַגע װאָס ער װיל האָט ער געענטפערט: אַז ער האָט הונגער, ער װיל 1000 פּוד לאָקשן. קיין 1000 פּוד לאָקשן האָבן מיר נישט געהאַט, אָבער ברויט מיט מילך האָט ער באַקומען און געלייגט זיך שלאָפן אין שייער. גאַנץ באַגינען איז ער נעלם געװאָרן.

קאָמיש איז געװען זיין געשטאַלט, אָבער געענדיקט זיין לעבן האָט ער גלייך טראַגיש מיט אַלע אַנדערע װישאָגראַדער קדושים. אויך ער דאַרף פאַראייביקט װערן מיט אַלע אונדזע־רע שטאָטישע קדושים.

נאָך אַ צער־מוטיקע געשטאַלט פון אונדזער נאָענטן שכן דער רב זצ״ל רבי נתפלי שפּיװאַק מיט זיינע קינדער. אַן אימפּאָזאַנטע דערינערונג דערװעקט זיין קרוינונג אַלס רב (ביז דאַן מורא הוראה). איך געדענק זיין הויכע געשטאַלט מיט אַ לאַנגער באָרד און פּאות. איך פלעג זייער אָפט קומען אין זיין שטוב, תמיד אים טרעפן זיצן ביים לאַנגן טיש אי־בערגעבויגן איבער די הייליקע ספרים. און איינמאָל איך שטיי אויף די טרעפּ פון הענעך ראָזענבערגס געװעלב מיט נאָך חברות און קוק מיט פרייד װי מען פירט אונטער אַ חופּה מיט גרויס פּאַראַד דעם רב פון שול אַהיים מיט מוזיק און געזאַנג. דאָס גאַנצע שטעטל צונויפגעזאַמלט אַרום זיין שטוב, די מחלוקת, די פּאָליטישע זייט פון זיין אויסװיילן האָט נאָך דעמאָלט מיין קאָפּ נישט באַנומען. העיקר דער ספּעקטאַקל האָט מיך געפרייט. ליידער האָט אויך אונדזער רב מיט זיינע קינדער געטיילט דעם טרויעריקן גורל פון זיין גאַנצער עדה װישאָגראַדער יידישע איינװוינער.

**דוד ליפּמאַן**

# פאַמיליע ליכטנשטיין

זייער זיידע אפרים ליכטנשטיין, גערופן אפרים „רעמ־באָװיאַק״, װייל ער האָט געהאַט אַ גרויסע ברויעריי אין דעם דאָרף רעמבאָװע, אַ פּאָר װיאָרסט פון װישאָגראַד. זייער באָבע, איטע די „רעמבאָװיאַטשקע״, איז געװען זייער אַ פרומע, האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט אַ שבת, אַ יום־טוב פון צו גיין אין שול. ס׳האָט געמעגט זיין דאָס ערגסטע װעטער, אין טיפע שנייען.

מיר געדענקען װי אין אירע אַלטע יאָרן פון װייט איבער הונדערט יאָר, פלעגט זי שבת נאָכן שלאָף לייענען די צאנה וראינה אויפן קול, געװאָרט ביז אַלע איניקלעך זענען געקו־מען נאָך שבת־אויבס.

אין יאָר 1914, װען די ערשטע װעלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן און מען האָט באָמבאַרדירט װישאָגראַד, איז זי געלעגן אין בעט אַ קראַנקע און אונדזער פאָטער ע״ה האָט זי אַרויסגעטראָגן פון שטוב צו אַ זיכערן פּלאַץ. אין דעם איז געפאַלן אַ שראַפּנעל. אונדזער פאָטער איז גלייך געטויט גע־װאָרן אויפן אָרט און אונדזער באָבען האָט עס נישט אָנגע־רירט.

דאַן האָט מען אויך אַלע יידן אַרויסגעטריבן פון שטאָט. מען האָט זי מיטגענומען קיין װאַרשע, װוּ זי איז אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער געשטאָרבן אין עלטער פון 113 יאָר.

די געשיכטע, מיט איר בילד, איז געװען געדרוקט אין „פאָרװערטס״, דעם 9־טן נאָװעמבער 1915.



איטע די „רעמבאָװיאַטשקע״. געלעבט 113 יאָר

מ. זילבערשטיין

# חיים יוסף (הערבערט) האַלענדער ז״ל

חיים יוסף איז געבוירן געוואָרן אין ווישאָגראַד דעם 28 אַפּריל 1920 ביי זיינע עלטערן גוטמאַן און גאָלדע.
אַלס קינד האָט חיים יוסף אויסגעוואַנדערט מיט זיינע עלטערן



חיים יוסף האָלענדער

קיין אַמעריקע און דאָרט זיינע יאָרן פאַרבראַכט, געלערנט, שטודירט, געקריגן הויכע בילדונג און זיך געגרייט צו אַ נאָר־מאַל גליקליך ציוויל לעבן.

ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך חיים יוסף אָנגעגיבן אין אַמעריקאַנער מיליטער און גע־גאַנגען באַקעמפן די נאַצישע וואַנדאַלן ימח שמם, מער אַלס ייד ווי אַלס אַמעריקאַנער, אַלס הייסע ייד־דערציונג אין גייסט פון יידישער טראַדיציע און נאַציאָנאַלן שטאָלץ האָט חיים יוסף דער יונגער, שיינער, בליענדער, קרעפטיקער און מוטיקער בחור געוואָלט ברענגען זיין חלק אין נצחון איבער די מערדער פון יידישן פאָלק.

חיים יוסף האָט זיך באַטייליקט אין די געפערלעכסטע פראָנטן ווו די אַמעריקאַנער האָבן געשאַפן, כדי צו פאַרשנע־לערן דעם בלוט־מאַרש צום זיג.

דעם 20סטן אָקטאָבער 1944, געציילטע מאָנאַטן פאַרן זיג, איז געפאַלן חיים יוסף בן גוטמאַן און גאָלדע האָלענדער אין קריג פאַר באַלש־פראַנקרייך.

מיט אים איז צוגעקומען צו ווישאָגראַד נאָך אַ נאַצישער קרבן און מיר וועלן זיין יונגן קרבן געדענקען צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע קדושים.

אין 1953 האָבן מיר אונדזער גמח׳ קאַסע אָנגערופן אויף זיין נאָמען צוזאַמען מיטן נאָמען פון שמואל בוקי ז״ל.

ווי באַוווּסט, האָט אונדזער גאָלדע האָלענדער, חיים יוספס מוטער, געשפּענדעט אַ שיינע סומע געלט פאַר אונדזער גמי־לות חסדים קאַסע בשעת איר באַזוך אין ישראל אין 1953 און דערמיט צוגעגעבן דער קאַסע אַ גרעסער פאַרנעם, זי האָט אויך באַווירקט אַנדערע ווישאָגראָדער אין אַמעריקע, זיך אינטע־רעסירן מיט דער קאַסע מיט געלט און צושטייער און דאָס אַלץ כדי צו פאַרייביקן חיים יוסף׳ס נאָמען.

אויך אין בר־אילן אוניווערסיטעט אין רמת גן הענגט חיים יוספס בילד אַלס אָנערקענונג פאַר זיין מוטערס אויפטו און שפענדע.

יהי זכרו ברוך.

מאָטל וואַלפיש

# א בינטל פּאָרטרעטן

## ר׳ בנימין מלמד (שינבאַום)

צענדליקער יאָרן איז ר׳ בנימין געווען דער אומגעקרוינטער קעניג פון די ווישאָגראָדער מלמדים. עלטערן, וואָס האָבן געוואָלט זיין זיכער, אַז זייערע קינדער זאָלן נישט אַרויס לתרבות רעה האָבן געזוכט דעם שטרענגסטן מלמד, וואָס ווייסט ווי צו האַלטן די קינדער אין אייביקער שפּאַנונג פון דיסציפּלין און ערנסטער יידישקייט. און ר׳ בנימין איז געווען דער געווינטשענער פאַר זיי מלמד.

ר׳ בנימין איז געווען אַן אייביק יונגער ענערגישער ייד, מיט קלוגע אויגן, פול מיט הומאָר און וויצן, אָבער ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין עול פון לערנען תורה גרייטן זיך צו יידישקייט איז ער געווען שטענדיק זייער שטרענג. זיין קאַנטשיק האָט נישט איין קינד אָפּגעפּילט אויף זיך. נישט איינמאָל אין חודש און אַלע קינדער האָבן מורא געהאַט פאַר זיין קוק.

דער מעטאָד פון זיין לערנען איז געווען אַזוי: זונטיק האָט מען אָנגעהויבן די סדרה, האָט מען געלערנט צו דריי קינדער ביז חמישי, מאָנטיק — שוין צו צוויי קינדער און דינסטיק האָט שוין יעדעס קינד געלערנט באַזונדער און „אויף קלאָר". דינסטיק איז געווען דער געפּערלעכסטער טאָג, דאַן זענען די קינדער געקומען מיט דיקטן אויסגעבעט די פּלייצעס כדי די קלעפּ פונעם רבין זאָלן נישט אַזוי שטאַרק וויי טון.

ווען ר׳ בנימין איז געווען אין אַ גוטער שטימונג, האָט ער זיך געוויצלט מיט די קינדער און זיי אויפגעקלערט, אַז אייגנטלעך איז ער אַ גוטער מענטש נאָר דער קאַנטשיק אַליין ציט זיך צום שלאָגן.

האָבן די קינדער אַמאָל צוגעגנבעט דעם קאַנטשיק, אַריינגעוואָרפן אים אין ווייסל און געמיינט, אַז פּטור געוואָרן פון דער צרה. האָט אָבער ר׳ בנימין זיך פאַרשאַפן אין יאַטקע אַ ביטשעק און מיט אים געסטראַשעט מער ווי געשלאָגן אָבער די מורא האָט אָנגעהאַלטן.

די חשובסטע בעלי־בתים האָבן אים אָפּגעגעבן זייערע קינדער, ווייל טראָץ זיינע אייגנשאַפטן האָט ער געהאַט אַ נאָמען פון גוטן מלמד, וואָס האָט פון די ערגסטע קינדער געמאַכט גוטע תלמידים.

אַפילו ר׳ דודל באָרנשטיין האָט אים איבערגעגעבן זיין עלטסטן זון מאַטילי. דאָס איז געווען אַ פלייסיק יינגל און אַן אויסערגעוויינלעכער תלמיד. ר׳ בנימין פלעגט זאָגן, אַז מאָטעלע האָט אין דער היים אַ צויבער־שטעקעלע מיטן שם המפורש און דאָס שטעקעלע וועקט אים צום ווען לערנען און אויב מיר וועלן לערנען גוט, וועלן מיר אויך האָבן אַזאַ שטעקעלע. וועט אונדז דאָס לערנען אָנקומען לייכט. צו 13־14 שעה האָט ער געהאַלטן די קינדער אין חדר און אַריינגעגעבן זיינע אַלע כוחות איינצוקנעלן מיט זיי תורה און מצוות. ער האָט געקאָנט צוציען אונדזער אינטערעס צו די דערציילונגען פון דער תורה, מיר זענען געזעסן צוגעשמידט צו די מעשיות פון בריאת העולם, נוחס תיבה, יצחקס עקידה, יציאת מצרים און אַנדערע. מיר האָבן דאָס דורכגעלעבט ממש ווי ס׳זאָל האָבן געשען אין אונדזערע צייטן, ממש אָט אָ איצט. היינט זיין אויסזינגען שיר השירים, אקדמות און מגילת אסתר מיט די ספּעציעלע ניגונים, דאָס פלעגט אונדז צושמידן צום פלאָץ און געוועקט דעם גרעסטן אינטערעס צו דעם געלערנטן מאַטעריאַל.

ר׳ בנימין איז געווען פלייסיק אָן אַ גרענעץ ביי אים. ווען מען האָט ווי דער שטייגער געלערנט זומערדיקע שבתים איז עס געווען שעהנוויז; און ווינטער אין די נעכט האָט מען אַריינגעלערנט ביז 9״8 אזייגער. ביי אים האָט דאָס יידישע יינגעלע אויפגעהערט צו זיין יינגעלע און געוואָרן אַ פראָמינענטער שטודירער פון יידישקייט, יידישע תורה און יידישע ערנסטע היסטאָרישע לאגע.

פריי זענען מיר נאָר געווען אין די חול המועדס און ווען דער אינספּעקטאָר האָט באַדאַרפט קומען אויף אַן אינספּעקציע. דאַן האָט מען געריבן און געוואַשן און געפּוצט דאָס חדר און ר׳ בנימין איז געוואָרן מוטלאָז און צעבראָכן, געזאָגט תהילים, געפאַסט און געטאָן אַלץ, וואָס מען טוט כדי צו פאַרמיידן אַ קאַטאַסטראָפע.

ר׳ בנימין מיט זיינע מעטאָדן פון קלעפּ און אַנדערע סאָרטן קאַטעווען האָבן אים פאַרהאַסט אויף אונדז, אָבער ווען מיר דערמאָנען זיך, ווייסן מיר, אַז ער האָט עס געטאָן לשם שמים און געווען איבערגעגעבן מיטן גאַנצן לעבן צו זיין אויפגאַבע. ביז אַזויפיל אז ער האָט ביי דער אומדאַנקבאַרער פרנסה געפּטרט זיינע לונגען און דאָס געזונט. מיר דערמאָנען אים מיט גרויס דרך־ארץ.

## סיני מרדכי באַום ז״ל

סיני מרדכי איז געווען אַ מענטש מיט ברייטע האָריזאָנטן, געהאַט אַ שאַרפע צונג און אַ לייכטע פעדער אין יידיש און אין פויליש. זיין אַריסטאָקראַטישע מאַניערן און מענטשן־פריינטשאַפט האָבן אים געגעבן רייכע קאַנטשאַפט און גוטע באַציאונגען מיט דער פוילישער אָליגאַרכיע און הויכע באַאַמטע.

אין זיין לעבן האָט זיין פאַמיליע געוווסט פון רייכטום, ביז נויט און פרנסהלאָזיקייט. אָבער קיין מאָל איז סיני מרדכי נישט אָנגעקומען צו מענטשן און תמיד געווען גרייט צו העלפן יעדדז, וועד עס האָט זיך גענייטיקט אין זיין הילף.

עס איז באַוווּסט זיין הילפגרייטקייט פאַר אברהם פּוטערמאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ משפּט און ס'האָט אים געדראָט תּפיסה. ווען ער האָט געוואָלט ראַטעווען זיין געוועלב, וואָס די מאַכט האָט געהייסן פאַרמאַכן.

אין די יאָרן 1915—1920 איז סיני מרדכי אויסגעוויילט געוואָרן אין קאָמיטעט וואָס האָט פאַרטיילט די דזשאָינט־פּראָדוקטן פאַר נויטבאַדערפטיקע און דער צוטרוי פון שטאָט איז אים בייגעשטאַנען צו דעם אויסוואַל.

פינף קינדער זענען געווען אין דער משפּחה אַלע ציוניסטיש געשטימטע. די עלטסטע טאָכטער חיה האָט זוכה געווען צו האָבן לייזער ראָטבאַרט (שמעון בעקערס זון) אַלס מאַן. ער איז געווען אַ טיכטיקער און גוטער ציוניסט, מזכיר פון מרכז הציונים, אַ פּרעכטיקער רעדנער און שיין שרייבער. די שוועסטער האָבן זיך פאַרשאַפן אַ טראַדיציע יאָר־איין יאָר־אויס, האָבן זיי שבועות דעקאָרירט שכנישע שטיבער מיט גרינס און מגן דודס, זיי זאָלן דערמאָנען ציון און איר פּלאַץ אין אונדזער האַרץ. עס איז אַ קלייניקייט, וואָס איז אַ צייגעניש פון גרויסקייט און גרויסהאַרציקייט.

סיני מרדכיס זון אברהם באום איז מיט אונדז געגאַנגען דעם פּיינפולן וועג איבער די גרענעצן פון פּוילן קיין רוסלאַנד און מיטגעמאַכט מיט אונדז אַלע סכנות. ווען מיר זענען אַוועק קיין ביאַליסטאָק האָבן מיר זיך צעשיידט און מער זיך נישט געזען.

פון די קאַרגע ידיעות, וואָס מיר האָבן באַקומען, האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז אויך ער איז געפאַלן אַ קרבן פון מכשפות־יאַגד פון נ. ק. וו. ד. ימח שמה, וואָס האָט געטריבן אַ יאַגד נאָך אומשולדיק־זויבערע מענטשן און ער איז דורך זיי פאַרשקלאַפט געוואָרן אויף לאַנגע יאָרן צוואַנגס־אַרבעט.

ער איז דאָרט געווען עלנד, איינזאַם, פיזיש דערשעפּט און אַליין נאָך אַ קינד כמעט צווישן פרעמדע שונאים פון יידישן פאָלק פאַרשאָלטן זאָלן זיי זיין אויף דורי דורות.

מיטן אומקום פון דער משפּחה באום דורך די דייטשישע בעסטיעס און פון אברהמען דורך די רוסישע מערדער איז פאַרשניטן געוואָרן אַ שיין אַריסטאָקראַטישע יידישע משפּחה, כבוד זייער אָנדענק.

## כאַוויע דער טרעגער

כאַוויע איז געווען מיט זיין אויסערלעכן אויסזען אַ פרעמד געוויקס אין יידישן פּייזאַזש. אַ גרויסוווּקסיקער, אַ שטאַרקער, אַ דאָמב מיט ברייטע אַקסלען, מיט אַן אויסזען פון אַ מענטש, וואָס איז געוואַקסן אויף פעלדער, סטעפּעס און ברייטקייט .

ער פלעגט אַרומגיין, אַרומקוקן זיך, ווי איינער, וואָס זוכט ווו צו פאַרווענדן זיינע אומדערשעפּלעכע קערפּערלעכע כוחות, כדי צו ברענגען אַ שטיקל ברויט פאַר זיין הויזגעזינט. זיינע בליקן האָבן אַרומגעשוועבט און געזוכט.

ביים ערשטן בליק האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז האָסט צו טאָן מיט אַ מענטש, וואָס איז אינגאַנצן גשמיות און פאַרטאָן אין אויסן, אָבער פּלוצעם האָט ער דיך איבערראַשט מיט אַ טאַט און רעאַגירונג, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון טיפן דורכגעטראַכטן געדאַנק און שמערץ. און פּלוצים האָסטו דערזען אַ ייד. אַ ייד ממש, וואָס לעבט זיך אויס אין אַ וועלט וואָס איז אינגאַנצן פאָלקס־שמערץ און אינערלעכע קאָנצענטרירונג.

מ'דאַרף לעבן און זאָרגן פאַרן לעבן. ווייל יידישקייט הייסט אויסהאַלטן יידן, די טרעגער פון יידישקייט, און ווען אַ ייד לעבט, האַלט ער דאָך אויס אַ ייד און ס'ווערט געצויגן דער פאָדעם פון יידישקייט, אָבער נישט דאָס איז דער עיקר, דער סוד פון יידישקייט איז, נישט פאַרגעסן, אַז מיר וואַרטן אויף משיחן. ער וועט אויסלייזן ס'יידישע פאָלק פון צרות און פּיין און וועט ברענגען דער וועלט אַ מענטשלעכע גאולה.

און כאַוויע פלעגט זיך אָפּט אַרויסרעדן:

— אויב יידן וועלן זיך פאַראייניקן, וועלן אַרויף פאַראייניקט אויפן בית־עולם (!) און אַלע צוזאַמען וועלן זיי אויסשרייען מיט אַ פאַראייניקט האַרץ „אחד“, וועט משיח קומען .

כאַוויע האָט געלעבט פון צוויי פּרנסות, ער איז געווען אַ טרעגער, ער האָט געקאָנט אָפּלאָדן אַליין אַ שיפל סחורה פון ווייסל און אַרויפברענגען זי ביז דעם הויכן באַרג פון שטעטל, און ער האָט געקאָנט ברענגען וואַסער פאַר אַ סך אַ סך יידן, אַבי פּרנסה, אַבי מקיים זיין זיין הויזגעזינט און האַלטן יידישקייט.

אויסער די צוויי הויפּט־פּרנסות האָט רחביה געהאַט זייטיקע באַשעפטיקונגען:

ער האָט איינגעהייצט דעם אויוון אין בית־מדרש און דווקא בין מנחה למעריב, מענטשן זאָלן וויסן ווער ס'ברענגט זיי וואַרעמקייט.

ער פלעגט פאַרקויפן הושענאַ'ס אין די שטיבער, געווען שמש אין בית־מדרש און צו דעם אַלעם האָט ער געהאַט די טראַדיציע אַהיים טראָגן די „מיטה“ נאָך דער לויה.

ווען מ'האָט געפילמט דעם יידישן פילם „על חטא“, האָט מען גענומען רחביהן אַלס ספּעציעלן טיפּ.

ער איז נעבעך נישט געווען פון די תּלמידי חכמים ביי אונדז, אָבער זיין יידישקייט איז געווען אַ טיף איינגעוואָרצלט און מיט אַלע זיינע כוחות האָט ער מקיים געווען דאָס דאַווענען אַפילו ווען ער איז דערפאַר אויסגעשטאַנען צרות פון לצים, וואָס האָבן זיך געוויצלט אויף זיין חשבון. ספּעציעל האָט כאַוויע געליטן ווען יעדן פּסח האָט ער אויף זיין שטייגער געפּראַוועט דעם סדר און „געזאָגט“ די הגדה אייגנאַרטיק פאַר אים אין נוסח און פירוש המילות, און חברה לצים זענען געשטאַנען הינטער זיין פענצטער און אָפּגעשפּאָט פון אים.

ער האָט זיין יידישקייט אויסגעטראָגן מיט לייד און לעבן און קיינמאָל נישט אָפּגעטרעטן פון דערפון.

נישט צום פאַרגעסן איז, אַז ווען אונדזער טרעגער־פאַראיין האָט געווירקט און אַרומגענומען כמעט אַלע טרעגערס אין שטאָט, האָט ער קיינמאָל נישט באַוויזן ווריקן אויף כאַווין און אים צוציען אַלס חבר.

— די רויטע פאָן איז נישט יידיש. זי איז גוייש און אויב אַזוי — קעגן ווילן פון הקדוש ברוך הוא.

אומגעפער אַזוי איז תמיד געווען זיין ענטפער.

אין דער טראַגישער פאַרגאַנגענהייט פון ווישאָגראָדער עקזיסטענץ פאַרנעמט כאַוויע אַ פלאַץ פון אַ ייד אַ פעלז, וועמענס יידישקייט איז געווען נאַטירלעך און געוואָרצלט פון דער נאַטור. אויף אַזעלכע פאָלקס־פילאַרן קאָן זיך אַ פאָלק פאַרלאָזן.

לאָמיר אים געדענקען צום גוטן.

## פריילין ריטאַ קליין
## די בריוו־שרייבערין

דער עלטערער דור און די מיטעלע גענעראַציע אין ווישאָגראָד האָבן גוט געקענט דעם אַדרעס. דאָס געוועלב פון עטע רויזע אין מאַרק, ווו עס איז געזעסן איר טאָכטער ריטאַ און אין אַלע צייטן געהאַט פיל הענט מיט אַרבעט ביים שרייבן פאַר אַלעמען. ווער עס איז נאָר געקומען מיט פאָסטקאַרטלעך — אין לאַנד גופא, בריוו קיין אויסלאַנד — איבערהויפט קיין אַמעריקע צו מענער, קינדער, פעטערס, מומעס. פיל מאָל האָט מען באַדאַרפט באַשטעלן אַ ריי און מען האָט געהאַט געדולד און געוואַרט, ווייל זי האָט געשריבן אין וועלכער שפראַך מען האָט געוואָלט: יידיש, פויליש און אויך ענגליש, דייטש, רוסיש. געשריבן מיט האַרץ און געפיל. פון די געציילטע ווערטער, וואָס זי האָט געהערט פון פעטענט און טיילמאָל מיט אַ טרער אין די אויגן איז געבוירן געוואָרן אַ בריוו, וואָס האָט געקענט אַ שטיין רירן און געגעבן די געוווּנטשענע רעזולטאַטן.

דאָס יידישע שטעטל ווישאָגראָד האָט געוווּסט, אַז אויב עפּעס שרייבן, דאַרף מען גיין צו ריטאַ קליין. זי וועט עס שוין מאַכן פאַר די פאָר גראָשן, פאַכמעניש און לויטן געשמאַק פון פעטענט.

ריטאַ איז געווען די לעבעדיקע פאַרבינדלערין צווישן די ווישאָגראָדער יידן מיט דער גרויסער וועלט. און עס האָט זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז זי איז די איינציקע אויסדערוויילטע פון גאָט־געשיקטע, צו שרייבן בריוו פון בענקשאַפט, טרייסט און האָפענונג, וועלכע האָבן געגעבן די קונדן גרויס באַפרידיקונג.

די משפחה קליין האָט זיך גערעכנט אין שטאָט פאַר מער אינטעליגענטע מענטשן. דער ברודער יהודה אליעזר קליין, איז לאַנגע יאָרן געווען דער שרייבער פון „פּראָשבעס״ אין אַלע מלוכהשע אַמטן און איז אויך געווען דער לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר פון דער יידישער קהילה אין ווישאָגראָד.

ריטאַ איז געווען שטאַרק פּאָפּולער און ביי אַלעמען באַקאַנט, כאָטש איר כאַראַקטער איז נישט געווען קיין לייכטער. דער בליק אירער איז נישט געווען קיין שטאַרק פריינטלעכער. זי איז געווען פון נידעריקן וווּקס, געהאַט אַ גרויסן קאָפּ, געלע האָר, שטענדיק ערנסט און אָנגעשטרענגט. זי איז געווען אַן עלטערע פריילין, וועלכע איז שטענדיק געזעסן אין שטוב אָדער אויף אַ באַנק נעבן געוועלב און געלייענט ביכער.

עס איז ווערט צו באַצייכענען פאַרשידענע קוריאָזן, וואָס האָבן פאַרשאַפט ריטאַן צרות און עגמת־נפש. פיל מאָל האָבן אירע קונדן געמאַכט עפנטלעכע סקאַנדאַלן צוליב דעם, וואָס עס איז נישט אָנגעקומען אַזוי שנעל קיין ענטפער אויף דעם בריוו, וואָס זי האָט געשריבן, אָדער דער מאַן, זון צי גאָר מומע, פעטער האָבן נישט געשיקט קיין טאָלער אַלס ענטפער אויף איר געשריבענעם בריוו.

אַלס פאַרגיטיקונג האָט זי שטענדיק געשריבן אַ צווייטן בריוו — אומזיסט און זיך גוט אויסגעוויינט פאַר די אומשולדיקע חרפות, וואָס לייכטזיניקע מענטשן האָבן איר פאַרשאַפט.

ריטאַ קליין האָט אין איר לעבן געשריבן מיליאָנען בריוו פאַר אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ווישאָגראָד.

זאָל איר נאָמען בלייבן צום אייביקן אָנדענק. זי האָט געלייסטעט און באַדינט מיט איר האַרץ און נשמה איר גאַנץ לעבן די יידן אין ווישאָגראָד.



מאַשע שלינגער, די טאָכטער פון אבא גראָסמאַן (אין הויז פון חזן)
מיט איר מאַן יצחק

**לאה שטשאַפּע**

# דער לערער ביעזשונסקי

אין יאָר 1934 אינעם ערשטן טאָג פון די ווינטער־פּע־ריען (דאַן בין איך געווען אַ שילערין פון דער 7־טער קלאַס), זענען צוויי שילערינס פון דער זעלבער שולע געקומען און מיר פאַרגעלייגט אונטערשרייבן אַ פּאַדערונגס־פּעטיציע צו דעם מאַגיסטראַט און עלטערן־קאָמיטעט, אַז אויך אין די פּעריען זאָל ווייטער פאָרגעזעצט ווערן דאָס געבן פרישטיק יעדן טאָג פאַר די אָרעמע קינדער. איך בין אויך גלייכצייטיק איינגעלאַדן געוואָרן אויף אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע שילערס, וועלכע איז פאָרגעקומען אין זעלבן טאָג און צום שלוס איז אויסגעווילט געוואָרן אַ קאָמיסיע פון דריי קינדער: 1) הינ־דאַ אַגראַדניק, 2) משה זייפמאַן און די שרייבערין פון די שורות.



פון רעכטס: (שטייען) ירוחם, רחל, משה שטשאַפּע
(זיצן) שרה־יענטע, לייבל און זייער קינד משה־דודל

די פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן זיך ווענדן צום לערער ביעזשונסקי, דער איינציקער לערער, וועלכער האָט זיך גע־פונען אויפן אָרט און אים פאַרלייגן אונדזער פאָרלאַנג און אין פאַל, ווען ער וועט זיך אָפּזאָגן פון הילף, וועט אינעם זעלבן טאָג פאָרקומען אַ מאַרש פון אַ גרעסערער גרופּע שול־קינ־דער צום מאַגיסטראַט און זיי וועלן פאָרשטעלן אונדזער פאָ־דערונג.

דער לערער אויסהערנדיק אונדז איז איבעראַשט געווען פון אונדזער באַשלוס, וועלכער האָט ווי ער האָט אונדז דער־קלערט, געקענט ברענגען פונקט פאַרקערטע רעזולטאַטן און די פאָלגן פון אַזאַ דעמאָנסטראַציע וואָלטן געווען נישט גע־ווּנטשענע.

דער לערער האָט אָבער גאַנץ גוט געוווּסט די שווערע לאַגע, וואָס האָט געהערשט אין שטאָט בכלל און בפרט אין די יידישע הייזער און ממילא פאַרשטאַנען, וואָס עס האָט אונדז געטריבן צו אַזאַ באַשלוס האָט ער דאָך אונדז באַרואיקט און געבעטן וואַרטן ביז צומאָרגנס און אין צווישנצייט וועט ער פּראָבירן טון וואָס עס וועט נאָר מעגלעך זיין.

אויף צומאָרגנס ווען מיר זענען געקומען צום לערער, איז ער גלייך מיט אונדז אַוועק אין שולע אַרויסצוזעצן אַ פּאָר קילאָגראַם מעל צו באַקן בילקעלעך, ווי אויך אַ צעטל צו באַקומען מילך ביי דער פרוי, וועלכע פלעגט צושטעלן מילך אין שול. אַ דאַנק דער מיטאַרבעט פון עטלעכע מוטערס ווי: יוכבד טאַוב, מיין מוטער און איטע גראַסמאַן (האָט געאַרבעט דאַן אין שולע אַלס וואַזשנע). איז יעדן טאָג אַרויסגעגעבן גע־וואָרן בילקעלעך מיט מילך פאַר די אַלע קינדער, וואָס האָבן זיך גענויטיקט.

מיר דערמאָנען דאָס, ווייל יידן דאַרפן תמיד זען זייערע לערער און ווייל מיט דעם טאַט איז דער לערער ביעזשונסקי אויסגעוואַקסן אין אונדזערע אויגן אַלס הייסער ייד. ער האָט גענומען אויף זיך די ריזיקע פון אַנטזאָגט ווערן, ווען נישט ער וואָלט אויך דער קאָמיטעט באַזייטיקט געוואָרן און די שטאָט וואָלט אַריין אין אַ קאָנפליקט צווישן זיך און צוזאַ־מען — אין אַ קאָנפליקט מיט דער מאַכט.

מיטן נעמען אויף זיך די גאַנצע עגמת נפש האָבן אָרעמע יידישע קינדער געקריגן זייער דערנערונג און אויסגעלייזט געוואָרן פון הונגער־חרפּה.

לאָמיר אים געדענקען, ווען מיר געדענקען אונדזער שטעטל און זיינע פיינקייטס־פּערזענלעכקייטן.

דבורה גראָסמאַן-איזראַעלסקי

# ישעיהו גראסמאן ז"ל

דערציילן די לעבנס-געשיכטע פון י. גראָסמאַן הייסט דערציילן ס׳גרויסקייט און האַרציקייט פון יידישן ווישאָגראָד.

ס׳קאָן זיין, אַז ווען נישט דאָס יידישקייט, וואָס צווינגט אויף דאָס אָפּשאַצן און שאַץ פון מענטשלעכן ווערן אויף יעדן ייד, ביי אַלע אומשטענדן, וואָלט אפשר ישעיה גראָסמאַן גע־בליבן אַן אָביעקט פון נאַטורעלער, אומבאַהאָלפנקייט און איינזאַמען מענטשן. דאָס וואָס ער האָט טראָץ זיין פיזישער באַגרענעצטקייט אויפגעשטעלט אַ משפחה און מיט גרויס פאַראַנטוואָרטלעכקייט זי דערנערט און דאָס וואָס ער האָט דערצויגן זיינע קינדער בכבודיקע, געלונגענע וואָרפט אַ שיין פון כבוד אויף דער שטאָט, וואָס האָט אים דערצו באַשטימט געהאָלפן נישט איין טאָג, נישט איין חודש, יאָר־איין, יאָר־אויס, אפילו ווען נישט שטענדיק איז עס געווען מיט קאָנקרע־טער הילף. דאָס שטעטל, איר אַטמאָספערע האָט אים גע־האָלפן.

*

י. ג. האָט אויסגעטראָגן זיין נאַטור־שטראָף מיט סטאָי־שער גרויסקייט און געבליבן אַ מענטש אַן קאָמפּלעקסן און טענות צו דער וועלט. שטענדיק איז ער גרייט געווען זיך ווייצלען, איבערדערציילן עמעצנס חכמות און באַשענקען מיט ליבע יידישע קינדערלעך. אַפילו ווען זיי האָבן אים פאַר־שאָפן שמערץ. ער איז געווען קלוג, שלאָגפערטיק, זאַכלעך און פול מיט הומאָר. און אַפילו אינהאַלטספול. ביז אַזויפיל, אַז מענטשן האָבן געפונען אַ ספּעציעלן אינטערעס אין זיינע שמועסן און אָנשויאונגען.

זיין פרוי האָט אים געבוירן צוויי זין און דריי טעכטער, אַלע געראָטענע און אַרבעטזאַמע און זיי דערצויגן צום רעאַלן לעבן, צו אַרבעט און אָרנטלעכקייט. ליידער איז די משפחה גראָסמאַן אומגעקומען אין דער נאַצי־קריג און יידן־פאַרניכ־טונג.

פון אַלע זיינע קינדער איז געבליבן אַ זון, הערשל, און די טאָכטער דבורה איזראַעלסקי אין מורשה, וועלכע פירט איר פאַמיליע־לעבן מיטן פולן ישראל־באַוווסטזיין און טראָגט דעם זכרון פון איר פאָטער מיט פולן שטאָלץ און ליבע.

דריי קינדער, וואָס זי האָט, זענען דערצויגן אין גייסט פון זייער תקופה און דור, ברענגען זייערביישטייער צום לע־בנס־אויפבוי פון יידישן פאָלק און יידישער מדינה.

אין שויס פון יידיש ווישאָגראָד איז דערמעגלעכט גע־וואָרן אַ נאַכוווקס צו ישעיה גראָסמאַן פריער די קינדער און נאָכער די אייניקלעך און ס׳קאָן נישט נישט דערמאָנט ווערן דער פאַקט אין יזכור־בוך פון ווישאָגראָד.

זיין אָנדענק אין בוך גיט צו אַ באַזונדערן אינהאַלט צום אָנדענק פון שטעטל. תנצב"ה.

ברוך קאהן
ארגענטינע



# זכרונות

איך בין שמואל לייב היטלמאַכערס זון. מיר האָבן געוווינט אין מאַרק אין ווישאָגראָד. כ׳בין דאָ געווען ביז 1941, ביז מען האָט ליקווידירט דאָס געטאָ אין ווישאָגראָד און די יידן אירע זענען אַוועק אויף זייער וועג פון ווי און טויט. ביז היינט קען איך נישט פאַרגעסן די אַכזריותדיקייט פון די נאַציס, דאָס ברוטאַלקייט זייערס איז נישט צום באַשרייבן און ס׳איז אומ־גלויבלעך.

כ׳קען נישט פאַרגעסן דעם טאָג, ווען די מערדער האָבן מיך געכאַפּט מיט מיין פאָטער ז"ל און צוזאַמען מיט אונדז אַ סך יידן פון שטעטל, געטריבן מיט קלעפּ און שלעק צו דער שול און מיר האָבן געמוזט מיט אייגענע הענט אויפרייסן די מזרח־וואַנט פון אונדזער גרויסער און שיינער שול, די פּראַכט און שטאָלץ פון אונדזער קהילה.

יאָרן זענען שוין אַוועק און כ׳קען זיך נישט באַפרייען פון די גרויל־בילדער, ווען יעדע מינוט זענען מיר געשטאַנען אונטער דער דראָונג פון קלעפּ און שיסערייען.

שפּעטער — דאָס געטאָ. דאָס איז געווען אַ גהינום. מ׳האָט אונדז צוזאַמענגעפּאַקט צו צוואַנציק מאַן אין איין צימער און נאָך דעם וואָס מ׳האָט אונדז אַלץ אַוועקגערויבט, האָט מען אונדז געטריבן מיט געשלעג מיט שפּיצרוטן צו דער אַרבעט.

מיר האָבן געמוזט טאָן די שמוציקסטע אַרבעטן נישט באַקומענדיק באַצאָלט גאָרנישט פאַר איר.

אַ יאָר בין איך געווען אויסער דער שטאָט און ענדע 1942 האָט מען מ׳יך גענומען קיין אוישוויץ.

דאָ, אין לאָגער בירקענאַו, האָב איך געאַרבעט זייער שווער אין די קוילנגרובנס פון יאַוואַזשנע און אויסגעשטאַנען הונגער און שלעק. אָבער סאיז מיר ליבער געווען דאָס פינצ־טערניש פון אונטער דרערד מער ווי די ליכט פון טאָג כ׳האָב געדאַנקט גאָט פאַר יעדע מינוט, וואָס כ׳האָב נישט געזען די מערדערישע פּנימער פון די בלוטיקע דייטשישע חיות.

נאָך דער באַפרייונג בין איך אַרויסגעפאָרן קיין אַרגענטינע.

מיין גאַנצע משפחה, מיין פאָטער שמואל לייב, מיין מוטער חנה לאה, מיינע צוויי ברידער און מיין שוועסטער, זענען אַלע אומגעקומען מיט די ווישאָגראָדער יידן צוזאַמען אין אוישוויץ.

# געזעלשאפט אין ווישאגראד

## באוועגונגען - אינסטיטוציעס - טאטן

### אונדזערע קאָמיטעטן

**דער ועד פון ארגון יוצאי ווישאָגראָד אין ישראל:**

חנוך לעווין — פאָרזיצער;
נתן לייב דייטש — וויצע פאָרזיצער און קאַסירער;
מאָטל וואָלפיש — סעקרעטאַר.

פאַרוואַלטונגס-מיטגלידער:

אברהם וויעזשבינסקי, הערשל נוימאַן, אברהם פּאָפּאָווסקי, מאיר קאָפּנהאָגן.

רעוויזיאָנס-קאָמיסיע:
שמואל טיק, סיני פעלז, פּנחס קראָנגראָד.

**אָמעריקע**

דוד ליפּמאַן, מנחם זילבערשטיין, גייב ליכטנשטיין, אברהם כהן, שמחה ליפּסקי, יצחק קעזמאַן, חיים פּוטערמאַן.

**פראַנקרייך**

אברהם שטשאָפּע, משה וואַלמאַן, אַנדזשי ברים (גמאַך).

**אַרגענטינע**

יאַנקל קאָהן. מענדל אָגראָדניק, חיים ליכטנשטיין, סרוליק אָגראָדניק, אברהם שניידער.



די ווייבער־שול — אויבן אויפן שטאָק

נ. ל. בן־סיני

# די גרויסע שול

די שול איז געשטאַנען אויף דעם באַרג, וואָס אַנטקעגן דעם שלאָסבאַרג, ווען מ׳קומט אַן פון דער ווייסל. זי איז געווען גרויס, פּירקאַנטיק, מיט אַ טאָפּלטן דאַך. אויף זיין שפּיץ איז געווען אַ פענדל, וואָס האָט זיך געדרייט מיטן ווינט. 10 קילאָמעטער איבער דעם טייך האָט מען זי שוין געקאָנט זען מיט איר פּראַכט.

זי איז געווען באמת פּרעכטיק. ביים אַריינגאַנג פון מערב־זייט זענען געשטאַנען ביימער. די טיר איז געווען אַ ברייטע, אַ טאָפּלטע, געפאַרבט אויף גרין. איבער דער טיר איז געווען אַ בונטער מגן־דוד, איז זיין צענטער איז געווען געצייכנט, תק״ה, וואָרשיינלעך איז דאָס געווען דאָס בוי־יאָר אירס, ס׳הייסט אין יאָר 1745, ווען די שול איז געוואָרן דאָס ערשטע מאָל געבויט.

אין דער לינקער זייט פון מערב איז געווען דער אַריינגאַנג אין די צווייי ווייבער־שילן, אונטן צפון־זייט און אויבן, אויף דער צפון־וואַנט איז אויך געווען אַ טיר. איך געדענקט נישט מ׳זאָל זי האָבן אַמאָל גענוצט. ס׳איז געליגן אַ לאַנגער שטיין וואָס מ׳האָט באַנוצט אַלס טרעפּ. אין עק צפון־מזרח איז געשטאַנען אַ הויכער שלאַנקער בוים, העכער פון דער שול.

דרום־זייט, קעגנאיבער דעם בית־המדרש, איז געווען אַ טיר אַריינצוגיין אין אַ לאַנגן קאָרידאָר ווו מ׳איז אַריינגעגאַנגען אין דער ווייבער־שול.

לינקס פון קאָרידאָר איז געשטאַנען דאָס טהרה־ברעט און די מיטה. אויבן, ביים סוף, איז געווען דער פּאַליש, ווו ס׳האָבן געדאַוונט די חברת השכמה. לעצטנס איז אין פּאַליש געווען דער משרד פון דער קהילה.

איןביידע זייטן פון דער שול — און צפון און דרום — זענען געווען די ווייבער־שילן איין שטאָק הויך. אין דרום־מזרח איז געווען אַ שוצבערגל פון שטיינער. ס׳זענען אויך געווען צוויי טירן אַריינצוגיין פון די ווייבער־שילן אין דער מענער־שול לשעת חירום.

אַריינגייענדיק פון דער הויפּט־טיר פון מערב־זייט איז געווען די קונע מיט צוויי האַלבע רייפן. אין יענע צייטן האָט מען אין די רייפן אַריינגעקלעמט אַלס שטראָף וועמען דאָס בית־דין האָט פאַרמשפּט.

לינקס איז געווען דער כיור. אַז מ׳האָט אויפגעמאַכט די טיר פון שול איז ממש געווען אַ בית־המקדש מעט., אַ פּראַכט. ס׳זענען געווען טרעפּ אַראָפּצוגיין. גלייך קעגנאיבער דעם באַלעמער, וואָס איז געווען אַ שיינער געשניצטער אַ פּאָר מעטער די הייך. פון דרום און צפון איז געווען אַרויפ־צוגיין צו אים מיט טרעפּ. מערב־זייט פון בעלעמער איז געשטאַנען איינגעמויערט די קופּה מתן־בסתר אין גע־שטאַלט פון אַ לייב מיט אַן אָפן מויל פול ווייסע ציין מיט אַ רויטער צונג. דאָרט האָט מען אַריינגעוואָרפן דאָס געלט.

די שול האָט אינעווייניק אויסגעזען פיל העכער ווי אינדרויסן. ס׳זענען געווען 4 ברייטע עמודים, וואָס האָבן געהאַלטן דעם פּולאָפּ.

דער פּולאָפּ איז געווען געטיילט אין ניין געוועלבן (הימלען). אין דער הייך נאָענט פון מזרח־זייט איז געווען די זון־שיין געמאָלט. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די מאָלעריי געוואָרן באַשעדיקט, האָט מען דאָס רעמאָנטירט, אָבער ס׳איז שוין נישט געווען דאָס וואָס פריער.

נאָכן באַלעמער זענען געווען צוויי סקלעפּיניעס, קנאָפּע צוויי מעטער די הייך, מיט לעכער, מ׳זאָל יום־כיפּור אַריינ־שטעלן די ליכט. אין דער רעכטער זייט פון חזן איז געווען אַ גראָב ליכט פון אַ פּאָר פונט וואַקס, וואָס האָט געברענט אַ גאַנץ יאָר אין די טעג פון שבועות, יום־כיפּור און הושענא רבה. דאָס איז בטל געוואָרן ווען מען האָט געמאַכט עלעק־טרי. נעבן זיי איז געשטאַנען אַ גרויסער מעשענער חנוכה־לאָמפּ. אַרום אַלע זייטן פון די ווענט זענען געשטאַנען בענק צום זיצן מיט ברעטלעך וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן און געדינט אַלס שטענדערס. אַ טייל האָבן אויך געהאַט שטענ־



די גרויסע שול

דערס. אין מיטן שול, פון ביידע זייטן, זענען געשטאַנען אין דער לענג טאָפּלטע בענק, ווו מ׳איז געזעסן פּלייצע צו פּלייצע אָדער אין אוקאָס, אַזוי אַז אַלע זענען געזעסן מיטן פּנים צום חזן. פון באַלעמער ביז צום חזן זענען אויך געווען בענק. דער עמוד פון חזן איז געשטאַנען אין דער רעכטער זייט, ווו מען איז אַראָפּגעגאַנגען צום ארון־קודש. אַרום אים זענען געווען געטאַקטע טרעפּ פאַרמאַכטע ווו ס׳זענען גע־שטאַנען די משוררים. אונטער דעם גאַניק איז געווען הויל, אַז אַ מענטש האָט געקענט אַרונטערגיין און ס׳איז דאָרט געליגן אַ גרויסער שטיין. מענטשן האָבן תמיד דערציילט, אַז אונטער דעם שטיין איז דאָ אַ טיפער גרויסער קעלער.

אין דער רעכטער זייט פון ארון קודש איז געווען דער

פלאַץ פון רב. אין דער לינקער זייט — פון מו״ץ. ביים אַריינגאַנג פון שול זענען געווען צוויי הויכע טעראַסעס אַרויפצוגיין אויף טרעפּ, הויך כמעט ביז די פענצטער. פון דער ווייבער־שול. ווען דער חזן האָט געדאַווענט איז מען אַרויפגעגאַנגען זען דעם חזן מיט די משוררים.

## די מזרח־וואַנט

דער אָרון קודש איז געמאַכט געוואָרן פון גרויסן קינסט־לער פרידלענדער. ער האָט פאַרנומען כמעט די גאַנצע ברייט פון דער וואַנט. זיין ברייטער פאַרנעם איז געווען צעטיילט מיט 10 האַלב־קיילעכדיקע עמודים, געלאַקירט אויף ווייס און אָפּגעטיילט מיט אַ שורה קיילעכדיקע גאַלקעלעך. אין דער אויי־בערשטער טייל אין דער רעכטער זייט — נחש תיבה מיט אַלע בעלי־חיים, ווי זיי ראַטעווען זיך פון מבול. אין דער לינקער זייט דער שור הבור מיטן לויתן און דער עץ הדעת. אין מיטן 2 לייבן, איינער קעגנאיבער דעם צווייטן און זיי האַלטן דעם כתר התורה. איבער די לייבן איז געשריבן: „ודוד וכל בית ישראל מעלים את ארון ברית ד׳ בתרועה ובקול שופר״. אונטער די לייבן, אין דער רעכטער זייט, — אַ ספר־תורה, איבער איר געשריבן „כתר תורה״, אונטער איר — „תורת ד׳ תמימה משיבת נפש״. אין דער לינקער זייט די הענט, ווי די כהנים דוכענען, אין דער הייך אויפגע־שריבן „כתר הכהונה״ און פון אונטן „כה תברכו את בני ישראל״.

אין דער אונטערשטער טייל העכער איז געשריבן: „שתיקה יפה בשעת התפילה״.

אונטער דעם די כלי נגינה פון די לוויים וואָס ווערן דערמאָנט אין תהלים ק״נ. אונטער די כלי נגינה 4 חיות: דער לייב און הערש, דער אָדלער און לעמפּערט. רעכטס אין דער הייך דאָס בילד פון משה רבינו ווי ער פּאַשעט די שעפּסן און ג—ט באַווייזט זיך אין דעם ברענענדיקן דאָרן־בוים און די אויפשריפט „של נעליך מעל רגליך״. אַ ביסל נידעריי־קער — וווּ אהרון הכהן איז בודק אַ מענטש פון טומאה.

אין צענטער געפינט זיך אַ טאָפּלטער אָרון קודש. ווען מען מאַכט אים אויף הינטן, מאַכט ער זיך אויף אויבן און עס באַווייזן זיך צוויי לייבן. אויף די לייבן דערציילט מען, אַז זיי זענען אַמאָל געווען אין הינטערשטן טייל פון אָרון קודש און ווען מען האָט אים אויפגעמאַכט האָבן זיי אַרויסגעגעבן די ספר־תורה. האָט זיך געטראָפן אַמאָל אַן אורח אין שול און ווען ער האָט דאָס דערזען איז ער געפאַלן אין חלשות. פון דעמאָלט אָן האָט מען די לייבן אַרויפגעשטעלט אין דעם אויבערשטן אָרון־קודש. ווען מען האָט אויפגעמאַכט אונטן זענען די לייבן אַרויסגעקומען אין אויבערשטן אָרון קודש.

צו דעם אָרון קודש איז מען אַרויפגעגאַנגען מיט טרעפּ. אין בײדע זייטן פון זיינע טירן זענען געווען 2 עמודים האַלב־קיילעכדיקע, מיט 2 שיינע וואַנט־לעמפּ. אויף די עמודים איבערן אָרון קודש זענען געשטאַנען צוויי פייגל און איבער זיי אַן אויפשריפט: „ועשית כרובים מזהב מקשה״. קעגנאיבער דעם פרוכת — זייער אַ גרויסער און שיינער זשיראַנדאָל.

אויף דער דרום־וואַנט אין ווינקל איז אויסגעמאָלט די לאַנדשאַפט פון דער שטאָט ווישאָגראַד ווי זי האָט אויסגעזען אין יענע צייטן. אויף דער גאַנצער וואַנט פאַרשידענע חיות און גאַנץ גרויסע הויכע פענצטער געטיילט אויף קליינע שייבעלעך. ס׳זענען אויך געווען 4 פענצטער אין דער ווייי־בער־שול אַריין, זיי זאָלן הערן דאָס דאַווענען.

אויף דער מערב־וואַנט ביים אַריינגאַנג איבער דער טיר איז געשטאַנען דער מלאך המות אין געשטאַלט פון אַ לייב מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ, פאַרביסן די ציין און מיט אַ שאַרפן בליק. יעדער האָט עס באַוווּנדערט ווי אַזוי איז עס געלונגען דעם קינסטלער, אַז ער האָט נאָכגעקוקט אין אַלע זייטן.

אין דער זייט פון צפון־וואַנט, וואָס איז געווען פול מיט פאַרשידענע פענצטער, איז געווען דער כסא של אליהו הנביא.

ווען עס איז פאָרגעקומען אַ ברית אין יום־כיפור אָדער אין אַנדערע תעניתים האָט מען דעם ברית געמאַכט אין שול און טיילמאָל אויך שבת.

ביי דער שול זענען געווען דריי גרויסע ווייבערשילן, צוויי אונטן און איינע אויבן. עס איז נישט געווען קיין פלאַץ פאַר פרויען צום דאַווענען אויסער דער שול. ס׳זענען געווען אַן ערך 700 פלעצער. אין דער ווייבער־שול זענען געווען פרויען וואָס האָבן פאָרגעזאָגט און אַ טייל פרויען האָבן נאָכגע־זאָגט ס׳דאַווענען, אָדער די תחינה.

לעצטנס זענען געשלאָסן געוואָרן די ווייבער־שילן צו כל־נדרי, ווייל עס האָט פּאַסירט, אַז ס׳האָט זיך געמאַכט אַ שריפה אין אַ הויז פון אַ ליכט און אַלע זענען געווען אין שול און ביז זיי זענען אַראָפּגעלאָזן האָט געקאָנט געשען אַן אומגליק.

אין שול האָט מען געדאַווענט נוסח אשכנז, געזאָגט יוצרות. חזנים אין שול זענען געווען: ר׳ גאָדל ראָזנבערג, ר׳ ליפּע וויעזשבינסקי. דער לעצטער חזן איז געווען דער שוחט ר׳ אברהם איזראַעלעוויטש. ער האָט געדאַווענט מיט אַ קאַפּעליע פון 20 משוררים אויף נאָטן. די לעצטע יאָרן איז געווען בעל־שחרית אין די ימים־נוראים ר׳ משה טוביה גאָלד. בעל־מתחיל איז די ימים־נוראים זענען געווען: שמואל פּאַקאַרסקי, יאָסל שמידט, הערשל דרעקסלער. שבת, ווען דער חזן האָט נישט געדאַווענט, זענען געווען בעלי־תפילות: הערשל דרעקסלער און יאָסל שמידט, אָדער אברהם חיים פּערעצ׳ס (ליכטנשטיין). ער איז געווען דער באַס ביים חזנ׳ס קאַפּעליע.

## גבאים

חיים משה זילבערשטיין, יאָסל שמידט, הערש בוכנער, הערשל דרעקסלער, יעקב־בער דימאַנט און נחמן דימאַנט.

## שמשים

יצחק יעקב פּאַפּטשיק, איציק גראַסמאַן, איינבינדער, אבא גראַסמאַן, בער גראַסמאַן, יעקב דוד שולקלאַפּער. זיין

אויפגאַבע איז געווען צו קלאַפּן אין אַ ברעטל וואָס איז געווען הויל, אַז מען האָט געגעבן אַ קלאַפּ האָט מען געהערט זייער ווייט. אַ קלאַפּ האָט מען אויך געגעבן, א) ווען מען האָט אָנגעהויבן דאַווענען, ב) ביי שוכן עד, ג) ווען מען האָט אָנגעהויבן די שטילע שמונה־עשרה, ד) ווען דער חזן האָט געזאָגט די הויכע שמונה־עשרה. ער האָט אויך געהאַט אַ הילצערנעם האַמער. ווען ער האָט געקלאַפּט צוויי קלעפּ. האָט עס געהייסן, אַז ס׳איז דאָ אַ נפטר.

ס׳איז אויך פאָרגעקומען, אַ זמ׳האָט אין שול געגעבן אַ שבועה. דאָס איז געווען ביי אַ שווערער דין־תורה. מ׳האָט דאַן אַוועקגעשטעלט דאָס טהרה־ברעט, אָנגעצונדן שוואַרצע ליכט. מערסטנטייל האָט מען ־יך באַמיט, אַז אַזעלכע שבועות זאָלן נישט פאָרקומען. די לעצטע מינוט האָט מען געמאַכט אַ פּשרה מען זאָל נישט שווערן אַפילו אויף אמת.

ס׳איז אויך פאָרגעקומען אין שול אין מיין צייט אַ חליצה ביי שרה זאַמב, אלי משהס פרוי. זי האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט הענעך צימעסל.

אַ גאַנצע וואָך האָט מען נאָר געדאַווענט מנחה איין מנין. די שול האָט מען געהאַלטן פאַר אַ בית־מקדש קטן. עס איז פאָרגעקומען ביים צאַרס צייטן גאַלוווקעס. דאָס איז געווען ווען די קיסרים האָבן געהאַט געבורטסטאָג, האָבן געמוזט אַלע מלמדים מיט אַלע חדר־קינדער גיין אין שול אַריין און געמאַכט אַ גאַלוווקע. אין די צייטן פון דער פּוילישער רעגירונג האָט מען געמאַכט אין די טעג פון 3טן מאַי און 11טן נאָוועמבער זענען געגאַנגען אַלע קהילה־פאָרשטייער מיט די אָרגאַניזאַציעס און עס איז שטענדיק געווען אַ פאָרשטייער פון דער רעגירונג און דער חזן האָט געמאַכט אַ מי שברך דעם מלוכה־פּרעזידענט. און להבדיל אלף הבדלות, ווען עס איז געווען די יאָרצייט פון ד״ר הערצל ז״ל, כ׳ תמוז, האָט אַ גרויסער טייל יידן געמאַכט אַן הזכרה.

ליידער האָט די נאַצישע בעסטיע חרוב געמאַכט אַזאַ מקום מקדש, אַזאַ פּראַכט. זיי האָבן געצוווּנגען יידן מיט שיסערייען און געשלעגן און מכות־רצח זיי זאָלן אַרונטעררייסן די שיינע מזרח־וואַנט און איינלייגן די שול. עס איז נישט געבליבן קיין זכר פון אונדזער פּראַכט, אויסער די באַשרייבונג און די צוויי בילדער.

זאָלן דורות לייענען און זען ווי אַזוי יידן האָבן געלעבט אין קאָלעקטיוו, בציבור, געשאַפן און געדינט עבודת־הבורא זאָל בלייבן אַ זכר עולם אין דער יידישער געשיכטע די שול פון ווישאָגראָד, וואָס אירע ווענט זענען געווען אָנגעזאַפּט מיט יידישע טרערן פון ווייטיק און פרייד, וואָס איר חלל איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט יידישן גייסט, וואָס האָט מיט איר קונסט און שיינקייט באַרייכערט די יידישע נשמה און צוגעגעבן שטאָלץ און גלויבן.



בן סיני דייטש

# דאָס בית המדרש און די בתי התפילות

דאָס איז די רשימה פון די בתי תפילה אין ווישאָגראָד:
1. בית־הכנסת, 2. בית־המדרש, 3. גערער שטיבל, 4. וואָרקער שטיבל, 5. אַמשינאָווער שטיבל, 6. גמילות־חסד־קאַסע, 7. האַנטווערקער־פאַראיין, 8. הכנסת אורחים, 9. חברה תהילים ביי אברהם סטאָליאַר, 10. מזרחי, 11. צעירי אגודת ישראל, 12. חברה השכמה.

די שיינע פּרעכטיקע שול איז באַשריבן אין יזכור־בוך דורך וויסנשאַפטלער אויף דעם געביט און ליטעראַטן. דער זמן תפילה אין שול איז געווען שבת 7.30. עס איז אַלע יאָרן געווען אַ סטאַבילער חזן מיט בערך 20 משוררים. זומער האָבן די רבנים געדאַוונט אין שול, פון פסח ביז נאָך סוכות. עס איז געווען אַ תקנה, אַז דעם צווייטן טאָג פּסח און סוכות איז דער חזן מיט דער גאַנצער קאַפּעליע משוררים געגאַנגען דאַוונען אין בית־המדרש און מאיר באַמבערג ז״ל, דער שוחט, וואָס איז געווען דער סטאַבילער בעל־תפילה אין בית־המדרש, איז די צוויי טעג געגאַנגען דאַוונען אַלס שליח־ציבור אין שול.

דאָס בית־המדרש איז געשטאַנען דרום־זייט פון דער שול, אין עק שולבאַרג מיט איין ווינקל ביז אין לאַנגוועגס, אין עק איז געווען אַ שוץ־בערגל פון שטיינער עס זאָל שיצן די וואַנט פון בית־המדרש. עס איז געווען אַ ליק אַריינצוגיין פון מאַרק אין בית־המדרש, צווישן די הייזער פון יעקב וואַלמאַן און שמואל־לייב קרוק.

געדאַוונט האָט מען אין בית־המדרש יעדן טאָג פון נץ החמה ביז האַלב צוועלף בייטאָג, עטלעכע מנינים איינס נאָכן צווייטן. עס זענען געווען אַ סך יידן, וואָס נאָך חצות (האַלבע נאַכט) זענען זיי שוין געזעסן אין בית־המדרש, געזאָגט תיקון חצות, געזאָגט תהילים מיט מעמדות, געלערנט אַ פּרק משניות. ס׳זענען אויך געווען בחורים, וואָס האָבן געלערנט ביז שפּעט ביינאַכט.

אין בית־המדרש און אין שול האָט מען געדאַוונט נוסח אשכנז, מען האָט אָנגעפאַנגען מזמור שיר חנוכת הבית, פרייטיק ביינאַכט געזאָגט במה מדליקין. דעם שיר של יום נאָך עלינו. די חסידים פון די שטיבלעך האָבן געדאַוונט נוסח ספרד. אַ גאַנצע וואָך האָט מען געדאַוונט צוזאַמען אין בית־המדרש. כדי עס זאָל נישט זיין קיין מחלוקת, איז געווען אַ תקנה, אַז ביז 8.30 האָט מען געדאַוונט נוסח אַשכנז און פון 8.30 — נוסח ספרד.

ווינטער האָט מען געדאַוונט מנחה פון 2 אַ זייגער, זומער — פון 4 ביז זון־אונטערגאַנג. ביז די יאָרן 1928 זענען ממש אַלע יידן געגאַנגען דאַוונען מנחה מעריב. ביז אין יאָר 1905 איז געווען איינגעפירט, אַז אַלע מייסטערס מיט די געזעלן: שוסטערס, שניידערס, שטעפּערס, סטאָליערס, זענען צוזאַמען געגאַנגען דאַוונען מנחה מעריב אין בית־המדרש. און די הפסקה פון דער אַרבעט האָט געהייסן חופש. און שפּעטער האָט מען געאַרבעט וויפל עס איז נאָר אַריינגעגאַנגען ביז איינס, צוויי ביינאַכט (אין יאָר 1905, ווען אין פּוילן האָבן זיך אָנגעהויבן די שטרייקן, האָבן די געזעלן אַדורכגעפירט אַ רעפאָרם, אַז זיי זענען מותר אויף דעם חופש בין מנחה למעריב און זיי קענען דאַוונען אין וואַרשטאַט בתנאי זיי זאָלן ענדיקן די אַרבעט צען אַ זייגער. אַזוי האָט מען אַמאָל געאַרבעט אין די קליינע שטעטלעך. אָבער נישט אַלע געזעלן האָבן געוואָלט מיטהאַלטן מיט די שטרייקערס און זענען געגאַנגען דאַוונען אין בית המדרש).

בין מנחה למעריב האָט מען געזאָגט צען קאַפּיטלעך תהילים. און ווען עס איז געווען ר״ל אַ חולה מסוכן, האָט דער גאַנצער עולם געזאָגט תהילים: למנצח מזמור לדוד, קאַפּיטל כ׳ (20), תפילה למשה צ׳ (90), אשרי תמימי דרך. קי״ט (119) און שיר למעלות אשא עיני, קאַפּיטל קכ״א (121), געזאָגט דעם יהי רצון, אויפגעמאַכט דעם אָרון־קודש, געזאָגט שלש־עשרה מידות און געמאַכט דעם חולה אַ „מי שברך״.

אין ווינקל דרום־מזרח, ביי אַ לאַנגן טיש, האָבן געלערנט די חברה חיי אדם. דער רבי איז געווען ר׳ חיים־אהרון פערשט זצ״ל, אַ קאָצקער חסיד מיט אַ לאַנגער ליולקע. אַ ייד אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַ פוסק. ווען ער איז שוואַך געוואָרן, אויף דער עלטער, איז געווען דער רבי זיין איידים דער מו״ץ ר׳ דוד צבי לובין זצ״ל. זייער אָפט זענען געקומען מגידים (בעלי דרשערס), משולחים פון ישיבות. זיי האָבן געהאַלטן דרשות און דער עולם האָט געהערט אַ שעה און אַ מאָל מער (ווינטער האָט מען געהאַלטן דרשות פרייטיק ביינאַכט נאָך דעם עסן, ביז צען אַ זייגער) און ביי דער טיר האָבן זיך אָוועקגעשטעלט צוויי חשובע בעלי־בתים און געשאַפן געלט. שבת הגדול האָט דער רב פון שטאָט געהאַלטן די דרשה אין בית־המדרש און שבת תשובה — אין שול. ראש־חודש האָט מען געזאָגט יום כפור קטן אַ זייגער צוועלף ביי טאָג. ביי דעם מנין פון 7.30 יעדן טאָג האָט געדאַוונט דער רב.

גרויס איז געווען דאָס בית־המדרש, אומגעפער 15 מעטער אויף 15. עס איז געווען צוויי אַריינגענג — איין טיר פון מערב־זייט פון הויף, די צווייטע פון צפון־זייט, דורך אַ פעדערהייזל, וואָס איז געווען צום אַרויפגיין אויפן בוידעם. דער אַריינגאַנג פון מערב־זייט איז נאָר באַנוצט געוואָרן ווען עס איז ר״ל געווען אַ חשובער נפטר, איז מען פון איין טיר אַריינגעגאַנגען און מיט דער צווייטער אַרויסגעגאַנגען. ביים אַריינגאַנג פון דער טיר פון צפון זייט איז אין דער לינקער זייט געווען דער כיור. אין דער רעכטער זייט פון דער טיר זענען געשטאַנען צוויי גרויסע טונען מיט וואַסער, עס זאָל זיין אָנצופילן דעם כיור. ווינטער זענען געשטאַנען די טונען אינעווייניק דאָס וואַסער זאָל נישט פאַרפרירן, זומער — אין פעדערהויז. נאָכן כיור, אויף צפון־זייט איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש. אויף דער וואַנט זענען געווען צוויי פענצ־

טער. אויף דער מזרח־וואַנט איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש, ביז דעם אָרון־קודש. ביי דעם טיש איז געזעסן ר׳ מאיר שוחט (דאָ זענען געווען צוויי פענצטער) און געלערנט יעדן שבת, נאָכן שלאָף, מיט אַ גרויסן עולם מדרש תנחומא און פרייטיק ביינאַכט — חומש מיט רש״י. דאָרט האָט געהאָנגען אַ גרויסער נאַפט־לאָמפּ. ר׳ שמואל גראָסמאַן האָט יעדן פרייטיק צוזאַמענגענומען אַ פּאָר גראָשן אויף נאַפט, כדי עס זאָל זיין ליכטיק אַ גאַנצע נאַכט און מען זאָל קענען לערנען פרייטיק ביז שפּעט און ביז שבת פּאַרטאָג. נאָך דעם טיש איז געווען דער ארון־קודש. זייער אַ שיינער ארון־קודש, אַ האַנט־אַרבעט — געשניצטער — אין דער הויך מיט צוויי כרובים. יעדן שבת האָט מען געטוישט דעם פּרוכת און אויך יעדן יום־טוב. ראש־השנה און יום־כיפור האָט מען באַהאָנגען אַ ווייסן פּרוכת.

**אַרויפצוגיין זענען געווען דריי טרעפּלעך**

אַרום און אַרום איז געווען אַ געטאָקטער גאַנעק (גאַלעריע) מיט צוויי פּאָרענטשעס. אין דער רעכטער זייט פאַרן ארון־קודש איז געשטאַנען דער עמוד ווו דער חזן האָט געדאַוונט. דער עמוד באַפּוצט מיט אַ מעשענעם „ששה נרות״ מיט אַ שיינעם „שויתי״ לנגדי תמיד. הינטער דעם עמוד איז געווען ביים ארון־קודש אַ ספּעציעלער פּלאַץ פאַרן רב. אין דער לינקער זייט פון ארון־קודש איז געווען דער פּלאַץ פאַר מו״צ. נאָכן זיץ־פּלאַץ פון רב איז געווען אַ לאַנגער טיש, באַלויכטן מיט צוויי פענצטער. אויף דער דרום־וואַנט זענען געווען דריי לאַנגע טישן באַלויכטן מיט פינף פענצטער. אויף דער וואַנט האָט געהאָנגען אַ זייגער און די רשימה פון חברת חיי אדם, אויך האָט מעז אויפגעהאָנגען דעם חנוכה־לייכטער צו צינדן חנוכה־ליכט. אין ווינקל פון מערב־דרום איז געשטאַנען אַ גרויסע שאַנק פון ספרים. ביי דעם לעצטן טיש, ביי דער שאַנק זענען געזעסן בחורים און יונגעלייט און געלערנט דעם דף היומי. נעבן דער מערב־וואַנט זענען געווען צוויי גרויסע קאַפּלענע אויוונס, וואָס האָבן געהאַלטן היץ פיר און צוואַנציק שעה, די אויוונס האָט אויפגעשטעלט שמואל ליכטנשטיין, אַרום די אויוונס זענען געווען בענק. יידן זענען געזעסן און זיך געוואַרעמט, געזאָגט תהילים, געשמועסט איבער א דבר תורה, אָדער דערציילט אַ חסידיש מעשהלע. אויף דער מערב־וואַנט נעבן די ווינקלען זענען געווען צוויי פענצטער.

אין מיטן בית־המדרש איז געווען די בימה צום לייענען. אויף דער מערב־זייט פון בעלעמער איז געווען אַ באַנק צו זיצן, ווען מען איז געגאַנגען „הגבהה״, און קינדער האָבן דאָרט ליב געהאַט צו זיצן. אַרום דעם בעלעמער זענען געווען בענק. די בימה האָט געהאַט פיר עמודים פון האָלץ אונטן געמאַליעוועט גרין און אויבן ווייס. אַרויפצוגיין צוויי טרעפּלעך פון צפון־זייט און דרום־זייט. מזרח־זייט פון בעלעמער איז געשטאַנען דער שולחן, וואָס מען האָט געלייענט. אין די זייטן פון שולחן זענען געשטאַנען די צוויי גבאים, הינטערן שולחן איז געווען אַ שענקל, ווו מען האָט געהאַלטן ליכט און וויין לקידוש ולהבדלה. אין מיטן בעלעמער איז געהאָנגען אַ גרויסער לאָמפּ. אין מיטן בית־מדרש אין ביידע זייטן פון דער בימה זענען געווען צוויי דיקע הילצערנע עמודים, אויף זיי איז געווען זייער אַ דיקער בעלעק איבער דער גאַנצער ברייט פון בית־המדרש צו האַלטן די בעלקעס. אויף אַלע טישן זענען געווען אויסגעשניצט פירקאַנטיקע שיסעלעך פאַר וואַסער.

פאַר דעם ערשטן וועלט־קריג, ביז 1914, זענען געזעסן אין בית־המדרש אַ גרויסע צאָל בחורים פון שטאָט און פון שכנותדיקע שטעט, געלערנט און געגעסן ביי בעלי־בתים טעג, אונטער דער השגחה פון הרה״ג זצ״ל ר׳ משה־יחזקאל בידערמאַן און שפּעטער אונטער דער השגחה פון הרה״ג ר׳ דוד באָרנשטיין דעם אבני נזרס אַן אייניקל. משגיח איז געווען ר׳ דוד וויטעלזאָן זצ״ל. מגיד שיעור איז געווען ר׳ אשר מיינוואַלד (קנעפּלמאַכער).

לעצטע גבאים, וואָס איך געדענק זענען געווען ר׳ עקיבא מוליכער ז״ל, ר׳ פישל יאָסקעס ז״ל. א תקנה איז געווען, אַזוי ווי עס זענען געווען זעקס טישן מיט מתפּללים, זאָל יעדע צוויי חדשים זיך בייטן די גבאים, כדי ס׳זאָל שטיין אַ גבאי פון יעדן טיש ביים ספר בעתן טיילן די עליות, עס זאָל נישט זיין קיין מחלוקתן.

ליידער האָט די בעסטיאַלישע חיה אַלץ חרוב געמאַכט. אין ווינטער פון 1939—1940 האָט דאָס בית המדרש זיך געענדיקט, דאָס האַרץ פון ווישאָגראָדער יידן האָט אויפגעהערט קלאַפּן, דער פּלאַץ פון יידישער פרייד און יידישן לייד איז חרוב געוואָרן. מיט יידישע הענט אונטער דער דראָונג פון געווער און געשלעג פון נאַהייקעס האָט מען דאָס בית־המדרש איינגעלייגט און ס׳איז פון דעם נישט געבליבן קיין זכר. די ווענט האָט מען איינגעלייגט, דאָס האָלץ פאַרברענט און אַלע שפּורן פאַרווישט.

זאָלן אַלזאָ, אונדזערע קינדער דאָס לייענען און עס זאָל בלייבן אַ זכרון לנצח ווי עס האָט אויסגעזען דאָס דאַווענען, דאָס לערנען און דער דרך־ארץ אין ווישאָגראָדער בית־המדרש.

מאַרטין זילבערשטיין

# די ווישאגראדער סאסייטי אין אמעריקע

אונדזער סאָסייטי אין צפון־אַמעריקע הייסט „חברה בני יעקב דוד אנשי ווישאַגראַד". דער נאָמען אירער אין העברע־אישן צייגט אויף אַן אינערלעכן דראַנג צו יידישקייט. ס'איז תמיד אַזוי געווען, אין יעדן לאַנד, ווען ס'האָט געדראָט מיט אַסימילאַציע אויפן חשבון פון יידיש, און ס'איז געווען אַ געפאַר, אַז די וואָכן־שפּראַך וועט פאַרביטן ווערן אין דער שפּראַך פון לאַנד, צוליב געברויך־באַקוועמלעכקייטן און פאַר־בינדונג־מיטל מיט די היגע איינוווינער, האָט זיך דער ייד אומגעקערט צום עברית, צו זיין נאַציאָנאַלן לשון קודש, כדי צו דערהאַלטן זיין געזעלשאַפטלעכן און ידישן אייביקן גייסט.

די „חברה" איז געגרינדעט געוואָרן אין 11טן נאָוועמבער 1881סטן יאָר.

די גרינדער זענען געווען:

וואָלף ראָזען, ישראל וואָלמאַן, נח סיימאַן, הירש לאַווינ־סקי, מאַקס קאָהן און דוד נוס.

זיי האָבן זיך געשטעלט אַלס ציל, צו העלפן די ניי־געקומענע ווישאַגראַדער יידן קיין אַמעריקע, פאַרלייכטערן זיי געזעלשאַפטלעך זייער איינזאַמקייט אין פעמדן לאַנד, שטיצן זיי מאָראַליש און געבן זיי די ערשטע מאַטעריעלע הילף.

ביז פאַר 10 יאָר האָבן זיי געהאַט אַ גמילות־חסד־קאַסע. די אַלטע געקומענע זענען שוין מער נישט ביים לעבן. היינט ווערט די חברה אָנגעפירט דורך די ברידער אברהם און משה שעער, איינער איז פאַרזיצער און דער צווייטער דינט אַלס זיין וויצע און פאַרטרעטער.

דער מזכיר איז אהרון זאַלצמאַן, אַ סאַכאַטשעווער ייד.

קאַסירער איז סעם באַרנשטיין.

צוריק מיט עטלעכע יאָר האָבן זיי געפייערט זייער 80־יעריקן יובילעאום.

דער ווישאַגראַדער פאַריין (סאָסייטי) אין די פאַראייניק־טע שטאַטן איז איינער פון די עלטסטע פאַראיינען, וואָס זיינע יאָרן זענען ענלעך אין צאָל צו די יאָרן פון זאַכלעכן ציוניזם און זיין גרינדונגס־יאָר פאַלט אויס צוזאַמען כמעט מיט דעם אָנהייב פון די חובבי ציון. מ'קאָן אַלזאָ זאָגן, אַז אין דער אַמעריקאַנער סאָסייטי האָבן ווישאַגראַדער יידן אויסגעדריקט מיט זייער אינטואיציע אַ ברידער־פאַראַנטוואָרטלעכקייט און דערמיט דערהאַלטן יידישקייט און יידישע געזעלשאַפט אין אַמעריקע, ווען פון איין זייט האָבן יידן געשטרעבט איינמאַל־פאַר־אַלע־מאַל גיין קיין ארץ־ישראל און פון דער צווייטער זייט האָבן געמוזט ביז ארץ־ישראל דערווייל זוכן אַן אַנדער גלות־סטאַציע. ווען מיר זענען איצט איינִיקלעך יידישע פון אַמעריקע ציען זיך קיין ישראל און דאָס יידישקייט האַלט זיך נאָך אויף אין דער גאָלדענער לאַקענדער מדינה איז אפשר אַ דאַנק דער דעמאַלטיקע יידישע אינטואיציע, אין וועלכע אונדזערע ווישאַגראַדער האָבן אויך זייערס בייגע־שטייערט.



די בוך־קאָמיסיע ביים פאַרענדיקן דעם בוך־צוזאַמענזעץ

שטייען פון רעכטס: ח. רבין, פ. מלינעק, ב. זאַוויערוכע־גוטמאַן.

זיצן פון רעכטס: א. פעלז, מ. וואַלפיש, ח. לעווין, נ. ל. דייטש.

# די פארשטייער פון ווישאגראדער אין אמעריקע



דוד ליפמאַן



מנחם זילבערשטיין



גייב ליכטנשטיין



אברהם כהן



שמחה ליפסקי



יצחק קעיזמאַן



חיים פוטערמאַן

**מענדל אָגראָדניק**

(סאָסייטי־סעקרעטאַר)

# איבער ווישאַגראַדער אין אַרגענטינע

בײַ אַ פערציק פאַמיליעס ווישאַגראַדער געפינען זיך אין בוענאָס־איירעס. די מערהייט איז געקומען אַהער ביזן יאָר 1939. די איבעריקע זענען געקומען קיין אַרגענטינע נאָך דער נאַצישער גרויל פון פאַרשידינע לאַגערן.

די פריער־געקומענע ווישאַגראַדער יידן זענען נישט שלעכט סיטואירט. אַ סך זענען סוחרים, וואָס האָבן אייגענע געשעפטן; אַ טייל האָט פאַבריקן און אַנדערע ווידער זענען מענטשן פון מיטלקלאַס, אַרבעטער און האַנטווערקער.

צווישן די וואָס זענען געקומען נאָך דער מלחמה, איז פאַראַן אַ טייל, וואָס ס'איז זיי נישט שלעכט אַוועק און זענען גוט סיטואירט. דער גרעסטער טייל אָבער איז אַרבעטס־מענטשן, פון זיי אַז׳נלכע, וואָס האָבן געענדערט זייערע פאַכן.

קיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט האָט זיך דאָ נישט גע־פירט, ס'איז נישט געווען קיין פאַראיין אָדער ווישאַגראַדער קאָמיטעט. באַלד נאָך דער לעצטער מלחמה, ווען מיר, די שארית הפליטה זענען אָנגעקומען קיין אַרגענטינע האָבן מיר געהערט, אַז ס'איז געווען אַמאָל אַ פאַריין פון ווישאַגראַדער מיט פלאָצקער צוזאַמען, אָבער פאַרוואָס דער פאַריין האָט זיך געשפּאָלטן האָבן מיר זיך ערשט שפּעטער דערוווּסט. די סיבות זענען געווען פאַרשידענע.

מיר האָבן דאָס געהאַלטן פאַר אַ פעלער. ס'האָט זיך געוואָלט זען אייגענע שטאָט־מענטשן און אָפּפילן מאָראַלישע און אויך מאַטעריעלע שטיצע. אָבער מיר האָבן נישט געקענט ענדערן די לאַגע.

איצט, נאָך אַ לאַנגער צייט, האָבן מיר אָפּגעהאַלטן גע־מיינזאַמע שמועסן מיט אונדזעריקע און מיט פלאָצקער אַלט־געזעסענע אין אַרגענטינע און ס'איז געלונגען. מיר האָבן געפּרוּווט פאַרגלעטן פאַרגאַנגענע מיספאַרשטענדענישן און מיט דער איניציאַטיוו פון מיין ברודער ישראליק אָגראָדניק און אַנדערע ווישאַגראַדער, האָבן מיר זיך פאַראייניקט פון דאָס ניי מיט די פלאָצקער. און דער פאַראיין האָט אָנגעהויבן אַרויס־ווייזן סימנים פון לעבן.

איצט האָבן מיר אויך אַן אייגענעם לאָקאַל פאַר ביידע לאַנדסמאַנשאַפטן. דאָס איז אַ לאָקאַל, וואָס מיין ברודער ישראליק האָט געשענקט און דערמיט אָנגעגעבן דעם פאַראיין אַ באַזונדערן ווערט און אינהאַלט.

די ווישאַגראַדער, וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן אַלס בוד־קאָמיסיע זענען: ישראליק אָגראָדניק, מענדל אָגראָדניק, אברהם שניידער, יענקל קאָרן און חיים ליכטנשטיין. מיר האָבן געטאָן אַלדאָס מעגלעכע, כדי זיך שטעלן צו אייער רוף אין ישראל און מיר אַרבעטן ווייטער און זענען טעטיק אין דער זאַך.



שטייען פון רעכטס: יאַנקל קאָהן, מענדל אָגראָדניק, חיים ליכטנשטיין.
זיצן פון רעכטס: סרוליק אָגראָדניק, אברהם שניידער

מנחם זילבערשטיין

# ציוניזם אין ווישאגראַד

אונדזער שטאָט, ווי אַלע קליינע שטעט אין פּוילן, האָט נישט געפירט קיין מאָדערנע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. ביז אָנפאַנג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, 1914, האָט ווישאָגראַד נישט געוווּסט פון ציוניזם, ווי אויך נישט פון סאָציאַליזם און אַנדערע מאָדערניסטישע באַוועגונגען.



מנחם זילבערשטיין

ביים ענדע פון ניינצנטן יאָרהונדערט און אָנפאַנג צוואַנציקסטן זענען געווען ביי אונדז אייניקע חובבי ציון, צווישן זיי דער פאַרשטאָרבענער שפּעטערדיקער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע נחום סאָקאָלאָוו — אַ ווישאָגראַדער געבוירענער און פּנחס לעווין ע״ה. ספּעציעל געדענקען מיר פּנחס לעווין ז״ל. ער איז געווען איינאונאיינציקער הייסער און אָפּענער חובב־ציון און אין האַרצן געוואָרעמט אַ פלאַמענדן געפיל פאַר אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער גאולה. איך געדענק אים זייער גוט. ווען איך פלעג מיט אים רעדן וועגן ארץ־ישראל, האָט זיך זיין פּנים צעגליט און עס האָט אַרויסגעשיינט אַ חלום פון אַ יידישער מדינה. די איינציקע שטרעבונג זיינע איז געווען צו דערלעבן די יידישע מדינה. ליידער האָט ער זיין שטרעבונג נישט דערגרייכט.

אָבער ער איז געווען דער פאַקעל פון ציוניסטישער וויזיע און פון די פאַן פון ציוניסטישן טרוים, נישט האָבנדיק אונטער זיך קיין נאָכפאָלגער און אידעען־טרעגער.

די יידישע ווישאָגראַדער יוגנט צו יענער צייט האָט נישט געהאַט קיין מאָדערנע אַספּיראַציעס, זי איז דערצויגן געוואָרן דורך טראַדיציע־האַלטנדיקע עלטערן, וואָס האָבן נישט אַריינגעלאָזט קיין נייע געדאַנקען אין זייער נשמה, זענען זיי ממילא געגאַנגען אין זייערע וועגן. דאָס קינד אין שטעטל איז געפירט געוואָרן פון זיין ייִנגסטער קינדהייט אין געשפּאַן פון אַלטע וועגן.

צו דריי יאָר האָט מען אָנגעהויבן גיין אין חדר, צו 7 יאָר האָט מען שוין געקענט דאַווענען און חומש מיט רש״י און מ׳האָט שוין אָנגעפאַנגען לערנען גמרא ביז בר־מצוה. דאַן איז אַ טייל פון דער יוגנט אַריבער לערנען אין בית־מדרש, אַ טייל אין ישיבות אין אַנדערע שטעט, מיט עסן טעג ביי רייכע יידן.

אַנדערע יוגנטלעכע זענען געוואָרן בעלי־מלאכות: שוסטער, שניידערס, קאַמאַשנמאַכערס, זייגערמאַכערס, אָדער געהאָלפן די עלטערן ברענגען פרנסה פאַר זייער פאַמיליע, וואָס האָט אין גרעסטן טייל געציילט ביז 8—10 נפשות. מ׳האָט מיטגעאַרבעט אין פאָטערס געוועלב פון לעבנס־מיטל, שניט־סחורה, אייזן און אַנדערע. די קינדער, ווען זיי זענען עלטער געוואָרן און חתונה געהאַט זענען אַריינגעטרעטן אין פאָטערס געשעפט, מיטגעאַרבעט און מיטגעלעבט...

די גרעסטע צאָל פאַמיליעס, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו אַנטשטיין און געוואָלט שאַפן אַ לעבן פאַר זיך אַליין, האָבן נישט געהאַט קיין פּלאַץ אין די עלטערנס געשעפטן און צו אַנדערע ביזנעס האָבן זיי נישט געקאָנט צוקומען, נישט האָבנדיק קיין געלט, קיין מוט און קיין פאַרברייטונג דערצו. ס׳איז בעריקע האָט געמאַכט דער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט באַשרענקט די יידישע איניציאַטיוו און ענערגיע.

מיטן אָנפאַנג פון די 20־ער יאָרן פון 20־סטן יאָרהונדערט האָט די יוגנט אין פּוילן און אויך ביי אונדז אין ווישאָגראַד אָנגעהויבן טראַכטן וועגן זייער צוקונפט און וועגן דער לאַגע, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען. די ייִנגע מענטשן האָבן דערוואַכט, געזען, אַז די עלטערן האָבן פאַר זיי נישט צוגעגרייט קיין וועג, האָבן זיי אָנגעהויבן זיך אָרגאַניזירן, שאַפן ביבליאָטעקן, אויסברייטערן זייער בליק און אָנשויאונג און מיט דער הילף פון קולטור און אָרגאַניזאַציע פּראָבירן לעזן זייערע אייגענע פּראָבלעמען.

די ביבליאָטעק, וואָס איז געשאַפן געוואָרן, איז געווען פון יידישע ביכער, וואָס יעדער האָט געהאַט און זיי געשטעלט דער געזעלשאַפט צו פאַרפיגונג.

די לייַ־ביבליאָטעק האָט זיך געעפנט מיט 50 ביכער און אין איניקע יאָר אַרום האָט זי שוין געציילט אַריבער 1000 ביכער העברעאישע און יידישע. דאָס אַלץ פון מיטגלידס־אָפּצאָל, התלהבות און איבערגעגעבנקייט צו דער זאַך, וואָס די ווישאָגראַדער יוגנט האָט אין איר אַריינגעלייגט, וויסנדיק, אַז מיט דער ביבליאָטעק פאַרברייטערט זי האָריזאָנטן און אָנשויונגען פון מענטשן אין שטעטל.

די גרינדער פון דער ביבליאָטעק, וואָס האָבן איר געווידמעט זייערע כוחות און הייסן ווילן זעען געווען פּנחס

לעווין, יאָסקע לעווין, דוד ליפּמאַן, יהודה לוזער קליין, הענעך כהן, יחיאל משה און מאיר כהן, פייוול מאיר לכיטנשטיין, איכל גערשט און טוביה גאָלדמאַן.

„מרכז הציונים" האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן, און זי איז טאַקע געווען דער מרכז, דער צענטרום און מיטלפּונקט פון דער ציוניסטישער טעטיקייט. די יוגנט האָט אָנגעהויבן לייענען אירע ביכער, ס'זענען פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען, פאָרלעזונגען, מיטינגען איבער פאַרשידענע טעמעס, וועלכע האָבן אינטערעסירט דער יוגנט. זי איז געווען די טרייבקראַפט.

די דיסקוסיעס זענען געווען טיפע, לעבעדיקע און ברויזנדיקע. ס'זענען געקומען גאַסטרעדנערס פון דער אַרומיקער געגנט ווי אויך דעלעגירטע פון וואַרשעווער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן מיט אַלע כוחות אויפגעקלערט דער יוגנט און געבראַכט זי צום דענקען און צום מאָדערניזירן אירע אָנשויאונגען אויפן לעבן בכלל און אויפן יידישן לעבן און גורל בפרט.

די יוגנט האָט געזאַפּט דאָס נייע און געברויזט געזעלשאַפטלעך. זי האָט אָנגעהויבן אָנטייל צו נעמען אין אַלע לעבנס־וויכטיקע געשעענישן אין שטאָט און אין פוילן און זיך ברענגען צום אויסדרוק, מיט טאַט און וואָרט אויף אָרטיקע און וועלטלעכע געביטן, אומעטום, ווו פּראָבלעמען זענען געשטעלט געוואָרן און געזוכט זייער ליזונג.

שוין באַלד זענען אַנטשטאַנען אין ווישאָגראָד אינסטיטוציעס, ס'האָבן זיך געשאַפן קאָמיטעטן פאַרן קרן־קימת, קרן היסוד, יידישע באַנק און גמילות־חסדים־קאָסע צו העלפן יידישע הענדלער און האַנטווערקער אין זייער עקזיסטענץ אונטער דעם שווערן אַנטיסעמיטישן דרוק וואָס דער בושעווענדער אַנטיסעמיטיזם אין פוילן האָט אָנגעהויבן אויסצואיבן.

ביי די וואַלן צום סיים און סענאַט האָט ווישאָגראָדער יוגנט אָפּגעשפּילט אַ וויכטיקע ראָל ביים אויפקלערן זאַכן, וואָס דאָס פאָלק האָט באַדאַרפט וויסן און אָנטיילנעמען אין די וואַל־קאָמיטעטן מיט איר גאַנצער פולבלוטיקייט.

אין יענע יאָרן איז אויך אַנטשטאַנען אַ לינקע יוגנט־באַוועגונג אין שטאָט, וואָס האָט געריסן די יוגנט־אויפמערקזאַמקייט צו זיך און האָט געבראַכט צו פּאָליטישע רייסענישן אין דער יוגנט.

דער „מרכז הציונים" איז געוואָרן דער ציל־ברעט פון די רייסענישן, יעדער פון די צדדים האָט געוואָלט דאָמינירן אין אים און אויך אין אַנדערע אינסטיטוציעס, אָבער שטירצן האָט מען געשטירצט נאָר דעם ציוניזם, ווייל ער האָט אַנטדעקט דעם אָפּגרונט, וואָס לויערט פאַר יידן דאָ, צי איז דאָס



דער „מרכז הציונים"

אין אַ כלומרשט גערעכטן רעזשים פון גויים אָדער אין אַ שאָווינסטיש אָפּגעשטאַנענעם רעזשים.

נאָך לאַנגע יאָרן פון שטרייטן און דיסקוסיעס, האָט די ציוניסטיש דענקנדיקע יוגנט געזיגט און די לינק־געשטימטע האָבן געמוזט אַרויסטרעטן פון מרכז הציונים און שאַפן אַן אייגענע ביבליאָטעק מיטן נאָמען „אַרבעטער־ביבליאָטעק״. אין אמת׳ן איז דאָס געוואָרן דער צענטער פון קאָמוניסטישער טעטיקייט פאַר דער גאַנצער געגנט און, ווי מ׳האָט געזאָגט צו יענער צייט, אויך געשטיצט געוואָרן דורך דער רוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זי האָט אין די ווישאָגראָדער לינקע אָנפירער געזען טיכטיקע מענטשן, וועלכע קאָנען אָנפירן מיט דער אַרבעט אין דער גאַנצער סביבה, און האָט זיי געפלעגט און געציכטעט.

דער קאַמף פון די צוויי עקסטרעמע ריכטונגען איז פאַרשאַרפט געוואָרן אין דער יידישער גאַס. ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין וויכטיקע ענינים, ספּעציעל — אין דער לעזונג פון דער יידישער עקזיסטענץ און דער צוקונפט פון דער יידישער יוגנט.

פאַר אַ מאָל האָבן די לינקע עלעמענטן אויפגעוואָרפן אויף אונדז אַן עפנטלעכן וואָרט־קאַמף און אויפגעפאָדערט די ציוניסטן צו אַ דיספּוט איבער דער טעמע: „ציוניזם אַ ווירקלעכקייט אָדער אַן אוטאָפּיע״.

מיר האָבן נישט געהאַט קיין אויסוועג, מיר האָבן געמוזט אָננעמען די אויפפאָדערונג. מיר האָבן געמיינזאַם אָפּגעהאַלטן זיצונגען, ווו מיר האָבן אויסגעאַרבעט אַ טאָג־אָרדענונג מיט אַ רעדנער־אָרדענונג פוןביידע צדדים. מיר פון אונדזער זייט האָבן באַשלאָסן זיך צו האַלטן ענג צו די באַשלאָסענע רעגולן, דערביי האָבנדיק ספקות צום צווייטן צד, ווייל ער איז געווען אויפריכטיק און זיין לאָזונג, אַז „דער ציל באַרעכטיקט די מיטלען״ און אונדז איז שווער געווען מיט אַזאַ אָנשטענדיקייט צו קאָנקורירן.

דער דיספּוט איז פאָרגעקומען אין גרעסטן זאַל פון שטאָט — אין פייערלעשער־זאַל.

פון דער ציוניסטישער זייט איז אַרויסגעטראָטן הענעך כהן און יהודה אלעזר קליין. פון צווייטן צד איז אַרויסגעטראָטן יענקל ליכטנשטיין און טובה יהודית גאָלדמאַן.

דער זאַל איז געווען געפּאַקט, אַריבער 1500 מענטשן זענען געקומען בייצוזיין דאָס וואָרט־געפעכט, אום זיך צו קאָנען פונאַנדערקלייבן אין וועלט־פּראָבלעמען. אַלץ איז געווען גרייט צו אַן אָפנהאַרציקן מיינונגס־אויסטויש, וועמענס אויסגאַנג זאָל זיין גוט פאַר אַלע אונדזערע יידן. אָבער ווי פאָראויסגעזען האָט דער לינקער צד נישט געהאַלטן דעם אָפּמאַך און כדי צו פאַרטושן די פאַר זיי נישט־גינסטיקע רעזולטאַטן, האָבן זיי נישט דערלאָזט אונדזער לעצטן רעדנער אויסהאַלטן די 30־מינוט רעדע, ווי ס׳איז געווען אָפּגעמאַכט און אין די ערשטע 10 מינוט האָבן זיי אויסגעבראָכן מיט אַ געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל״ און געשטערט און אויפגעריסן די פאַרזאַמלונג.

דער זיג איז דאָך געווען אונדזערער. די שטאָט איז געווען אונטערן רושם, אַז מיר האָבן גוט און לאָגיש פּאַרטייִדיקט אונדזער שטאַנדפּונקט, אין דער צייט ווען דער לינקער צד האָט באַנוצט דעמאַגאָגיע און זיך באַנוצט מיט אַרגומענטן, וואָס זענען אָפט געווען ווייט פון אמת.

די שטאָט איז פון דאַן פאַרטיילט געוואָרן אויף אָנהענגער פון ביידע צדדים און ס׳האָבן זיך געשאַפן צוויי עקסטרעמע ריכטונגען, הגם נישט ביידע פון זעלבער גרייס און צאָל. דער קאַמף איז אַוועק און האָט זיך געצויגן ביזן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג.

פון דעם דיספּוט אָן האָט די געזעלשאַפט אין שטאָט אויפגעלעבט. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן זייער אָנגעזען אין ווישאָגראָד און האָט אויסגעאיבט איר איינפלוס אויף אַלע געביטן, כדי צו ריכטן די רעזולטאַטן צום ציוניזם און ציוניסטישן צוועק.

אונדזערע פאָרשטייער זענען געווען אין שטאָט־ראַט, אין דער באַנק און אין קהילה. די ציוניסטישע טעטיקייט האָט זיך פאַרברייטערט, קרן קיימת און קרן היסוד זענען געוואָרן ברייט אָנגענומענע אינסטיטוציעס, האָבן געשאַפן פון יאָר צו יאָר מער געלט און מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו טראַכטן קאָנקרעט וועגן עולה צו זיין קיין ישראל, צי דורך צוגעטיילטע סערטיפיקאַטן צי אַפילו אומלעגאַל.

*

אַ קאָמפּליצירטע דערשיינונג איז געווען די באַציאונג פון דער חסידיש־אָרטאָדאָקסישער באַפעלקערונג צו אונדז. דער דראַנג נאָך וויסן און דער קאָנקרעטער צוגאַנג, וואָס מיר האָבן דערוועקט אין די קרייזן פון דער יוגנט האָט אונדז געבראַכט שנאה פון די רעליגיעזע פאָלקס־שיכטן. ספּעציעל פון דער אגודת ישראל. זיי האָבן אונדז פשוט געהאַסט, אין דער צייט ווען די אָנפירער פון דער אגודת ישראל האָבן אונדז אָנערקענט אַלס גלייכע וואָרטזאָגער אין אַלע פראַגן פון יידישן לעבן.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אַריינגעבראַכט פיר פאָרשטייער אין שטאָטראַט. אויף דער צאָל פון 8 יידן דאָרט און אַלע זענען אויסגעוויילט געוואָרן אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. די אָנפירערשאַפט פון יידישן טייל אין שטאָט־ראַט איז איבערגעגאַנגען אין אונדזערע הענט און אונדזער גרופּע האָט דאָמינירט אין אַלע וויכטיקע פראַגן אין שטאָט־פאַרוואַלטונג.

ס׳איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז מיר האָבן באַוויזן צו קומען צו אַן אָפּמאַך מיט די פאָרשטייער פון דער אגודה, און מיט זייער הילף האָבן מיר דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון שטאָט־ראַטן, דורכגעפירט אַן אַקצעפּטירונג פון אַ יערלעכער סומע פונעם בודזשעט פון שטאָט פאַרן קרן קיימת לישראל און די זעלבע סומע פאַר דער „בית יעקב״־שולע. דאָס איז געווען אין יאָר 1933. ס׳איז אפשר אויך דאָס איינציקע מאָל אין דער געשיכטע פון אגודת ישראל־מיטגלידער אין שטאָט־ראַטן צו שטימען פאַר אַ סובסידיע פאַרן קרן קיימת.

אין די 30־ער יאָרן האָט סקלאַדקאָווסקי אַרויסגעלאָזט אַ לאָזונג „שלאָגן יידן — נישט, אָבער באָיקאָטירן יאָ״. דאָס האָט באַדייט: אויסראָטן יידן, אָבער מיט עלעגאַנטע מיטלען.

ס׳איז געװען אַן אַנטיסעמיטישער ציל, װאָס מ׳דאַרף אים דערגרייכן מיט אייראָפּעאיש־דעמאָקראַטישע װעגן. און די געפאַר איז געװען אַ שאַרפע, װייל זי האָט געגעבן אַ לעגאַלי־זאַציע דעם ענדעקישן טייל באַפעלקערונג, כדי אָפּצוקילן זייערע פרעטענסיעס צו דער רעגירונג, אַז זי איז נישט גענוג פויליש־נאַציאָנאַליסטיש. מיר האָבן געװוסט פון דער געפאַר און געשטאַנען אויף דער װאַך. אויב דאָס װעט געשען אויך ביי אונדז.

און ס׳איז געשען:

באַלד נאָך סקלאַדקאָװסקיס רוף האָט דער סטאַראָסטע פון פּלאָצק אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, מ׳זאָל אין פאַר־לויף פון פיר װאָכן אַרונטעררייסן אַ גאַנצן יידישע קװאַרטאַל פון שטאָט, װוּ עס האָבן געװוינט ביי אַ 100 יידישע פאַמי־ליעס דורות־לאַנג. דאָס זענען געװען ירושה־הייזער, װוּ ס׳האָבן געװוינט קינדער, יורשים ממילא מיט אַ צאָל טאָפּלטע פאַמיליעס פון 5—6 נפשות אין איין שטוב, מיט זייער האַנט־װערק־פּרנסות אין שטוב.

דער מאָטיװ איז געװען פאַרשענערן דאָס שטאָט־אויסזען, אָבער דער ציל איז געװען אַװעקנעמען דעם באָדן פון יידן און זייערע עקזיסטענץ־באַזעס. דאָ האָבן די ציוניסטישע ראָט־מענער זיך געשטעלט מיט זייער „אויפטועז" און ענערגיע און אַרונטערגעריסן די גרויזאַמע גזירה. די ציוניסטישע ראַטמע־נער האָבן ממש אָפּגעראַטעװעט יידיש לעבן און פאַר־מעגן פון אונטערגיין און יידן פון פאַרצװייפלונג.

ס׳איז אונדז געלונגען צו מאַכן אַן אָפּמאַך מיט די סאַנאַציע־ראַטמענער, מיר זאָלן שטימען פאַר זייערע אַנדערע פאַרשלאָגן קעגן די ענדעקעס און מבטל זיין מיט זייערע שטימען די יידישע גזירה. פריער האָבן מיר פאַר־שיבן איר אויספיר ביז אַ יאָר, כדי כלומרשט אויסבויען די יידן אַנדערע װוינונגען, אָבער די אַנטיסעמיטישע כוונה פון ענדעקיש געשטימטן סטאַראָסטע איז שוין קיינמאָל נישט פאַרװירקלעכט געװאָרן.

*

איך דערצייל דאָס און דערמאָנענדיק זיך אין די אַלע אונדזערע טאַטן, װאָקסט אויס פאַר אונדזערע אויגן דער מרכז הציונים אַלס פּאַרטיי, אָדער באַװעגונג פון אומגעהויערן װערט און קראַפט.

דאָס איז געװען אַ ראָם פון מענטשן, װאָס האָט מיט טי־פער פאָלקס־אינטואיציע געפּירט אירע אָנהענגער צו אַ „יידיש נאַציאָנאַל געזיכערטער היים", װייל דאָ איז מער קיין פּלאַץ און קיין צוקונפט נישטאָ פאַר יידן. אָבער זי האָט אויך אײנצייטיק נישט פאַרנאַכלעסיקט די יידן פון שטאָט ביז דער עליה, און פאַרטיידיקט זייער געזעלשאַפט און זייער עקזיסטענץ און זיכערהייט מיט ענערגיע און מוט.

ס׳איז געװען די אַלגעמיין־ציוניסטישע פּאַרטיי אין װוי־שאָגראָד, אַ באַװעגונג פון צוקונפט, אידעען און קעגנװאַרטס־פּאָליטיק, װאָס װאָלט אפשר מיט לויף פון יאָרן געראַטעװעט אויך אירע קעגנער אין װישאָגראָד, װען די יאָרן װאָלטן גע־װען אין אירע הענט.

ליידער האָט דער גורל אַנדערש געװאָלט!

געדענקענדיק און באַװיינענדיק אונדזערע פירער, אונ־דזער יוגנט און חברים געדענקען מיר אויך צום גוטן אונ־דזערע קעגנער.

דאָס זענען געװען טייערע יידן לויט זייער אויפפאַסונג און ריכטונג. באַװיינען מיר אויך זיי און שטעלן אַן אָנדענק אַלע טייערע װישאָגראָדער יידן. הי״ד.

**דוד ליפּמאַן**

# דער „מרכז הציונים“

אָנגעהויבן האָט עס זיך אַרום יאָר 1915. די שטאָט איז דאַן געווען אָקופּירט דורך די דייטשן. עס האָבן זיך צוזאַמענגענומען עטלעכע יוגנטלעכע, געגרינדעט אַ ביבליאָטעק און איר אַ נאָמען געגעבן „ציוניסטישע ביבליאָטעק“. אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעהויבן די טעטיקייט פון אַלגעמיינעם ציוניזם אין שטעטל.

פון די גרינדער געדענק איך: יאָסקע לעווין, איכל גערשט, יהודה־לוזער קליין, יחיאל משה קאָן, מאיר קאָן, און איך, דער יינגסטער צווישן זיי.

די ביבליאָטעק איז געווען ביי שמואל ליכטנשטיין אין הויז. די ערשטע געלטער זענען געקומען פון פאַרשידענע מנדבים. אַחוץ דעם האָבן מיר צוזאַמען גענומען ביכער אין די הייזער און אויך יעדעס מאָל געקויפט נייע ביכער אין וואַרשע.

ס'איז געווען אַ טעטיקייט וואָס האָט זיך אָפּגעפילט אין שטאָט און געבראַכט צו אַן אויפלעבונג אין דער געזעלשאַפט. פון מאָל צו מאָל זענען צוגעקומען יוגנטלעכע, ווי משה מיכל זשיכלין, הענעך קאָן, מאַרקוס גמאַך, ח״ל משה קאָן, יידל דייטש, שמחה גאָדלס און גרשון עפּשטיין. דער לעצטער האָט אָנגעהויבן געבן לעקציעס אין עברית ס'זענען געווען אויך פיל מיידלעך, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט ביים אַרויסגעבן ביכער פאַר די לייענער. זייערע נעמען געדענק איך נישט, אָבער מ'דערמאָנט מיר מלכה שוירץ, גאָלדע קאָן, גאָלדע אייזנבערג א״אַנד.

נאָכדעם האָט מען געשאַפן אַ דראַמאַטישע סעקציע, אונטער דער אָנפירונג פון אַ לאָדזשער ייד מיטן נאָמען פייעס. ער איז געקומען אַרבעטן ביי דער בריק איבער דער ווייסל, אַלס סטאָליאַר. ער האָט שיין געזונגען. מיט אים האָט מיטגעשפּילט אין אונדזער סעקציע זיינס אַ שוועסטער; כ'געדענק זי ספּעציעל פון אירע ראָלן אַלס דינהלע אין „בר־כוכבא“ און שולמית פון גאָלדפאַדען.

מיר האָבן געפירט אויך אַן אויפקלערעריש־אידעאָלאָגישע אַרבעט. מיר האָבן געהאַט אָפטע פאַרזאַמלונגען, אָנגעפירט האָט זיי יאָסקע לעווין אַלס יושב־ראש און איך אַלס מזכיר.

מיר האָבן געהאַט אויך טאַנץ־אָוונטן. די שטאָט האָט געקאָכט, ווען מ'האָט זיך דערוווּסט, אַז מיר טאַנצן בחורים מיט מיידלעך צוזאַמען.

ס'האָט זיך געפירט אַ שיינע און לעבהאַפטע טעטיקייט.

דער מיטלפּונקט איז אָבער געווען די ביבליאָטעק. זי האָט געציילט עטלעכע הונדערט ביכער, יידישע, העברעישע און אַ ביסל פּוילישע.

שפּעטער האָבן זיך געשאַפן נייע גרופּעס, נייע נעמען: „צעירי ציון“, „פּועלי ציון“ א״אַנד. יעדער האָט געוואָלט אויף זיין שטייגער עפּעס אויפטון, די וועגן זענען געווען „חלומותדיקע“ און חלומות זענען אינדיווידועל. אָבער אַלע וועגן האָבן געפירט צו איין ציל:

צוריק דעראָבערן ארץ־ישראל און ווערן אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך.



1960. די „פּאַדי“ מיט ר' דוד ליפּמאַן

א. ראָטבאַרט

# „הנוער הציוני" אין ווישאגראד

ס'איז מיר שווער פעסטצושטעלן גענוי ווען די באַוועגונג איז אַנטשטאַנען, הגם מיר ווייסן, אַז דאָס איז געווען ביים צוזאַמענפאַל פון דעם השומר הצעיר אין שטעטל.

הנוער הציוני האָט אויך לאַנג נישט אָנגעהאַלטן און נישט געציילט קיין סך מיטגלידער, אָבער איר קורצע, פילפאַרביקע טעטיקייט און איר מענטשן־אַקטיוו, האָבן אַן אומגעהויערן ווערט, ווען מען פאַרצייכנט די געשיכטע פון נאַציאָנאַל־פּערזענלעכע ראַנגלענישן פון אונדזער יוגנט, זיין רעאַגירן אויף לעבנס־דערשיינונגען אַרום אים און זיינע פראַגן־לעזונגען.

מיטן פאַלן פון השומר הצעיר האָט זיך ביי אונדז אָפּגעפילט אַ דרינגענדיקע באַדערפעניש פון אַ ריין דערציערישער און ריין נאַציאָנאַלער יוגנט־באַוועגונג. די מערהייט אונדזערע האָט נישט געזען פאַר גוט דאָס אַריינמישן די יונגע שיכטן פון דער יוגנט אין דער טעטיקייט פון די עלטערע, וואָס זייערע פּראָבלעמען האָבן זיי געוואָלט לייזן מיט אָפּעראַטיווע מיליטעריש־נאַציאָנאַלע מיטלען, אָדער מיט רעוואָלוציאָנער־סאָציאַלע וועגן פון ריין עקאָנאָמיש־מאַטעריעלן קריטעריום, ווייל ביידע האָבן זייער ענערגיע געשעפּט פון גאַנץ אויסערלעכע קוואַלן און נישט געהאַט אַלס ציל דאָס קריסטאַליזירן די כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פון דעם יונגן קינד און דאָס ווענדן זעלישע פּראָצעסן ביים יוגנטלעכן אין געווינטשענע ריכטונגען.

דער מאַנגל אין דערציונגס־קרעטיעריעס ביי די עקזיסטירנדיקע באַוועגונגען האָט געבראַכט אייניקע בעסערע יוגנטלעכע פון שטאָט צום אויפשטעלן דעם „הנוער הציוני", וואָס האָט געהאַט אַ ריין נאַציאָנאַלע באַפּאַרבונג און איז געווען אין יסוד אַ סקויטיש־דערציערישע יוגנט־ראָם.

אינטערעסאַנט , אַז צווישן די אויבן דערמאָנטע יוגנטלעכע זענען געווען ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן געהאַט עלטערע ברידער און שוועסטער אין אַנדערע באַוועגונגען, און מיט זייער נישט נאָכגיין די דערוואַקסענע האָבן זיי באַוויזן אַן אידעאישע זעלבשטענדיקייט און פּערזענלעכן מוט.

אַזעלכער איז געווען שמחה שלאַדאָוו, אַ ברויזנדיקער, ענערגישער בחור, וואָס האָט זיין גאַנצע גייסטיקע קראַפט געווידמעט דער פאַרטיפונג פון די באַוועגונגס־מעטאָדן. אַזעלכע זענען אויך געווען חנה ראָטבאַרט, ביילע, מינדל, בלהה ליפּסקער, שמחה פּוטערמאַן, שמחה בראַווערמאַן און אָשר זאַיאָנץ.

זיי האָבן זיך אַרויסגעריסן פון זייער געזעלשאַפט און מיליע, אָפּגענויגט פון די אָנגענומענע ראַמען און זיך געשטעלט צו דיספּאָזיציע פון דעם דאַן אומפּאָפּולערן אידעען־וועג.

זיי זענען געווען די עלטערע סקויטן־שיכט, וואָס האָט געפירט מיט דעם קן און אים געריכטעט אויפן וועג פון זעלבסט־דערציאונג צו פאַרווירקלעכונג פון עלייה. אין יאָר 1939 האָבן זיי אַליין זיך צוגעגרייט צו עלייה. אין דעם יאָר איז אַרויס די ערשטע גרופּע פון הנוער הציוני אויף הכשרה קיין טשענסטאָכאָוו נעבן גראַיעוויץ, און צו אונדזער גרויסן באַדויערן זענען זיי קיין ארץ־ישראל נישט פאַרפאָרן.

די באַוועגונג האָט געקעמפט פאַר איר עקזיסטענץ, זייענדיק איזאָלירט אַפילו פון איר מוטער־אָרגאַניזאַציע און וועמען אַפילו די ציונים־כלליים האָבן געהאַלטן פאַר אַ שטיף־טאָכטער. דאָך האָט זי אַנטדעקט נייע וועגן אין דער געזעלשאַפטס־דערציונג און אַקטיוויזירט אירע מיטגלידער צו ברייטערע געזעלשאַפטלעכע פּרוּוון, זיי אַרויסגעפירט אויף זומער־קאָלאָניעס, סקויטן־לאַגערן און קאָנטאַקטן מיט אַנדערע סניפים אַרום ווישאָגראָד.

די מיטגלידער פון הנוער הציוני האָבן זיך פאַרפליכטעט צו פלעגן עברית אַלס אָנגאַנגס־שפּראַך, זיך דערנענטערן צו דער נייער העברעישער ליטעראַטור און זיך צואייגענען די נייע אויפלעבונגס־ווערטן און פּרינציפּן.

זי איז געווען אַ קלייניקע באַוועגונג אָבער — גרויס מיט איר ציוניסטיש־דערציערישן עקספּערימענט.

ליידער איז זי פאַרשוונדן צוזאַמען מיטן גאַנצן פּוילישן האַרציקן יידנטום. צוזאַמען מיט איר איז אויך פאַרשווינדן אַ ברויזנדיקער טייל פון דער ווישאָגראָדער יוגנט.

מ. וואָלפיש

# באַוועגונגען און צילן

## השומר הצעיר

די לינקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „השומר־הצעיר" אין ווישאַגראַד, איז אַנטשטאַנען אין האַרבסט 1926, און זיך ליקווידירט סוף 1927, זי איז זיך נישט פונאַנדערגעפאַלן, נאָר אין איר סאַמע בליִ־פעריאָד מיט דער פולער איינשטימיקייט פון איר אָנפירונג זיך אויפגעלייזט.

זי איז ענטשטאַנען מיט גרויסע, פרייליכקייט, אידעאַליזם און שווונג, און דורשט נאָך גייסטיקע אינטעלעקטועלע הע־כערע ווערטן צו וועלכע עס האָט געשטרעבט כמעט די גאַנצע יוגנט אין שטעטל. מיט איר אייגנאַרטיקער אויפפאַסונג פון די ווערטן. אויפן פאָן פון דער אַלגעמיינער לאַגע אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „מרכז", וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ שווערן אָרגאַניזאַציאָנעלן און אידעישן קריזיס, טראָץ דעם שיינעם גרויסן אויסדעקאָרירטן זאַל און גרויסע ביבליאָטעק, מיט טויזנטער פערשידנאַרטיקע ביכער, אין צענטער פון דער רעמבאָווער גאַס, האָט זיך געוויזן סימנים פון אַ שנעלן באַרג־אַראָפּ. ס'זענען אַוועק אַ סך אַקטיווע ציוניסטישע טוער, אַ טייל קיין אויסלאַנד, אַ טייל האָבן חתונה־געהאַט און זיך צוריקגעצויגן פון דער טעטיגקייט, דער זאַל האָט אָנגעהויבן פוסטעווען, און דער „מרכז" האָט פערלוירן דעם אויטאָריטעט און דעם איינפלוס וועלכן זי האָט געהאַט אין משך פון לאַנגע יאָרן אין שטעטל.

אין דער צייט פון האָפנונגסלאָזיקייט און פעסימיזם אין די רייען פון בירגערלעכן „מרכז", איז ענטשטאַנען אַ פּלאַן, צו ראַטעווען די סיטואַציע פאַר יעדן פּרייז, ס'זאָל בלייבן דער ציוניזם, אָן אונטערשיד, פון וועלכע באַפאַרבונג.

אָט אַזוי (אין קעגנזאַץ פון זיין ציוניסטישע אָריענטאַציע און פּראָגראַמאַטישע איבערצייגונג) איז העניך כהן געוואָרן דער אָרגאַניזאַטאָר און גייסטיקער פאָטער פון דעם נאָך נישט געשאַפענעם „השומר־הצעיר", אונטער העניך כהן איז גע־שטאַנען די גאַנצע לייטונג פון „מרכז", ווי מנחם זילבערשטיין, לייזער ראַטבאַרד, יאַנקל קראַנענבערג א.א.וו.

אין משך פון אַ קורצע צייט, מיט נישט קיין קליינע שווע־ריקייטן און נאָך לאַנגע ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס, מיט יונגוואַרג מיטגלידער פון דער ביבליאָטעק, און אויך נאָכ־לויפער פון „מרכז", נישט וויסנדיק דעם אונטערשיד פון איין ציוניזם צום צווייטן, איז געוואָרן צוזאַמענגעשטעלט די רשימה פון אַקטיוו פון דער נייער אָרגאַניזאַציע מיט משה לייב דימאַנט, חנה־פייגה ראַטבאַרד, יואל ליפּא קרוי, מאָטל וואָלפיש, הערשל ניימאַן, אַלטער זאַיאָנץ אין דער שפּיץ.

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן פאַרשטייער פון פּלאַצ־קער „השומר הצעיר" מיט הויכע מיליטערישע ראַנגעס, מיט קאָלירטע בענדלעך, קנעפּלעך און אָפּצייכונגען, מיט מונדירן און היטלען, מיט נייע נעמען און נייע באַגריפן, דאָס זענען געווען נאָך די ערשטע שוואַלבן, זעליג וואַסערמאַן, חילעק גרינבערג א.אַ. זיי האָבן באַלד אין ערשטן מאָמענט באַוויזן צו באַהערשן אַלעמען, זיי האָבן אַריינגעבראַכט אַ נייעם גייסט און נייע שטימונגען, דער מיליטערישער כאַראַקטער פון דער אָרג. האָט געלאָקט, זיי האָבן אָנגעצייכנט אַ פּראָגראַם פון טיכטיקער אַרבעט פון שאַפן קבוצות, מאַכן זביורקעס, אויס־פלוגן, געזאַנג, און ווידער געזאַנג און איבערהויפּט אַ גוט דורכגעטראַכטן פּלאַן פון דורכאַרבעטן ציוניסטישע געשיכ־טע, ליטעראַטור און וויסנשאַפט, אַסטראָנאָמיע, אַנטראָפּאָלאָ־גיע, פּאָליטישע עקאָנאָמיע און אַנדערע וויסנשאַפטן. דאָס אַלץ האָט געדאַרפט זיין נישט בלויז אויפן פּאַפּיר נאָר געמוזט קאָנקרעט דורכגעפירט ווערן אין לעבן לויטן אָנגעצייכנטן פּלאַן.

ענטוזיאַזם און אויפשטייג. פּרילינגס־ווינטן האָבן אָנגע־הויבן בלאָזן אין די ווענט פון „מרכז" לעבעדיקייט און גע־זאַנגען פון העברעאישע ציוניסטישע לידער זענען געוואָרן אַ טאָג־טעגליכער ערשיינונג. די אָרג. האָט שוין געציילט מער ווי 100 מיטגלידער, פון עלטערע איבער די 20 ביז די יינגסטע פון 10—12. זי האָט זיך אָרגאַניזאַציאָנעל פּערפעס־טיקט, יעדער באַשלוס פון דער הנהגה איז געווען פאַר יעדן איינעם אַ הייליק געזעץ.

די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען רעגלמעסיק און נאָרמאַל, פאַר די עלטערע שומרים זענען געוואָרן געשטעלט אויפגאָבן צו לערנען פּראָדוקטיווע פאַכן, דורכמאַכן הכשרה און לאַנד־ווירטשאַפט.

ספּעציעל האָבן אויפגעהויבן דעם גייסטיגן ניוואָ, די אויספלוגן צו דער נאַטור, באַזוכן אין וואַרשע, אין שלאָס פון פּרעזידענט, מוזעאום, קונסט־אויסשטעלונגען א"אַנד. אַ ספּעציעלע ווירקונג האָט געהאַט אויף אונדז די אָפּטע קאָנפע־רענצן און צוזאַמענפאָרן אין וואַרשע, וועלכע האָבן געדויערט צו עטלעכע טעג, ווי מיר האָבן אויסגעהערט צענדליקע פאַר־שידנאַרטיקע רעפעראַטן אויף פערשידענע טעמעס פון יהודה גאָטהעלף, חזן א.אַ. נאָכדעם האָבן די אָנטיילנעמער געדאַרפט געבן אָפּהאַנדלונגען און איינדרוקן פון די צוזאַמענפאָרן, דאָס האָט אומגעהויער געווירקט דערציעריש און געהויבן דעם קולטור ניוואָ פון די שומרים, שטענדיק זענען געווען טעמעס אינטערעסאַנטע צו בעהאַנדלען פאַרן גאַנצן קן, אויב דער „מרכז" איז פון טויטקייט און ייאוש ווידער אויפגעשטאַנען תחיית־המתים און איז געוואָרן אַ לעבעדיגער פּונקט פון ציוניסטישער אַרבעט מיט אַ צעשטראָלטער יוגנט פון צוקונפט און מאָרגן. וואָלט דאָך באַדאַרפט זיין גוט? טאָ פאַרוואָס איז געוואָרן אַזוי שלעכט? פאַרוואָס איז דער „השומר־הצעיר" געוואָרן אומגעווינשן אינם לאָקאַל פון „מרכז"! איז דער ענטפער „פּאָליטיק".

די אַפּטע באַזוכן פונעם פירער פון פלאַצקער „שומר" חי־
לעק גרינבערג מיט זיינע רעפעראַטן אין לאָקאַל פון „מרכז",
וועלכע האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם, נישט נאָר אויף די
אַנוועזנדע, נאָר געהאַט אַ פּאָזיטיוון אָפּקלאַנג אין שטעטל.
חילעק גרינבערג איז געווען אַ גרויסע פּערזענלעכקייט אַליין,
אַ סטודענט, ער האָט געשעפּט ממש פון אַרבל, רעפעראַטן אויף
די שווערסטע טעמעס. ס'האָבן אָנגעהויבן קומען אויף זיינע
רעפעראַטן פאַרשטעער פון דער לינקער אַרבעטער באַוועג־
גונג אין שטעטל, ווי יענקל ליכטנשטיין, טאָבע יודיס גאָלד־
מאַן, משה וואַלמאַן א.א. כדי מיט אים צו פּאָלעמיזירן, און
די לײדנשאַפטלעכע דיסקוסיעס האָבן זיך געצויגן ביז אין
דער שפּעטער נאַכט. ס'האָט זיך בעקומען דער איינדרוק אין
שטעטל, אַז דער רעכטער „מרכז" וואָס איז אַ עקספּאָזיטור
פון ציונים־כלליים איז געוואָרן אַן אַרענע פון לינקע פּאָלי־
טישע דיסקוסיעס, און דאָס איז געווען געגנגעזעצט צום
פּראָגראַם פון „מרכז", זיי האָבן אויך נישט געהאַט וועמען
אַרויסצורוקן אַלס אָפּאָנענט קעגן דעם גייסטיקן ריז פון
השומר־הצעיר, וואָס האָט מיט זיין כוח־הדבור אַלעמען גע־
לייגט אויף די לאָפּאַטקעס. הענעך כהן וואָלט זיך אפשר מיט
אים יאָ געקענט פּערמעסטן, אָבער האָט זיך געהאַלטן אין
רעזערוו, ווייל ער האָט זיך שוין געהאַט איינגעלעבט מיט
דער חברה און באַשלאָסן מיטצוגיין ביזן סוף, און די דאָזיקע
געענדערטע באַציאונגען פון דער אָנפירונג פון „מרכז" צום
פּערהעלטניסמעסיק גרויסן און דינאַמישן „שומר" האָבן זיך
געלאָזט פילן אויף טריט און שריט, צוערשט זענען דאָס
געווען לייכטע שיקאַנעס, ווי באַגרעניצן דעם לאָקאַל צו גע־
וויסע שעה'ן און טעג און אַנדערע שיקאַנעס, שפּעטער האָבן
זיי דעם לאָקאַל אינגאַנצן געשלאָסן. דאָס האָט אין אַ גרויסער
מאָס פּאַראַליזירט די אַרבעט פונם קן. מיר האָבן אָפּגעשאַצט
די געשאַפענע לאַגע און פעסטגעשטעלט, אַז מיר זענען גע־
בליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ ד.ה. אין גאַס.

אַזוי האָט זיך געענדיקט דאָס ערשטע קאַפּיטל עקזיס־
טענץ פון אַ אינטערעסאַנטע פּרוכטבאַרע אָרגאַניזאַציע אין
ווישאָגראַד. מיר זענען געבליבן שטיין פאַר אַ דילעמע:
זיין אָדער נישט זיין?! מיר האָבן בעדאַרפט אָנהויבן
טראַכטן קויפן אָדער דינגען אַ לאָקאַל, זיך צוגעוווינען
פירן אייגענע ווירטשאַפט, נייע זאָרגן און דער עיקר ווי
נעמט מען געלט־מיטלען? דעם אמת געזאָגט זענען גע־
ווען אַ טייל פון דער אָנפירונג פּעסימיסטיש־געשטימט
לגבי דער צוקונפט פון דער אָרגאַניזאַציע.

אָבער מיר האָבן באַשלאָסן רופן אַ ספּעציעלע פאַר־
זאַמלונג פון גאַנצן קן און פאַרשטעלן די געשאַפענע לאַגע
אין דער גאַנצער ברייט, דער רעזולטאַט פון דער פאַר־
זאַמלונג איז געווען ממש איבערראַשנד, אַלע ווי איינער
האָבן אַרויסגעוויזן זייער צוגעבינדנקייט און טרייהייט צו
דער אָרגאַניזאַציע, אַלע ווי איינער האָבן אויסגעדריקט
גרייטקייט צו דינגען אַ לאָקאַל פאַרן „שומר" מיט אייגע־
נע כוחות, אַפילו די יונגסטע האָבן אָפּגעשפּאָרט פון זייערע
אויסגאַבן און געבראַכט באַשטייערונג אויפן לאָקאַל.
אין אַ מזלדיקן טאָג זענען מיר געוואָרן בעלי־בתים
פון לאָקאַל ביי פּרוסאַקאָוון, אין קלויסטער־גאַס. דער ענטוז־
יאַזם פון דער חברה איז געווען נישט צום באַשרייבן, מען
האָט געזונגען, געטאַנצט און געקושט זיך פאַר שמחה. אין
געגנזייט־צוטרוי און אין אייניקייט האָט געשטעקט דער
געבענטשטער כוח פון דער אָרגאַניזאַציע, טראָץ־דעם, וואָס
דער אָפּקלייב פון מענטשן־מאַטעריאַל האָט געשטאַמט
פון פאַרשידענע שיכטן פון דער בעפעלקערונג.

מיט נאָך מער ענערגיע און ברען הויבט זיך אָן די
אַרבעט אין אייגענעם לאָקאַל, מ'האָט פאַרגרעסערט די צאָל
ציוניסטישע און אַנדערע ביכער אין אונדזער ביבליאָטעק.

הענעך כהן האָט זיך געווידמעט מיט דער גאַנצער
נשמה און הארץ פאַר דעם יונגן דור, ער האָט אַ סאַך
געלייסטעט און אַוועק געגעבן די בעסטע צייט און פיל
בייגעשטייערט פאַר דער ענטוויקלונג פון „שומר". אין
רעזולטאַט האָבן מיר געפילט אַז דער גייסטיקער ניוואָ
שטייגט ביי אַלעמען פון טאָג צו טאָג, דאָס האָט נאָכאַמאָל
באַשטעטיגט, אַז דער „השומר־הצעיר" איז געווען אַ זער
ניצלעכע אָרגאַניזאַציע, נישט געקוקט אויף דער אידעי־
שער קעגנערשאַפט פון די מענטשן פון „מרכז" און אויך
דאָס טיילווייז באַקעמפן אונדז האָבן זיי אין אַ געוויסער
מאָס זיך אויך געגרויסט מיט אונדז, אַזוי ווי מיט מענטשן
פון אַ ווייטער משפּחה. אַזוי איז געווען ווען מען האָט
געדאַרפט מקבל־פּנים זיין דעם גרויסן ציוניסטישן מנהיג
און אונדזער בן־עיר נחום סוקולוב, אַזוי איז געווען ווען
מ'האָט געדאַרפט אויף אַ פייערלעכן אופן באַגלייטן ביזן
האַלבן וועג, אָדער ביז וואַרשע און פרייליך מאַכן די
שטימונג אויפן דאַמפּער, בשעתן עולה־זיין פון שמואל
יוסיל ליכטנשטיין און משה מיכאל זשיכלין קיין ארץ
ישראל, אַלע האָבן געוווסט, אַז ווו ס'געפינט זיך דער „השומר"
דאָרט איז געהויבענע שטימונג, פריילעכקייט און הצלחה.

ס'איז ווערט אונטערצושטרייכן, אַז די נייע באַדינגונ־
גען פון אַרבעט אין נייעם לאָקאַל האָבן נאָך מער גע־
הויבן דעם אויטאָריטעט פון דער אָרג. און צוגעצויגן פריי־
שע כוחות, ווערטפולע און שעפערישע, ווי נפתלי קופּער־
מאַן, שרה שענקמאַן, חנה פערל לאַבענצקי, חנה גמאַך,
טשיפּע און אַנדערע. די פרייד און נחת איז געווען
גרויס זעענדיג ווי דאָס קליינוואַרג איז דיסציפּלינירט און
ווערט ערצויגן אַלס מענטשן, עלטערן זענען געקומען
דאַנקען פאַר אונדזער וויכטיגער אַרבעט.

אַ באַזונדערע הייטערקייט און דערמוטיקונג האָט צו־
געגעבן דער אַרום. די סביבה פון לאָקאַל, פון איין זייט
אַ גוט געפּלעגטער גאָרטן, פון דער צווייטער זייט דער
פּרעכטיגער „ווידאַק" אויף דער ווייסל, פון דער דריטער
זייט דער גרויסער שפּייכלער און זיין גאַנצע פּעריפעריע
און פרייער אינטערעסאַנטער פּלאַץ צו באַוועגן זיך מיט
פאַרשידענע שפּילערייען און ספּאָרט אימפּראָזעס פאַר
קליינוואַרג און עלטערע, פון דער פערטער זייט האָבן מיר
געהאַט דעם צענטער פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג
מיט איר גרויסער ביבליאָטעק און פּראָפעסיאָנעלן פאַריין.
די לינקע אַרבעטער באַוועגונג האָט זיך אין אונדז

מתקנא געווען. אין אונדזער באַוווּסטזיין און אונדזער מאָראַלישער העכערקייט און אויך אין אונדזער קאָנצענ־טרירטער טעטיקייט מיט אירע געבענטשטע רעזולטאַטן. יעדן טאָג, יעדע שעה און יעדע מינוט ממש אָנצוטאַפּן מיט די פֿינגער. זיי האָבן ווייזט אויס בעשלאָסן אונדז נישט צו באַקעמפֿן, נאָר קומען מיט אונדז אין נעענטערן קאָנטאַקט, דעלעגירן צו אונדז די בעסטע באַוווּסטזיניקסטע כוחות, כדי צו פֿירן דיסקוסיעס און איבערצייגן, אַז זייער אמת איז דער ריכטיקער. די פּלאָמיקע דיסקוסיעס האָבן זיך געפֿירט כמעט יעדן טאָג אויף אַ איידעלן דזשענטעלמענ־נישן אופֿן, אָן שאַרפֿע אויסדריקן און אָן באַליידיגונגען, ביז עס האָט זיך איינגעשטעלט צווישן אונדז, אַ נאָענטע כמעט פֿריינדלעכע באַציאונגען מיט אַן אידעאַלן אונטער־שלאַק. זיי האָבן אונדז פֿאַרבעטן אויף זייערע פֿאַראַנ־שטאַלטונגען און מיר אויך זיי אויף אונדזערע זבֿיורקעס. ליידער האָט דאָס אָנגעהויבן שטערן דעם שלום־בית אין דער הנהגה פֿון קן, צוליב די אָפּטע מיינונגס־פֿאַרשידנ־הייטן און אידעישע צוגענג צו פּראָבלעמען.

וואָס ווייטער איז דער ריס אין דער אָנפֿירונג געוואָרן בולטער און שאַרפֿער, דאָס אָנטשטיין פֿון 2 קעגנזעצלע־כע עקסטרעמען אינערהאַלב דעם „השומר־הצעיר" איז ליידער געוואָרן אַ פֿאַקט. איין טייל מיט משה לייב דימאַנט און מענדל גרינבוים האָבן זיך אידעיש פֿערבונדן מיטן „ביתר" און דער צווייטער טייל מיט יואל ליפּא קרוי, הערשל ניימאַן, מאָטל וואָלפֿיש, אלטר זאַיאַנץ א.א. זענען געוואָרן אידעיש נענטער צו דער פּראָלעטאַריש לינקער באַוועגונג אין שטאָט.

אַזוי איז די באַליבטע און וויכטיקע אָרגאַניזאַציע געוואָרן צעשפּליטערט פֿון אינעווייניק און אויף אַ פֿאַר־זאַמלונג פֿון גאַנצן קן איז געוואָרן באַשלאָסן מיט אַ שווער געמיט זיך אויפֿצולייזן.

די געשיכטע פֿון „השומר הצעיר" איז אַ געשיכטע פֿון אַ געלונגענעם ערציערישן עקספּערימענט פֿון אידעאַי־שן געראַנגל פֿון אַ יוגנט, וואָס האָט געברויזט און געשאַפֿן, געטרוימט און געטון.

די מצבה פֿאַר ווישאַגראַד איז אויך אַ מצבה וואָס דערמאָנט דעם גרויסן פֿאַרלוסט פֿון אַ זעלטענעם דור.

# פון דער ארבעטער ביבליאטעק, ביז דער י.ל. פרץ אין ווישאגראד

אין די צוואַנציקער יאָרן האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַ־ניזירן די יידישע אַרבעטער באַוועגונג ביי אונדז אין שטעטל ווישאַגראַד. שוסטערס, שטעפּערס, שניידערס, סטאָליאַרעס און העפטשאַרקעס, האָבן געשאַפֿן פּראָפֿ. פֿאַריי־נען און האָבן געפֿירט אַ קאַמף צו הויבן זייער אַרבעטס־לוין, אויסצובעסערן זייערע אַרבעטס באַדינגונגען או הייבן דעם ניוואָ פֿון עקאָנאָמישן און מאַטעריעלן לעבן.

די דאַמלסטיקע געזעלשאַפֿטלעכע אָנפֿירער ווי יעקל ליכטנשטיין, טאָבע יודעס גאָלדמאַן, זלמן זאַלצבערג, שיע ליכטנשטיין א. אַ. האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דער קולטור־צו־שטאַנד פֿון די אַרבעטער, זייער אינטעליגענץ, וויסן און קולטור איז צוריקגעשטאַנען צוליב די שווערע נויט־באַ־דינגונגען פֿון דער אַרבעטער יוגנט אינדערהיים, דאָס זיין געצוווּנגען פֿון די יונגסטע יאָרן גיין אַרבעטן אויף עק־זיסטענץ האָט זיי נישט ערמעגליכט צו לערנען נישט אין שולע און אויך נישט פּריוואַט, אַזוי אַז זיי זענען פֿאַרבליבן טיילווייזע אָדער גאַנצע אַנאַלפֿאַבעטן, און זיי האָבן גע־שאַפֿן די אַרבעטער ביבליאָטעק ביי די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען ביי קרזעמינסקין אין קלויסטער־גאַס. דאָס עפֿע־נען די ביבליאָטעק איז פֿאַרגעקומען אויף אַ פֿייערליכן אופֿן, דער דאָזיקער טאָג איז געוואָרן אַ יום־טובֿ פֿאַר די אַלע וועלכע זענען געווען דאַרשטיג נאָך קולטור, וויסן און זעלבסט־בילדונג. זיי האָבן אָנגעהויבן געניסן פֿון דעם רייכן קוואַל פֿון דער יידישער ליטעראַטור, ווי מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם, שלום אַש, ווייסנבערג, אַנסקי, דינעזאָן, פּרוג, ספּעקטאָר, מאַנגער, קאָבריך, פּינסקער, הירשביין, נאָמבערג, בערגלסאָן און פֿיל אַנדערע. זיי האָב זיי ממש געשלינגען. די לעזער האָבן געעפֿנט די אויגן, זיך בעקענט מיטן ספּעציפֿישן יידישן לעבן אין דער פֿאַרגאַנגענהייט קעגנוואַרט און אויס־זיכטן אויף דער צוקונפֿט, עס האָט זיך געפֿילט אין דער לופֿט די פּאָזיטיווע ענדערונגען אין גייסטיקן לעבן פֿון דער יוגנט, וועלכע זענען אַן אָרגאַנישער בעשטאַנדטייל פֿון עם־הספֿר, אָבער זיי זענען געוואָרן אָפּגעטעמפּט דורכן גורל און שלעכטע באַדינגונגען. די ביבליאָטעק איז אויך געווען פֿאַרזען מיט אַ באַדייטנדער צאָל ביכער אויף סאָציאַלע טעמעס, גע־שיכטע פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג, בעלעטריסטישע אי־בערזעצונגען, ווי אויך ביכער, וועלכע האָבן געשילדערט קאַמפֿן פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג פֿאַר זייער באַפֿרייונג. די פֿאַרוואַלטונג פֿון דער ביבליאָטעק וועלכע איז באַשטאַנען פֿון 7 פּערזאָן מיט יעקב לייב זאַיאַנץ, רבקה גראָסדאָרף און לייבל שטשאַפּע אין דער שפּיץ, האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז כדי צו לייענען ביכער דאַרף מען אויך קאָנען שרייבן. אין דעם פֿאַל האָט אַ גרויסער טייל פֿון דער יוגנט באַדייטנד אינטער־געהינקן, ס'איז געוואָרן אָרגאַניזירט אָוונט־קורסן פֿון לייענען און שרייבן יידיש.

ערשט אין שפּעטערע יאָרן איז געוואָרן אָפּגעשאַצט דער פֿאַרדינסט פֿון די ערשטע פּיאָנערן פֿון דער ביבליאָטעק, וועלכע האָבן מיט שווערער מי אויפֿגעהויבן די יינגלעך פֿון

אַ גאַנץ יאָר, ווי אויך אַרבעטערינס און דינסטמיידלעך אויף אַ העכערער מדרגה פון קולטור־וויסן און בילדונג. די געבענטשטע טעטיקייט פון דער ביבליאָטעק האָט געגעבן יעדעס יאָר נייע מענטשן, נייע קאַדרן פון קולטור און גייסט־מענטשן. ביי דער ביבליאָטעק האָט עקזיסטירט אַ קולטור־קאָמיסיע פון 11 פערזאָן, די בעסטע מענטשן פון דער באַוועגונג פון יעקל ליכטנשטיין, טאָבאַ יהודית גאָלדמאַן, שיע ליכטנשטיין, שלמה לייב בוזשניצקי, יעקב לייב זאַיאָנץ, משה וואָלמאַן, זלמן זאַלצבערג, לייבל שטשאָפּע א״אַנד, וועלכע האָבן פּלאַנירט און איינגעפירט אַ סיסטעם פון טוישן ביכער, אין וועלכע יעדער האָט זיך געקענט אָריענטירן וועלכעס בוך זיך אויסצוקלויבן.



ברוך קרוי, דער קאַסירער פון דער ביבליאָטעק, משה פּרוסאַק, הערש לייב דזיעדזיץ — קולטור־טוער

מען האָט אָנגעהויבן קליין, מיט עטלעכע הונדערט ביכער, אָבער די אַנטוויקלונג, דער ברען פון דער יוגנט און דער ראַשיקער באַרג־אַרויף־גאַנג האָט געשטעלט די אָנפירונג פאַר אַלץ נייע אויפגאַבן. מען האָט זיך פאַרבונדן מיט פאַרלאַגן אין וואַרשע מיט יידיש־בוך, קולטור־ליגע, קלעצקין־פאַרלאַג און אַנדערע. זיי האָבן סיסטעמאַטיש צוגעשטעלט די נייעסטע ביכער פון אַלע זשאַנרן און טעמעס, קיין געלט־פראַגע האָט שוין כמעט נישט עקזיסטירט. די אַרבעטער־ביבליאָטעק איז געוואָרן פּאָפּולער און באַליבט ביי דער גאַנצער יוגנט.

אין יענע טעג האָט זיך געשאַפן אַ ביבליאָטעק־עפּידעמיע. יעדן פאַרנאַכט האָט מען געזען ווי גרופּן יוגנט גייען פון דער קלויסטער־גאַס באַלאָדן מיט ביכער, מען פירט הייסע דיסקוסיעס וועגן ביכער און אַנדערע פּראָבלעמען. נאָך 3—4 יאָר האָט די ביבליאָטעק שוין געציילט איבער 4 טויזנט ביכער, מיט 250 שטענדיקע לייענער. אויך דער לייען־זאַל איז געווען פאַרזען מיט טאָג־פּרעסע ווי דער „מאָמענט", „פאָלקס־צייטונג", „פריינד", „ליטעראַרישע טריבונע", „אַרבעטער־צייטונג", „פרייע יוגנט", „אונזער צייט" און אַנדערע, ווי אַלע מיטגלידער האָבן געלייענט מיט גרויס חשק און הנאה.

אַ ספּעציעל אָרט אין דער טעטיקייט ביי דער ביבליאָטעק האָבן פאַרנומען די איינגעאָרדנטע קעסטל־אָוונטן, וואָס זענען פאַרגעקומען יעדן פרייטיק־צונאַכטס און האָבן געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג. דער זאַל איז קיינמאָל נישט געווען אומשטאַנד אַריינצונעמען אַלעמען, דער קאָרידאָר איז שטענדיק געווען פול, די טירן און פענצטער זענען געווען אָפן און מ'האָט זיך צוגעהערט צו די אויספירן פון די רעדנער. ס'זענען דאָרט באַהאַנדלט געוואָרן ליטעראַרישע, פּאָליטישע אַרבעטער־ און קלאַסן־טעמעס, ווי אויך פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן. וואָס איינער האָט געפרעגט אויף דעם האָט ער באַקומען אַן אויספירלעכן ענטפער. דער אופן פון פירן דאָס קעסטל־אָוונט איז פאַרגעקומען אויף אַ העכסט דעמאָקראַטישן אופן. די פאַרזאַמלטע האָבן אויסגעקליבן אַ פּרעזידיום פון דריי פערזאָן, וועלכע האָבן געענטפערט אויף די פראַגן פון עולם. נאָכן ענטפערן פון פּרעזידיום אויף דער געגעבענער פראַגע, האָט יעדער איינער פון די פאַרזאַמלטע געהאַט דאָס רעכט וועגן דער זעלבער פראַגע צו רעדן און דערגענצן. די קולטור־קאָמיסיע האָט אויך געזאָרגט, אַז עס זאָלן איינגעאָרדנט ווערן פון צייט צו צייט רעפעראַטן דורך רעדנער אויסער ווישאָגראַד. עס איז אויך געוואָרן איינגעאָרדנט רעפעראַטן שבת־צונאַכטס דורך אייגענע כוחות, ווי יענקל ליכטנשטיין, ליפּמאַן ווישאָגראַדסקי, אברהם וואָלפיש, משה וואָלמאַן, שיע אייזיק כמיעל און אַנדערע.

די געזעלשאַפטלעכע אחריות און די אַקטיווע צוגעבונדנקייט פון יעדן מיטגליד צו דער ביבליאָטעק האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען. יעדער איינער איז געווען גרייט מקריב צו זיין צייט און געלט פאַרן דערהויבן די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע. דאָס לייענען האָט געבראַכט דעם אינטערעס פאַר טעאַטער. מ'האָט פאַרקלערט אַן אַרבעטער דראַמ.־קרייז. עס איז געגאַנגען אַ שווערע דיסקוסיע וואָכן לאַנג אין די אינסטאַנצן פון דער ביבליאָטעק צי אַזאַ געוואַגטע אונטערנעמונג וועט געלונגען, ווייל עס איז פאַרבונדן מיטן אַנגאַזשירן מענטשן מיט טאַלאַנט פון שפּילן טעאַטער, רעזשי, מוזיק, אָרגאַניזאַציע, געלט אאַז״וו. אָבער שוין אויפן ערשטן רוף האָבן זיך גלייך געשטעלט פרייוויליק צו דינסט פון דער ביבליאָטעק און דראַמ. קרייז די חברים: שיע אייזיק כמיעל, קלמן אַגראַדניק, ליפּמאַן ווישאָגראַדסקי, מאיר גראָסמאַן, יסכה זאַיאָנץ, נעכע ליסער, טשיפּע לאַזונסקאַ, יואל קאַלווריסקי, לייביש דוד פרייזינגער, יאָסקע קוואַשנע, אפרים ווישאָגראַדסקי, משה פּרוסאַק, מאַניע וויינגאַרט, רבקה פּרוסאַק א״אַנד.

שיע אייזיק כמיעל איז געוואָרן רעזשיסער און קלמן אַגראַדניק איז געוואָרן מוזיקאַלישער לייטער, און מ'האָט אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער, אין די ערשטע צייטן היסטאָרישע

פּיעסן, ווי „יוסף אין עגיפּטן", „יעקבס חלום", „עקדת יצחק", „צעבראָכענע הערצער". נאָכהער גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייוול", די „מכשפה", „מירעלע אפרת", גאָלדפֿאַדנס „שולמית", „קוני לעמל", אַנסקיס דער „דבוק", דער „דאָרפֿס־יונג" „גרינע פֿעלדער", די „פּוסטע קרעטשמע", דער „טויבער", די „נבלה", דער „אוצר", „זיבן געהאַנגענע", דער „אורטייל" א״אַנד.

אין די ערשטע צייטן, ווען עס איז נאָך נישט געווען קיין שטאָט־זאַל, זענען די באַדינגונגען פֿון שפּילן טעאַטער געווען זייער שווער, מ׳האָט געשפּילט אין פֿאַרשידענע קאַמערן און בודעס, ביי לאַגאַדזינסקין, ביי קופּערמאַנען און אין אַנדערע שאַפּעס אָן אַ געהעריקער באַלייכטונג, אָן אַ סצענע אָן קורטינע און אָן רעקוויזיט, יעדע זאַך האָבן די אַקטיאָרן און אַנדערע אָנטיילנעמער געמוזט ברענגען פֿון דער היים. נישט איין מאָל איז אויף דעם באָדן אויסגעבראָכן קאָנפֿליקטן מיט די עלטערן, וועלכע האָבן נישט דערלויבט אַרויסצוטראָגן חפצים פֿון דער היים. אַלע אָנגאַזשירטע האָבן אַוועקגעגעבן פֿיל צייט און אַרבעט לטובת דער ביבליאָטעק אָן שום מאַ־טעריעלע פֿאַרגיטיקונג. די פֿאַרשטעלונגען זענען געשטאַנען אויף אַ הויכן קינסטלערישן ניוואָ, אַלע פּלעצער זענען שטענ־דיק געווען אויספֿאַרקויפֿט פֿון פֿריער. אין דעם אַוונט פֿון שפּילן טעאַטער האָט מען געקענט זען ווי עס גייען פֿון טעאַ־טער גאַנצע שבטים, גאַנצע פֿאַמיליעס, פֿון קלויסטער־גאַס, פֿון אַגראַדאָווע, לאַנגער וועגס, פּלאַצקער גאַס. אַרבעטער האַרעפּאַשניקעס, און אויך בירגערלעכע קרייזן פֿון שטאָט האָבן געהאַט גרויס הנאה. די ביבליאָטעק־אָנפֿירונג האָט זיך געגרויסט מיט דעם אָפּשניט פֿון איר טעטיקייט, וועלכע האָט געהויבן דעם מאָראַל און גוטן נאָמען פֿון דער ביבליאָטעק אין שטאָט, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אויסברייטערונג פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט און אויך דער פֿאַרגרע־סערטער צושטראָם פֿון מענטשן, האָט באַדייטנד געענדערט די באַדינגונגען, אַ גרעסערע באַוועגונג, אַ שטאַרקערער טומל, איין אַרבעט האָט געיאָגט די צווייטע, מען האָט זיך געגרייט צום טעאַטער, געטוישט ביכער, דיסקוטירט, געזונגען. די יוגנט האָט זיך צעבריזט ווי די כוואַליעס אויפֿן טייך בעתן שטורעם, אַלץ אין דעם ענגן לאָקאַל און אַרום אים. דאָס אַלץ האָט באַוויזן מ׳זאָל אָנהייבן טראַכטן איבערגיין אין אַ צווייטן מער באַקוועמען לאָקאַל, און די ביבליאָטעק איז אַריבער אין אַ נייעם זעלבסטשטענדיקן לאָקאַל, אַ סך גרעסערן ווי פֿריער ביי ווילאַמאָווסקין אין קלויסטער־גאַס נישט ווייט פֿון מאַרק.

דאָס איז געווען אין יאָר 1930, נאָך די וואַלן צום סיים און סענאַט, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון פּילסודסקין מיט זיינע פּולקאָווניקעס פֿון ב.ב.וו.ר. אין אַ צייט פֿון גרויסער אַר־בעטסלאָזיקייט און העפטיקע קלאַסן־קאַמפֿן פֿון אַרבעטער מיט דער פּאָליציי אויף די גאַסן פֿון אַ סך שטעט אין פּוילן, און אויך אין פּלאָצק, וואָס האָבן געקאָסט פֿיל קרבנות. עס זענען געמאַכט געוואָרן גרויסע אַרעסטן אין פֿאַרשידענע לינקע אַרבעטער־אינסטיטוציעס און אויך אין ביבליאָטעקן אין לאַנד, כדי צו האַמעווען דעם ספּאָנטאַנישן אויפֿברויז קעגן דער רעגירונג.

אין דער געשפּאַנענער לאַגע איז די ביבליאָטעק, וועלכע האָט נאָך געטראָגן דעם נאָמען „אַרבעטס־ביבליאָטעק" ביי די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, געשטאַנען אונטער דער סכנה פֿאַרמאַכט צו ווערן. פֿאַרשידענע סימנים האָבן עדות געזאָגט דערויף, ווייל די ביבליאָטעק האָט באַקומען כמעט יעדן טאָג אומגעבעטענע געסט, פּאָליציי פֿון אָרט און שפּיצלעס פֿון פּלאָצק. טראָץ די אַלע רעפּרעסיעס האָט די ביבליאָטעק זיך נאָך מער אַנטוויקלט. עס ווערן געבראַכט פֿון דער פֿרעמד פּראָפֿעסיאָנעלע רעציטאַטאָרן ווי גלאַווינסקי פֿון קוטנע, וועלכער איז אַ מייסטער פֿון רעציטירן פּרץ׳ן, גרונדוואַג פֿון סאָכאַטשאָוו, וועלכער איז ספּעציאַליזירט אויף מענדעלען, און בן־עמי פֿון פּלאָצק, וועלכער נעמט שטאַרק אויס ביים רעציטירן איבערזעצונגען פֿון רוסישע קלאַסיקער. עס ווערן אויך געמאַכט רעציטאַציעס פֿון אייגענע מער באַגאַבטע אַק־טיאָרן, ווי ליפּמאַן ווישאַגראַדסקי און שיע אייזיק כמיעל. ס׳איז געוואַקסן די צאָל ביכער ביז 6 טויזנט, די צאָל מיט־גלידער און לייענער ביז 400; אונדזער דראַמאַטישער קרייז האָט אויך דערפֿאָלג אויסער ווישאַגראַד און סאָכאַטשאָוו, פּלוינסק, פּלאָצק און אַנדערע שטעט. דער טעראָר אין לאַנד פֿאַרשטאַרקט זיך דערווייל, עס ווערן פֿאַרמאַכט לינקע ביב־ליאָטעקן אָן אַ פֿאַרוואָס, און עס ווערן קאָנפֿיסקירט די ביכער, עס וואַקסט די געפֿאַר אויך פֿאַר אונדז. ס׳ווערט באַשלאָסן פֿאַרקויפֿן די ביבליאָטעק צו נייע פּאָליטיש נישט־קאָמפּראָ־מיטירטע מענטשן, אויף אַ נייעם נאָמען, און צוטרעטן איינ־צייטיק בויען אַן אייגענעם לאָקאַל. אַלע האָבן זיך גלייך באַשטייערט מיט ביז 2 וואָכן אַרבעט און מער. אין משך פֿון עטלעכע וואָכן איז די נייטיקע סומע געוואָרן אַ געשעענער פֿאַקט, און עס איז געקויפֿט געוואָרן אַ פּלאַץ אין לאַנגן־וועגס אַנטקעגן דער שול ביים שלאָס־באַרג. אין צווישן האָט מען געמאַכט אַלע צוגרייטונגען צום בויען, מען האָט שוין אַפֿילו געהאַט אָפּגעלאָשן 50 מעטער קאַלך.

אין די יאָרן איז איראָפּע געגאַנגען מיט ריזן־שריט צום פֿאַשיזם, מוסאָליני אין איטאַליע, פּילסודסקי אין פּוילן, היטלער אין דייטשלאַנד, און אויך עסטרייך, ליטע און אַנדערע לענדער. אינסטיטוציעס, קולטור־אַנשטאַלטן זענען געוואָרן ליקווידירט און די פֿאַרמעגנס קאָנפֿיסקירט. דאָס איז געווען די הויפּט־סיבה פֿון צוריקציען זיך פֿון גאַנצן פּלאַן. דער פּלאַץ איז געוואָרן פֿאַרקויפֿט. די ווישאַגראַדער יוגנט, די פּריוויליקע אידעאַליסטן, האָבן שווער איבערגעלעבט די אַנטוישונג. ס׳איז געוואָרן באַשלאָסן צו שאַפֿן אַן אומפּאַרטיי־אישע פֿאָלקס־ביבליאָטעק א. נ. פֿון י. ל. פּרץ אין ווישאַגראַד. מיט אַ נייער פֿאַרוואַלטונג פֿון אומפּאַרדעכטיקע מענטשן, דאָס זענען געווען: קלמן אַגראַדניק מאָטל וואַלפּיש, יואל ליפּאַ קרוי, דבורה באַמבערג, ישראל וואָלף העכט, ריבה זשיכלין און ליפּמאַן ווישאַגראַדסקי. נאָך עטלעכע וואָכן איז אָנגעקומען די לעגאַליזאַציע און מיר האָבן אָנגעהויבן צו ווערן טעטיק. מיר האָבן אָפּגעקויפֿט די ביכער מיטן גאַנצן אינווענטאַר פֿאַר אַ סימבאָלישער סומע און באַשלאָסן דורכ־צופֿירן אַן אימפּאָזאַנטע דערעפֿענונג, וועלכע איז פֿאַרגעקו־מען אין שטאָט־זאַל מיט דער באַטייליקונג פֿון איבער 500 מיטגלידער, סימפּאַטיקער ווי אויך געסט קולטור־טוער פֿון

דער געגנט און פון וואַרשע. די פייערלעכע דערעפענונג האָט דאָן געמאַכט אַ גרויסן רושם אין שטעטל.

דאָס איז געווען אומגעפער סוף יאָר 1932, און 1936 איז די ביבליאָטעק דערגאַנגען צו איר קולמינאַציע־פונקט אויף אַלע געביטן. די סימפּאַטיע און אונטערשטיצונג פון דער בירגערלעכער יוגנט האָט זיך אויסגעברייטערט, זיי זענען שוין אין דער פּרץ־ביבליאָטעק געקומען זייער גערן, ווייל דער יוגנטלעכער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער פּלאַץ וווּ ער זאָל זיך קענען אויסלעבן מיט זיינע חלומות און אינספּי־ראַציעס. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ יוגנט־קלוב, אַ ספּאָרט־קלוב, מער האָט איינגעאָרדנט משפּטים איבער ביכער, וועלכע זענען געוואָרן מיט גרויס אינטערעס אויפגענומען.

קלאָר איז, אַז אונטער די קוליסן פון דער פּרץ־ביבל. איז געשטאַנען און אָנגעפירט די אומלעגאַלע קאָמוניסטישע פּאַרטיי. פאַר דער פּאָליציי און די מאַכט־אָרגאַנען האָט דאָס געקענט זיין אַ סוד נאָר אויף אַ געוויסער צייט, אָבער נישט אויף שטענדיק.

און עס האָט זיך אָנגעהויבן. די פּאָליציי איז געקומען אין לאָקאַל און אַלץ ווינציקע זענען געקומען באַזוכער. עס האָט זיך געפילט אין דער לופט אַז עס קומט עפּעס נייעס, נישט קיין פריילעכס. ביז עס איז געקומען אַ פאַראָרדענונג פון אינערן־מיניסטעריום, אַז די פּרץ־ביבל. ווערט צוליב חשד צייטווייליק געשלאָסן.

נאָך אַן אינטערוועניץ פון 6 חדשים ווערט זי אין יאָר 1937 געעפנט. דאַן גייען מיר איבער אין אַ גרעסערן לאָקאַל ביי שטאַביעצקין, רעמבאַוער גאַס, ווו פאַרזיצער איז געווען מאָטל וואַלפיש. אין משך פון העכער אַ יאָר צייט פירן ווייטער די אַרבעט אין די ראַמען פון באַגרענעצטע מעגלעכקייטן און אין 1938 ווערט זי נאָכאַמאָל ענדגילטיק פאַרחתמעט.

נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939, האָב איך אָפּ־געריסן די חתימה פון דער טיר און צוזאַמען מיט רחל גלאַט־שטיין און שרה וואַלפיש אָפּגעקליבן עטלעכע הונדערט, די ווערטפולסטע ביכער, און זיי באַגראָבן אין דער נחלה פון הערש חיים וואַלפיש, ביים ד״ר זאַוואַדסקי אין סאַד.

דאָס איז בקיצור דער אויפקום פון אַ קולטור־פעסטונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך די ווישאַגראַדער אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן מיט גרויס מי און מסירת־נפש ווי עס פּאַסט פאַר „עם הספר״.

# קאָמוניסטישע טעטיקייט אין ווישאַגראַד

די 20־יאָריקע עקזיסטענץ פון דער אומלעגאַלער קאָמ־פּאַרטיי אין ווישאַגראַד פון 1919 ביז 1939 האָט געלייגט איר סטעמפּל אויף פאַרשידענע געביטן.

די יוגנט האָט אין איר געפונען אַ שטיץ־פונקט אין איר קעגנשטאַנד צו פאַנאַטיזם. די אַרבעטער־יוגנט האָט אין איר געזען אַ מיטל צו אַ נייער פרייער צוקונפט און אין דעם אַנ־טיסעמיטיש־רעאַקציאָנערן פוילן האָבן אויך יידן פון אַ גאַנץ יאָר זיך באַציוגן צו איר מיט סימפּאַטיע, זעענדיק אין דעם קאָמוניזם אַ שטיץ־מיטל קעגן דעם פינצטערן רעזשים. די עקאָנאָמישע אומזיכערע לאַגע אין שטעטל און די פּאַרטיפּטע קלאַסן־דיפערענציאַציע האָבן געווירקט צום גונסטן פון דער פּאַרטיי. עס האָט זיך דערוועקט דער קלאַסן־באַוווסטזיין דער מענטשלעכער שטאָלץ און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צו האָפן אויף אַ בעסערער צוקונפט.

אָנגעהויבן האָט זיך איר אַרבעט מיט קולטורעלער און ספּאָרטיווער טעטיקייט, כדי צו ווערן פּאָפּולער און אָנ־גענומען אויך אין די בירגערלעכע שיכטן און אויך כדי צו איינוואָרצלען זיך אין שטאָט, נישט אויפוועקנדיק די אויפ־מערקזאַמקייט פון די הערשער און זייערע פּאָטענציעלע מיט־ווירקער.

מ׳האָט געשאַפן אַ ביבליאָטעק, אַ דראַמקרייז, אַ ספּאָרט־קלוב און פראָפ. פאַראיינען. די טעטיקייט איז געווען קאָנ־צענטרירט אין די הענט פון דער „רויטער פראַקציע״. זי האָט אָנגעפירט די אַרבעט און זי געריכטעט אַזוי, אַז דער קרייז פון די פּאַרטרויאונגס־מענטשן זאָל זיך פאַרגרעסערן און די עטלעכע צענדליק אַרבעטער, וועלכע זענען געווען דער נאַטור־רעלער טרעגער פון דער פּאַרטיי, זאָלן זיך פאַרהאַרטעווען אידעאיש, ווערן שטאַנדהאַפטיק און קאָנען אויסשטיין די פּאָ־ליטישע שווועריקייטן וואָס שטייען זיי פאַר.

די פאַראַזמלונגען פון די „רויטע״ האָבן אָנגעהויבן צו ווערן אומלעגאַל. אָפּגעהאַלטן אין די שבתדיקע פרימאָרגנס און גוט באַוואַכט. עס האָבן זיך מיטבאַטייליקט אָנפירנדיקע פּלאַצקער קאָמוניסטן און רעדנער. די אַרבעט האָט זיך פאַר־ברייטערט און געוואָרן פּאָליטיש, מ׳האָט גערעדט וועגן קאָנ־קרעטע טאַטן, קאַמף און סכנות. גוטע יידן האָבן געהאָלפן זאַמלען געלט פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע. עס האָבן זיך באַשטייערט ציוניסטן און אגודה־לייט. יידן נאַאיווע, וואָס זענען גרייט מתיר אסורים זיין יידן, זענען געוואָרן שותפים צו אונדזער קאָנספּיראַציע.

אין דער אַרבעט האָבן זיך אויסגעצייכנט טשיפּע לאָ־זענסק, שרה וואַלפיש, אברהמטשע פּוטערמאַן, יחזקאל גאָלד־בערג, קלמן אַגראַדניק, פייגע רחל ליפּסקער, פּאָלע בראַוער־מאַן און אַנדערע.

מיט דער צייט האָט זיך אָפּגעפילט איר השפּעה און ציו־ניסטישע טוער האָבן אַרויסגערופן צו אַ דיספּוט.

דעם אָוונט געדענקען אַ סך ווישאַגראַדער. דאָס שטעטל האָט זיך פאַרטיילט אויף צוויי לאַגערן, וואָכן לאַנג האָט

זיך געקאָכט. די גאַס האָט דיסקוטירט און געפּרוּווט טרעפן, ווער וועט זיגן אין דעם אידעאָלאָגישן געפעכט.

אָנגעפירט דעם אָוונט האָבן פּייוול מאיר ליכטנשטיין און מנחם זילבערשטיין. די ציוניסטישע רעדנער זענען געווען יהודה אלעזר קליין און הענעך קאָן, פאַר די קאָמוניסטן האָבן גערעדט יאַנקל ליכטנשטיין און טאָבע יידס גאָלדמאַן.

די רעדעס זענען געווען מייסטערשטיק, הגם מיט אַ ביסל דעמאַגאָגיע, אָבער דער דיספּוט האָט זיך פאַרענדיקט מיט גאָרנישט, די צעפלאַקערטע מאַסן זענען אַרויף אויף דער טריבונע. אויפגעזונגען און זיך איבערגעשריגן מיטן געזאַנג פון הימנען.

די פאַרטיי איז ווייטער געגאַנגען איר וועג. געזוכט אירע נאַטירלעכע אָנהענגער און געוואַקסן.

מיט דער צייט האָט זלמן זאַלצבערג אָרגאַניזירט די טרעגער־יונגען און זיי געבראַכט צו קאָמוניזם. דער פאַרטיי איז צוגעקומען פופצן משפחות, הייסע אָנהענגער און זלמן דער פשוטער שוסטער־יונג איז אויסגעוואַקסן צו דער שטופּע פון זייער פירער און וועגווייזער.

אין 1926 איז די פאַרטיי שוין אַן אָנגעזעענער פאַקטאָר, לינק־געשטימטע אינטעליגענטן און פּשוטע אַרבעטער האָבן זיך אין איר אָנגעשלאָסן און די פּוילישע מאַכט האָט פאַרשריבן ווישאָגראָד אין דער מאַפּע פון די רעזשים־באַדראָענדע פונקטן, די אַרבעט ווערט פאַרשווערט. עס דראָט מיט אַרעסטן און סכנות, אָבער גאָרנישט שטעלט נישט אָפּ די טעטיקייט. און ערב דעם 1־טן מאַי קומט פאָר די ערשטע גרויסע אָבלאַווע. איך מיט נאָך 25 מענטשן ווערן מיר אַרעסטירט. עס איז געווען זיכער, אַז דאָ וועט זיין אַ משפּט און שווערע אורטיילן, צום גליק האָט דער „פּאָליטישער" פּאָליציאַנט ציאַרצינסקי ליב געהאַט געלט. ס'האָט געקאָסט יעדן אַ צענערל און מ'איז באַפרייט געוואָרן.

*

אָבער די שווערד פון אַרעסט איז געבליבן הענגען איבער אונדזערע קעפּ. און דאָס דווקא האָט צוזאמענגעקלאמערט אונדזערע רייען. די אידעע האָט זיך פאַרטיפערט, דאָס געפיל, אַז מיר באַדראָען רעזשימען, האָט צוגעגעבן אַן ערנסטקייט צו אונדזער טאַט. עס האָבן זיך פאַראייניקט גוים מיט יידן, שטעט מיט דערפער. דער אויסדרוק האָט זיך אינטענסיפיצירט. מיר האָבן געפילט אַ דראַנג פאַר אויפקלערן זיך און יענעם אונדזער זיין און ווישאָגראָד האָט געשפּרודלט מיט טאַט און רייד, מיט סכנות און אויפברויז. ווישאָגראָד איז געוואָרן אַ מיטל־פּונקט פון דער פאַרטיי און איר אַרום.

אין 1928 זענען מיר ס'ערשטע מאָל אַריין אין דער וואַלאַקציע צום סיים און סענאַט און שטאָט־ראַט. נישט לייכט איז געווען זיין אויספיר. די פאַרטיי האָט באַדאַרפט אַרויס „נאַ יאַוו" אירע צענטראַלע מענטשן — זיך אַרויסשטעלן צום טאָג־טעגלעכן געפאַר און ווערן אַן אָפענער ציל פאַר אַלע אונדזערע שונאים. דאָך האָבן מיר באַשלאָסן. די אויסזיכט פון באַשיצן די אַרבעטער־אינטערעסן האָבן איבערגעוויגן.

דער קאַמף איז געווען אַ שווערער. מיר זענען פאַרשריגן געוואָרן אַלס פּאָליטישע פאַרברעכער, אַטעאיסטן און רעליגיע־שטירצער א. אַ. וו. אַלע האָבן זיך פאַראייניקט קעגן אונדז, אָבער דער זיג איז געווען אַ גרויסער 500 שטימען און צוויי ראַטמענער. אין שטאָט־ראַט זענען אַריין נפתלי שלאָסבערג און הירשל פּוטערמאַן. זיי האָבן נאָכהער באַצאָלט מיט טורמע, אָבער דער אַקט פון צוטרוי צו אונדז איז געווען גרויס. די פאַרטיי האָט געפאָדערט פון אירע אָנהענגער קרבנות און שוועריקייטן און די חברים זענען גרייט געווען דערצו.

די געשיכטע פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי אין ווישאָגראָד איז אַ געשיכטע פון מענטשן, וואָס האָבן געגלויבט אין אַ בעסערער וועלט מיט אַ בעסערער אָרדענונג, וואָס האָבן מקריב געווען זייער אייגענע באַקוועמלעכקייט, כדי צו ברענגען אַ פאַרבעסערונג די מענטשן אין שטעטל, אין לאַנד און אויף דער וועלט. ליידער האָט אונדזער קאַמפס־ווילקייט זיך געענדיקט מיט דער ענדע פון גאַנצן שטעטל. אָבער ווען מ'שרייבט אַ בוך וועגן דעם שטעטל, זאָל דערמאָנט ווערן די שיינע יידישע ווישאָגראָדער יוגנט, וואָס איז געווען אין אַלע פאַרטייען, ערנסט, אידעען־געטריי און אָפּפערווילִיק פאַרן גונסט פון מענטש און פאָלק און אין איר די קאָמוניסטישע יוגנט וואָס איז אויסגעשטאַנען געפאַר, דיסקרימינאַציע און טאָג־טעגלעכע שוועריקייט און געבליבן טריי צו זיך.

# עקאָנאָמיע און יוגנט־אויפברויז

*עקאָנאָמישע באַזע* — די יידישע באַפעלקערונג אין ווישאָגראַד האָט נישט געהאַט קיין פעסטע עקאָנאָמישע באַזע גענוי ווי די שטעטלעך פון איר אַרום. די הויפּטקוואַלן פון פּרנסה זענען געווען מנחם־מענדל־געשעפטן, קליינע געוועלבלעך, בעלי־מלאכות, שוסטער, שניידער, שטעפּער אָדער סטאָליאַרעס, וואָס האָבן געלעבט פון דער אַרומיקער פּויערישער סביבה און די אַרבעט איז געווען באַזירט אויף סעזאָנען. סתם יידן האָבן געהאַלטן סעדער און געווען אויסגעשטעלט אויף ניסים, אויף וועטער־קאַפּריזן. איז געווען אַ גערעטעניש זענען די פּרייזן געפאַלן, איז געווען אַ קליין גערעטעניש, האָט עס קוים געסטייעט פאַר די וואַרשעווער מעקלער צו וועלכע די סאַדאָווניקעס זענען געווען פאַרקנעכטעט מיט זייערע הלוואות צו דינגען דעם סאָד און די הויכע פּראָצענטן פאַר די הלוואות. די מעקלערס האָבן גענאָסן פון ערשטן פּדיון און פאַר די סאַדאָווניקעס איז ווייניק וואָס געבליבן.

קיין פאַבריקן אין ווישאָגראַד זענען נישט געווען און די יוגנט האָט נישט געוווּסט דעם טעם פון זיין אַן אַרבעטער, אַ לוין־מענטש, וואָס דאַרף אויסקעמפן זיינע רעכט סאָלידאַר מיט אַנדערע און מיטן כוח פון פּראָפעסיאָנעלן פאַרבאַנד.

דער טאַרטאַק, וואָס האָט באַשעפטיקט 12—15 אַרבעטער האָט נישט באַשעפטיקט קיין יידן צוליב די באַוווּסטע סיבות. ס'האָט זיך געלוינט צו האַלטן גוים. זיי האָבן „געאַרבעט", גענומען וויפל מ'האָט זיי געגעבן. אפשר אויך איז געווען אמת, אַז דערפאַר ווייל זיי האָבן געאַרבעט שבת, האָבן זיי בעסער געלוינט.

די עלטערן אַליין, טייערע כשרע יידן האָבן ביי זייער בעסטן ווילן נישט געקאָנט שאַפן אַ צוקונפט פאַר זייערע קינדער אין דעם אַנטיסעמיטישן אויסראָטונגס־רעזשים פון פּוילן. די יוגנט האָט געמוזט זיך לערנען אַ פאַך און אַליין זיך אויסקעמפן אַ צוקונפט און אַן עקזיסטענץ.

די באַדינגונגען פון לערנען אַ פאַך אין שטעטל זענען געווען שרעקלעכע. יאָרן האָט מען געאַרבעט ביים קליין שוסטער אָדער שניידער אָן אַ געהאַלט און אָן פּערספּעקטיוון צו געפינען אַרבעט אין דער צוקונפט. דאָס געמיט ביי אַזעלכע אַרבעטער־קינדער איז געווען געדריקט. צייטנווייז אויך אַפּאַטיש, האָפנונגסלאָז און טריב. ס'דערמאָנט זיך מיר ווי דוד אַפּלבוים האָט דערציילט די „מעלות" פון זיין שניידער־געזעלן שימעלע זינדלאַק:

— צו שימעלען — האָט ער געזאָגט — האָב איך נישט קיין טענות. ער קומט צו דער אַרבעט 5 פרי און ווען דער זייגער שלאָגט אויס 12 ביינאַכט זאָג איך צו אים, שימעלע גענוג געאַרבעט, וועסט קומען מאָרגן אַ ביסל פריער און דעראַרבעטן דאָס, וואָס האָסט היינט פאַרפעלט.

אויך די דערוואַקסענע האָבן געלעבט אין קאָשמאַרפולע באַדינגונגען און געטרוימט וועגן אויסוואַנדערן. עס זענען געווען אָפענע אָרעמעלייט און באַהאַלטענע בכבודיקע, פאַר וועלכע מ'האָט תמיד געדאַרפט מאַכן אויף שבת. עס זענען געווען רואינירטע, אויסגעמאַטערטע פון זאָרג קרעמערס און סוחרים, ס'זענען געווען אויסגענייקערטע דאָרפס־גייער און בעלי עגלות, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין טאָג איבערצולעבן. ס'איז נישט געווען דער עקאָנאָמיע־ספּעץ, וואָס זאָל פאָרויסזאָגן וווהין וועט דאָס ווישאָגראָדער יידנטום, עקאָנאָמיש גענומען, פאַרגיין. אַמאָל האָט אויך דער בטחון נישט געהאָלפן, ביים אָפּגרונט פון פאַרצווייפלונג האָט מען אויך דעם בטחון אָנגעוווירן.

מ'האָט עמיגרירט קיין אויסלאַנד, אויסגעוואַנדערט אין אַנדערע שטעט, געזוכט דאָס „משנה מקום" מיטל, געפאָרן קיין לאָדזש, קיין וואַרשע, אָבער דאָס זענען געווען אויסוועגן פאַר ווייניקע. דאָס גאַנצע שווערע פּראָבלעם פון די מאַסן האָט מען מיט זיי נישט געקאָנט לייזן. און באַשטימט נישט דאָס פּראָבלעם פון דער יוגנט. אין דעם אַנטיסעמיטישן רעזשים פון די פּאָליאַקן האָט קיין יידישער בחור נישט געקאָנט קלערן וועגן אַ פּאָסטן אין רעגירונג און אין מיליטער, אין אַדמיניסטראַציע און פאַבריקן אַפילו אין יידישע ובפרט, אַז אַזעלכע זענען בכלל נישט געווען ביי אונדז.

אַזוי איז געשען, אַז ביי אַ טייל פון דער יידישער יוגנט אין ווישאָגראַד האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ האַס צו דעם פאַשיסטיש־אַנטיסעמיטישן רעזשים. אַ צווייפל אין עלטערנס כוח און אַ דראַנג צו קלאַסן־קאַמף. זי האָט געזוכט מיטלען צום שטירצן דעם רעזשים און שותפים צו איר האַס. זי האָט אין דראַנג נאָך אויסקעמפן אַרבעטס־רעכט און גאַראַנטיעס פאַר מעסערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען. געמיינט צו געפונען אין דער לינקער באַוועגונג פון פעלקערלעכע ברודערלעכקייט און מיט איר די מאַכט צו ענדערן עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע סיטואַציעס.

*אידעאיש־פּאָליטישע אויפקלערונג* — הגם עס זענען אין שטעטל נישט געווען קיין הויכשולן און מיט קיין ספּעציעלע אינטעליגענץ צו יענער צייט האָט זיך ווישאָגראַד נישט אויסגעצייכנט, האָט זיך דאָך סיסטעמאַטיש אויספאָרמירט אַ נייער טיפּ פון פּראָלעטאַרישער אינטעליגענץ. זי איז געוואַקסן דורך זעלבסטבילדונג און אָנשויאונגס־פּאַרטיפּערונג. זיי זענען געקומען דווקא פון די גוט סיטואירטע הייזער, וואָס האָט באַוויזן, אַז נישט נאָר עקאָנאָמישע נויט, נאָר טיפער באַוווּסטזיין האָט זיי געבראַכט אין די רייען פון לעזונג־זוכער צו פאָלק, צו מענטש און געזעלשאַפט. ווישאָגראָדער קענען זיי באַשטימט און דאָס זענען געווען: פישל גאָלדבערג, יאַנקל ליכטנשטיין, טאָבע יידיס גאָלדמאַן, זלמן זאָלצבערג, שיע אייזיק כמיעל, יעקב לייב זאַיאָנץ, משה וואָלמאַן און אַנדערע. זיי האָבן זיך געווידמעט דער אויפקלערונג און אָרגאַניזירונג אויך פון אַנדערע און אַזוי איז אויסגעוואַקסן אַ מאַסנהאַפטע, אידעאיש און גייסטיק אַנטוויקלטע באַוועגונג, וואָס איז געווען אַ ביישפּיל פון דרייסטקייט און קאַמפס־מוט און געהאַט אַ גרויסן אויטאָריטעט אין שטאָט.

דער יוגנטס דראַנג נאָך בעסערן, וואָס איז מעגלעך אָביעקטיוו געווען אָבער ווערט פאַרהינדערט פון מענטשן־האַס, ראַסן־באַגריפן און קלאַסן־דיפערענציאַציע האָט געפירט די יוגנטלעכע פון שטעטל צו דעם וויסן. די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער האָבן דערפילט דעם טעם פון אויפקלערונג און זעלבסט־בילדונג, וואָס זיי האָבן געקריגן אין די רייען פון דער באַוועגונג, זענען זיי געוואַקסן זיך, געשטאַרקט און געקריגן גלויבן אין זיך און אין מענטש און אויך צוגעשטאַנען צו דער באַוועגונג.

ס׳האָט זיך פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי דאַן אויסגעשיילט אַ גרופּע אַקטיוויסטן, ווי אברהם וואַלפיש, יידל שטערן, קלמן אָגראָדניק, ריבה זשיכלין, ש. ל. באָזשניצקי, לייבל שטשאַפּע, אברהם שטשאַפּע, שרה וואַלפיש, הירשל גוימאַן, ישראליק אָגראָדניק א. אַ. זיי האָבן געפירט אַן אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט און אויפקלערישע טעטיקייט, געהאַט פאַרזאַמלונגען, אַרויסגעגעבן אַן אומלעגאַלע חודש־צייטונג און ווישאָגראָד האָט געברויזט פון טאַט, וואָרט און געדאַנק.

ווען איך אָבסערוויר היינט די עפּאָכע, זע איך פאַר זיך ווי אַ וווּלקאַנישער אויפברויז, וואָס האָט געמוזט קומען. ביי די שווערע עקאָנאָמישע אומשטענדן פון דער יוגנט אין שטאָט.

דער אויפברויז פון דער ווישאָגראָדער יוגנט האָט אויפגעטרייסלט די אַפּאַטיע און פאַרצווייפלונג און געבראַכט זעלבסט־גלויבן און אַקטיוויטעט. ווישאָגראָד האָט דאַן איבערגעלעבט דאָס וואָס ס׳יידישע פאָלק האָט איבערגעלעבט אין זיינע פאַרשידענע עפּאָכעס — דאָס מוסר נפש זיין זיך פאַרן ספר, פאַר דער אָנשויאונג און פאַר דעם זעלבסטגלויבן. אין די באַדינגונגען פון דיסקרימינאַציע און אַנטיסעמיטיזם און פינצטערער געזעצגעבונג האָט די יוגנט געמוזט זיין גרייט געפּייניקט ווערן, פינצטערן אין די טורמעס און באַצאָלן מיטן לעבן פאַר זייער פרייהייט פון וואָרט און געדאַנק און זי איז געווען גרייט דערצו. די ערנסטע ווישאָגראָדער יוגנט האָט געצאָלט פאַר איר גלויבן מיט פחד, פּיין און טורמעס און מיט אייביקן לעבן אין דראַנג און אין שפּאַנונג.

ס׳קאָן אָנגענומען ווערן, אַז אין לויף פון דער צייט און מיט דער אַנטוישונג, וואָס דער רוסישער קאָמוניזם האָט געבראַכט דער וועלט וואָלט אויך אונדזער יוגנט געקומען צו אַנדערע וועג־ווענדונגען און דאָס יידישע פאָלק וואָלט באַרייכערט געוואָרן מיט אַן אַקטיווע פון ערנסטע, אָפּפערווילּיקע, דענקענדע זין און טעכטער און די קאַמפס־אייגנשאַפטן זייערע וואָלטן באַפרוכפּערט אונדזער אייגן פאָלק מיט אַ זעלטענער אינטענסיווער אַקטיוויטעט. ליידער האָט אָבער דער נאַצישער וואַנדאַליזם אויך די אַנטוויקלונג פאַרמיטן.

נ. ל. דויטש

# 120 יאָר בעלי מלאכות

## (שטריכן און פאַקטן)

אמר ר׳ חיא בר אמי בשם עולה: גדול הנהנה מיגיעו יותר מירא שמים... (ברכות ח׳)

ר׳ יהודה... אמר: גדולה מלאכה שמכבדת את בעליה... (נדרים מ״ט)

דער ייחוד פון ווישאַגראַד אין גזעלשאַפטלעכן זין איז געווען אין אירע בעלי־מלאכות. דאָס זענען געווען יידן וואָס האָבן זייער מלאכה געהאַלטן פאַר אַ יחוס און נישט געהאַט קיין מינדערוועטיקייטס־געפיל לגבי אַנז׳ערע קלאַסן.

מלאכה אין ווישאַגראַד איז געווען געשעצט און געגאַנגען צוזאַמען מיט תורה און חכמה. בעלי־מלאכות דאָרט זענען געווען יידן, וואָס האָבן קובע געווען ״עתים לתורה״, געלערנט, געקאָנט אין ״די קליינע אותיות׳לעך״ און געווען פון די כלי־קודש אין די בתי־כנסת.

ס׳איז די מלאכה געווען אַ זאַך, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור, ס׳איז געווען אַ מין אָפּשטאַמונגס־צייכן, וועלכער האָט אויסגעאיבט זיינע כאַראַקטער־שטריכן אויף זיין באַזיצער. מ׳האָט געוווסט, למשל, אַז ביי דעם און דעם בעל־מלאכה וועט דער טיש געפּראַוועט אַזוי, די קינדער געפירט אַזוי, די באַציאונג אין משפחה איז אַזעלכע אאַז״וו. ממילא איז די באַטראַכט־פּריזמע פון מענטשן געווען אַן ערדישע, אַ געזונטע, אַ מין יידיש־פּראָדוקטיווער צוגאַנג צו מענטש און כאַראַקטער, געזעלשאַפט און ציל.

דורות אין ווישאַגראַד האָבן זיך דערצויגן אין גייסט פון אַרבעט און טיכטיקייט. בייטאָג האָבן מענטשן געאַרבעט, ביי־נאַכט האָבן פּלעמלעך געשיינט אין שולן, בתי־מדרשים, לאַ־קאַלן און אַרבעטער האָבן זיך געעסקנט מיט אַ סוגיא אין גמרא, אַ פּרק משניות אאַז״וו. און ווער ס׳האָט שפּאַצירט אין די לעצטע אָוונט־שעהן האָט, ווי ביי ביאַליקן, געקאָנט זען פענצטערלעך באַשיינטע און קעפּ געבויגענע איבער אַ בוך.

נישט אומזיסט האָט ווישאַגראַד געהאַט אירע פּערזענ־לעכקייטן, אירע טיפן און יחידים, וואָס זענען געווען מוסטערן פון טיכטיקייט, וואָס זייער כאַראַקטער־צייכן איז געווען טע־טיקייט, וואַכזאַמקייט צו דעם אַרום. וועלכער ווערט באַגריפן נאָר דורך טיפער נאַטירלעכער אינטעליגענץ און בילדונג און ועל הכל, טיפן, וואָס אַ מין צוגאַנג פון ״לא על הלחם לבדו״... האָט דאָמינירט אין זייער לעבן.

ס׳קאָן זיין, אַז ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס ווישאַגראַד האָט אַרויסגעגעבן אַזאַ גייסט און טאַט־ריז ווי נחום סאָקאָ־לאָוו. אמת, נחום סאָקאָלאָוו איז געווען אַ געבוירענער פענאָ־מען און עילוי און געבראַכט זיינע טאַלאַנטן מיט זיין געבורט, אָבער ווען מיר געדענקן סאָקאָלאָוון, געדענקן מיר נישט נאָר דעם רייכן שפּראַך־קענער, נאָר אויך דעם מענטש פון טאַט און טיכטיקייט, פון טאַלאַנט־אַנווענדער, פון אומאויפהערלעכן שעפער און אומדערמידלעכן אַרבעטס־מענטש. דאָס איז אוודאי אים געקומען פון שטעטל, וואָס האָט געשאַפן אַן אַט־מאָספער פון אַרבעט, אַרבעט און אַרבעט.

די בעלי־מלאכות אין ווישאַגראַד זענען אויך אויפן פאָרמעלן געזעלשאַפטלעכן געביט געווען אַ באַצייכענונגס־ווערטע דערשיינונג. אַ דאַנק זיי איז ווישאַגראַד געווען אַ ספּעציעל אָרט אין יידישע שטעט, ווו די קהילה־אינסטיטו־ציעס און געמיינדע זענען געווען באַהערשט דורך זייערע פאָרשטייער און די דעה איז אַרויסגענומען געוואָרן פון די בעלי־מאה און איבערגעגעבן געוואָרן די בעלי־דעה אין אַלע געביטן. אויך אין געביט פון רבנות און ריין רעליגיעזע ענינים. ווען אַ מלאכה־פאָרשטייער האָט געפּרוווט זיך אַריינ־שאַרן אין דער מיוחסדיקער קלאַס, האָט ער געמוזט דעמיסיאָנירן.

אין דער טעטיקייט פון די בעלי־מלאכות איז צום באַ־צייכענען פאַרשידענע תקופות פון אויפקום און נידערקום, נצחונות און דורכפאַלן, אָבער תמיד זענען זיי געווען דער אַדרעס פון דעמאָקראַטיע פאַר דער געזעלשאַפט און באַשי־צונג פאַרן יחיד און פאַראָרגער פון זיינע באַדערפענישן. זיי האָבן אויפגעשטעלט אַ באַנק פאַרן עמך־מענטש מיט הלוואות מיט קליינע פּראָצענט, געשאַפן חסדים־אַנשטאַלטן, ווי הכנסת כלה און אַנדערע, וואָס האָבן געגעבן דעם יחיד ס׳געפיל פון זיכערקייט, אָבער אים נישט פאַרוואַנדלט אין אַ רחמנות־אָביעקט. און אין פאַרשידענע צייטן, אין קריטישע מאָמענטן, ווען יידן אין שטעטל זענען פאַראָרעמט געוואָרן, פאַרטריבן און שוצלאָז אין צייט פון וועלט־קאַטאַסטראָפעס און מלחמות, זענען זיי געווען די, וואָס האָבן תמיד געפונען אין זיך די איניציאַטיוו און כוח אויפלעבן פון דאָס ניי די געזעלשאַפט אין שטעטל און שאַפן שטיצמיטלען פאַר קאָנסטרוקטיווער הילף פאַרן יחיד. די בעלי־מלאכות האָבן אויפגעשטעלט דאַן קאָאָפּעראַטיוון און גמילת חסדים, דזשאָינט, רעליף אאַז״וו.

דערציילן די געשיכטע פון ווישאַגראַד הייסט דערציילן די געשיכטע פון בעלי־מלאכות, און דערציילן די געשיכטע פון די בעלי־מלאכות הייסט אַרויסברענגען אַ בילד פון בכבודיקע האָרעפּאַשנע יידן, וואָס אין פאַרשידענע צייטן, אין פאַרשידענע מאָמענטן האָבן זיי תמיד געזען דעם קוואַל פון דערלייזונג אין מענטשן אַליין. און אַרבעטס־מענטש און דעם כבוד פון יידנטום אין צוזאַמענפּאָרן אַרבעט מיט יידישקייט, תורה מיט מי, ייחוד און געזעלשאַפט.

*

דאָס בילד וואָס מיר גיבן דאָ איז אייגנטלעך אַ טרוקע־נער איבערזיכט פון מענטשן און משפחות, דורות און טאַטן, פאַקטן און דערציילונגען, וואָס די פינקטלעכקייט פון זיי

כאַפּט אַ ביסל טרוקן און לאַנגווײַליק, אָבער נאָכן איבערלייענען די איינצלהייטן שאַפט זיך אַ גענויע פאָרשטעלונג פון אַ קלאַס, וואָס האָט געשאַפן אַ טראַדיציע פון יידישער, ליכטיקער, אַקטיווער איבערגעגעבנקייט צום פּרט און כלל, צום פאָלק און יחיד, ס׳איז דאָ וואָס צו פאַרצייכענען פאַר די קינפטיקע דורות און ס׳וועט זיין וואָס אָפּצולערנען דערפון.

מיר גיבן דאָ די פאַקטן פאַרטיילט אויף תקופות, כרנאָלאָגיש און נאָמינאַל ווו נעמען און פאַקטן, מעשים און זכרונות געמישט, כדי צו זיין טריי דעם זכרון און אמת. די אויספירן וועט יעדער מאַכן פאַר זיך.

## דער אָנהויב און די אָנפאַנגער

ס׳הייבט זיך אָן פון ר׳ אביש קאָפּנהאַגן.

צוריק מיט 120 יאָר, ווען ר׳ אַביש איז געקומען צו געלט, און געוואָרן אַ גביר אין שטאָט, האָט ער באַשלאָסן, אַז די גמרא איז געווען גערעכט: לעולם ילמד אדם בנו אומנות נקיה וקלה. אַ ריינע מלאכה איז אַ ברכה און כדאי מקיים זיין די מצוה. און אַזוי הויבט זיך אָן אַ לאַנגע קייט פון בעלי־מלאכות, וואָס נעמען זייער אָפּשטאַם פון אַ ייד אַ סוחר, אַ גביר, אַ למדן און אַ בעל־הבית אין שטעטל.

זיין זון האָט געלערנט שוסטעריי און דאָס פאַך איז אַוועק בירושה צו קינדס־קינדער. מיר, די לעצטע פון ווישאָגראָד, געדענקען נאָך ר׳ אַבישעס אייניקלעך, פּנחס קאסטאס, ר׳ יעקב קאָפּנהאַגן און ר׳ שמואל־לייב גילארי. דער לעצטער איז שוין געווען אַ גמרא־מלמד און בעל־תוקע אין שול. ווייזט אויס „דאָס קעפל״ געווען אַן אָפּנס, האָט עס אים אַוועקגעצויגן פון זיידנס מלאכה.

זייערע קינדער זענען אַלע געווען בעלי־מלאכות און געלעבט פון אייגענער פראַצע. נאָך דער אַרבעט פלעגן גיין אין בית־מדרש, זאָגן תהילים און מעמדות, לערנען חומש און צוהערן אַ ביסל עין יעקב און חיי־אדםביים טיש מיט חברים פון פאַך.

אַ צווייטע משפחה מיט קינדס־קינדער בעלי־מלאכות זענען געווען די פּאָקאָרסקיס, אברהם ראָזנפעלד האָט געוווינט אין לאַנגער־וועגס אַקעגן דער שול. זיינע זין: יעקב, שמואל, טוביה, דוד און ישראל ע״ה.

אַלע זענען זיי געווען שניידערס, וואָס האָבן געקענט אין די קליינע אותיות׳לעך און געווען בעלי־קורא׳ס, בעלי־תפילה און געפילט אַ טעם אין תהילים יעדן טאָג.

די דריטע משפחה האָט געשטאַמט פון נתן לייב דייטש מיט זיינע 3 זין, אברהם יעקב, אָשר מלמדס איידעם, דער געלער טוביה מיט זיינע 3 זין: פייוול, אברהם־חיים „בעמבאָס״ און יידל. דער איז שוין געווען אַ ציוניסט, אַ חבר אין מרכז הציונים און געטראַכט וועגן זאַכן, וואָס שטייען אויסער ווישאָגראָד און אויסער דער משפחה־קייט. שמואל יעקב פּאָקאָרסקיס איידעם, אברהם־יצחק דייטשס פאָטער און הירש־טוביה, דייטש אבא ליפּעס פאָטער.

אַלע נתן לייבס פיר זין מיט קינדער האָבן געלעבט פון שוסטעריי און געווען בעלי־תפילה מיט פירוש־המילות, אַריינגעקוקט אין אַ ספרל און געוווּסט וועגן דעם, אַז ס׳איז דאָ עפּעס העכערס פון מענטש און פרנסה, און דאָס דאַרף מען גוט זיך אַריינטיפערן, כדי דאָס צו באַגרייפן. זיי האָבן געהאַלטן אויך סעדער צום דערשטיקעווען די פרנסה.

דער בולטער בעל־תפילה צווישן זיי איז געווען שמואל, ער האָט ימים־נוראים געדאַוונט ביים בילקאָווער פריץ און נאָך אים האָט איבערגענומען די ירושה זיין זון אברהם יצחק. אברהם יצחק דייטש איז געווען בעל־קורא אין שול.

ס׳איז צום פאַרצייכענען, אַז הערש־טוביה׳ס אייניקל ישראל־גדליה איז געווען קהילה־פּרעזעס אין ווישאָגראָדער קהילה פון 1928 ביז 1937, ווען יוסף דימאַנד איז געוואָרן פּרעזעס. דאָס ווייזט ווער ס׳זענען געווען די פּשוטע שוסטער פון שטעטל און זייער געזעלשאַפטלעך געוויכט.

ווייטער גייער די משפחות ליפּסקער שמחה, נחמן בראַווערמאַן, זאַלצבערג, דעם אַלטנגאַזשאַלקס זאלצבערג זיידע יצחק יעקב פּופּטשיק, דער הויפּט־שמש פון שול ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועמענס פרוי, חנה רישע האָט געשמט אַלס גרויסע צדיקת. ליכטנשטיין אברהם חיים מיט זיינע זין פּרץ, רפאל־יונה און שמואל־הירש, שעפּסל און איכל טאַוב און זייער ברודער, רחל־לאה קצבטעס מאַן, איציק מרדכי, שמואל גראָסמאַנס פאָטער, שמחה און משה שלאַדאָוו, משה פלאשציק דער שניידער פון געהאַקטע קאַפּאָטעס, יעקב־דוד אָקאָוויצער׳ס שווער, דער אַלטער לאַזוענסקי, מאיר פראַוודע, יעקב גמאַך, לייבוש׳ס פאָטער, ר׳ יחזקאל ווינטער, דער שטריקנמאַכער, משה שטריקנמאַכער, יעקב יוסף עפּלבוים, ישראל מרדכי שניידער און נאָך אַנדערע פון דער אַלטער גוואַרדיע, וועמענס נעמען זענען אַ ביינאָמען פון ערלעכע פראַצאָוויטע יידן, וואָס האָבן אָפּגעהיט יידישקייט און געשאַפן די עפּאָפּעיע פון ווישאָגראָדער בעלי־מלאכות.

## בעלי־מלאכות אין ערשטן קריג

זיי האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען אין חברות: חייטים, תהילים, ביקור־חולים, הכנסת־אורחים, געדאַוונט אין אייגענע מנינים, און אויך פּרובירט זיך אָרגאַניזירן און זיין פאָרטרעטן אין דער קהילה. צו יענער צייט איז דאָס נישט לייכט אָנגעקומען, ווייל די קהילה האָבן אָנגעפירט עטלעכע בעלי־בתים, וועלכע האָבן אויסגעהאַלטן דעם רוב בודזשעט, און ווער ס׳האָט נישט געצאָלט קיין „סכום״ (סקלאַדקאַ — בוזשניטשני עטאַט) האָט נישט געהאַט קיין דעה. ביי די אויבנדערמאָנטע בעלי־מלאכות איז דער „סכום״ אין הויך פון 3 רובל געווען אַ מטבע. דאָך, כדי צו האָבן אַ דעה, האָבן זיי פרייוויליק איינגעצאָלט דעם „סכום״, און נאָך אין יאָר 1910, האָבן זיי געשיקט זייער ערשטן פאָרשטייער אין דער קהילה, דעם ה. לייביש גמאַך.

אין שטאָט זענען געווען צוויי גרופּירונגען, מתנגדים און חסידים. די חסידישע קרייזן זענען באַשטאַנען, ערשטנס, פון סוחרים. און דער מתנגדישער קרייז — פון בעלי־בתישע יידן, בעלי־מלאכות, פשעוואָזשניקעס, סאַדאָווניקעס און בעלי־עגלות.

מיט דער פּטירה פון ווישאַגראַדער רב ר׳ יחזקאל בידערמאַן זצ״ל, האָט זיך געשאַפן אַ קאַמף. די מתנגדים האָבן געוואָלט ברענגען אַ מתנגדישן רב, אַ ליטווישן. און די חסידים האָבן געוואָלט אַ חסידישן רב. ביז דער סאָכאַטשאָווער רבי זצ״ל האָט געמאַכט אַ פּשרה, מיטן אַריינשיקן זיין אייניקל ר׳ דודל ז״ל אַלס רב. אין שטעטל האָט געהערשט שלום ושלוה און ס׳האָט זיך אַזוי געפירט דאָס לעבן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה.

תשעה־באב 1914, איז אויסגעבראָכן די קריג. צווישן די מאָביליזירטע זענען געווען פיל יידישע זעלנער. ביי דער ווייסל און בזורא, אין די דערפער יאַנאַשאָוועו און קאַמיען, האָבן די דייטשן געהאַט אַ שטאַרקע פּאָזיציע. פון דאָרט האָבן זיי באָמבאַרדירט אונדזער שטעטל אויף דער רוסישער זייט. די שטאָט איז שטאַרק רואינירט געוואָרן, די סוחרים און סאַדאָווניקעס האָט מען באַרויבט און צעגנבעט. בעלי־מלאכות האָבן נישט געאַרבעט. ביינאַכט פינצטער, די פענצטער פאַרהאַנגען. דער רב ר׳ דודל איז דאַן אַוועק קיין וואַרשע, און דער מו״ץ ר׳ נפתלי שפּיוואַק איז געבליבן דער מנהיג רוחני. ווען מען האָט געכאַפּט יידן צו מאַכן שוץ־גרובנס, און יידן האָבן נישט געוואָלט מחלל־שבת זיין, האָט דער מו״ץ געפּסקנט, אַז מזאָל גיין צו די אַקאָפּעס, ווייל פּקוח־נפש איז דוחה שבת.

אין די אַרומיקע שטעטלעך, טשערווינסק און באַדזאַנאָוו, האָט מען נישט געפילט די קריג. מען האָט געאַרבעט און געלעבט נאָרמאַל. דעריבער ווער עס האָט געהאַט משפּחה אין די שטעטלעך איז אַוועק צו זיי, ווייל אין ווישאַגראַד איז געווען שווער דאָס לעבן.

8 טעג פאַר פּורים איז אַרויס אַ פּריקאַז, אַז ביז 48 שעה דאַרפן אַלע יידן פאַרלאָזן ווישאַגראַד. מיין פאָטער ע״ה האָט באַצאָלט אַ טשערווינסקער קריסט 100 רובל ער זאָל אונדז פירן קיין וואַרשע (ביי אונדז זענען געווען 2 קינדער: איך און מיין ברודער יצחק־יעקב, די עלטערן, די באָבע צירל־חנה מיט אירע 3 טעכטער, דער מאַמעס שוועסטער ליבע־נעכע, הוגרא און שרה). מיטאָג־צייט זענען מיר אָנגעקומען קיין טשערווינסק. דאָרט האָבן מיר געהאַט אַ קרוב, ר׳ משה־העגעך מלמד, וועלכער האָט אונדז געבעטן בלייבן אויף שבת. אינטערעסאַנט, סך־הכל 10 ק״מ פון ווישאַגראַד, און דאָ האָט מען נישט געפילט די מלחמה. יידן האָבן געהאַנדלט, געאַרבעט, ביינאַכט ליכטיק, נישט געזען קיין זעלנער, געשטעלט טשאָלנט, געדאַוונט בצבור. אין ווישאַגראַד איז שוין לאַנג אַלץ געווען אוממעגלעך. שבת, 1 אַזייגער, איז אַרויס אַ באַפעל „ביז 24 שעה זאָלן אַלע יידן פאַרלאָזן טשערווינסק. דעם שבת האָט מען שמחהן אויפגעהאָנגען אַלס חשוד אין שפּיאָנאַזש. אַנטאָשעוויטש, ימח־שמו, האָט זיך פרייוויליק געמאָלדן אים אויפצוהענגען. מיט 15 יאָר שפּעטער האָט ער זיך אַליין אויפגעהאַנגען. כמעט פון אַלע שטעטלעך אין דער געגנט האָט מען אַלע יידן אַרויסגעטריבן קיין וואַרשע, זאַקראָטשימער יידן האָבן אַרויסגעבראַנגט עסן פון כל־טוב, פאַר אַלע אַדורכפאַרנדיקע יידן.

פאַר ראש השנה 1915, ווען דער דייטש האָט שוין געהאָט באַזעצט גאַנץ קאָנגרעס־פּוילן, זענען מיר צוריק געקומען קיין ווישאַגראַד, רואינירטע און צעבראָכענע, געפונען די הייזקעלעך אַרום די טירן־פענצטער אַרויסגעריסן, צערויבט דאָס מעבל, דאָס שטעטל איז געווען באַזעצט פון דייטשער זשאַנדאַרמעריע, די קאָמענדאַטורע איז געווען אין מאַרק ביי קאָלאָדזינסקין, בירגערמייסטער איז געווען אַ קליינטשיקער דייטש, לוץ, גערופן האָט מען אים, יואל קופּל. אַ האַלבע מקווה איז אָפּגעטיילט געוואָרן פאַר אַ „לויז־באָד״ מיט אַ פּאַראַכוווקע, אַרויסגעגומען די מלבושים פון דער פּאַראַכוווקע, זענען זיי געווען קליין. יעדע צוויי וואָכן לויט אַ רייע, האָט יעדער געמוזט גיין אין „באָד״, יעדער האָט באַקומען איינשפּריצן (פּאָדסקורנעס) קעגן טיפוס, ווער עס איז נישט געגאַנגען האָט נישט באַקומען די „לעבנס־קאַרטע״. אויפזעער אין באָד איז געווען משה זלאָטניק און מאָריץ אַקאָוויעץ, ער האָט געלערנט ביי יאַנקאָסקי פעלטשער, נאָכדעם איז ער געווען סטאַרשי פעלטשער אין גאָסטאַנין.

בעלי־מלאכות האָבן נישט געהאַט קיין רוי־מאַטעריאַל צום אַרבעטן. דער אָפיציעלער מסחר איז געווען באַגרענעצט. דער הויפּט־מקור פון אַרבעט איז געווען די בריק, וועלכע מען האָט געבויט איבער דער ברייט פון דער ווייסל, די נויטיקסטע מיטלען צום לעבן זענען נישט געווען. דאַן איז געקומען צו הילף דער דזשאָינט, וועלכער האָט געעפנט אַ קיך אויף אָגראָדאָווע גאַס ביי בלימע־חיהן, נאָכדעם איבערגעפירט ביי לייבל זלאָטניק אין הויז אויף רעמבאָווער גאַס. די בעלי־בתים אין דער קיך זענען געווען, הערשל שווירץ, מענדל פערשט, איכל גערשט, וואָלף זלאָטניק, יאָסקע לעווין, סיני מאיר קראָנענבערג, סיני מרדכי באום, מרדכי מענדל ליכטנשטיין, אַ האַנטווערקער־פאָרשטייער געדענק איך נישט. די דערנערונג איז געווען אַ שוואַכע, ווייל די דייטשן האָבן די פּראָדוקטן געשיקט קיין דייטשלאַנד. עס זענען דעריבער אויסגעבראָכן עפּידעמיעס, אַ הויז ווו אַזאַ קראַנקער האָט זיך געפונען, האָט מען אָפּגעשלאָסן אויף דריי וואָכן, אַ ציטווויליקן שפּיטאָל האָט מען געעפנט אויף פלאָצקער גאַס ביי קאַפּיינסקין. אַזוי איז געגאַנגען ביזן 11.11.1918, ווען די דייטשן האָבן פאַרלאָזט פּוילן.

## אָרגאַניזאַציע, פאָרשטייערשאַפט און רבנים־קאַמף

ווען די דייטשן האָבן פאַרלאָזט פּוילן, איז אַנטשטאַנען אַ זעלבשטענדיק דעמאָקראַטיש פּוילן. אויך יידן האָבן געשיקט זייערע פאַרטרעטער אין סיים און סענאַט. נח פּרילוצקי האָט פיל אויפגעטאָן פאַר די פאָלקס־מאַסן. פאַרטרעטער פון די האַנטווערקער אין סיים איז געווען חיים ראַטנער. ער האָט אויך אין ווישאַגראַד אָרגאַניזירט דעם האַנטווערקער־פאַריין. די ערשטע גרידונגס־פאַרזאַמלונג, איז פאָרגעקומען ביי דער חברה חייטים, אין הויז פון מאיר יענטעס, ווו דריי חברות „חייטים״, „תהילים״ און „הכנסת־כלה״ האָבן זיך פאַראייניקט און צוזאַמען גענומען אַ לאָקאַל פון צוויי צימערן, ביי מלך גמאַך אין הויז. מלך גמאַך, משה ליפּסקער. דוד אַפּלבוים, נפ־

תלי ראַזנפעלד, יעקב דוד אָקאָוויעץ, ברוך דוד וויזנבערג, בנימין רוראַ, ישעיה פרידמאַן, אברהם חיים ליכטנשטיין, שלמה גאָלדמאַן, ישראל גדלי׳ דייטש, יעקב גראָסדאָרף, הירש טובי׳ דייטש, מאָריס (רחבי׳ קאַפקעס איידעם). אַלס פּאַר־שטייער אין קהילה איז געשיקט געוואָרן נפתלי ראָזנפעלד און אין מאַגיסטראַט, לייביש גמאַך. אַזוי איז געגאַנגען ביזן יאָר 1922־23.

אין יאָר 1923, האָט דער דזשאָינט געהאָלפן שאַפן גמילות חסדים־קאַסעס און קאָאָפּעראַטיוון פאַר פּראָדוקטן, וואָס זע־נען געקומען פון אַמעריקע און פאַרקויפט צו ביליקע פּרייזן אין האַנטווערקער־פאַריין.

צוויי פאַרקויפערינס זענען געווען באַשעפטיקט: לאה, שלמה גאָלדמאַנס טאָכטער — און חנה בראַנע, גדליה גמאַכס טאָכטער. אין יאָר 1924־25, ווען ס׳האָט זיך שוין נישט געפילט קיין מאַנגל אין לעבנס־מיטל איז דער קאָאָפּעראַטיוו ליקווידירט געוואָרן.

אין 1923־1924 האָט מען געשיקט אַלס פאַרשטייער אין קהילה, בנימין רוראַ און דוד אַפּלבוים, אַלס פאַרטרעטער ישעי׳ (שייקעלע) פרידמאַן און ברוך דוד וויזנבערג. קודם־כל, האָט זיך בנימין רוראַ אָנגעטון אַ זיידענע קאַפּאָטע (ער איז געווען אַ שיינער בעל־תפילה אין וואַרקער שטיבל) די קינדער געלאָזט וואַקסן פּאהלעך. נתן מאירן געשיקט לערנען אין ישיבה. מילא מיט דעם וואָלט מען נאָך אויסגעהאַלטן, האָט זיך געשאַפן אַ מצב, ווען הרה״ג ר׳ דודל באַרנשטיין האָט פאַרלאָזט ווישאָגראַד און דער מו״ץ ר׳ נפתלי שפּיוואַק האָט אים פאַרטרעטן אין רבנישע אָנגעלעגנהייטן אין דער סטאַראָסטע האָט געשיקט אַן אויפפאָדערונג צו ווילן אָפּי־ציעל אַ רב, ווען נישט וועט ער נאָמינירן אַ קאַזשאָנע ראַ־בינער. דאָס האָט געצווונגען ערנסט זיך גרייטן צו רבנות־וואַלן.

ס׳האָבן זיך געשאַפן צוויי צדדים, חסידים און מתנגדים. דער חסידישער קרייז איז באַשטאַנען פון סוחרים און דער מתנגדישער פון האַנטווערקער. די לעצטע האָבן פאָרגעשלאָגן דעם מו״ץ ר׳ נפתלי שפּיוואַק און מאָטיווירט, אַז 28 יאָר איז ער שוין מורה הוראה, אין דער צייט פון ר׳ משה יחזקאל בידערמאַן זצ״ל און אויך ביי ר׳ דודלען. ער האָט מיטגעמאַכט אַלע שווערע צייטן. אין דער מלחמה ביי די רוסן, מיטגעלעבט מיט אַלע אין דחקות און אין די אינפלאַציע־יאָרן, אַז פון באַשטעטיקן דאָס געהאַלט ביזן אויסצאָלן איז דאָס אַנטווערטעט געוואָרן און ער איז געבליבן מחוסר לחם, אַז פון הונגער זענען אים געשטאָרבן די פרוי מיט צוויי קינ־דער און איצט ווען אַלס רב קען ער שוין האָבן פּרנסה בכבוד איז געקומען זיין צייט, בזכות אַלע ליידן, אים צו ווילן אַלס רב. דער בודזשעט איז במילא נישט בכוח אויסצוהאַלטן אי אַ רב, אי אַ דיין. דער צווייטער צד די „אגודה״ חסידים און סוחרים, האָבן געוואָלט ברענגען דעם ניישטעטער רב. אַ גדול בישראל, פון גערער הויף, אויך די מזרחי האָט אַרויסגע־שטעלט דעם זאַגראָווער רב אַלס איר קאַנדידאַט. דאָס רעכט צו באַשטעטיקן האָבן געהאַט די קהילה־דאָזאָרעס, און דאָ איז געשען אַ פאַל, ווען דער האַנטווערקער־פאַרשטייער בנ־ימין רורא דער פאָרזיצער, איז צוגעשטאַנען צו די אַגודה־דאָזאָרעס, יצחק מאיר קאָהן און לייזער זילבערשטיין און גע־פסלט די קאַנדידאַטור פון מו״ץ ר׳ נפתלי שפּיוואַק.

דוד אַפּלבוים איז געווען זייער ענערגיש און דער פאַריין איז אויך געווען גוט אָרגאַניזירט, — צו אים האָבן אויך געהערט פרייע פּראָפעסיעס, ווי ראָטשטיין דער פעלטשער, די שוחטים און אַנדערע — און מיט דער הילף פון חיים ראַטנער פון צ. ק. איז געפירט געוואָרן אַ קאַמף. דאַן האָט ב. רוראַ דעמיסיאָנירט, נישט וועלנדיק אויספירן די באַ־שלוסן פון פאַריין און אויף זיין אָרט איז אַריין דער ערשטער פאַרטרעטער ר׳ ישעי׳ פרידמאַן (שייקע־שמש) און די קאַנ־דידאַטור פון ר׳ נפתלי שפּיוואַק איז באַשטעטיקט געוואָרן.

קורץ פאַר די וואַלן, האָט דער מזרחי צוריקגעצויגן איר קאַנדידאַט. זענען נאָר געבליבן צוויי קאַנדידאַטן און דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן. די גרויסע אויסגאַבן האָבן אויסגעהאַלטן משה גמאַך, יעקב דוד שיינמאַן, חנן בילגאָריי, יונה גאָרפינקעל, יאָקל זאַוויערוכאַ, זלמן אַגראַדניק. די מש־פּחה ראָזען־קרימקאָפּף, די קינדער פון אסתר־לאהן און אהרון וואָלפיש. גייסטיק האָט דעם מו״ץ ר׳ נפתלין גע־שטיצט ר׳ נתן אהרונס.

ביינאַכט נאָך די וואַלן האָט מען אַנגעזאָגט דעם רב די בשורה, אַז ער איז געוויילט געוואָרן, איז ער אַוועקגעפאַלן אין חלשות, ווען מען האָט אים דערמונטערט, האָט ער דאָס ערשטע געפרעגט אויף נתן אהרונס.

אינעם טאָג פון די וואַלן האָבן די האַנטווערקער געפירט אַ מסירות־נפשדיקע וואַל־קאַמפּאַניע. בעלי־מלאכות האָבן פאַרמאַכט די וואַרשטאַטן און געפירט דעם וואַל־קאַמף און ר׳ נפתלי שפּיוואַק איז מיט זייער שטיצע געוואָרן ווישאָ־גראַדער רב. די שמחה ביי די האַנטווערקער איז געווען גרויס, ממש יום־טוב. מען האָט געטרונקען לחיים. ווער עס האָט אַליין דאָס נישט בייגעוווינט קען זיך אַזאַ שמחה נישט פאָר־שטעלן. מען האָט זיך געגרייט צו דער קרוינונג.

ווי עס פּאַסט פאַר אַ ווישאָגראַדער רב, האָט מען אים געמאַכט אַ לוקסוס־פוטער, אַ שטריימל און אַ שטעקן, סאַ־קאַווע שטיוול מיט געמזענע פּשיסוועס. אַ זכיה איז געווען פאַר יעדן שטעפער צו מאַכן אַ פּאָר שטעך, פאַר אַ שוסטער אַריינקלאַפּן אַ פּאָר שפּאַלן.

די קרוינונג איז פאָרגעקומען מיט גרויס פּאַראַד, מען האָט דעם רב געפירט מיט מוזיק איבער דער גאַנצער שטאָט. אין דער שמחה האָבן זיך אויך באַטייליקט אַ טייל פון צד־שכנגד, וועלכע האָבן שלום געמאַכט מיטן געדאַנק. דער נצחון וואָס ר׳ נפתלי שפּיוואַק איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס רב אין ווישאָגראַד, האָט ער געהאַט צו פאַרדאַנקען די האַנט־ווערקער.

## האַנטווערקער־יוגנט

נאָך אין יאָר 1920 האָבן די יוגנטלעכע האַנטווערקער, ווי יעקב דוד אָקאָוויעץ, אבא מאיר גמאַך, שמואל יוסף ליכטנ־שטיין, עוזר מאיר גאָלדבערג, לייבל קאַפּנהאַגן, עזריאל פּרוי־

סאַק, מאָריס, ברוך דוד וויזנבערג און משה ליפּסקי זיך אָרגאַניזירט און אָנגעפאַנגען פירן אַ מאָדערנע קולטורעלע טעטיקייט. זיי האָבן געברענגט רעפערענטן, אַקטיאָרן און מיט דער הילף פון אייגענע אַרטיסטישע כוחות, געשפּילט נאַציאָנאַלע און היסטאָרישע פּיעסן, ווי בר־כוכבא, חורבן־ירושלים, כאַנטשע אין אַמעריקע. זיי האָבן אָבער מאַטעריעל נישט מצליח געווען. ערשטנס האָט די יוגנט פון די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַריינען געזען אין דעם אַ קאָנקורענץ. האָבן זיי באַיקאָטירט די פאָרשטעלונגען און דער עיקר די עלטערע האַנטווערקער, וועלכע זענען געווען פרומע יידן, זענען בכלל געווען קעגן שפּילן טעאַטער, אַזוי אַז נאָך אַ קורצער צייט, האָט זיך דער קרייז ליקווידירט.

**צווישן צוויי וועלט־מלחמות**

אין 1926, איז דער לאָקאַל פון די בעלי־מלאכות אַריבער אין מאַרק ביי יעקב זילבער אין הויז, דער דזשאָינט איז איבערגעגאַנגען אויף קאָנסטרוקטיווע הילף און ד״ר שולמאַן מיט ד״ר שאַשקעס האָבן זיך פאַראינטערעסירט צו שאַפן אַ ליי־קאַסע, ווו אַ האַנטווערקער אָדער קליינהענדלער זאָל קענען באַקומען אַ הלוואה קעגן קליינע פּראָצענטן. דער סו־חרים־פאַריין האָט נישט אויסגענוצט די געלעגנהייט. אָבער די האַנטווערקער מיט דער הילף פון חיים ראַט־נער פון צ. ק. האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין פאַרשלאַג, האָט מען געשאַפן אַ קאָאָפּעראַטיווע באַנק, דירעקטאָר און בוכהאַלטער איז געווען איכל גערשט, ד״ר ווידאַווסקי, פּרעזעס פון דער פאַרוואַלטונג און פעלטשער ראָטשטיין, פּרעזעס פון ראַט. עס זענען געווען מיטגלידער: משה ליפּסקי, ב. ד. וויזנבערג, ש. י. ליכטנשטיין. איך בין געוויילט געוואָרן אין 1934, אויף וויפל איך געדענק, איז במשך פון דער גאַנצער צייט געווען די פאָלגנדע מענטשן: לייבוש גמאַך, ד״ר ווידאַווסקי, איכל גערשט, ראָטשטיין, חיים טיק, משה ליפּסקי, ש. י. ליכטנ־שטיין, מנחם זילבערשטיין, ב. ד. וויזנבערג, משה שענקמאַן, ישראל הערש ראָטבאַרט, פּיוול מאיר ליכטנשטיין, הענעך קאָהן, ברוך מרדכי סקרשידלאָ, יוסף דימאַנט, נתן לייב דייטש, לייבל פּוטערמאַן, שמעון ראָטבאַרד, לייבל קאַפּנהאַגן.

אין 1937 איז איכל גערשט אַוועק קיין גריצע און אַלס בוכהאַלטער איז באַשטימט געוואָרן יעליען. די באַנק האָט געבאַרגט געלט אויף קליינע פּראָצענטן. איר לאָקאַל איז גע־ווען אין רעמבאָווער גאַס, ביי כיטשעסקין אין הויז, ביז היט־לער ימח שמו האָט אויך די שיינע אינסטיטוציע חרוב גע־מאַכט.

**צעכן**

אין 1928, האָט די פּוילישע רעגירונג צוריק איינגעפירט דעם מיטלאַלטער צעכן־געזעץ. כדי צו קענען פירן אַ זעלב־שטענדיקן וואַרשטאַט, האָט מען געמוזט ביילייגן אַן עקזאַמען. אין איזבאַ זשעמיעשלניטשאַ אין וולאָצלאַוועק, ווו ווישאָגראַד האָט געהערט. דער יידישער פאָרשטייער אין דער „איזבאַ״ איז געווען באַדזאַנאַווסקי. נאָך פיל אינטערווענצן אין סיים מיט חיים ראַטנער בראש, האָט מען געפועלט, אַז די האַנט־ווערקער, וואָס האָבן געפירט אַ וואַרשטאַט פאַר דעם דעק־רעט אין 1928, זאָל אַרויסבאַקומען אַ קאַרטע זשעמיעשלני־טשע אָן עקזאַמענס און מיט אַ פּאַטענט פון דער אַכטער קאַ־טעגאָריע, קאָן ער זיין פּראָדוקציע פאַרקויפן אין גאַנצן פּאַוויאַט.

שווערער איז געווען דאָס פּראָבלעם מיט דער יוגנט, וועלכע האָט פאַר 1928, נישט געאַרבעט זעלבשטענדיק. דאָ איז דער פאַריין געקומען צו הילף. מ׳האָט זיך פאַרבונדן מיט די פּוילישע צעכאָווע מייסטערס און מיט חכמה און „כאַבאַר״ איז געלונגען, אַז קיין איין יידישער בחור איז נישט דורכ־געפאַלן. אַזוי האָט דער פאַריין געזאָרגט, אַז אַ בעל־מלאכה, וואָס האָט זיך אין וואָס געניטיקט, זאָל נישט זיין קיין שטיף־קינד.

במשך פון די אַלע יאָרן זענען געווען פאָרשטייער אין דער קהילה, לייביש גמאַך, נפתלי ראָזנפעלד, ב. רוראָ, ד. אַפּלבוים, ישעי׳ פרידמאַן, ב. ד. וויזנבערג, פּ. קוסטאַס, משה ליפּסקי, י. ג. דייטש, דער לעצטער איז געווען דריי קאַ־דענצן פּרעזעס אין דער קהילה, און ב. גאָלדשטיין.

אין מאַגיסטראַט: ל. גמאַך, הירש טובי׳ דייטש, אבא מאיר גמאַך.

אין 1934, איז דער לאָקאַל אַריבער אין הויז פון שלמה גאָלדמאַן. דער לאָקאַל איז געווען דריי מאָל אַ וואָך אָפן פון 7—10 און אָפּיציעלער סעקרעטאַר איז געווען אברהם וויין, מלך גמאַכס איידעם. שבת און יום־טוב האָט מען געדאַוונט צוזאַמען.

גבאים זענען געווען: שלמה גאָלדמאַן, פּנחס קוסטאַס, אברהם יצחק הומיל. אין דער פאַרוואַלטונג זענען יאָרן געווען: ל. גמאַך מ. גמאַך, ה. ט. דייטש, ישראל גדליה דייטש, א. מ.



וויצע־בורמיסטש לייביש גמאַך (שטייט רעכטס מיטן קינד אויף דער האַנט) מיט זיין משפּחה

גמאַך, לייבל פוטערמאַן, לייבל קאַפּנהאַגן, פ. קוסטאַס, יעקב גראַסדאָרף, משה ליפּסקי, ב. רורא, ש. י. ליכטנשטיין.

מ׳האָט געפירט אַ שטאַרקע און ערנסטע טעטיקייט, די פאַרשטייער פון די אינסטיטוציעס האָבן יעדן חודש איבער־געגעבן באַריכטן פון זייער טעטיקייט פאַר דער פאַרוואַל־טונג. דער קהילה־בודזשעט איז קאָנטראָלירט געוואָרן. אַלע פאַרשטייער איזן אויסערלעכע אינסטיטוציעס האָבן אונטער־געשריבן דעקלאַראַציעס, אַז דער פאַריין האָט צו יעדער צייט רעכט צוריקצוציען זייער מאַנדאַט, ווען ער פירט נישט אויס זייערע באַשלוסן.

די פאַרוואַלטונג האָט אויך געזאָרגט אין סאָציאַלע פאַלן, העלפן אַ קראַנקן, אָדער חתונה מאַכן אַ קינד. אין 1938 האָט שלמה גאָלדמאַן פאַרקויפט זיין הויז און מיר זענען אַריבער אין לאָקאַל פון „צעירי אגודת ישראל״, גע־ווען צוזאַמען מיט זיי, אין שוסטער־גאַס, ביי איטשע דוד בוקי אין הויז.

די לעצטע פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון מלך גמאַך פרעזעס, ב. ל. דייטש, וויצע־פרעזעס, ל. פוטערמאַן, קאַ־סירער. חברים: יעקב גראַסדאָרף און לייבל קאַפּענהאַגן. רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: א. מ. גמאַך און מ. ליפּסקי.

האַנטווערקער אין ווישאַגראַד זענען געווען אַ צייכן פון יידישער פּראָדוקטיווער פעאיקייט און פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ באַזונדערן קלאַס פון שטאָלצע יידן־אַרבעטער, וואָס לייגן יסודות פאַר אַ בעסערער יידישער געזעלשאַפט פון תורה ועבודה.

אויב דעם שרייבער פון די זכרונות איז געלונגען שטעלן אַ מצבה, אַן אָנדענק די ערלעכע אמת ערלעכע ווי־שאַגראַדער בעלי־מלאכות, וועט ער דאָס האַלטן פאַר אַ זכות.

הלוואי וואָלט איך זוכה געווען זיי האָבן דאָ אין יש־ראל, וואָס לעבט־אויף דורך אַרבעט און וועט אויסגעלייזט ווערן מיט תורה ועבודה.

תנצב״ה ווישאַגראַדער בעלי־מלאכות.

אברהם שטשאַפּאַ / פּאַריז

# טייערע יוגנט פעלערן

איך בין געבוירן אין בודזאַנאָוו אין יאָר 1909. בעת דער וועלט מלחמה האָבן מיר זיך באַזעצט אין ווישאַגראַד, דאָרט ווו ביז אין עלטער פון 12 יאָר האָב איך געלערנט אין די חדרים פון ר׳ לייבושן, ר׳ בונים און רבי בנימין. צו 12 יאָר האָט מיין פאָטער עוזר, מיך אָפּגעגעבן צו מיין פעטער אברהם גאָלדבערג דעם סטאָליער אַלס לערן־יונג. איך האָב געבערענגט וואַסער פון טייך, געטון אַלע אַנדערע אַרבעטן, אָבער דאָס פאַך האָב איך געלערנט ביי אַנדערע, ביי טוביה יאַפּאַנציק, און שפּעטער ביי די ברידער ליכטנשטיין.

מיינע חברים זענען געווען מענדל מאיר דערקסלער, אריה גאָלדמאַן און ב. ל. דייטש, ער לעבט אין גבעתיים־ישראל. מיר האָבן ווי אַ געשלאָסענע גרופּע, צוזאַמען פאַר־ברענגט, צוזאַמען געשפּינט אונדזערע יוגנט חלומות, מיר האָבן זיך נאָך דאַן געפירט ווי גאָט און די עלטערן האָבן געבאָטן. שפּעטער בין איך אַריינגעצויגן געוואָרן אין פּראָ־פעסיאָנעלע אַרבעט, אַ געוויסע צייט אויך פערוואַלטונגס מיטגליד אין סטאָלאַר פאַריין, שפּעטער בין איך אַריינגע־צויגן געוואָרן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דער יידישער אַרבעטער יוגנט, די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג האָט געפירט אַ קולטור־טעטיקייט, ווי קעסטל־אָוונטן, אַ ביבליאָטעק וואָס האָט די יוגנט באַוווסטזיניק געמאַכט, עפנטלעכע דיסקוסיעס מיט די ציוניסטישע לידער, דראַמאַטישע קרייזן און ספּעציעל טעאַ־טער, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ. דאָס האָט זיך אויך באַשטעטיקט פון די גאַסטראָלן אין די אַרומיקע שטעטלעך, ווו די טרופּן זענען וואַרעם אויפגענומען געוואָרן. דאָס האָט געהויבן דעם ניוואָ פון אונדזער יוגנט.

## קלאַסן־קאַמף

די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָבן געפירט אַ שטאַרקע טעטיקייט, אין קאַמף קעגן אָפּגעלעבטן סיסטעם פון „זמן״־אַר־



עוזר שטשאַפּע ז״ל מיט זיין פרוי ע״ה

בעט, מיט וועלכן די פּועלים זענען געווען פאַרשקלאַפּט צו זייערע מייסטערס, שפּעטער האָבן מיר געקעמפט פאַר אַ 10־שעהדיקן, נאָך שפּעטער פאַר אַן 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. מיר האָבן געמוזט פירן לאַנגע און שווערע סטרייקן ביז מיר האָבן אונדזערס דערגרייכט, אינם קאַמף פאַר העכערן דעם לוין האָבן מערסטיין באַזיגט דעם האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד פון די מייסטערס, ווען מיר קוקן היינט צוריק צו יענע יאָרן, קומט עס אונדז אויס אַביסל גראָטעסק, געגן וועמען מישטיינס געזאָגט האָבן מיר געקעמפט? די מייסטערס אַליין זענען אויך געווען אָרימעלייט, און נאָך קאָמישער איז, אַז אַ גרויסער טייל שטרייקערס זענען געווען קינדער פון די זעלבע מייסטערס, וועלכע האָבן געקענט די לאַגע פון זייערע עלטערן, האָבן אָבער מיטגעשטרייקט אויס סאָלידאַריטעט צו זייערע קלאַסן חברים.

מיר האָבן געפירט אַגיטאַציע צווישן די פּוילישע אַרבעטער און פויערן, פאַר ענדערן דעם קאַפּיטאַליסטישן רעזשים, דורך קלעבן פּלאַקאַטן, פאַרשפּרייטן פלוג־בלעטלעך, הענגען פענדלעך אויף די טעלעפאָן־דראָטן אד״גל. די פּאָליציי האָט רעאַגירט מיט רדיפות און אַרעסטן, די היימען אונדזערע באַפאַלן ביינאַכט. און עמיצן מיטגענומען מיט זיך, און געלאָזט די עלטערן מיט ווייטיק אין האַרץ, דאָס איז אויך געשען מיט מיינע ברידער לייבל ירוחם און אים צו לאַנגע יאָר יצחק.

אַזוי איז אַנגעגאַנגען אַ ברויזנדיק געזעלשאַפטלעך לעבן אין אונדזער יידישן שטעטל. פון איין זייט די ציוניסטישע גרופּירונגען, וועלכע האָבן געפּרעדיגט פאַר אַ יידישע נאַציאָנאַלע היים אין פּאַלעסטינאַ, פון דער אַנדערער זייט די יידישע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן געפּרעדיגט סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע גלייכהייט פאַר אַלעמען.

דאָס איז אַזוי אַנגעגאַנגען ביז דער אינוואַזיע פון די נאַציסטישע האָרדעס איבער פּוילן, וועלכע האָט אַלץ צעשטערט און חרוב געמאַכט און אַלץ מיטאַמאָל איבערגעהאַקט. די ווילדע האָרדעס האָבן אַרויסגעפירט און פאַרניכטעט כמעט אַלע אונדזערע עלטערן, שוועסטער, ברידער מיט זייערע קינדער, איינצלנע האָבן זיך באַוויזן אַפּראַטעווען פון דעם שרעקלעכן גהינום. היינט איז ווישאָגראָד יידן־ריין, דער איינציקער ייד וועלכער איז דאָרט פאַרבליבן איז אויך געשטאָרבן. ווען איך בין אין 1947, געווען אין ווישאָגראָד האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז איך גיי אויף אַ בית־עולם. אַ בית־עולם פון אַלץ, וואָס איז אונדז טייער ביז היינט און אַ בית־עולם פון טייערע יוגנט־פעלערן.



צוזאַמענטרעף פון ווישאָגראָדער לכבוד אברהם שטאַפּאַ, שטרום און אַנדזיע גמאַך — פון פּאַריז.

**שלמה וויינגאַרט**

# אמשינאוו אין ווישאגראד

אין מיינע קינדערשע זכרונות, דערמאָן איך זיך אין איי־נעם פון די דריי חסידים־שטיבלעך פון ווישאָגראַד — דאָס אַמשינאָווער שטיבל ווו מיין פאָטער ר' משה לייב וויינ־גאַרט האָט געדאַוונט. אין מיין קינדערשן באַגריף־סקאַלע איז דאָס געווען דאָס שענסטע אָרט אין שטעטל, זויבער, גע־פלאַסטערט דער הויף, הינטערן שטיבל אַ גאָרטן פון כל מיני פרוכטן, כאָטש עס איז נישט געווען גרויס איז עס אָבער געווען געמיטלעך אויסגעשטעלט מיט בענק, צווישן די שטיי־נער, דאָס גראָז אַרויסגעריסן, מחמת שבת און יום־טוב זאָלן חסידים נישט טרעטן אויפן גראָז און נישט קומען חס וחלילה צו „תלישה מן המחובר". צווישן די חסידים פון שטיבל (אויף וויפל איך געדענק) האָבן זיך געפונען פאַלגנדיקע מענ־טשן: ר' ירמלה קליש ז"ל, אַ זון פון אַמשינאָווער רבין און שפּעטער — אַליין דער אָפּאָלער רב.

יהודה לייב קראָם, אַ ייד וואָס האָט געלעבט פון תעניתים, שלמה טענענבוים, יענקל לעסער, דער געלער איציק, זיין ברודער יענקל הירשל קאַפּעלושמאַכער און אַנדערע.

ליפּא ווערזבינסקי דער שיינער בעל־תפילה מיט זיינע 2 זין, יוסל און שמואל. אהרון זעליק האָלענדער, דער אייביקער בחור און שטיפער, כאָטש אַלע האָבן אים גערן געהאַט טאָ־מער פלעגט טרעפן ביי עמיצן אַ צעריסענע קאַפּאָטע, פלעגט ער זי צערייסן מער, ליב־האָבן איבערדרייען ביי יענעם דעם טלית פון אונטען איבערן קאָפּ, און אַנדערע שפּיצלעך אָפּטאָן.

אַזוי דערמאָנט זיך מיר אַמשינאָוו און ווישאָגראַד אַ חברה פון „עבדו את ד' ביראה, עבדו את ד' בשמחה". ווי חסידות האָט געקריגן איר ריכטיקן אינהאַלט פון יידישן צו־זאַמענהאַלט אין ליידן און אין פריידן.

**נתן לייב — מאַטיל**

# חדרים, מלמדים, לערער און שולן

מלמדים אין ווישאָגראַד זענען געווען אַ פּראָדוקט פון צופאַל. ישיבה־בחורים האָבן נישט געלערנט, כדי צו ווערן מלמדים, ישיבות האָבן נישט געהאַט קיין פּעדאַגאָגישע פאַ־קולטעטן און נישט אויסגעשולט קיין לערער און מלמדים פאַרן ווייטערן לערנען תורה און יידישקייט. דאָס פאַך איז געווען הפקר. ווער ס'האָט נישט געהאַט קיין אַנדער אַנהאַלט אין לעבן, קיין פאַך און קיין נייגונג צו מסחר איז געוואָרן אַ מלמד.

אָבער עפּעס פון דער נאַטור־סעלעקציע איז דאָ יאָ געווען און ווען מיר איבערבליקן די חדרים מיט די מלמדים גייט דורך פאַר די אויגן אַ גאַלעריע פון איבערגעגעבענע אומ־דערמידלעכע דערציאונגס־טיפּן, וואָס אין זייער איבערגעגע־בנקייט האָבן זיי זיך צוגעאייגנט פּעדאַגאָגישע מעטאָדן און געוואָרן, קאָן מען זאָגן, דער אַדרעס פאַר אַלגעמיינע דער־ציאונג, גערופן דאָן „דרך ארץ" און פאַר יידישער דער־ציאונג און דידאַקטיק, גערופן דאָן „תורה".

ריכטיק, אַז די פּעדאַגאָגישע מעטאָדן האָבן דאָן אַנט־האַלטן אויך צוואַנגס־ און קראַפט־מעטאָדן, אָבער דאָס האָט געהערט צו דער אַלגעמיינער ליניע, אויך אין די „מאָדער־נע" שולן האָבן לערער איינגעפּלאַנצט זייער תורה אין די קינדער דורך קלעפּ און ווי טון און דאָס פאַרקלענערט נישט אויף קיין האָר זייער ווערטיקייט.

ס'זענען דאָך די חדרים געווען דער „בית היוצר" פון יידישקייט און ייד, פון זיי זענען אַרויסגעוואַקסן גרויסע מענטשן פאַרן יידנטום און פאַר דער מענטשהייט, און קליינע יידן, וואָס האָבן ענג זיך געקלאַמערט אין יידנטום, אונטער אַלע באַדינגונגען, ביז „ציון אונדזער היים", און אויב די חדרים האָבן אויסגעטראָגן אויף זיך די פון גורל געשלאָגענע טייערע איבערגעגעבענע אַפּאָסטאָלן פון יידישקייט, וועלן מיר זיי דערמאָנען מיט כבוד און דאַנקבאַרקייט, איינער צו איינעם לזכרון עולם.

**ר' שמואל לייב גילאַרי (קוסטאַס) —**

איז געווען אַ גמרא־מלמד. זייענדיק אַ בקיא וחריף און אַליין געלערנט פאַר זיך, האָט ער אַרויסגעגעבן די בעסטע תלמידים פון שטעטל אין זיין צייט. מ'האָט אים געהאַלטן פאַר אַן אויטאָריטעט אין יידישקייט און פעסטן פּעדאַגאָג, וואָס האָט די גמרא ממש אַריינגעפּאַקט יעדן אין קאָפּ אַריין און אַרויסגעלאָזט סעריעס פון בחורים פול מיט תורה און דרך־ארץ.

ר׳ גאָדל ראָזנבערג —

אַ שיינער, געשטאַלטנער מאַן. אויסער גמרא האָט ער אויך געהאַט אַ נייגונג צו וועלטלעכע קולטור און געלערנט די תלמידים שרייבן רוסיש, כדי זיי זאָלן מיט דער הילף פון פרעמדע אותיות זיין פאַרבונדן מיט דען וועלט און איר קולטור.

חוץ גמרא האָט יעדעס קינד ביי אים געלערנט אויך קריאת התורה.

ער איז געווען אַ גוטער בעל-תפילה און חזן אין שול.

ר׳ הענעך זעמל (דער געלער הענעך)

אַלס יונגערמאַן וואָס האָט אויסגעפּרוּווט אַמעריקע און צוריקגעקומען קיין ווישאָגראָד אין די יאָרן 24-1920, האָט מען געמאַכט אַ קאָלעקטיוו חדר. מען האָט אים געקענט אַלס פּע-דאַגאָג. איז ער געוואָרן מלמד נישט קיין לאַנגע צייט.

ר׳ יעקב שלום —

אים האָט מען אָנפּאַרטרויט נאָר קליינע קינדערלעך.

ער איז געווען אַ גוטער מענטש, ליב געהאַט די קינ-דער, געלאָזט זיי קריכן אויפן קאָפּ, נישט געוואָלט ביי זיי אָוועקרויבן זייער קינדהייט און נישט מחמיר געווען. ער האָט מיט זיי געלערנט פון טראָף ביז חומש מיט רש״י.

ר׳ בונים מלמד —

אַ מזג טוב. געלערנט מיט קינדער פון זיין פריעסטער קינדהייט ביז גמרא אויך פלעגט גיין מיט די קינדער ווי מיט קינדערלעך.

ר׳ לייב יעקב —

אויך געלערנט מיט קינדער ביז גמרא.

ר׳ בנימין יונה —

ער איז געווען אַ גרויסער לערנער, זיך געקאָנט פאַר-הערן מיט אַ סך לערנער אין שטאָט. אַלע האָבן נישט גע-וואַגט אים אָפּגעגעבן זיין אָפּשאַצונג. זיין חדר איז געווען זייער אַ קליינס.

ר׳ משה מלאך

מ׳האָט אים געקענט אַלס ברוך ביומאַנציקס שווער. גע-ווען אַן עלטערער ייד, געלערנט מיט גרויסע בחורים גמרא. קינדער וואָס האָבן געענדיקט די חדרים און נישט געפאָרן אין ישיבות, האָבן ממשיך געווען ביי אים זייער לערע.

ער פלעגט אויך זאָגן אַ שיעור אין שול פאַר יידן, וואָס האָבן ליב געהאַט אַ בלאַט גמרא.

ר׳ משה עלבוים —

מ׳האָט געוווּסט, אַז ער איז אַ ראַדזינער חסיד, טראָגט תכלת אין די ציצית און שטאַמט פון איינע פון די שענסטע משפחות.

אַליין איז ער געווען אַ וואַרשעווער, חתונה געהאַט מיט יענקל שיינבלומס אַ טאָכטער און געקריגן אַ גרויסן נדן. אָבער ווען ער איז אַראָפּ פון זיין שווערס קעסט און גענומען אַליין עפּעס טון איז אים נישט געגאַנגען און זיך גענומען צו מלמדות.

ס׳ערשטע האָט ער גענומען עטלעכע בחורים צום לערנען, זייענדיק אַ גוטער לערנער האָט מען אים באַצאָלט פירפאַכיק, אָבער אַזעלכע פאַרמעגלעכע זענען געווען וויי-ניק, האָט ער געמוזט אַראָפּ פון זיין סטאַנדאַרט און געוואָרן אַ געוויינלעכער מלמד.

ער איז געווען דער גרעסטער גמרא-מלמד אין זיין צייט.

אַ שיינער בעל-תפילה, געדאַוונט אין אַמשינאָווער שטיבל שחריתים און פון מאָל צו מאָל אויך ימים-נוראים אין בית-מדרש.

ר׳ הענעך באָזשניצקי —

בלומע חיהס אידעם, געשמט אַלס גוטער פּעדאַגאָג און אָרגאַניזאַטאָר פון חדר מעטאָדע. אין 1920/21 האָט מען אין שטעטל פּאַראייניקט אַלע חדרים אונטער דער אויפזיכט פון אגודת ישראל און אַריינגעצויגן אין דעם קאָלעקטיוון אָנ-שטאַלט די בעסטע קרעפטן. ער האָט געהאַט די גרעסטע כיתה אין דעם קאָלעקטיוו.

מיט אים האָבן אויך געלערנט דאָרט די מלמדים שמואל לייב גילארי, ר׳ גאָדל און הענעך זעמיל.

ר׳ דוד ווײַנטרויב —

אַ מלמד דרדקי, געלערנט פון חומש מיט רש״י ביז גמרא. ער איז געווען אַ שיינער יונגערמאַן, אַ למדן און אַ גוטער פּעדאַגאָג.

ער איז אויך געווען אַ ראַדזינער חסיד, געדאַוונט שחרי-תים אין בית-מדרש און אַלע האָבן ליב געהאַט זיין שיינעם נוסח און נעימות.

ישראל מאיר און דוד פינקלשטיין —

ער האָט צוגעגרייט תלמידים דעם באַקאַנטן מלמד ר׳ בנימין. זיין איידעם דוד פינקלשטיין האָט אים מיטגע-האָלפן ביי זיין לעבן, נאָך זיין טויט האָט ר׳ דוד אַליין געפירט דאָס חדר און זיין ווייב מרים צביה האָט אים מיטגעהאָלפן.

לייביש בערלינער —

אַ שרעקלעך קורצזיכטיקער. געווען אַ דרדקי מלמד. ער האָט געלערנט עברי מיט אַ ספּעציעלן סיסטעם און ס׳איז געווען באַוווּסט, אַז זיינע תלמידים „קענען עברי״.

**ר׳ שמואל מלמד —**

איינער פון די עלטסטע מלמדים פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ דרדקי־מלמד.

**בנימין שינבוים —**

איבער אים האָט מען געשריבן אַן אַרטיקל אין בוך.

**בנימינס זון יידל שינבוים**

זיין חדר איז געווען אַ מאָדערנס. די שענסטע בעלי־בתים האָבן אים איבערגעגעבן זייערע קינדער. דאָס חדר אַליין איז געווען אַ שיינס, קינדער האָבן זיך אויפגעפירט שיין, שטיל און ציכטיק. דאָ האָבן זיי געלערנט לייענען און שרייבן יידיש און דאָס האָט זייער אַ סך צוגעגעבן צו זייער בילדונגס־געפיל.

יודל איז געווען אַ שיינער יונגערמאַן, אַ בן־תורה, אַ שיינער בעל־תפילה, געדאַוונט מוסף אין וואָרקער שטיבל, עולם האָט ליב געהאַט זיין דאַוונען.

**שלמה יהודה לאַבענצקי —**

אַ יונגערמאַן אַ פערזענלעכקייט, וואָס האָט געזוכט נייע וועגן צו דער יידישער פראַגע, אָבער אין שויס פון דער אַלטער יידישער טראַדיציע, תורה און חדר.

ער האָט צוזאַמען מיט א. מ. קראָנגראָד געשאַפן די צעירי אַגודת ישראל, וואָס האָט געזוכט נייע איניציאַטיוו אין די אַלטע ראַמען, באַנייט דעם גייסט פון דער אגודת ישראל און אויפגעשטעלט אינסטיטוציעס פאַר הילף און דערציאונג אין שטעטל, וואָס האָבן באַווירקט צום גוטן די גאַנצע באַפעלקערונג.

ער איז געווען אַן איידעם אויף קעסט, און זוכנדיק נאָך די קעסט אַן עקזיסטענץ־מיטל האָט ער געעפנט פאַר זיך אַ חדר, ווו ער האָט די קינדער געגעבן יידישע תורה מיט מאָדערנע מעטאָדן. דאָס חדר איז געווען ציכטיק, קינדער האָבן געמוזט אַכט לייגן אויף ריינקייט און עסטעטיק און וויסן, אַז דעם גוף מוז מען אויך אָפּהיטן.

יעדן טאָג איז ער אַרויס מיט די קינדער שפּאַצירן. גע־האַלטן די אויספלוגן אויף פרישער לופט אַלס אַ וויכטיקע



בית־ספר „יבנה"

זאַך ווו די תלמידים האָבן זיך צוגעוווינט צו אָרדענונג, אין באַוועגונג און האַרמאָניע.

שלמה יהודה האָט זיך דערלויבט מאַכן יעדן טאָג ספּאָרט מיט די תלמידים און דערמיט אָנגעזאָגט די נייע עפּאָכע פון ציון, ווו דאָס יידישע פאָלק באַזירט זיך אויף יסודות פון קערפּערלעכע פעיקייטן פון אַרבעט און זעלבשוץ.

זייענדיק אַ שטרענגער אגודיסט האָט זיך שלמה יהודה דערלויבט לערנען זיינע תלמידים העברעישע ליטעראַטור פון קרינסקיס כרעסטאָמאַטיע, אָבער דערביי אָרונטערגעריסן זיין פּאָרטרעט פון שער, „ווייל ער האָט אַ פּרצוף פון אַ גוי". אַזוי האָבן זיינע תלמידים געלערנט אויך לייענען און שרייבן יידיש.

דאָ דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז די צייט האָט אים געקלעקט אויף אַלץ, ווייל אויסער דעם, וואָס ער האָט געהאַט גוואַלדיקע פּעדאַגאָגישע אינטואיציע און געוווּסט דעם סוד פון צייט־פּאַרטיילונג, האָט אים זייער אַ סך אונטערגעהאָלפן זיין פרוי חנה פייגע, וואָס זייענדיק אינטעליגענט, פעיק און באַלעזן, איז זי געווען זיין נאַטירלעכע בייהעלפערין און צוזאַמען מיט אים פאַרווירקלעכט דעם טרוים פון דער נייער דערציערישער סיסטעם פאַר יידישע קינדער פון תורה, ציוניזם, קולטור און קערפּער־פלעגונג.

**איטשע מאיר —**

אַ דרדקי־מלמד, אַן עני ואביון. זיין גאַנץ לעבן געוווינט אויף אַ בוידעם־שטיבל, און די עלטערן, וואָס האָבן מסכים געווען צו שיקן זייערע קינדער צום אים, זענען געווען זייער בכבודיקע.

*

קיין ספּעציעלע תלמוד תורה־מלמדים זענען נישט געווען. עס איז געווען אַ קאָמיטעט פון תלמוד־תורה, וואָס האָט אויסגעהאַלטן אָרעמע קינדער, אָבער די קינדער זענען געווען צעטיילט אין אַלע חדרים, פון א"ב ביז גמרא.

אויסער די חדרים זענען געווען די פאָלגנדיקע שולן:

1. בית־ספר יבנה, וואָס איז געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון מזרחי און געווען די איינציקע לערן־אינסטיטוציע, ווו מ'האָט געלערנט עברית בעברית, געהאַט די בעסטע לערער ווי הער חלב פון פלאָנסק, ניסנבוים פון בריסק און אַנדערע.

אויספירלעך וועגן דער שולע האָבן שוין געשריבן די חברים פסח מעלניק און חנוך לעווין.

2. חדר יסודי התורה. — דאָס איז געווען נישט סתם קיין חדר, טראָץ זיין נאָמען איז עס געווען אַ שולע פון לימודי קודש וחול, אָנגעפירט פון דער אגודת ישראל און געהאַט די בעסטע מלמדים און גוטע תלמידים.

3. בית יעקב־שולע. — אַן אַנשטאַלט פאַר מיידלעך. בלויז די וויכטיקייט פון דער שולע, וואָס דורך איר זענען אַריינגעצויגן געוואָרן די יידישע טעכטער אין אַן אייגענער פּעדאַגאָגישער ראַם, מיט מאָדערנע מעטאָדן פון לערנען און געלערנט שרייבן און לייענען ווי אויך געקריגן אַ צוטריט צו דער יידישער פּראָבלעמאַטיק און דאָס אָרט פון דער יידישער טאָכטער אין דער נייער יידישער געזעלשאַפט.

פון דער שולע האָט זיך אַנטוויקלט דער בתיה־פאַרבאַנד און געשאַפן בנות אגודת ישראל, אַ מין יוגנט־אָרגאַניזאַציע פאַר טעכטער, וואָס האָט געזאָרגט פאַר אינהאַלט און טעטיקייט, געשפּילט טעאַטער, געטריבן ספּאָרט און שפּיל און געזאָרגט פאַר געזעלשאַפט.

**לערערס**

יוקל געזונטהייט, ר' ליפּאַ וויעזשבינסקיס איידעם, אַ ריכטיקער „מורה", געלערנט עברית מיט קינדער פּריוואַט, געקריגן גוט באַצאָלט און געווען אָפּגעשאַצט מיט זיינע פאָלגן.

מאיר קרוק (מאיר לערער, געלייגט דעם טראָפּ אויף שרייבן און לייענען. אַלע ווישאַגראַדער, וואָס קענען שרייבן האָבן דאָס אים צו פאַרדאַנקען.

האָלצמאַן פון פּלאָצק. אַ לערער, וואָס האָט געלערנט מיט זיינע תלמידים עברית און זיי צוגעגרייט קיין ארץ־ישראל.

*

ווען מיר קוקן אויף צוריק, זעט זיך פון די לערן־אַנשטאַלטן אַרויס דער דראַנג פון שטעטל צום ספר און די עלנטקייט פון די ווישאַגראַדער קולטור־טרעגער און פון ביידע אַנטפּלעקט זיך אַ בילד פון אַ פאָלק, וואָס קלאַמערט זיך אין זיינע געהייליקטע ווערטן ווען נייע גייסטיקע ווירבלען שוין אויף דער יידישער גאַס און די סינטעזע געפינט זיך. זי געפינט זיך אַ דאַנק דעם הייפל יידישע גייסט־זוכער פון די ווישאַגראַדער טיפע עסקנים, אָבער דער יסוד פון ווישאַגראַדער קולטור־איינהייט איז געווען דער מלמד, וואָס האָט זיין גורל פאַרבונדן מיט יידישער קולטור, זיך מוסר נפש געווען פאַר איר, אַריינגעלייגט זיין גאַנצן גייסט און כוח אין קאַמף מיט די ברויזנדיקע יונגען און זייער אָפּט פאַרגעסן די פּרנסה אין קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ פון דער תורה.

פאַרשידנס האָט מען געזאָגט אויף יידישע מלמדים און נישט שטענדיק צום גוטן. איין זאַך האָט מען פאַרגעסן, אַז דער יידישער מלמד האָט געוווּסט דחקות, נויט און ביטול און אויב ער האָט אין די באַדינגונגען אויסגעלעבט זיך מיט זיינע תלמידים אין אַ וועלט פון אַ קולטור־רייכער פאַרגאַנגענהייט און לויט איר צוגעגרייט אַ יידישע קולטור־צוקונפט, האָט ער די רעכט פאַרעכנט צו ווערן אין דער גאַלעריע פון גייסטיקע מאַרטירער און וואָרט־טרעגער פאַרן יידישן פאָלק. אַלנפאַלס ווישאַגראַד געדענקט זיי צום גוטן.

געיב (גבריאל) ליכטנשטיין

# קולטור־פאַרהעלטענישן אין ווישאגראד 1906

(איבערדערציילט פון דוד ליפמאַן)



אין 1903—1906 האָבן די בחורים אין ווישאַגראַד זיך געשאַפן אַ שטוב־ביבליאָטעק און גערייענט־געשלונגען די ביכער.

די עלטערע שיכטן זענען נישט געווען צופרידן דער־פון זיי האָבן די יידישע ביכלעך גערופן טרף־פסול און נישט געוואָלט, אַז „ביכלעך" זאָלן דערוויטערן זייערע קינדער פון ספרים שווער־וויכטיקע און ערנסטע, און נישט געוואָלט, אַז יידיש זאָל זיי אָוועקשלעפן פון לשון קודש.

דער איינקויפער פון די ביכער איז געווען יוסקה לוין ע"ה. ער פלעגט פאָרן יעדע וואָך קיין וואַרשע איינקויפן סחורות פאַר די קרעמער פון שטעטל האָט ער שוין איינ־געקויפט די ביכער פאַר דער ביבליאָטעק.

קיין קלוב פאַר דער ביבליאָטעק און פאַר די לייענער איז נישט געווען, האָט יעדע פאַר וואָכן געהאַלטן אַן אַנדער בחור די ביבליאָטעק ביי זיך און האָט זיי אַרויסגעטיילט די לייענער.

דאָס געלט צום קויפן ביכער איז געקומען פון די פאַר גראָשן, וואָס יעדער האָט באַצאָלט ביים נעמען אַ בוך צום לייענען.

איינער פון די אבאָנאַמענטן פון די ביכער איז געווען יעקב בידערמאַן דעם רבס איניקל. איינמאָל האָט אים זיי־נער אַ קרוב אַן ערנסט רעליגיעזער ייד געכאַפּט לייענען אַ יידיש ביכל, האָט ער אים דאָס אויסגעכאַפּט פון האַנט גע־נומען בלעטערן די קליינע בלעטלעך, קלענער ווי די גמרא און צוביסלעך געוואָרפן אַ בליק דאָ און דאָרט, אָנגעכמורעט די ברעמען און אים גענומען אויפן צימבל:

— פון וואַנען, תכשיטל, נעמסטו אַזעלכע ביכער?

דאָס איז געווען געדענק איך, איינע פון ברוך שפּינאָזאַס ווערק, סיי דער מחבר און סיי דאָס ווערק זענען דאַן געווען פאַרוּוערט און „געפערלעך" אַפילו ביי פשוטע יידן.

יענקעלע האָט אים דערציילט דעם אמת, אַז גבריאל דער רעמבאָוויאַק זון גיט ארויס אַזעלכע ביכער און אַנדערע און ווער ס'וויל קומט און נעמט און לייענט.

דער ייד ז"ל האָט געהערט און ווייטער געפרעגט:

— און פון וואַנען נעמט ער געלט צו קויפן ביכער? דאָס קאָסט דאָך געלט.

— יעדער בחור מוז אָפּצאָלן אַ געוויסע סומע און פון דעם געלט קויפט מען — האָט יענקעלע געענטפערט.

דער ייד האָט זיך געגעבן אַ פאַרטראַכט אַ ווײַלע, אַריינ־געשטעקט לאַנגזאַם מיט עמקות די האַנט אין טאַש, אַרויסגע־נומען אַ רובל און געזאָגט יעקבן:

— גיי גיב דאָס געלט גבריאלן און זאָג ער זאָל מיר צו־שיקן...

דאָ איז געקומען אויסגערעכנט די ביכער, וועלכע דער ייד האָט באַשטעלט מ'זאָל זיי אים צושיקן...

ס'איז נישט וויכטיק די רשימה, וויכטיק איז דער פאַקט פאַר זיך אַליין, אַז דער באַקאַנטער ייד אַליין זאָל לייענען יידישע ביכער. כ'מיין, אַז די שטאָט וואָלט נישט געגלויבט דערויף און ווער וויסט... אפשר אים גאָר אַנדערש, דווקא אַנ־דערש אָפּגעשאַצט.

**יוסף קוואַשני** (מאָנטעווידעאָ)

# א שטעטל פון ארבעטער און קליינהענדלער

לאַנגע יאָרן האָט דאָס שטעטל ווישאָגראָד געלעבט שטיל, באַשיידן. הענדלער זײַנען געזעסן אין די קלייטן, אויפן מאַרק, און אויסגעקוקט אויף אַ קונה. אַרבעטער האָבן אויסגעהאָרע־וועט שווער דאָס שטיקל בידנע ברויט. און ווען די אַרבעט האָט נישט געגעבן גענוג חיונה, האָבן די בעלי־מלאכות זומער־צייט געהאַנדלט מיט סעדער, געוואָרן סאַדאָווניקעס, געדונגען



סעדער, פאַרקויפט די פרוכט, כדי האָבן מיט וואָס דורכצוקומען דעם ווינטער, ווייל פון דער אַרבעט אַליין איז נישט געווען גענוג פרנסה. דערצו האָט מען צומאָל געדאַרפט באַזאָרגן אַ נדן פאַר אַ טאָכטער.

די יוגנט האָט זיך געריסן צו דער גרויסער וועלט. אַז מען איז געווען אין שטעטל האָט מען מיטגעמאַכט אַלע ציטערן און קאָנוווּלסיעס צו טעטיקייט און צו אידעען.

איך בין געווען אַ סטאָליער און אַ מיטגליד אין פּראָפּע־יאָנעלן פאַריין, און דורך אים — אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין פּאָליטישער טעטיקייט. אָט איז דאָס יאָר 1928. עס רודערט זיך אַרום די סיים־וואַלן. איך, אַלס יוגנטלעכער, באַגלייט אַן עלטערן חבר ביים פאַרשפּרייטן פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פּויערים אין די נאָענטע דערפער. מיר גייען קיין אַרשימאָוואָ, אַ דאָרף, 6 קילאָמעטער פון ווישאָגראָד. ס'איז מנחם קאָהן. מיר טראָגן צווישן פּעקלעך "ליטעראַטור". ס'איז אָנהייב מערץ, אַ פראָסטיקער טאָג. עס הייבט אָן פאַלן אַ שניי. דער וועג איז אַ שווערער. מנחם, דער אויסגעצערטלטער יונ־גערמאַן, האָט געמוזט אויסטאָן די קאַלאָשן, מיט וועלכע מען קען נישט שפּאַנען איבער דאָרפישע וועגן און שנייען, כדי אויספּילן די שליחות, אין נאָמען פון דעם, וואָס ער האָט גע־האַלטן פאַר זיין אידעע. נאָך דעם דאָזיקן "שפּאַציר" איז ער טאַקע געלעגן עטלעכע וואָכן קראַנק צו בעט.

אַ טייערע יוגנט, טייערע יאָטן, גאָלדענע יידישע יונגע־לייט, מיט גוטע כוונות, כדי אויסקעמפן אַ בעסערע וועלט און אַ בעסער לעבן פאַר דער מענטשהייט, און צווישן איר — פאַרן יידישן פאָלק, וואָס האָט אָבער אַזוי ביטער אַנטוישט.

ווען פוילן איז אָקופּירט געוואָרן דורך נאַצי־דייטשלאַנד און ס'איז געענדערט געוואָרן די מאַפּע פון לאַנד, האָט אַ טייל יוגנט זיך אַריבערגעשמוגלט אויף דער סאָוויעטישער זייט. אַ טייל האָט זיך צוריקגעקערט, ווייל די באַדינגונגען זײַנען דאָרט געווען שווערע אין אָנהייב פון דער מלחמה, צוליב דער גרויסער פּליטים־כוואַליע. דאָס לעבן אין אַזעלכע שטעט ווי לעמבערג און ביאַליסטאָק איז געווען אומדערטרעגלעך, אי־בערהויפּט צוליב סטאַלינישן טעראָר. טייל יונגעלייט פון אונדזער שטעטל זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן אין די לאַגערן, אָדער אויף אַנדערע אופנים, צווישן זיי: זלמן בילגאָריי, אברהם באָום, חיים און וועלוול בילגאָריי, יאָסל קאָהען, מאיר גראָס־מאַן, די פרוי און קינד פון וועלוול בילגאָריי און צענדליקער אַנדערע.

ווישאָגראָד האָב איך געהאַט פאַרלאָזן אין יאָר 1936 צוליב עקאָנאָמישע סיבות. איך פלעג אָבער קומען צו גאַסט פון צייט צו צייט. איך האָב דאָרט איבערגעלאָזט אַ קראַנקן טאַטן, אַ יינגערן ברודער, צוויי חתונה־געהאַט שוועסטער. זייערע מענער זײַנען געווען אַרבעטער.

מיין מוטער, פייגע מירל, איז געווען אַן אָקושערקע. גע־ווען זייער פּאָפּולער אין שטעטל מיט איר מוטערלעכער באַ־ציונג צו מענטשן, אַנטקעגנקומענדיק יעדן איינעם, וואָס האָט זיך צו איר געווענדט. זי איז אויך געווען באַקאַנט ביי דער אַרומיקער דאָרפישער באַפעלקערונג.

מיין פאָטער, אברהם, אַ קראַנקער, איז געטריבן געוואָרן אין מערץ 1941, צוזאַמען מיט נאָך 700 יידן פון ווישאָגראָד קיין סלופּיע נאָווע. אויפן וועג האָבן די דייטשן אים דערהרגעט. איין שוועסטער רוזשקע (רייזל), אויך אַן אָקושערקע, האָט געוווינט אין סלאָנים, זי איז אומגעבראַכט געוואָרן אין דאָר־טיקן געטאָ, צווישן די לעצטע קרבנות, אין סעפּטעמבער 1943.

פון אונדזער גאַנצער פאַרצווייגטער משפחה (קוואַשני־גמאַך), וואָס האָט געציילט אַרום 200 נפשות, זײַנען לעבן געבליבן בלויז פינף. די דאָזיקע געציילטע זײַנען היינט צע־זייט אין פאַרשידענע לענדער. נאָך נישט געפונען דעם ריכ־טיקן מקום־מנוחה.



זיצן: יאָסקע לעווין מיט דער פרוי
שטייען: מנחם כהן מיט זיין פרוי



הערשל שניידער



פייוול ליכטנשטיין



קיילע ליכטנשטיין

הירש גראָסמאַן

# אַ שטעטל צום געדענקען

אַ שטעטל ביים ברעג פון דער ווייסל מיט הויכע בערג און טיפע טאָלן, וואָס מ׳האָט גערופן סטעגענעס.

ס׳איז געווען אַן אָרט פון גאָט־געבענטשט מיט אַלע שיינקייטן, וואָס די נאַטור האָט נאָר פאַרטראַכט.

דער ווישאָגראָדער האָריזאָנט האָט געשאַפן אַ שטאַרקן פאַרבן־שפּיל פון פרישע גרינע געוויקסן, טיף בלויע הימלען מיט אַ דורכזיכטיקע לופט, וואָס האָט געהויכט מיט פרישקייט. ווען דאָס אַלץ האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן אין די געפלאָכטענע קרומליניען ראַמען פון די בערג־ און טאָל־קאַנטורן האָבן זיך געשאַפן אַ בילד נישט צום פאַרגעסן.

ווען עס פלעגט קומען דער פרילינג האָט זיך די יוגנט געלאָזט שפּאַצירן אירע שבת־שפּאַצירן און געניסן פון דער פרישער פרילינג לופט, ביים ברעג פון דעם טייך.

אַהער פלעגן קומען אויך עלטערע, ערנסטע יידן, כדי זיך אָפּצובאָדן אין די מים חיים פון דער ווייסל, דורכשווימען זיך און אַרויס פון וואַסער זיך אויסשפּרייטן אויף דער זון, אויפן הייסן זאַמט אונטער דער לאַגאָדנער זון און אָפּלאָזן זיך פון יעדע זאָרג, פון דאגת הפרט און דאגת הכלל.

אין די הייסע פרייטיקן פלעג אער קומען אויך שמואל לייב מלמד, אַ מענטש שוין אַן עלטערער, אָבער אַ גוטער שווימער. מיטן שווימען האָט ער זיך צעשטרויט אַביסל, נאָך דער שווערער וואָך פון אָנקנעלן שווער מיט די קינדער אין חדר און אָננעמען פרישע כוחות פאַר דער קינפּטיקער וואָך.

אין די אָוונטן פלעגן מענטשן פון שטעטל פאַרברענגען. די יוגנט אין זייערע אָרגאַניזאַציעס און די עלטערע צווישן זיך, צווישן אייגענע און אויך ביי אַריינכאַפּן אַ בלעטל פון די הייליקע ספרים.

טייל יוגנט גייט אין ביבליאָטעק לייענען, לערנען אין בית המדרש, טייל פלעגן זיך צעגיין פאַרלעכווייז שפּאַצירן אין דער רעמבאָוער גאַס און אויסחלומען זיך אַן אייגן זעלבשטענדיק לעבן און צוקונפט.

סוחרים האָבן גערעט וועגן מסחר, פּאַדאַטקעס וועקסלען און צרות, בעלי מלאכות וועגן זייערע פאַכן.

אַ טייל יוגנט, ווי אויך עלטערע מענטשן זענען זיך צוזאַמענגעקומען ביי שמעון זלאָטניק אין שענק וואָס אין מאַרק־גאַס, געשפּילט אַ דאָמינאָ און צוגעזיפּט אַ גלעזל ביר.

אין דעם שענק פלעגט אויך אַריינקומען זלמן אָגראָדניק, דער באַוווּסטער לץ פון ווישאָגראָד. ער איז שוין אַ גאַנץ אַלטער מענטש, אָבער זיין קוואַל פון הומאָר איז געווען אַן אונערשעפּליכער. ס׳פלעגט זיך אָפּט פאַרבאַלטן אין זיינע וויצן אַ טיפע פילאָזאָפיע און זיין פאַרצווייפלונג און צווייפלונג האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין אַ טיפן וויץ אָדער לצנות.

ער האָט אַמאָל אין אַ פינצטערער נאַכט זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ ליכט אין האַנט אינמיטן גאַס און מענטשן האָבן אים געפרעגט:

ר׳ זלמן וואָס זוכט איר?

האָט ער געענטפערט:

איך זוך דאָס וואָס מ׳קען נישט געפינען.

ער איז אַוועק. מענטשן האָבן זיך צעלאַכט אָבער ווער ס׳האָט זיך דערמאָנט אין אַן ענליכער זאַך אין דער ליטעראַטור האָט געקענט אים פאַרשטיין צום טיפן. הגם מ׳האָט אים אויך געקאָנט דערמיט אויסטייטשן צום לצנות. ווייל מיר אַלע זוכן אָפּט און אפשר דאָס גאַנצע לעבן, דאָס, וואָס מיר ווילן, אָבער קענען נישט געפונען.

ווישאָגראָד איז געווען היימליך און גוטמוטיק, מיט אַ סך האַרציקע יידן. מיט מער יידן ווי גויים.

מענטשן האָבן געאַרבעט, קינדער האָבן זיך געלערנט, יוגנט האָט פאַרבראַכט, געטרוימט, געווירקט, געשאַפן, ס׳איז געווען דראַמאַטישע קרייזן, וואָס האָבן אויסגעפירט ערנסטע פּיעסן פון שלום־עליכם, מאַקסים גאָרקי, אַנסקי און אַנדערע, און מיט דעם שפּילן אויסגעדריקט זיך און דאָס יידישע פאָלק, מיט זיינע אַלגעמיין מענטשלעכע פּראָבלעמען און ספּעציעל יידישע קאָמפּליקאַציעס.

קיין ספּעציעלע טעאַטער־געביידע איז נישט געווען, נאָר ס׳איז געווען אַ רעמיזע פון די שטעטישע פייער־לעשער, וואָס האָט אַריינגענומען פון 2 ביז דריי הונדערט מענטשן און זי איז תמיד געווען איבערפילט.

ווישאָגראָד איז געווען אַ פּייזאַזש־רייך שטעטל, מיט אַ ברויזנדע יוגנט און אַרבעטזאַמע עלטערן, מיט אַ דראַנג צו אַ געזונט נאַטירלעך לעבן.

אַ שטעטל וואָס בלייבט איבער אין זכרון.

גיטל כהן־דקלבוים

# זכרונות פון מיין היימשטעטל

שוין 25 יאָר ווי איך האָב פאַרלאָזט ווישאָגראָד, יאָרן זענען אָפּגעלאָפן, אָבער פריש זענען אין מיין מוח די זכרונות, ווי איך וואָלט זיי אָקאָרשט איצט, פונדאָסניי דורכגעלעבט. ערשטנס, אונדזער קליין הילצערן שטיבעלע, ווי דורך דעם קליינעם פענצטער האָט די גרויסע מעכטיקע זון קיין שליטה נישט געהאַט אַריינצודרינגען איר וואַרעמקייט, און אָט דורך דעם פענצטערל האָב איך געזעטיקט מיינע אויגן מיטן ביסל גרינס פון דער פאָרווע. עס קלינגען מיר אין די אויערן די זיסע טענער בעת דער ווישאָגראָדער וויצע בירגערמייסטער ר׳ אברהם יוסף רייכמאַן האָט מעביר געווען די סדרה אין די שבתים, און די טענער, וועלכע האָבן זיך דורכגעריסן פון שוסטער געסל איבער דער פאַרווע גלייך אין אונדזער פענצטער אַריין, און פלוצעם פיל איך ווי דער זיסער נגון ווערט איבערגעריסן דורך די דייטשע בעסטיעס.

קיין פריידיקע מינוט האָט אונדזער שטוב נישט געוווּסט, שוין אין מיין קינדהייט, האָט דער גרויזאַמער טויט אַוועקגענומען אונדזער יונגע מוטער ע״ה, טרייסט האָב איך געפונען אין שולע, די לערער, דער דראַנג נאָך וויסן האָט דאָך געהאָלפן פאַרגעסן מיין טרויעריקע היים, אַן אומעט פלעגט וואַרפן אויף מיר די קאַלטע שטוב און די פראָסטיקע ווינטער־נעכט, ווען ביי אַ קליין נאַפט־לעמפל פלעגט מיין פאָטער ע״ה זיצן און לערנען אין זיינע הייליקע ספרים.

ווען ביי אַ קליין נאַפט־לעמפל — (see above)

ווענדיק אַנטלויפן פון דער טרויעריקער ווירקלעכקייט, פלעג איך נאָר לייענען ביכער און מיט זייער הילף זיך איבערטראָגן אין אַ וועלט אַ שענערע אַ בעסערע אַ פריילעכערע, געהאַלטן האָט עס נאָר אינם מאָמענט פון טרוים און וויזיע פונם לעזן, — אַ רגע שפּעטער האָב איך זיך געטראָפן קוקן אויף די בלומען, וואָס האָבן באַצירט די פראָסטיקע שויב פון אונדזער קליין פענצטערל, און פלעג אויפציטערן פון יעדן שאָרך אינדרויסן, דער פחד פאַר אַ שקצישן שטיין אָדער ענדעקישן אָנפאַל האָט מיין רו אין די נעכט צוגערויבט.

איך דערמאָן זיך ווי פריידיק איך האָב אויפגענומען די ערשטע נעכט ווען די גאַסן זענען באַלויכטן געוואָרן דורך די עלעקטראָווניע פון ה׳ ליפּא וויערזבינסקי ע״ה. ווישאָגראָד האָט מיר אין די דאַמאָלסדיגע באַגריפן אויסגעזען ווי די שענסטע שטאָט אין דער וועלט. ביי יענער צייט האָב איך נאָך קיין שענערע נישט געזען. איך האָב זער ליב געהאַט מיין געבוירן שטעטעלע מיט אירע אַלע איינוווינער, וועלכע זענען מיר געווען נאָענט ווי איין משפּחה, די פרייד איז געווען אַן אַלגעמיינע ווי אויך דער טרויער.

איינגעקריצט אין מיין זכרון האָט זיך דאָס פאָלגנדיקע בילד: שיינע האַרבסטיקע טעג אין פּוילן. ראש־השנה. די זון וואַרעמט אַזוי שיין, אַלע געוועלבן געשלאָסן. דעם הייליגן יום־טוב פילט מען אין די גאַסן. איך מיט מיינע שוועסטער און חברטעס שטייען יום־טוב׳דיק אָנגעטון, און ס׳קומט אָן דער ה׳ ליפּא וויערזבינסקי, שיין יידיש געקליידעט, און מיט זיין הדרת פּנים האָט ער אַלע באַצויבערט און געוועקט צו זיך גרויס כבוד. ביי ביידע זייטן באַגלייטן אים זיינע 4 זין, ער גייט יעצט אין שול אַריין מהנה זיין די מתנגדים מיט זיין שיין דאַוונען, מיט דער באַגלייטונג פון זיינע 4 זין, ליידער זענען פון זיי אויך נאָר זכרונות געבליבן.

מיין טרויעריקע יוגנט האָט אויך אַ צווייטן שווערן קלאַפּ באַקומען, מיין טייערער פאָטער (ר׳ לייבל כהן) דער ערליכער בעשיידענער תלמיד־חכם איז נפטר געוואָרן. מיר, די 8 שוועסטער זענען יעצט דאָפּלט פעריתום׳ט געוואָרן, מיין היים איז צעשטערט, איך פערלאָז ווישאָגראָד און אַרבעט אין וואַרשע, אָבער ווי גערן פלעג איך אויף יעדן יום־טוב קומען צוריק אין מיין אָרעמער היים, דאָרט ווו מיר אַלע שוועסטער האָבן זיך צונויפגעקליבן, ווי פריידיק האָב איך באַגעגנט די ברעגעס פון דער ווייסל ביי ווישאָגראָד צופאָרענדיג מיטן סטאַטעק. די אויגן מיינע האָבן זיך פערטערערט ביים אָנבליק פון אַקעגנאיבערדיקן שלאָס־באַרג. די ריבאַקעס, די שול, ווו מיין מוטער ע״ה האָט געדאַוונט, דערנאָך די היימישע געסלעך דאָרט ווו איך האָב פערברענגט די געציילטע גוטע מינוטן מיט מיינע יוגנט חברטעס, און אָט איז געקומען דאָס טרויעריקע יאָר 1939 און האָט געגעבן דעם לעצטן קלאַפּ, וועלכער האָט מיך שוין אויף אייביק צעשיידט פון מיין באַליבט שטעטעלע ווישאָגראָד. מער האָב איך מיין שטוב ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן נישט געזען.

מיינע שוועסטער און ברידער אַזוי יונג פאַרשניטענע לעבנס דורך די דייטשע תליינים, האָב איך מער נישט געזען. (אַ חוץ מיין איינציק לעבן־געבליבענע שוועסטער אסתר־לאה זאָל געזונט זיין), אָבער פאַרגעסן מיין שטעטעלע ווישאָגראָד וועל איך קיינמאָל נישט, ווי אויך זייער צוואה, נישט פאַרגעסן. די אַכזריות פון די דייטשן וועט אייביק זיין איינגעקריצט אין מיין האַרצן. היינט נאָך 25 יאָר זיין צעשיידט מיט יענע קאַלטע נעכט אין מיין ווישאָגראָדער שטוב, אין וועלכער איך האָב געחלומט וועגן אַ שענערער וועלט, היינט איז מיין חלום מקויים געוואָרן. איך וווין היינט אין אַ הילצערנע שטוב, אָבער אין מיין אייגענער, מיט מיין מאַן און טייערע קינדערלעך זאָלן געזונט זיין. זיי בעקומען אַ יידישע ערציונג. וואַרעם, ליכטיג און פריילעך איז אין מיין היים. נישט מער קיין פחד אין די נעכט, מער קיין פראָסט אויף די פענצטער, די שיינע נאַטור אַרום מיין שטוב פילט אָן מיין האַרץ מיט פרייד, ווייל איך בין מיט מיין משפּחה אין אונדזער אייגן יידישן לאַנד, אין ארץ־ישראל.

**בעלאַ זאַוויערוכאַ־גוטמאַן**

# ס'געדענקט זיך

איך זע דיך אין דיין גאַנצע גרייס און פאַרביקייט פון מיינע יינגסטע יאָרן.

אָט, זע איך דיך לענג אויס, ביי דער ווייסל, צו וועלכע מיר קוקן אַראָפּ פון אונדזער בארג שטאָט. דער באַרג ארויף פון דער ווייסל מיטן לאַנגן־וועגס פירט אונדז אַריין אין אַ פיר־עקיקן מאַרק. פון אים ציען זיך אין אַלע זייטן גאַסן און געסלעך. אָבער פאַר מיר איז אַלעס דאָ אַנדערש, אייגענער, שענער, פריילעכער, ליבער, די הייזער און הייזקעס מיט געוועלבער, און געוועלבלעך און קעלערס, די סוחרים און סוחרטעס. איך זע יעדן בעקער און זיין משפחה, יעדן בעל מלאכה, יעדן הענדלער און דאָרפס גייער, יעדן סאַדאָווניק, יעדן וואַסער טרעגער, אַלע קהל־מענטשן און „שיינע־יידן".

אַלע, אַלע זענט איר געווען כשרע, ערלעכע מענטשן... „שבת־יומטובדיקע יידן" נשמה יתרהדיקע.

ברייט איז די ווייסל ביי אונדז צוזאַמען פליסט זי מיט דער בזוראַ.

רוישיק פליסט זי דורך און שלעפּט מיט זיך מיט, יעדעס מאָל, שטיקער בערג פון שטעטל און פון שלאָס־באַרג, וואָס שטייט זיך גאָר ייחוסדיק באַזונדער און וועגן וועלכן מיר ווייסן אַזוי פיל מעשה'לעך און אַזוי פיל טרוימען...

דער שלאָס־באַרג איז זער הויך און מיר קוקן צו אים אַרויף זעען מיר אַלץ מער דעם פאַרכישופטן שלאָס פון קייסער קאַזשימיעזש דעם גרויסן מיט זיין און אונדזער אסתרקע.

פון שלאָס איז שוין לאַנג קיין שפּאָר נישט געבליבן, אָבער אונדז איז אַזוי גוט צו וועבן ווייטער די לעגענדעס, ווייל יעדער האָט ליב דאָס לעגענדאַרע, דאָס נישט־דאָיקע.

ווינטער, שטייט די ווייסל געשלאָסן פון פראָסט און שטיל וואַרט זי, אַז מיר זאָלן זי באַוווּנדערן ווען זי צעבושעוועט זיך אין פרילינג, ווען שטיקער אייז הייבן זיך אָן צו רירן וואָס אַ מאָל שטאַרקער, רוישיקער, הילכיקער און אין גאַנג רייסט זי מיטביימער, בערג, בריקן און הייזקעס.

פון דער ווייסל, באַרג אַרויף, קען מען אויך גיין אין שוסטער גאָס, אַזוי נאָענט צו מיין מומע הענדל, פעטער שיע און מיינע קוזינען משה און ישראל.

דאָס געסל ציט זיך ביז דער רעמבאָווער גאָס, פאַרענדיקט זיך מיט אַ שורה האָלצענע־רויט־געשמירטע יאַטקעס, וועלכע גרענעצן זיך מיט טיפע גרויסע פארוועס, וואָס ציען זיך איבער דער גאַנצער ברייט פון שטאָט, ווייט אַוועק צו דער ווייסל אין איין זייט און נאָך פיל ווייטער פון דער צווייטער זייט, העט צו די „סטעגענעס". דאָס פרעכטיקע שפּאַציר־אָרט, וואָס שלענגלט זיך, בערגיק, לענג־אויס דער ווייסל.

צוליב די טיפע גרויסע פארוועס, וואָס שניידן איבער די שטאָט, זענען צוויי גאַסן מיט אַ בריק געבונדן. עס דאַכט זיך אונדז אַזוי נאַטירלעך, אַזאַ בריק פון שטיינער אין מיטן שטעטל.

מיר מיינען, אַז אַזוי זענען זיכער אַלע שטעטלעך געבויט.

פון דער ווייסל איז אויך דאָ אַ וועג אין צענטער־שטאָט אַריין דורך טרעפּלעך צו דער שול, נעבן אונדזער הויז אין וועלכע מיר וווינען, און יעקב משה גאָלדמאַנס שרה טובעלעס־הויז.

אַ הויז פון עטלעכע משפחות, יעדער האָט געוווינט אין זיין חלק ירושה מיט אויסגעגעבענע קינדער, געווען שניטגעשעפט, גאָלדמאַן־זעלמאַן און אייזן־געשעפט, ליפּמאַן און די קנעפּל־פאַבריק פון מאַיעסדאָרף־פּאָפּאָווסקי. פון דעם הויז האָט מען באַזונדער געקענט אָנשרייבן אַ בוך פון מענטשלעכער ענערגיע, חכמה, תורה, גוטסקייט און פראָגרעס.

אונדזער פענצטער וואָס גייט אַרויס צו דער שול, איז געווען באַזעצט יעדן שבת און יום־טוב, פון מיינע חברטעס, מאַניע און סאַלע ווייגאַרט, הענעלע ראָטבאַרט, האַדאַסקע באַום, שרה מלכה קירשענבאַום, איטע ליכטענשטיין, סימע גמאַך, חיה ליבע גוטפאַרב, איידל קראָנגראַד. עס האָבן אויך מיט אונדז מיטגעהאָלפן חברה, טובע יידעס און בלימע לאה גאָלדמאַן, וואָס מיר האָבן זיי שטאַרק ליב געהאַט און זיי מיט פרייד אויפגענומען.

מיר קוקן אַרויס צו דער שול. די גראָבע פעסטע מוירן מיט די גרינע, ברייטע טאָפּלטע טירן און הויכע גאָטישע פענצטער האָבן אַ גאַנצע וואָך אויסגעזען, ווי פאַרכישופטער שלאָס. אויפגעלעבט האָט די שול אין שבת און יום־טוב. פול אין דער שול, און אַרום איר פאַרביקע קינדערלעך נעבן יום־טובדיקע טאַטע־מאַמעס. אַלץ האָט געצויגן צו דער שול.

פון דרויסן האָט די שול נישט אויסגעזען שטאַרק הויך, ווייל זי איז געווען 4 קאַנטיק גרויס אין איר פאַרנעם מיט אַ גרויסן דאַך פון קאָפּולעס, אָבער ווען מען איז אַריין אין שול איז מען דערשטוינט געוואָרן פון איר הויך. (עס דערציילט זיך אַז מען האָט זי טיף אַרונטערגעבויט ווייל ס'איז געווען פאַרבאָטן אַ שול זאָל זיין העכער פון אַ קאָשטשאָל), דערייבער איז מען פון אַריינגאַנג אַראָפּ מיט טרעפּן. עס האָט זיך אַנטפּלעקט אַ פּראַכט פון אַ גרויסעס הויכעס קונסט ווערק. אַלץ האָט געוועקט אינטערעס און דערשטוינונג ביי יעדן. די קינסטלעך גרויסע וווּנדערבאַר־געשניצטע מזרח־וואַנט, די פרעכטיקע קונסט מאָלעריי אויף די זייטן ווענט, אויף די ווענט פון אַריינגאַנג די לייבן, וואָס איינער פון זיי איז געווען אַזוי קונסטלעך געמאַכט, אַז ער האָט נאָכגעקוקט יעדן אין יעדער ריכטונג.

דער צענטער פון סופיט האָט אויסגעזען ווי אַן אָפענער הימל. אויף דער מזרח־וואַנט דער שור־הבור מיטן לויתו. איןביידע זייטן אַריינגאַנג טרעפּלעך, וואָס פירן אויף האָלץ־גע־

שניצטע באַלקאָנען, ווו מיר שטייען צו הערן שופר־בלאָזן. אין די גרויסע פאָדער־צימערן וואָס זענען אין דריי זייטן זענען פאַראַן געדרייטע טרעפּ פון דער ווייבער־שול אַרויף, נעבן זיי צימערלעך פאַר השכמה דאַווענערס. אין צענטער פאָדער־צימער איז נאָך פאַרבליבן די קייט פון חרם־אַריינלייגן, די באַוווּסטע קונע.

אַלע מאָל ווען כ'בין געשטאַנען אויף דעם באַלקאָן צו הערן שופר בלאָזן, פלעג איך זיך ווינטשן, אַז עס זאָל זיך באַווייזן דער לייב וואָס פלעגט אַרויסגעבן די ספר־תורה פון ארון־קודש און דערביי אַזאַ נאַטירלעכן ברום טון, אַז שוואַנגער פרויען האָבן זיך דערשראָקן און מ'האָט אים געמוזט ליקווידירן די מעכאַניזאַציע וואָס האָט אים איינגעגעבן זיין לעבן. אין מיינע צייטן ליידער איז ער געווען טויט.

צווישן שול און בית־המדרש איז געווען אַ גרויסער פּלאַץ, ווו מיר, חברה, האָבן אין די וואָכן טעג זיך געשפּילט און אויסגעלאָדן אונדזער ענערגיע און קענטעניש?

פון דעם פּלאַץ איז געווען צוויי טויערן אין די הייף פון ווײַנגאַרטס און ראַטבאַרטס, ווו עס איז געווען די פּיעקאַרניע און הענעלע פלעגט אונדז דערלויבן מאַכן פאַרשטעלונגען אויפן פּיעקעליק. דאָ אויף דער פּיעקעליק־בימה, זענען פאַרגעקומען די ערשטע אונדזערע פּראָבן, וועלכע מען האָט שבת נאָך מיטאָג פאַרגעשטעלט ביי די ראַטבאַרדס אין סאַלאָן, פאַר דער גאַנצער משפּחה און געסט מיט גרויס דערפאָלג.

פיל אַנגסט פלעגן מיר איבערלעבן אין די אָוונטן, ווען מיר האָבן געמוזט דורכגיין דעם פינסטערן הויף, ווי גדליה משה, יאַכלע די מילכשענקערנס זון, אַ שיינער, הויכער, ברייטטער־מאַן מיט פּרעכטיגע שוואַרצע אויגן איז געשטאַנען פאַרזונקען שטיל אין זיינע מחשבות, און פון צייט צו צייט אַרויסגעדונערט מיט זיין געזונטער שיינער שטימע:

איך בין בר־כוכבא ווו איז שולמית?!

יעדן טאָג, אין דער זעלבער צייט, ווערן באַלעבאַט אַלע דריי וועגן צו דער ווייסל, דאָס קומט דער סטאַטעק, די איינציקע זומער קאָמוניקאַציע פּלאָצק־וואַרשע. אויפן פּשיסטאַן ווערט רירעוודיקער מיטן אָנקומען פון דעם סטאַטעק. משה זלאָטניק ווערט טעטיק. טרעגער גרייטן זיך צו פאַרדינען אַ פאַר גראָשן. געסט פאָרן און קומען. סוחרים ברענגען סחורעס פון וואַרשע. מענטשן באַגלייטן געסט.

אין איינעם אַזאַ שיינעם זומער טאָג, ווען דער סטאַטעק איז געשטאַנען ביים פּשיסטאַן און אויפן דעק פון סטאַטעק זענען געשטאַנען אדורכפאָרנדיקע פּאַסאַזשירן און געחוזקט פון יידן איז זייער הומאָר דערגאַנגען ביז אַ געוועט, ווער פון זיי וועט בעסער אַריינצילעווען אָן עפּל אין טרעגער אויפן ברעג. און שוין הערט זיך אַ געשריי, אַ טומל, דער געצילטער עפּל האָט געטראָפן דעם ברייטביינינקן טרעגער יצחק אָקאָוויעץ־רודלאַק. זיין ברייטע, גרויע באָרד איז באַגאָסן געוואָרן מיט בלוט, פון זיין אויסגערינען אויג... נאָך פאַר די דייטשישע נאַציס זענען געווען די פּוילישע כוליגאַנעס.

אין שטעטל גופא, לעבן זיך שטיל אַלע יידן און נישט יידן. דער גוי קאַבעלינסקי זאָגט אויף יידיש:

היט מיך רבונו של עולם, פאַר גויישע הענט און יידישע קעפּ.

ער איז אויך גרייט געווען צו גיין צו אַ דין־תורה איידער צו אַ משפּט.

דאָס שטעטל, לעבט פון אַרומיקע דערפער. פאַרטאָג ציען דאָרפס־גייער, מענער און פרויען אין די אַרומיקע דערפער, זוכן פרנסה. זיין קויפן אויף הינער, פּוטער, אייער, קעלבער, קי. פאַרנאַכט זעט מען זיי קומען צוריק, מידע, דערשעפּטע. ווער מיט אַ פעקל, ווער טרייבט אַ קעלבל, ווער אַן ענטוישטער מיט גאָר נישט...

פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס גייען נישט צופוס, זיי האָבן אַ פערדל און וואָגן און פאָרן זיך פריציש אַרום. אַזאַ איז למשל



דער אַרויפגאַנג צו דער שול

(יעקב און אַנדזיע גמאַך)

געווען איציע ליסער, דער איידעם פון דער מומע מלכה, זיין האַלטונג איז אויך געווען אַזאַ פּריצישע. איציע און חנה האָבן געהאַט 3 שיינע זין, ווען זיי האָבן שטאַרק געוואָלט — ווי אַלע עלטערן, אַז זיי זאָלן נישט נאָכפאָלגן די עלטערנס פרנסה. געגאַרט זיי אַרויסברענגען פון דער באַגרענעצטער פּראָווינץ־מעגלעכקייט.

אין די מאַרק טעג, דינסטיק און פרייטיק, זענען פּויערן געקומען אין שטאָט און אַליין מיט זיך מיטגעברענגט אויף וועגענער צו פאַרקויפן הינער, פּוטער, אייער, אויבסט, קעלבער, קי, פערד, תבואות, חזירים. ס׳איז געווען אַ געפּילדער, אַ גערויש פון מענטשן, קולות פון חיות, מ׳האַנדלט, מען דינגט זיך, מ׳לויפט, מען רייסט איין. נאָך דעם פּויערימס פאַרקויף, הויבט זיך אָן דער פּויערן איינקויף. זיי קויפן איין אַלץ נויטיגע פאַר זייער געברויך: אַרבעטס מכשירים, כלים, פּראָדוקטן, מאַנופאַקטור, וועש, קליידונג. דאָס זענען די טעג, די וויכטיגע, וואָס דאַרפן ברענגען די וואָך פאַרנוסעס.

די רעמבאָווע גאַס, ציט זיך פון מאַרק, לענג אויס דער שטאָט, ביז סוף שאָסיי, ראָג וואַרשעווער טראַקט, דאָרט ווו עס וווינט לייביש גמאַך. דאָ שפּאַצירט מען אין די אָונטן און שבתים. דאָ וווינט מיין מומע מלכה און פעטער יצחק, ווו שבת קומען זיך צונויף אויף טיי די גאַנצע גרויסע משפחה: דער זון זיינוול און זיין פרוי, דער זון הערשל מיט זיין פרוי ביילע פון די קירשטיינס מיט 2 קינדערלעך, די טאָכטער פייגע, דער מאַן, ברוך־דוד הויזענבערג דער זון, די טאָכטער, די טאָכטער חנה, דער מאַן איציע ליסער מיט 3 זין, די מומע הענדל, פעטער שיע, משה און ישראל, דער פעטער יוקל און פרוי מלכה.

*

מיינע עלטערן אברהם און יוכבד זאַוויערוכאַ, קיינער פון זיי אַלע — פּלוס נאָך קליינע קינדער — זענען נישט געבליבן. אַלע זענען זיי אומגעקומען אויף פאַרשידענע געפּייניקטע אופנים פון היטלערס גרויל מעכאַניזם.

הערשל פּוטערמאַן איז געווען אַ קרבן אין די ערשטע שטאָט באָמבאַרדירונגען, ער מיט מנשה גראָסדאָרף (דיאַבלס זון) האָבן זיך באַהאַלטן אין אַן הויז, ווו ס׳איז אַריין אַ ברענבאָמבע און ביידע זענען לעבעדיק פאַרברענט געוואָרן.

אַ טייל פון די יוגנטלעכע פון די משפחות ליסער־פּוטערמאַן, זענען פאַרפּייניקט געוואָרן אין נאָווידוואָרער פאָרט, די רעשט אין די גאַז קאַמערן!...

ס׳געדענקט זיך אַלץ לעבעדיק. מיר דאַרפן זיי אָבער געדענקן אויך נאָכן טויט.

## ב. גוטמאַן

# יוגנט

מיין שולע איז געווען אין מאַרק עק פלאָצקער־גאַס, איבער שמעון זלאָטניקס רעסטאָראַן. אַ גאַנצע וואָך אַ חוץ מאַרק־טעג, איז דער מאַרק־פּלאַץ געווען שטיל. יעדער איז געזיצן נעבן זיין געוועלב, קראָם, סטראַגאַן און בויד. קעגנאיבער דער שולע נעבן זאַיאָנצס געוועלב, איז דער שטילסטער פּלאַץ, ביי דער ראָלניטשע ווערט אַלץ אַרום אויפגעלעבט יעדן טאָג מיטן קלינגען פון גלעקל, וואָס רופט צום איבערייס אין שולע. אַלע לויפן מיר אַריבער אויף יענער זייט מיט טומל און געלעכטער. אָט שרייען אַלע מיט איין געשריי, אַז עס איז מיר געלונגען דאָס שפּיצל, פון אָפּנאַרן „פּוטשקן" מיט אַ קאַרמעלקע, מיט פעפער און זאַלץ. דער מאַרק ווערט ווייטער שטיל, מיט צווייטן קלינג, וואָס רופט אונדז צוריק אין שולע.

נאָכן ענדיקן די שולע האָט יעדער געמוזט צוליב אָרטיקע באַדינגונגען, זיך נעמען צו דער אַרבעט, וועלכע זיין פאָטער האָט געפירט, ווער אין געוועלב, ווער ביי שניידעריי, שוסטעריי, סטאָלעריי, אָדער הענדלעריי. די מיידלעך, האָבן זיך באַזעצט ביי מיין מאַמען לערנען העפטן און גערופן עס „יוכבד׳ס־גימנאַזיע".

כדי באמת צו לערנען אין גימנאַזיע אָדער פאַך־שול, האָט מען געמוזט אַרויס פון שטעטל, וווינען אין וואַרשע אָדער פּלאָצק, דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט קאָלאָסאַלע אויסגאַבן. נאָר איינצלנע האָבן מיט אייגענעם שטאַרקן כוח דאָס באַוויזן.

„אַבסאָלווענטן" פון יוכבד׳ס גימנאַזיע, וואָס איך געדענק פון דערציילן און פון מיין צייט: זענען געווען גאָלדע בלושטיין, יסכה האָכבוים, רבקה ליסער און דבורה כמיעל, רבקה און לאה שלאָסבערג, ברכה לעווין (צביה׳לעס איניקל), חנה שווירץ, שרה שענקמאַן, גוציע ליכטנשטיין, פייגע רחל און שיינדל ליפּסקער, ביילע ראָזנבערג, סימע בילגאָריי א״אַ.

נישט נאָר העפטן האָבן זיי געלערנט ביי יוכבדן נאָר אויך לעבנס־סדר, לעבנס־חכמה, זיי האָבן זיך מיט איר געעצה׳ט און זי געפאָלגט, געשאַצט און געאַכטעט.

נאָך דער מלחמה האָט יסכה האָכבוים געטראָפן מיין שוועסטער האַנקאַ, האָט זי דאָס ערשטע איר געזאָגט: דו ווייסט וואָס דיר איז אומגעקומען? דו ביזט נאָך קליין געווען, דו ווייסט נישט וואָס פאַר אַן אוצר דו האָסט פאַרלוירן... דיין מאַמען האָבן נאָר מיר געקענט אָפּשאַצן.

פון 1922 האָבן מיר אָנגעהויבן אויספירן פון דער שולע פאָרשטעלונגען אין זאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע,

מיט גרויס דערפּאָלג אַזוי ווי קיין ייִנגלעך זענען אין אונדזער קלאַס נישט געווען, האָב איך מיט מאַניע ווייִנגאָרט געשפּילט אַלס ייִנגלעך.

פון די איינציקע קליינע ייִנגלעך אין שטעטל וואָס האָבן געהאַט שיינע הויזן און גוט אויף מיין מאָס, איז געווען הערשל זילבער און דודל כץ, איך האָב גערן געבאָרגט דוקא ביי זילבערן. אַז עס האָט געטראָפן אַז זילבער איז נישט



שטייען פון רעכטס: ש. מ. קירשנבאַום, א. קראָנגראַד, ב. זאַוויע־רוכאַ, ח. גוטפּאַרב, מ. ווייִנגאָרט.
זיצן פון רעכטס: ס. גמאַך אי. ליכטנשטיין.

געווען אינדערהיים, בין איך געווען געצוווּנגען צו בעטן מיין מאַמע, אַז זי זאָל בסוד באָרגן די הויזן ביי דודלס מאַמע. דאָס האָט זיך דודל דערוווּסט, אין אָוונט פון דער פאָרשטעלונג האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אונטערן פענצטער, און איך האָב מיט גרויס „חרפּה" געהערט אין מיטן דער פאָרשטעלונג, ווי דודל שרייט אַרויף צום ערשטן שטאָק:

בעלאַ, גיב מיר אָפּ די הויזן! און ענלעכע אויסרופן, וואָס האָבן אַרונטערגעריסן מיין „קונסט־פּאָזיציע".

שפּעטער זענען שוין אונדזערע פאָרשטעלונגען נישט געווען די איינצלנע. ס'האָבן זיך געשאַפן דראַמקרייזן, ספּאָרט־קלובן, ביבליאָטעקן, פּאַרטייען זענען אַנטשטאַנען לינקע, רעכטע, ווו מ'ליינט, מ'דיסקוטירט, מ'בעקעמפט זיך. מיטן קומען צום באַוווּסטזיין ווערט דאָס שטעטל ענג און די יוגנט פאַנגט אָן צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און זוכן אַרבעט אין וואַרשע.

*

פון מאַרק ציט זיך די קלויסטער־גאַס, די שטילע גאַס, מיט דעם פּאָסט־אַמט און דער דייטשער קלויסטער, ווייט אַרויף ווו עס הייבט זיך אָן די פּרעכטיקע שפּאַציר־געגנט, לענגאויס דער ווייסל, די טאָלן און בערג, וואָס מיר רופן „סטעגענעס".

דאָרט אין דער עק־גאַס שטייט אַ קליינע הייזקע, ווו עס איז אַ ביבליאָטעק, אַ ספּאָרט־קלוב און אַ דראַמקרייז, דאָס שטילע געסל אין יעצט יעדן אָוונט באַלעבט, אַהין ציט אַ גרויסער טייל יוגנט, דאָרט אַהין צו דער לינק־געשטימטער יוגנט איז געווענדעט דער שרעק געפיל פון טאַטעס־מאַמעס פון פערשידענעם שטאַם, עפּעס איז נישט בסדר מיט זייערע קינדער, זיי גייען אַראָפּ פון גלייכן וועג...

ס'איז געוואָרן מיט איינמאָל אַ טומל אַ גרויסער, ווען פון פּלאָצק איז געקומען דער ספּאָרט־אינסטרוקטאָר טיל, אַ שיינער יונגער בלאָנדער בחור. ס'הייבן אָן פּראָטעסטן פון עלטערן:

ווי איז עס געהערט געוואָרן, אַז מיידלעך גלייך ווי ייִנגלעך! צוזאַמען! מאַכן גימנאַסטיק?

צוליב די סיבות, האָבן איבונגען געמוזט פאָרקומען, ווייט אַרויס פון שטאָט, אויף די „סטעגענעס", אָדער אַלט־שטאָט. אַרום די איבענדיקע, איז געשטאַנען אַ שמירה, צי עס קומען נישט אָן די עלטערן, ביים איבן רעכטס־לינקס, מיטן קאָפּ, רוימט זיך יעדער איין: אַ טאַטע, אַ מאַמע!

סימה בילגאָריי, אַהיימקומענדיק פון אַ לעקציע גימנאַסטיק, איז בעשאָנקן געוואָרן פון איר טאַטן אברהם יחזקאל מיט די שטריק פון זיין געשפּאַן. חנוך ראָזענבערג (דער צעבראָכענער העניך) אַ גרויסער גערער חסיד, צעשלאָגט זיין טאָכטער ביילע, וועלכע אַנטלויפט קיין וואַרשע, אויך צעשלאָגט ער זיין ייִנגערע טאָכטער חוה. אויך אויספלוגן זענען אין די שבת־פרימאָרגן, פאָרגעקומען געהיים. דער קאַמף דויערט, אָבער,ביידע צדדים קענען זיך נישט איבערצייגן.

שלמה (איזידאָר) וויינגאַרט / ראשון־לציון

# פון מיינע אלטע זכרונות

דאָס לעבן אין ווישאָגראַד איז געלאָפן יאָרן אָן גרעסערע אויפטרייסלונגען, קרעמער האָבן געהאַנדלט, בעלי־מלאכות האָבן געאַרבעט און מיר קינדער האָבן זיך געשפּילט.

אין 1905 האָבן זיך אין אונדזערע שפּילן אָפּגעשפּיגלט די בולטסטע געשעענישן פון שטעטל. מיר האָבן נאָכגעמאַכט די רעוואָלוציאָנערע רעדנער, ווי זיי שטייען אין מאַרק אויף אַ קאַסטן און אַגיטירן. צווישן זיי זענען געווען אַזעלכע, וואָס פלעגן גיין איבער די הייזער און פאַרלאַנגען געלט. מיר האָבן נאָכגעמאַכט די מאָביליזאַציע פון יאַפּאַנישן קריג, טראָגנדיק די גרינע קופערלעך און די מיידלעך, וואָס פלעגן נאָכגיין און וויינען — ווי די גרויסע.

דאַן איז אין שטעטל געוואָרן אַ קריזיס און מיט אים זענען געקומען שריפות און אַנדערע ווירטשאַפטלעכע קראַכן.

ס'האָט געברענט אַ סטאַדאָלע אויפן פּלאַצקער שאָסיי, קעגנאיבער ליפּאַ וויעזשבינסקיס סקלאַד און שפּייכלער און הינטער אים אויפן וואַרשעווער טראַקט. ס'האָט אויך געברענט אין מאַרק אַ שפּייכלער פון תבואה, אויך דאָס שכנישע הויז פון רפאל זאַיאָנץ האָט געברענט.

אין שטעטל איז נישט געשטאַנען קיין מיליטער, נאָר ווען די מאַנעווערס אין געגנט האָבן זיך אָנגעהויבן האָט זיך געוויזן מיליטער, דאַן האָבן יידן געמאַכט פּרנסה ביי זיי פון פאַרקויפן תבואה און היי.

אין 1914, ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ווישאָגראַד אויפגעבליט, זיך געפּוצט און געבויט, אָבער ס'איז שנעל שווער געוואָרן אויפן האַרצן, יונגעלייט זענען מאָביליזירט געוואָרן און פון וויטנס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות וועגן רוסישע מפּלות. מ'האָט געזאָרגט, געדאַגהט פאַרן געזונט פון די יידישע מאָביליזירטע. אינצווישן זענען אויך געמאַכט געוואָרן בלבולים, אַז אין מלאָווע האָבן יידן געגאָסן זודיק וואַסער אויף רוסישע זעלנער, וואָס האָבן אָפּגעטרעטן פון די פראַנטן און ס'איז געווען נישט היימלעך אויך ביי אונדז. אינצווישן האָבן די רוסן אויפגעשטעלט אַ פּאַנטאָן־בריק איבער דער ווייסל און דער שטראָם פון רוסישע ריקשריטלער איז געוואַקסן טאָג און נאַכט. און מיט זיי דער פאַרדרוס און שנאה.

האָבן אונדזערע יידן בעסער געטאָן, זיי האָבן געשאַפן אַ קאָמיטעט און מ'האָט געטיילט די געפּלאָגטע רוסישע דורכגייער פּאַפּיראָסן און זיסוואַרג, מיט געבעקס און די פעלד־שפּיטעלער, וואָס מ'האָט צייטווייליק אויפגעשטעלט אין מאַרק האָט מען באַזאָרגט מיט אַלעמען, אַפילו מיט טיי און קאָנפיטורן.

יאַסקע לעווין האָט געשלאָסן קאָנטשאַפט מיטן קאָמענדאַנט פון די קאָזאַקן און דאָס האָט אויך צוגעגעבן אַ סך, אַז די לאַגע פון די יידן זאָל זיך בעסערן.

יידן האָבן אַהיימגענומען צו זיך יידישע זעלנער און זיי געהאָלפן זיך אָפּרוען און אַ ביסל זיך אָנעסן. מיין פאָטער האָט גענומען צו זיך אַ יידישן זעלנער אויף שבת. ער האָט געהייסן ברוך יאַגלאַ. דער טאַטע האָט אים מכבד געווען מיט קידוש און ער האָט ממש אויסגענומען. אָבער ער איז אַוועק אויף צומאַרגנס, אַ טייערער ייד געווען.

דעם זעלבן שבת, האָט דער קאָמענדאַנט געלאָזט רופן דעם מורה הוראה ר' נפתלי שפּיוואַק און אים אויפגעפאָדערט מאָביליזירן אַלע יידן צו גראָבן אָקאָפּעס אום שבת. ר' נפתלי נעבעך האָט מיט אַ וויינענדיק האַרץ געקלאַפּט אין די טירן און געבעטן:

— יידן אַ גזר דין, מ'מוז מחלל שבת זיין בגזרה של מלכות און גיין גראָבן אָקאָפּעס, זאָל קיינער זיך נישט אַרויסדרייען דערפון און נישט ברענגען אַ צרה אויף יידן. פּקוח נפש דוחה שבת.

אַלע יידן, מענער זענען געגאַנגען גראָבן אָקאָפּעס באַלד נאָכן דאַווענען.

אַזוי האָט זיך די מלחמה צוגערוקט צו ווישאָגראַד. דאָ איז שוין געווען סטאַביל אַ מיליטערישער כוח, אַפילו אין בית המדרש איז געשטאַנען אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג. ס'איז געווען דער העכסטער בנין אויפן הויכן ברעג פון ווייסל אַ שפּייכלער אין מאַרק. האָט מען אים פאַרוואַנדלט פאַר אַן אָבסערוואַציע־פּונקט פון רוסישן מיליטער.

די דייטשן ווידער האָבן זיך שוין באַצויגן צו אונדז ווי צו אַ רוסישן שטיצפּונקט און גענומען באָמבאַרדירן די שטאָט. זייערע באָמבעס האָבן געטראָפן אין מאָטיע קרויס געשעפט, צו סיני מרדכי באום און אין שענק הויז פון מילערן ווועמענס איידעם אַ רוסישער פּאָליציאַנט איז דערהרגעט געוואָרן.

פאַרן אָפּטרעטן האָבן די רוסן אַרעסטירט ר' פּנחס לוין און אַ יונגן בחור. דער בייגלבעקערינס זון, אַ סטאָליאַר פון דער פּלאַצקער גאַס.

שבת אינדערפרי האָבן זיי אַרויסגעיאָגט אַלע יידן פון דעם דאַווענען מיט די טליתים אויפן מאַרק־פּלאַץ, כדי זיי זאָלן זען ווי מ'הענגט דעם בחור.

אַ דאַנק יאַסקע לעווין מיט זיינע באַציאונגען האָט מען זיין פאָטער ר' פּנחס לוין נישט געהאַנגען און זיך באַגענוגנט מיט דעם, וואָס מ'האָט אים פאַרשיקט אין טיף רוסלאַנד. ערשט נאָך דער רעוואָלוציע איז ער באַפרייט געוואָרן און צוריק אַהיימגעקומען.

דעם זעלבן שבת האָט דער רוסישער קאָמענדאַנט אַרויסגעטריבן די יידן פון ווישאָגראַד.

*

מיר האָבן געהאַט גוטע טעג אין ווישאָגראָד און אין אונדזערע קינדער־זכרונות דערשיינט זי פול מיט שיך און שיינקייט אָבער ווען מיר בלעטערן אין זכרון דערמאָנען זיך אַ סך שווערע, גרויע טעג פון אומרו, שרעק און אומזיכערקייט. ווייזט אויס, אַז אין אַן אייגענער מדינה איז טאַקע בעסער צו זיין אַ ייד.

שלמה וויינגאַרט

# פישל קראַנגראַדס יאָרצייט

פורים אין אָוונט האָט פישל געהאַט יאָרצייט. ווי דער שטייגער איז, איז פורים אַ צייט ווען עס איז שווער צונויפּצושטעלן אַ מנין פון אייגענע מענטשן, ווייל יעדער איז פאַרטון ביי זיך אינדערהיים, דערפאַר איז נישט אויסגעקומען צו מאַכן מיט אים דעם „יאָרצייט־לחיים".



מאַניע וויינגאַרט, שלמהס שוועסטער און סאַליע קאָן

פישל קראַנגראַד איז געווען אַ ייד אַ סוחר, שטענדיק פאַרנומען, מיד פון אַ גאַנצע וואָך שווערע האָרעוואַניע, אָבער שבת און יום־טוב פלעגט ער קומען אין שטיבל אַריין מיט זיינע זין. ביים גרויסן טיש, בין מנחה ומעריב אַריינגעקוקט אין אַ משניות, נאָכן דאַווענען אַהיים געגאַנגען, נישט געגאַנגען צו קיין חסידישן צונויפקומען. אַזוי האָט ער זיך געפירט.

אַמאָל, פורים אין אָוונט, נאָך דער סעודה, נאָכן שלח־מנות האָבן זיך חברה חסידים צונויפגעקליבן ביי ליפּא ווערזשבינסקי, פאַרבראַכט פריילעך פורימדיק און שוין ביים סוף דערמאָנט זיך חברה, אַז פישל האָט פורים יאָרצייט. אַזוי ווי נאָך דער סעודה זענען שוין אַלע געווען פריילעך בגילופנדיק, האָט מען פאַרקלערט אַ שפּיצל, קיין לחיים ביי פישלען צוליבן יאָרצייט האָט מען נאָך קיינמאָל נישט געמאַכט, און ער אַליין שלאָפט, האָט מען באַשלאָסן גיין צו אים (זיין דירה איז געווען ביים האָלץ־סקלאַד. די לאָדן פאַרמאַכט פון דרויסן).

מ'קוקט אַריין אין פענצטער, זעט מען: דאָס יאָרצייט־לעמפּל ברענט, מ'שלאָפט. מ'הערט נאָר דאָס כראָפּען פון דעם שווערן פישל. אַ מידער פון אַרבעט און אַ מידער פון דער סעודה ווייזט אויס.

האָט איינער פון דער חברה זיך איינגעהילט אין אַ ווייסן ליילעך, און האָט מיט דעמפּע קלעפּ קוים געקלאַפּט אין לאָדן אַריין. די געשטאַלט הינטערן לאָדן קלאַפּט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, ביז דער שווערער פישל גיט זיך אַ דריי איבער אין בעט. דאָס בעט סקריפּעט אונטער אים.

די געשטאַלט הינטערן לאָדן רופט זיך אָפּ מיט אַ דעמפּע שטים ווי פון יענער וועלט:

„ירוחמיל, ירוחמיל, מיין קינד!".

דורכן פענצטער זעט מען אַ שיין גייט אויף. פישל דרייט אַרויף דאָס נאַכטלעמפּל, און גיסט זיך אָפּ די נעגל.

פלוצים הערט ער די שטים פון דרויסן:

„האָסט היינט יאָרצייט נאָך מיר, לערן אַ פּרק משניות".

פישל גייט צו צו דעם טיש, מישט אויף דאָס משניות און גיט אַ בליק צום פענצטער, און זעט דורך די צוויי אויסגעשניטענע הערצער פון לאָדן אַ ווייסע געשטאַלט באַלויכטן פון דער לבנה.

פישל קערט זיך גיך אום צום טיש, עפנט אויף ווי זיין שטייגער דאָס שוין צוגעגרייטע דף משניות'ל און זעצט זיך לערנען מיט התמדה.

חברה זעענדיק דאָס, האָבן זיך פונאַנדערגעלאַכט, אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיר:

„פישל, עפן אויף, גיב אַ לחיים, האָסט אַ פּנים פאַרגעסן, אַז האָסט היינט יאָרצייט".

פישל האָט ברייטהאַרציק צעעפנט די טיר און אין מיטן נאַכט האָבן חברה געמאַכט אַ הייסן „לחיים".

נ. ל. דייטש

# פאלקס גבורה איןווישאגראד

אין מאַרק ביים מאַגיסטראַט, אין שכנות פון נאַוואָראַצקי דעם לערער האָט געוווינט יעקב יוסף עפּלבוים־אובול, אַ ייד אַ שניידער, וועמענס זון דוד איז געווען קהלה דאָזאָר אין שטעטל, אין די יאָרן 1924/5.

אַמאָל אין אַ פרייטיק־מאַרקטאָג איז צו דעם יעקב יוסף אין קראָם אַריינגעקומען אַ פּויער קויפן אַ פּאָר הויזן, ער האָט די הויזן באַקוקט, באַטאַפּט און אונטער זייערע אויגן געכאַפּט די סחורה און אַרויס פון געשעפט און אַנטלאָפן. דוד, יעקב יוסף׳ס זון, האָט גענומען נאָכלויפן דעם גוי און שרייען מ׳זאָל אים העלפן כאַפּן דעם גנב.

דער גוי איז אַנטלאָפן אין ריכטונג פון באַרג. ס׳איז געווען דאַן בלאָטיק און גליטשיק און דער גוי האָט זיך אויסגעגליטשט, געפאַלן און זיך שטאַרק צעקלאַפּט.

דערזעענדיק דעם צעבליטיקטן פּויער האָבן די גויים זיך צעיושעט, צעקאָכט און געלאָזט זיך לויפן אין שטאָט אַריין מיט איין אויסגעשריי, אַז יידן האָבן געהרגעט אַ קריסט. ס׳האָבן זיך באַלד געשאַפן באַנדעס אונטערגעהעצטע פון פאַרשידענע אַנטיסעמיטן. מיט שטעקנס, מיט סאָסנע צווייגן אין די הענט זענען זיי אַריין צום שניידער אין שטוב, אַרויסגעשלעפּט דעם פאָטער מיטן זון אין גאַס און זיי שרעקלעך צעשלאָגן.

די עפּלבוימס זענען געווען געזונטע יידן, האָבן זיי זיך אַרויסגעריסן פון זייערע הענט און האַלב־טויטע אַנטלאָפן און אַריין אין מאַגיסטראַט, ווו זיי זענען געווען זיכער, אַז די גויים וועלן נישט וואַגן אַריינצולויפן.

אין שטאָט אָבער האָט זיך געטראָגן פּאָגראָם אין לופט. יידן האָבן זיך געשראָקן, די פּאַניק איז געוואַקסן. די שטאָט איז געווען באַוואַכט אינגאַנצן דורך דריי סטראַזשניקעס, קנאַפּע העלדן און נאָך קנאַפּערע יידן־פריינד, אויף זיי האָט מען זיך נישט געקאָנט פאַרלאָזן. די כוליגאַנעס זענען אַוועק, און יעדער האָט געוווסט, אַז זיי וועלן צוריקקומען מיט געשטאַרקטע כוחות.

וואָס הויבט מען אָן צו טון? ווער וועט שיצן יידיש לעבן און יידיש פאַרמעגן? מ׳האָט גערופן אַ קהילה זיצונג. אַלע דאָזאָרעס זענען געקומען. לייבוש גמאַך און הירשל שווירץ, מרדכי מענדל ליכטנשטיין און שמואל לייב קרוק, נחמן דימאַנט, שמואל גערשט, אברהם שענקמאַן. אַלע זענען זיי געקומען. אויך דער בירגערמייסטער און דער סטאַרשע סטראַזשיק פרוסקאָוו און מ׳האָט באַשלאָסן, אַז די לאַגע איז אַן ערנסטע, מ׳מוז שיקן אַ שליח קיין פּלאָצק און בעטן פאַרשטאַרקטע הילף.

אָבער ביז די הילף וועט קומען וואָס טוט מען? די מינוטן זענען געציילטע און די געפאַר וואָקסט און מיט איר די פּאַניק און די אָפּהענדיקייט.

און דאַן איז עס געשען.

פון זיך אַליין האָבן יידן זיך געמאָלדן, פרייוויליק צו זעלבסט־שוץ. אַ הונדערט יונגעלייט פון אַלע שיכטן און קלאַסן. אַ ברודער געפיל האָט באַהערשט דאָס שטעטל. אַלע זענען געווען גרייט צו דער סכנה. אַלע זענען געווען גרייט צו ראַטעווען דאָס שטעטל, די יידן מיט זייער לעבן.

אין שפּיץ האָט זיך געשטעלט אליעזר יורש, מלך גמאַך און פּנחס שטשאַפּאַ. ס׳האָט זיך געשאַפן וועך־מיטלען פון פאַרבאָרגענע ווינקעלעך. די מענטשן זענען פאַרטיילט געוואָרן אויף קאָמפּאַניעס, פאָרלעך זענען צעשטעלט געוואָרן אין אַלע עקן שטאָט און אין די הויפּט־גאַסן. דער גייסט האָט זיך געהויבן. יידן האָבן דערפילט אַז לא אַלמן ישראל, ס׳איז נאָך ס׳יידישע האָב־און־גוטס נישט הפקר.

דער פּאָגראָם איז פאַרמיטן געוואָרן. די כוליגאַנעס האָבן פאַרשטאַנען אַז ס׳שמעקט מיט געפאַר און האָבן פאַרציכטעט אויפן פאַרגעניגן.

יאָרן־לאַנג נאָך האָבן יידן זיך געקוויקט מיט די איינצלהייטן פון דעם געשעעניש און דערציילט אָפּט די מעשה, ווי יידן פון אַ גאַנץ יאָר האָבן זיך דערהויבן צו די הייכן פון העלדישקייט און קידוש השם.

זאָל דאָס איבערדערציילן פון דער מעשה זעלבסט־שוץ אין ווישאָגראָד זיין אַן אָנדענק די טייערע ווישאָגראָדער זין און אַ צייגן פאַר קונפטיגע דורות, אַז יידן האָבן זיך נישט געשפּילט אין העלדישקייט, אָבער ווען ס׳האָט זיך געפאָדערט יידישע גבורה האָבן יידן זי ענטדעקט א י ן זיך און פ ו ן זיך.

**א. פעלז**

# גרויסע ווישאַגראַדער טעג

## ערב פּסח

מנחה־צייט, פאַרן צופאַלן פון דער נאַכט, האָט דער חסידישער עולם, זיך אַ לאָז געטאָן, פון אַלע וועגן און טרעפּן, וואָס האָבן געפירט צו דער ווייכסל, מיט טעפּלעך און שטאַרצן, מיט ריין־איבערגעוואַשענע שטיקלעך ווייסע לייוונט אויף אַדורכצוזייען דאָס וואַסער, עס זאָל זיך, חלילה, ניט מיטשלעפּן קיין פרעמדער קערפּער אויסער ריין וואַסער, וועלכע איז צוגעגרייט צום נוצן ערשט מאָרגן מיטאָג־צייט פאַרן טייג פון מצה־שמורה.

אייגנטלעך איז אונדזער באַטייליקונג געווען אַן אי־בעריקע, ווייל אונדזערע פאָטערס האָבן ניט פאַרטרויט די אַרבעט און אַליין דאָס וואַסער געזייעט, אַהיימגעטראָגן און אַרויפגעשטעלט אויף דער שראַנק, אַז קיין ניט־געוואַנטשענע האַנט זאָל דאָס ניט באַרירן, אָבער מיר האָבן זיך פאַר וויכ־טיק געהאַלטן מיט אונדזער אָנטייל אין מים־שלנו ברענגען, פּונקט ווי ביים סדר האָט אָן אונדז די מה־נשתנה ניט גע־קענט געפרעגט ווערן.

די שייערי אין רייבערי אין שטוב איז שוין פאַרביי, אַדורך די שווערע צייט פון „דאָ שטעל דיך ניט”, דאָ ריר זיך ניט! די שאַר־בערשט מיט סאָדע האָט ניט דורכגעלאָזט קיין שטיקל מעבל, קיין ווינקעלע, וואָס זאָל ניט געוואַשן און גערידלט ווערן מיט הייסע און געשוואָנקען מיט קאַלטע וואַסער, געטריבן האָט מען אונדז פון ווו מיר זענען געווען, „נאָר שאָדן ברענגען מיר, גיסן אויס, פאַרשמוצן” און ענ־לעכע בלבולים, איצט אָבער נאָכן מים־שלנו ברענגען, האָבן מיר זיך שוין געזען, ווי אויפן סדר אַוועק דאָס וואָכעדיקע די נייע מלבושימלעך לכבוד יום־טוב, לאָקן אונדז.

יעדע מינוט, יעדע רגע, האָט זיך געהאַט איר באַשטימ־טעס צום טון, אָדער אַפילו וואַרטן פון איין טאַט צו דער אַנדערער. איז אַן און פאַר זיך אויך אַ פּעולה.

געבראַכט מים־שלנו, געדאַוונט מעריב, האָט מען זיך גלייך גענומען בודק־חמץ זיין, יינגערע קינדער האָבן גע־מיינט, אַז עפּעס אַ סאָרט שפּיל קומט דאָ פאָר: די מאַמע באַהאַלט ערגעץ אונטערן טיש, שראַנק אַ. אַ. וו. שטיקלעך ברויט, און דער טאַטע מיט די בנים מיט ליכט אין די הענט זוכן די קרישקעלעך, און ווען זיי געפינען אַזאַ קרישקע, הייבט מען זי פאָרזיכטיק אויף אַ שטיקל געוואַנט אַזעלכעס, מ'קערט נאָך מיט אַ פעדער און מ'זוכט ווייטער אַזוי לאַנג, ביז מען ווערט מיד, פּאַקט מען אַלץ צוזאַמען, די קרישקעס מיט דער פעדער און דאָס ליכט, און מ'לייגט דאָס אויף אַ זיכערן פּלאַץ, מן הסתם וועט מען מאָרגן פאַרזעצן זוכן נאָך קריש־קעס און מ'וועט איבערשפּילן די זעלבע שפּיל.

מיר די גרעסערע, האָבן שוין געוווּסט, אַז עס איז פאַ־ראַן אַ מצווה פון בדיקת חמץ, און אַ מצווה איז פאַרבונדן מיט אַ ברכה. גיי זיי בודק אַ ריינע אויסגעשאַרטע שטוב, וועט מען דאָך קיין חמץ ניט געפונען, וועט דאָך די ברכה זיין לב־טלה, האָבן אונדזערע טייערע יידישע מאַמעס אַוועקגעלייגט אָפּגעציילטע שטיקלעך חמץ אויף פּלעצער, וואָס נאָר זיי האָבן געוווּסט פון זיי און האָבן אונדז געהייסן זוכן, ווען מיר האָבן די אַלע שטיקלעך געפונען, איז זיכער די בדיקה גע־ווען פולקאָם און די ברכה ריכטיק.

די קליינע, וואָס אונדזער דערקלערונג האָט זיי צוגע־רויבט דעם מאָרגנדיקן שפּיל, האָבן דאָך געהאַט די פאָרזע־צונג ביזן מאָרגנדיקן פאַרברענען דאָס חמץ.

באַלד אינדערפרי, נאָכן דאַווענען, האָבן מיר מיטגעמאַכט מיט די גרויסע דעם „סיום־מסכת” (צו פּטרן פון תענית בכורות) און געטרונקען בראָנפן, טיילמאָל איבערגעוואַרט משה יעקב גריצערס סיום. דער פרומער משה יעקב איז שוין גע־ווען דער „מאסף”. ער איז פריער פאַרטיק געוואָרן מיט זיין טעגלעכער פאָרציע משניות, חק־ישראל, תהילים, האָט ער טאַקע מיטגענומען מיט זיין שאַלאַן אַלע פאַרשפּעטיקטע בכורות. אויך איך האָב זיך באַטייליקט און מיטגעטרונ־קען בראָנפן — לחיים.

נאָכן חמץ אָפּעסן האָבן מיר זיך גענומען צום חמץ־ביטלען, חמץ־פאַרברענען, ווער ס'איז געלאָפן פאַרברע־נען ס'חמץ אין הייץ־קעסל פון מקווה, ווער ס'האָט ביי דער אייגענער דירה אין רינשטאָק מיט נאַפט באַגאָסן ס'חמץ און פאַרברענט, אָבער ביי זיך אין הויף האָט דאָס קיינער ניט געמאַכט, ווייל עס קען פּאַסירן, אַז נאָר די פּאַקונג פון אויבן זאָל פאַרברענט ווערן און ס'זאָלן איבערבלייבן שטיק־לעך חמץ וועט דאָך זיין אַ חשש פון עובר זיין אויף „בל־ימצא” און פון אַזעלכע זאַכן מוז מען דאָך אַנטלויפן ווי פון פייער, אויך אין רינשטאָק ווי עס איז אַ רשות הרבים, האָבן מיר יעדעס מאָל צוגעגאָסן אַ ביסל נאַפט, אַז דער חמץ זאָל גענצלעך פאַרברענט ווערן. און ניט יוצא־זיין מיט „נפסל מאכילת כלב”, ווייל אַזוי געשמאַק איז דען זיך אין פּסח אָנטרעפן אויף חמץ?! אַפילו פרעמדס?! אַפילו נאָר דער־מאָנען דאָס וואָרט „חמץ” האָט זיך ניט געוואָלט אין פּסח.

פון 12 אז. בייטאָג האָט דער זעלבער עולם — וואָס האָט פון נעכטן פאָרבערייט „מים־שלנו” — זיך איצט פאַר־זאַמלט ביי יהושועלע פראַדלס דער בעקער, אין קעלער ווו אַ פענצטער און אַ טיר האָט אַרויסגעפירט צו דער פּאַרווע, דאָרט זענען טאַקע געשטאַנען צוגעדעקטע פעסער מיט וואַ־סער, זיי זאָלן זיך ניט דערוואַרעמען פון באַק־אויוון, און ביי די געוויינלעכע מצה־שמורה, איז דאָס טאַקע געווען מיין אַרבעט — אויסער זיך דרייען צווישן די פיס — אַריינצו־ברענגען אַ קוואָרט וואַסער פאַר יעדע פרישע „מיירע” אונ־

טערצושיידן פון די ערב־פסחדיקע שמורה־מצה, וועלכע מען האָט גערופן — מצה־מצוה. — דאָ האָבן זיך ביים וואַסער געפּאָרעט נאָר די טאַטעס, דאָך האָט זיך פאַר מיר אויך געפונען אַ שטיקל אַרבעט, ווי אָפּצושאַבן מיט גלאָז דאָס וואַל־גער־האָלץ, (די שאַב־מלאכה האָב איך געלערנט ביי זכריה דעם שוסטער, ווען איך בין געקומען אָפּנעמען די שיך האָט ער תמיד געדאַרפט נאָך אַ שאַב טון מיט אַ שטיקל גלאָז די זוילן). אויף אַ מאָמענט, ווען דער רעדלער האָט פון האַנט אַרויסגעליגט דאָס מעשענע רעדל — ביז ער האָט זיך געכאַפּט — האָבן מיר דערווייל אַריינגעכאַפּט אַ גאַנג אַהין־צוריק מיטן רעדל אויף די מצה־שמורה.

דאָרט אין צווייטן צימער איז אָפּגעטון געוואָרן די הויפּט־אַרבעט. דאָס וואַלגערן די טייגלעך און זינגען „בצאת יש־ראל" דער געזאַנג האָט זיך איינגעבאַקן אין די טייגלעך, אַרויסגעריסן זיך און צעגאָסן ווייט־ווייט איבער די גרענעצן פון „יהושע־פּראַדילס" בעקעריי־קעלער, ניט איין גוי האָט געצאַרנט וועגן דעם קריסטלעכן בלוט, וואָס מיר „מישן" אין די מצות און מיר האָבן געטראַכט און געבענקט, און אין געדאַנק זיך פאַראייניקט מיט אונדזערע שטאַם־עלטערן, וואָס האָבן אין דער זעלבער שעה ביים זעלבן „בצאת ישראל"־גע־זאַנג, מקריב געווען דעם „קרבן־פסח" און עס האָט אַ נעם געטאָן אַ גלוסטונג צו דעם הייליקן לאַנד פון די „אָבות" און צו ירושלים מיטן בית־המקדש, דאָרט ווו עס פאַרזאַמלען זיך „ערב־פסח" אַלע מאַנסבילן פונעם גאַנצן לאַנד. און גרופּנ־וויז מיטן „הלל־געזאַנג" איז מען מקריב דעם „קרבן־פסח", און דער געזאַנג פאַרגייט זיך ווייט־ווייט איבער די טויערן פון דער „עזרה" און פון ירושלים פון אַלע דורות, און פאַר־אייניקט זיך מיט אונדזער „בצאת־ישראל"־געזאַנג. אויך שעפּן מיר „חיונה" פון די כוחות, וואָס מיר שאַפן אַליין ביים אויס־פירן יידישע ריטואַל־געזעצן, אָדער אַפילו נאָר צערעמאָניאַל־געזעצן, אָדער מנהגים, וואָס מיר אַליין באַטעמען זיי מיט האָ־פענונגס־אויסדרוקן דורך תפילות־־געזאַנגען, וועלכע דריקן אויס אונדזער „ווײ" אינעם „איצט" און די האָפענונג פאַר אַ בעסערער צוקונפט.

פון מאָל צו מאָל פאַרשטאַרקט זיך אין קעלער דער גע־זאַנג, נייע העלפערס, אונטערברומערס קומען צו און אָפּט לאָזט זיך הערן אַן אויסגעשריי, „אַ מצה אין אויוון אַריין"! „אַ מצה אין אויוון" קלינגט ווי דער רעפריין פון „בצאת־ישראל"־ליד.

אין דעם ריטואַל איז קיין אונטערשיד נישטאָ פון אָרעם און רייך, פון חסידים פון פאַרשידענע „חדרים": אַלעקסאַנ־דער, אַמשינאָוו, גער, וווּרקע, ראַדזימין און ראַדזין, אַלע טראָגן זיי אַהיים נאָר צו 6 מצות איינגעפּאַקטע אין אַ בלישטשענ־דיק קלאָרן האַנטוך, וואָס ס'זעט זיך נאָך אין אים די מאַנגל־קנייטשן. און פון די פּנימער שיינט אַראָפּ דער איבערגאַנג פון טאָג־טעגלעכן, פון „חול צו יום־טוב", ווייל די „הכנות" צום יום־טוב זענען טאַקע דאָ אין דער בעקעריי, ביים אויס־פירן די מלאכות פון וואַסער־גיסן, מישן, קנעטן, וואַלגערן, רעדלען און באַקן. ביי געווײנלעכע מצות ווערן די אַלע מלאָ־כות אויסגעפירט דורך דעם בעקער געדונגענע מענטשן ווי אויך דורך אייגענע קינדער, וואָס פאַרדינען זיך אין דעם מצות־סעזאָן, אויף מלבושים און שיך. איצט, איז יעדעס האַרץ פול מיט ווונטשן און האָפענונג אויף אייגענער דער־לייזונג, און ביי דער „הגדה" פילט מען דעם „שלא את אבו־תינו בלבד גאל הקב"ה, אלא אף אותנו", אויך אין גלות פילט מען דאָך אַ „מעין־גאולה" אַ מאָמענט אַ דערהויבענער ווירקט און ווען פיל אַזעלכע מאָמענטן זענען ניט פאַראַן, דאָך די אויסנאַמען דערמעגלעכן איבערטראָגן דאָס יאָר מיט אירע טונקעלע שעהן.

דער לעצטער עטאַפּ פון שייערן און וואַשן איז פאַרגעקו־מען אין מקווה, ווו יעדער ייד האָט זיך געריייניקט, זיך פאַרבערייט מקבל־זיין דעם גרויסן יום־טוב, דאָרט האָט מען אויך געטובלט די נייע יום־טובדיקע כלים.

אין די שולן האָבן די בעסטן בעלי־תפילה זיך צעזונ־גען ביים „מעריב" און דער גוט־יום־טוב פון איין ייד צום צווייטן איז באמת געווען יום־טובדיק. אונדזערע קינדער־מוחלעך האָבן גייענדיק אַ היים דורכגעאַרבעט דעם פאַר־שטייענדיקן אָוונט, די אַסאָציאַציעס פון דער ערשטער טייל „הגדה" האָבן מיר נאָך געדענקט פון שבת הגדול, „עברה שלש, משלחת־מלאכי־רעים־אַרבע, אמור מעתה"?! פעסטל־דיק אַזוי האָבן מיר אויפגעמאַכט די טיר, מיט צעפלאַמטע פּני־מער, איבעראַשט פונעם שטראָם ליכט, וואָס האָט אַרומ־גענומען אונדזער וועזן, האָבן מיר מיט פּיעטעט אויסגעשריגן פון פולן האַרצן דעם „גוט־יום־טוב", געוואָלט אַריינזויגן אין זיך די יום־טוב־שטימונג, וועלכע האָט איבערפולט אונ־דזערע קינדערישע הערצלעך. שטיל האָבן מיר זיך צוגע־קוקט צו די לעצטע טיש־פאַרבאַרייטונגען, וועלנדיק שעפּן כוח אויף צו קענען וואַך־זיין אויך שפּעטער ביים פינאַל פור־נעם געהויבענעם אָוונט, בעיקר ביי די גרויסע אַטראַקציע. ווען אליהו־הנביא קומט טרינקען פון זיין ספּעציעל פאַר אים פאַרבאַרייטן כוס. אַ גאַנץ יאָר האָב איך זיך צוגעזאָגט דאָס מאָל שוין ניט איינשלאָפן דעם מאָמענט, ווען ער קומט, און כ'וועל אים טאַקע בעטן, ער זאָל אויך אונדזערע ערלים־שכנים אַביסל מכהלעך אַריינצייילן, און אונדז איבער מדבר און ימים פירן קיין ארץ־ישראל. ענדלעך איז אויך די קערה — פאַרטיק געוואָרן און מיר האָבן זיך באַזעצט ביים ווייס־געדעקטן טיש באַצירט מיט די שענסטע געשירן, וועלכע זענען נאָר געניצט געוואָרן פון יאָר צו יאָר, און קרישטאָ־לענע קאַראַפינקע, וועלכע האָט פאַרשעמט דעם איינגעלייגטן פעסטקעס־קידוש־וויין, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן פאַר „בור־שה" אויפן בוידעם צוזאַמען מיט די חמצדיקע כלים, כדי ניט צו קומען אין די ד' אמות פון דעם רויט־שעמערירנדיקן פסחדיקן וויין. דאָס אויג איז אַריבער צו די אויסגעפּוצטע לייכטער מיט די ברענענדיקע ליכט און צו דער „קערה" מיטן אויסגעהאַפּטענעם מצה־טאַש, און אַ בליק טון אינעווייניק ווי אַזוי ס'לעבן דאָס בשלום דער „כהן, לוי מיטן ישראל". דאָ האָב איך געמוזט איבערייסן, ווייל דער פאָטער, וואָס פלעגט זעלטן ווען אַרויסרעדן אַ וואָרט, אויב עס איז ניט געווען פאַרבונדן מיט תורה, תפילה, אָדער סתם שבחים פאַר השי"ת האָט אָן אַ הקדמה, בלויז אַ סאָרט התראה אַ! נו! אָנגעפאַנגען

דעם „כהאָ״. אַלע זענען צום קידוש אויפגעשטאַנען און פייערלעך מיטגעזאָגט (כמעט מיטגעזונגען) וואָרט ביי וואָרט. ביים טרינקען דעם וויין איז געווען איבעריק מיך דערמאָנען וועגן טרינקען אַ רוב־כוס, כ׳האָב דאַן שוין געהאַלטן ביים רוב פון אונטערשטן האַלבן כוס, און חשיבותדיקן אָפּגעהוסט, ווי דער וויין וואָלט אין האַלדז געבליבן שטעקן און גלייכצייטיגן דאָס נייע סורדוטל, אַלס פאָרשפּיל צו דער גרויסער אויפגאַבע, וואָס איך באַדאַרף אויספירן ביים פרעגן די אייביקע „קשיות״ פון „מה נשתנה״, נאָכדעם ווי אַלע קינדער האָבן געפרעגט די זעלבע שווערע קשיות, האָט מען אָנגעפאַנגען זוכן אַ תירוץ!

דער טראַדיציאָנעלער ניגון און די באַווייזן דורך אויפדעקן די מצות, דעם מרור, צוריקצודעקן, אָפּגיסן איינצלנע טראָפּנס פון וויין און טאַקע באַלד דערנאָך אויסטרינקען דעם צווייטן כוס, מיט דער גוטער סעודה, ווי אויך דער אפיקומן־שפּיל, האָבן פאַרענטפערט אַלע קשיות און דער דריטער כוס נאָכן בענטשן, האָט טאַקע געהאָלפן געשמאַק איינדרימלען און דאַן איז עס געשען, אַז ווען „אליהו הנביא״ איז געקומען זענען מיר געשלאָפן. אויפגעוועקט האָט מען אונדז ערשט ביים פערטן כוס. פאַר פאַרדרוס האָבן מיר ניט געוואָלט גיין שלאָפן, נאָר באַשלאָסן גיין זוכן מעגלעך טרעפט מען אים נאָך ביי אַ פאַרשפּעטיקטן שכן און מיר וועלן אים זען און בעטן, וואָס מיר האָבן זיך פאָרבאַרייטערט. ביי „חד־גדיא, חד־גדיא״ ווען דער פאָטער איז געווען פאַרטיפט אינעם יידישן גורל, ווי די ספרים דערקלערן דאָס, האָבן מיר זיך ארויסגעשאַרט דורך דער זעלבער טיר, וואָס אליהו הנביא איז אַרויס און וואָס ביי „שפוך חמתך״ איז זי ספּעציעל ניט ריכטיק פאַרמאַכט געוואָרן און מיר האָבן זיך געלאָזט זוכן אליהו הנביא, וואַנדערנדיק אונטער די פענצטער. האָבן מיר געהערט ווי מ׳האַלט, ווער ס׳האָט נאָך געזוברעוועט די הגדה, ווער עס האָט זיך געקרעקט מיט אַ קניידל עפּענענדיק דאָס מויל אין דער ברייט, ווי עס וואָלט געפּאַסט פאַרן כזית מרור וועלכן מען דאַרף אויף אַ מאָל אַראָפּשלינגען, איז דאָך אָבער איצט אַ נאַכט פון נסים, איז אים אויך געשען אַ נס, אַז ער האָט ווי עס איז צעקייעט דאָס קניידל און אויסגעמיטן אַ סכנה.

קיין צייט צו וואַרטן ביז ער וועט אויסקייען אַלע קניידלעך, האָבן מיר ניט געהאַט, האָבן מיר זיך געלאָזט צו אַ צווייט פענצטער, דאָרט האָבן מיר זיך צוגעהערט צו אַ קלאָגניגון, ווי עס וואָלט תשעה־באב געווען און אין א ספר געפינט זיך טאַקע, אַז וואָס מיר זאָגן „זכר למקדש כהלל, איז דער מיין „כיליל„ לשון קלאָגן, דאָס מיינט, אַז אויך אין דער נאַכט פון פסח, מאַכט מען אַ זכר למקדש, וועלכער איז חרוב געוואָרן אין דער זעלבער נאַכט פון דער וואָך. אַזוי האָט ער אָפּגעקלאָגט די הגדה ביז דאָס שנאָרכן האָט זיך אויסגעמישט מיט דער „בעל־הביתטעס״ וועקן אים, דער וויין מיט די מאכלים האָבן זייערס געמאַכט, און מיר קריכנדיק פון פענצטער צו פענצטער, זענען אַזוי אַהיימגעקומען מיד און טאַקע גלייך איינגעשלאָפן. דאָס מאָל האָבן מיר ווידער ניט געזען אליהו הנביא, אָבער דאָך באַשלאָסן, פעסט, אַז די קומענדיקע סדרנאַכט וועלן מיר ניט פאַרשלאָפן און ברענגען פאַר אים אַלע אונדזערע בקשות.

דערווייל האָבן מיר זיך באַגנוגנט מיטן טראַדיציאָנעלן אויסגעשריי: לשנה הבאה בירושלים!!!

## שבת נאָך מיטאָג

אין שטעטל, אַ שטילקייט, די קלייטלעך און וואַרשטאַטן געשלאָסן, קיין שניידער־מאַשין, לאָזט זיין טיק־טאַק ניט הערן. אויך מאַשינען פון שטעפּערס, היטלמאַכערס און אַנדערע פאַכן, רוען איבערגעדעקט מיט ווייסע טשיכאָלן. אַ רואיקייט הערשט, די שוסטער־האַמערס קלאַפּן ניט, און די קאָוואַדלע בייזערט זיך ניט מיט איר ווידערקלאַנג פאַר וואָס מען קלאַפּט אין איר אַריין די גאַנצע וואָך, אַ מחיהדיקע שטילקייט הילט אַרום דאָס גאַנצע שטעטל, קיין ראָד פון אַ פאַרנאַלקע דרייט זיך ניט, קיין געשפּאַנטע פערד שטערן ניט דעם שפּאַציר פון דער יוגנט אין דער ברייט פון דער גאַס, וועלכע פירט צו די שפּאַציר־געגנטן אויסער דער שטאָט.

בעלי־בתישע יידן פאַרהערן נאָכן שבתדיקן נאָכמיטאָגשלאָף די חדר־ייִנגלעך זייער וואָך לערנען ביי די מלמדים און פאַרענדיקן מיט אַ קנופּ אין בעקעלע און מיט אַ אייער קיכל אָדער אַ פּאָר צוקערקעס, דאָס ייִנגעלע שטופּט זיי אַריין אין קעשענעקע אַריין און לויפט שנעל אין מאַרק אָדער אויפן שול־הויף זיך שפּילן מיט די חברימלעך.

בעלי־מלאכות ענדיקן צו דעם פאַרפעלטן שלאָף, נאָך דער שווערער אַרבעטס־וואָך, עלטערע יידן זאָגן תהילים און מעמדות, יידענעס זיצן אַריבערגעבויגן איבערן „צאינה־וראינה״, זומער־צייט כאַפּט מען אַריין אַ שמועסל פון דער וואָך, זיצנדיק אויף די טרעפּ פאַרן איינגאַנג אין הויז אַרומגענומען מיט די ווייסע פאַרטוכלעך, וועלכע פאַרדעקן זייערע פיס, זעען זיי אויס ווי פון שניי־אויסגעוואַקסענע האַלבע מאַמעס און באָבעס פון אַ נייער שיינער וועלט.

די רעמבאָוואַ־גאַס האָט צוויי עקן, טייל יידן שטראָמען צו מנחה צום בית־המדרש און שטיבלעך, די מערסטע טייל יוגנט שטראָמט אָבער אין דער פאַרקערטער ריכטונג, ניט געשטערט פון דורכפאָרער פאַרנעמען זיי די גאַנצע ברייט פון דער גאַס, זייער וועג פירט אויסער דער שטאָט, קיין שטאָט־גאָרטן איז ניט פאַראַן, אַנדערע שפּאַציר־ערטער אויך ניט, קלויבט זיך ביסלעכווייז צוזאַמען דאָס ייִנגוואַרג און שפּאַצירט אַרויס אויף די ריבאַקעס, סטעגענעס און ווו נאָר עס לאָזט זיך, אַבי זיך אויף אַ ווײַלע פאַראייניקן מיט דער נאַטור.

אין אַזאַ האַרבסטיקן שבת־נאָך־מיטאָג, אויסמעסטנדיק די גאַס לענקט מען אויף רעכטס צום געסל ווו ס׳וווינט דער חזן, און פאַרבייגייענדיק דעם הכנסת־אורחים ווייטער, דאָרט ווו קיין הייזער זענען ניט געבויט און ס׳וווינען מער קיין מענטשן, שאַלטן זיך איינציקווייז אויס די פּאָרלעך, און זייערע שמועסן ווערן אינטימער און מען פאַרגעסט דערביי אויף אַ ווײַלע, עולם ומלואו, מיט אַלע היימישע מחלוקהלעך, ווי אויך די אייגענע וואָכעדיקע צרות, וועלכע פעלן קיינמאָל ניט אויס.

אַזוי שפּאַצירט מען פאַרביי דעם צמענטאַזש און להבדיל אויך אַרום דעם יידישן בית־עולם. ווי געוויינלעך זעצט מען פאַר די אייביקע טרוימען, וועלכע ווערן, לײדער, קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכט.

טרעפט, אַז אַזאַ פּאָרל רייסט איבער דעם אייגענעם שמו־עס און קוקט זיך צו צום אַרום, צו די אַראָפּפאַלנדע פאַר־וועלקטע פינף־פינגערדיקע קאַשטאַנען בלעטער און מען דערמאָנט זיך אין דעם, אַז די צייט לויפט, אַז די צייט איז פאַרעטעריש. שפּעטער פאַרגעסט מען אין די אַלע טרוימען, און אַ היים גייט מען באַטריבענע, שווייגענדיקע אַנצופּאַנגען די נייע גרויע וואָך.

## סליחות, אָדער רחביה טרעגער

שבת פּרשת נצבים־וילך, פּיל נחת פונעם אָפּגעלאָפענעם יאָר איז ניטאָ, ווילט זיך זייער האָבן דעם „וילך" אַ בעסער ניי־יאָר, ווו עס זאָל זיך הוילכן און אַט דאָ שוין צומאָרגנס פאַרטאָג ווערן אויספאַרקויפט די נייע איינטריטס־קאַרטן צום נייעם יאָר, סליחות...

גלייך נאָך הבדלה איז רחביה שמש אָדער ווי מען רופט אים כאַוויע טרעגער, פון בית־המדרש אַהיים דורכגעלאָפן די גאַס גלייך אין בעט אַריין, צומאָל ניט באַרירנדיק די גוט־וואָכדיקע לופט פון זיין פאַרשטיקט כאַטקעלע, מיט דער



שטייען פון רעכטס: שיינדל, ר' יעקב יהודה פעלז און קלמן
זיצט: אסתר צפורה

קאָלדרע זיך איבערגעדעקט דעם קאָפּ צו קענען פאַרטאָג אויפשטיין וועקן צו סליחות.

אין די קליינע שעהן פון דער חושכדיקער סוף חודש־נאַכט, וואָס הענגט איבערן שטעטל, וועקט זיך רחביה און זוכט דורכן פענצטער — צווישן מיליאָנען שטערן — אַ באַקאַנטן היימישן מאָרגן־שטערן, וואָס באַגלייט אים יעדן טאָג אין בית־המדרש. ער געפינט אים ניט, עפנט ער ברייטער די אויגן און זוכט, און אַרומבינדנדיק די קורטקע מיטן שטריק לויפט רחביה מיט זיין כלי זיין דער האָלצערנער האַמער אין האַנט אין דער גרויסער נאַכט אַריין.

*

ווישאָגראַד האָט געפילט דעם טעם פון אַן אָסיענדיקן רעגן שוין דריי־פיר טעג. פון מאַרק אין די הויפּט־גאַסן איז דאָס וואַסער אָפּגעלאָפן אין ווייסל און זיך שוין פאַראייניקט מיט די וואַסערן פונעם באַלטישן ים. רחביהס שטיוול האָבן געשטעלט די ערשטע טריט און די בלאָטע האָט זיי פאַרשטילט, זיין אָנקום האָט מען נאָר געהערט דורכן קלאַפּ פון האַמער אין לאָדן, מיטן אויסרוף, יידן! ש. ט....ייט אוי...ף צו צו... צו..; ס... לי... חו... ת... דער פינפטער לאָדן האָט באַקומען דעם קלאַפּ, ווען ער האָט געענדיקט ס'ערשטע מאָל אויסרופן צו... צו... ס... לי... חו... ת...

רחביה האָט זיין רונדע אַרום די שטאָטס־לעדן ווייט נאָך ניט פאַרענדיקט — אַט קלאַפּט ער נאָך און וועקט צו סליחות — ווי שוין עפענען זיך טיר און טויער פון אַלע ווינקלעך, ליקן און געסלעך לאָזן זיך יידן מיט לאַמטערנס, יידן אָן לאַמטערנס, יידן מיט ברענענדיקע ליכטלעך אין איין האַנט און מיט דער צווייטער ווי אַ קופּאָל איבערגעדעקט, מיט בייכיקע טליתים־זעק אונטערן אָרעם, פון אַ באָרד טריפט נאָך אַ נישט אָפּגעווישטער וואַסער־טראָפּן, יידן, אַלטע יידן, יונגע יידן מיטליעריקע. אַ חדר־ייִנגל, וואָס גאָטס רחמנות איז נעבעך געוועזן אים אויפוועקן, אָבער שוין נעכטן, האָט ער זיך אויסגערעדט צו גיין מיטן פאָטער צו סליחות. טאָקע צוויי שעה פריער געלייגט זיך שלאָפן און ווי צו להכעיס איינגעשלאָפן מיט אַ שעה שפּעטער. אויפגעוועקט האָט ער זיך שוין האַרט ביים אַרויסגיין פון די עלטערן און שלעפט זיך טאַקע איצט ביים טאַטנס פּאָלטן צו סליחות.

צו סליחות גייען אויך פרויען אַלטע און מיטליעריקע, מערסטנס איינגעהילט אין פאַטשיילעס, די סליחה אַרומגענומען מיטן טאַשנטיכל, אַ ליכטל אין האַנט, אַלץ שטראָמט, ווער אין שול, ווער אין בית־המדרש, אַלע צו סליחות.

ביים עמוד שטייט דער חזן, לאָזט אַרויס דעם באַקאַנטן טראַדיציאָנעלן יתגדל ויתקדש שמיה רבה... דער עולם איז פאַרנומען מיט זיך, יעדער איינער מיט זיינע פאַרלאַנגען. און ביי שמע קולנו גיט אַפילו ביי די סקעפּטיקער אַ צופּ אונטערן קנעפּל... און דער קרעכץ, דער יידישער ווערט אַן אַלגעמיינער, אוי! אַל תשליכנו לעת זקנה... אוי! רבונו של עולם! אַל תשליכנו...

**חיים אהרון גראָסדאָרף** (ניו־יאָרק)

# א פורים אין ווישאגראד

ווען ס'איז געקומען דער חודש אדר, פלעגן די בחורים פון חסידים־שטיבלעך און פון בית־המדרש מאַכן גרויסע שילדן מיט די ווערטער „משנכנס אדר מרבין בשמחה".

אַרום דעם יאָר 1905, ווען מען האָט אין ווישאַגראָדער בית־המדרש אָפּגעלייענט די מגילה, אסתר תענית אָוונט, און דער עולם איז אַהיימגעגאַנגען עפּעס איבערכאַפּן נאָכן תע־נית, זענען די בחורים זיך צוזאַמענגעקומען אין בית־המדרש און באַשלאָסן: אַזוי ווי עס איז אַ מצווה זיך אָנצושיכור'ן אום פורים, וועלן זיי אַלע לאַנגע טישן און בענק אַרויפשטעלן און דאָס צוזאַמענפלעכטן אויפן באַלעמער, אַז ווען די בעלי־בתים וועלן אין דער פרי קומען, וועלן זיי נישט קאָנען לייענען די מגילה, ביז מען וועט זיי געבן אויף משקה.

די בחורים האָבן זייערס אויסגעפירט און געקראָגן וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט, מקיים צו זיין דעם מאמר „חייב אדם לבסומי בפוריא, עד דלא ידע".

**ווי אַזוי דאָס ווישאַגראָדער בית־המדרש האָט באַקומען אַ ש״ס**

אין ווישאַגראָד זענען געווען צוויי ברידער מיט די נעמען מרדכי און ברוך שמוקלער („שמוקלער" איז נישט געווען דער פאַמיליע־נאָמען, נאָר ווייל זיי זענען געווען זאָקנמאַכער). פיל מאָל האָט מען געמאַכט אַ טעות צווישן מרדכי און ברוך'ן, ווייל כאָטש נישט קיין צווילינג, זענען זיי געווען זייער ענלעך איינער צום צווייטן. ווען מרדכי איז געשטאָרבן אין יאָר 1907 אָדער 1908, האָבן די בחורים באַהאַלטן די טהרה־ברעט מיט אַלע מכשירים אויפן בית־המדרש־בוידעם צווישן די שמות (שיימעס).

ווען די חברה קדישא איז געקומען נאָך די מכשירים און זיי נישט געפונען הינטערן אויוון, ווו זיי פלעגן שטענדיק זיין, האָבן זיי זיך געפרעגט ביי די בית־המדרשניקעס: ווער האָט באַהאַלטן די מכשירים? האָבן די בחורים געענטפערט מיט אַ גמרא־ניגון:

אַזוי ווי דער נפטר האָט נישט קיין קינדער, וועלן מיר נישט אַרויסגעבן די אַלע מכשירים פאַר דער טהרה, ביז מיר וועלן באַקומען דעם ש״ס, וואָס דער נפטר האָט געהאַט, פאַרן בית־המדרש.

און זיי האָבן דעם ש״ס טאַקע באַקומען.

**חיים אהרון גראָסדאָרף**

# און עפיזאד

(איבערדערציילט פון דוד ליפּמאַן)

אַ חסידישער רבי איז געקומען מיט זיין שמש און גבאי קיין ווישאַגראָד. דאָס איז געווען אַרום די יאָרן 1904־1905. דאָס שטעטל איז געגאַנגען כאַדאָראָם. יעדער איז גע־ווען פאַרנומען מיטן געדאַנק, אַז אָט וועט ער געבן שלום דעם צדיק, אָדער גאָר געבן קוויטלעך און בעטן ביים רבין אַ ישועה. דער אינטערעס איז געווען גרויס.

אין שטעטל זענען נישט געווען קיין סאַלאָנען מיט גרויסע צימערן ווו מ'זאָל קאָנען „פראַוווען טיש", נו איז געווען אַ פּראַגע, זייער אַ שווערע פּראַגע: ווו זאָל מען מאַכן דעם רבינס „טיש", אַז וואָס מער מענטשן זאָלן קאָנען בייזיין און הנאה האָבן.

האָט דער רבי געפאָדערט, מ'זאָל אים מאַכן דעם טיש אין בית־המדרש.

די פרויען האָבן זיך צוזאַמענגענומען און געקויפט די בעסטע פיש, ס'שענסטע פליש, געבאַקן גרויסע, זיסע, גלאַנ־צנדיקע חלות און געמאַכט אַנדערע מאַכלים. זיי האָבן די טישן באַדעקט מיט ווייסע בלאַנקענדיקע טישטעכער און אַפילו גע־בראַכט זילבערנע לייכטער פון שטוב.

פרייטיק אָוונט איז דאָס בית־המדרש געווען געפּאַקט. עס זענען געקומען מענער, פרויען און קינדער. דער עולם איז געווען אַזוי גרויס, אַז מ'האָט געמוזט בלייבן שטיין אין דרויסן, אויסער דעם בית־המדרש צענדליקער צענדליקער מענטש. יעדער האָט געגאַרט צו הערן אַ וואָרט פון רבין, כאַפּן אַ תורה־וואָרט פון זיין מויל און הערן אַ פּאָר שיינע חסידישע ניגונים.

ס'דערמאָנט זיך מיר דער אָוונט, די וואָך און כ'קלער, ווישאַגראָד האָט זיך תמיד געוואָלט צוזאַמענטרעפן יידישלעך האַרציק און מ'האָט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונג אַבי געניסן אַביסל יידישקייט און האַרציקייט און צוזאַמענקייט.

מאָטל וואַלפיש

# פון ווישאָגראַדער פאָלקלאָר

לייבל פלעגט צורעכטמאַכן זייגערס אין די הייזער און אַזוי איז ער געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע מענטשן פון שטעטל. יעדן האָט ער געקענט און יעדער האָט אים גע־קענט, נאָענט, מיט אַלע זיינע חנדעלעך און קנייטשעלעך און נאָכגעזאָגט זיינע ווערטלעך און חכמות מיט אַ באַזונדערן טעם און פאַרגעניגן.

איך האָב אים געקענט אַלס גרויסן וויצלער און מענטש פון שאַרפן הומאָר. און וואָס ס'דערמאָנט זיך מיר וועל איך דאָ דערציילן. און נישט נאָר לייבלס וויצן, אויך אַנדערע ווילט זיך דערציילן, כדי ווידעראַמאָל זען אונדזער ווישאָגראַד אין איר לייכטזיניקייט, הומאָר און מילי דבדיחותא, אין וועלכע ס'שפּיגלט זיך אָפּ אַ שלום עליכם'דיקער טרויער און פרייד ווען אַלע שווערקייטן פון לעבן ווערן איבערגעטראָגן לייכט מיטן כוח פון וויץ און גוטמוטיקייט:

*

ווינטער האָבן יידן גערעדט וועגן מאַכן זיך אַ „שווערן מאַנטל". לייבל וואָס האָט נישט געקאָנט זיך פאַרגינען דע־רויף האָט געזאָגט: „איך גיי מיר אויך מאַכן אַ שווערן מאַנטל, כ'וועל אַריינלייגן צוויי שווערע שטיינער אין די טאַשן פון מיין לייכטן מאַנטל וועט ער שוין אַליין שווער ווערן".

*

לייבל האָט געוווינט אין אַ קליין שטיבעלע וואָס איז יאָרנלאַנג געקאַלכט און נישט געמאָלט געוואָרן. אַז דער שכן האָט אים פאַרגעוואָרפן:

„פאַרוואָס זאָלסטו נישט מאָלן דיין שטיבעלע, ס'מאַכט אַזאַ שלעכטן איינדרוק".

האָט אים לייבל געענטפערט:

„כ'פאַרשטיי נישט דיינע טענות, יעדער מאָלט זיי שטוב מיט פאַרבן ווי ער וויל, גרין, געל, רויט, און איך מאָל זיי אויף שוואַרץ".

*

לאַנגע יאָרן איז לייבל געגאַנגען עסן מיטאָג ביי זיין טאָכטער. דער איידעם האָט אַ ביסל קרום געקוקט דערויף, און לייבלען האָט עס פאַרשאַפט אַ שווער געמיט, דאָך שווער פלעגט ער אָבער ווייטער גיין צו דער טאָכטער. איינ־מאָל זאָגט ער:

„בדרך כלל גייען פרויען צו קינד און ווי זיי זאָגן, גייען זיי שווער צו קינד, איך, אַלס מאַנסביל, קאָן אויך זאָגן, אַז ס'איז טאַקע שווער צו גיין צו קינד... עסן".

*

לייבל איז אָפט אָנגעקומען צו גמילות־חסדים און פלעגט אָפט אויך נישט קאָנען זיי אָפּגעבן .אָבער דאָך האָט ער

לייבל זייגערמאַכער אַן אַנדענק

זיך געהאַלטן פאַר אַן ערלעכן מענטשן. ער פלעגט נאָך צו־געבן:

„איך צאָל נישט קיין אַלטע חובות, זיי לאָז איך אַלט ווערן און"...

*

אויף אַ ייד ביי אונדז מיט אַ בלינד אייגל האָט לייבל געזאָגט:

„אים וועט אָנקומען לייכט דאָס שטאַרבן, ער וועט דאַרפן פאַרמאַכן נאָר איין אויג".

*

לייבל האָט ליב געהאַט אָרעמעלייט, ווייל ער איז אַליין געווען אַן אָרעמאַן, אָבער עסן האָט ער זיי נישט געקאָנט געבן. איינמאָל האָט צו אים פאַרבלאָנדזשעט אַן אָרעמאַן צו מיטאָג. וואָס זאָל ער אים געבן, אַז ער האָט אַליין נישט. זאָגט ער צו אים:

„איר זענט גרייט צו עסן נעכטיקע לאָקשן?"

דער אָרעמאַן האָט מסכים געווען, האָט אים לייבל גע־ענטפערט:

„טאָ זייט אַזוי גוט און קומט מאָרגן".

*

איינמאָל טרעף איך אַן אויפן וועג צום בית־המדרש שלום אַבעלעס, אונדזער ווערטל־זאָגער נומער צוויי.

„ס'קומט איך אַ מזל־טוב — זאָג איך — חתונה געמאַכט די שוועסטער, האַ? ווערזשע איז איר חתן?"

ענטפערט ער:

„אַ כירורג, אַ פראָפעסאָר".

איך האָב געוווּסט, אַז ער איז אַ מלמד, האָב איך זיך געוווּנדערט.

„וווּנדער זיך נישט — זאָגט ער — ער האָט מיר אָראָפּ־גענומען אַ הויקער פון פּלייצע, איז ער נישט קיין כירורג?"

*

אַ שמש געווען אין שול מיט גרויס אימתא דציבורא. ווען ער האָט באַדאַרפט אויסרופן וועגן השבת־אבידה האָט זיך ביי אים אָפט פאַרדרייט דער טעקסט.

ער האָט געוואָלט אויסרופן, אַז אַ יידענע האָט פאַרלוירן אַ שליסל מיט 2 ציין, האָט ער אויסגעשריגן:

„אַ יידענע מיט צוויי ציין האָט פאַרלוירן אַ שליסל".

אָדער אַמאָל האָט ער אויסגערופן:

„אַ יידענע מיט אַ גראָבן רוקן האָט פאַרלוירן אַ סידור";

און געמיינט האָט ער, אַ סידור מיט אַ גראָבן רוקן.

# קדושי ווישאגראד

על זה היה דוה לבנו,
על אלה חשכו עינינו
(איכה ה, 17)

נישט תמיד איז אונדז געלונגען אויפצונעמען אַלע נעמען פון די פרויען און קינדער, האָבן מיר לײדער געמוזט זיי געבן אָן נעמען, הגם זייער זכרון איז אונדז הייליק און טײער.
מיר בעטן מחילה פון די קדושים, וואָס מ'האָט זיי חס־וחלילה פאַרגעסן, אָדער געגעבן זייער נאָמען פאַרגרייזט — די רשימה איז געמאַכט געוואָרן פון זכרון נאָך אַזוי פיל יאָרן און ס'קאָן פאַסירן.

א.

אגראדניק משה
און זיין פרוי
אגראדניק שמואל מאיר
אַגראדניק טשאַרנע
און זייערע 3 קינדער

אגראדניק זלמן
און זיינע 2 טעכטער
אגראדניק לייבעל
אגראדניקביילה
אַגראָדניק משה
זיין פרוי און 3 קינדער

אגראדניק קלמן
אגראדניק יסכה
אגראדניק אסתר

אייזנבערג יעקב
אייזנענבערג חנה
אייזנבערג פסח
אייזנבערג ישראל
אייזנבערג פייגע
אייזנבערג פאַליאַ

אַלבערט שלמה
אלבערט רבקה

אלבערט יהושע
און זיין פרוי

אַפעלבוים אריה
זיין פרוי און 2 קינדער

אַפעלבוים הינדע חיה
אַפעלבוים טוביה
אַפעלבוים צירל איטע

אלבערט שלמה
און זיין פרוי
אלבערט הירש לייב
אלבערט שיינדעל
אלבערט יהודה
אַלבערט יחזקאל
אַלבערט טויבע
אַלבערט ליבע

אַקאָוויעץ אהרון בער
זיין פרוי מיט 4 קינדער

אַקאָוויעץ יעקב דוד
אַקאָוויעץ קיילע
און זייערע 4 קינדער

אַש יעקב דוד
און זיין פרוי מיט קינדער

אַש יוסיל
אַש חוה פעסיע
און זייערע קינדער

אַרגיבאַנד עזריאל
און זיין פרוי
אַרגיבאַנד מאַניה

ב.

באַראַן ירחמיאל
באַראַן אסתר פייגע
און זייערע קינדער

באַום שמחה
באַום מלכה

באַום סיני מרדכי
באַום חנה

באַום עטיע
באַום הודעס
באַום אברהם
באַום שמואל

באַום יצחק יעקב
באַום פייגע
און זייער טאָכטער
באַום יוסיל
באַום טויבע
און זייערע קינדער
באַום יואל
באַום ראַצע
און זייערע קינדער
באַום טוביה
באַום חיים

באַום יהודה לייב
און זיין פרוי און קינד

באַום מענדיל
און זיין פרוי
באַום יענקל
באַום נתן
זיין פרוי און קינדער
באַום משה
באַום העניע
און זייערע קינדער

באַום ברײנע
באַום וואָפטשע
באַום משה יצחק
און זיין פרוי

באַום רחביה (שמש)
באַום יהודית
און זייער טאָכטער

באַום יאַנקל,
זיין פרוי מיט קינדער

באַום רחביה
און זיין פרוי
באַום מיריל
באַום ראַצע
באַום צערקע

באַום אלעזר
באַום חנה
באַום גיטל

באַום יאַנטשע
באַום חיה
באַום שלום
באַום העניך
באַום עטקע
באַום סאַליע

באַום מענדעל
באַום רויזע
באַום שימעק
באַום משה ליפע

באַמבערג ר' מאיר שוחט
און זיין פרוי מיט טעכטער

בוימגאלד גבריאל
בוימגאלד ליבע

באַל מאכיל
באַל מאַשע

באַל יצחק און זיין פרוי

בוקי יצחק דוד
בוקי שרה
בוקי משה
בוקי רבקה און זייערע קינדער

בוקי שמולעק
בוקי טויבע און זייערע 3 קינדער

בוקי אברהם שיע (פלאַם)
זיין פרוי און קינדער

בילגאַריי יהודית
בילגאַריי זכריה
בילגאַריי אפרת
בילגאַריי מלכה
איר מאַן און קינדער
בילגאַריי שמואל
זיין פרוי און 5 קינדער
בילגאַריי שלום
זיין פרוי און 3 קינדער
בילגאַריי טוביה
זיין פרוי און 2 קינדער

בילגאַריי חונעם פרוי
און אירע קינדער
בילגאַריי חיים

בילגאַריי שלום
זיין פרוי און 4 קינדער

בילגאַריי זיסל
בילגאַריי רבקה
בילגאַריי חנה
בילגאַריי שרה
בילגאַריי יעקב

בילגאַריי יעקב
בילגאַריי רחל לאה
זייערע 5 קינדער

בילגאַריי ברכה
אַ זון און אַ טאָכטער
בילגאַריי שרה ברײינה

בילגאַריי אברהמעלע
בילגאַריי דבורה
און זייערע 4 קינדער

בילגאַריי יענקעלע
בילגאַריי רחל לאה
בילגאַריי זכריה
בילגאַריי אברהם
בילגאַריי נאַכע
בילגאַריי טוביה

בילגאַריי משה'לי
בילגאַריי מרים
און זייערע 2 מיידעלעך

בילגאַריי אברהם יחזקאל
בילגאַריי נאַכע
בילגאַריי שלמה זלמן
בילגאַריי סימע

בוזשניצקי חנה שפרה
בוזשניצקי משה
זיין פרוי און קינדער
בוזשניצקי שלמה לייב
בוזשניצקי קיילע רבקה

בוכנער לייב
און זיינע טעכטער
בוכנער איציק (יצחק)
בוכנער מרדכי און זיין פרוי
בוכנער שמעון
בוכנער ברײינה
בוכנער מאיר
בוכנער צירל

בוכנער הירש
בוכנער חנה רייזל
און זייערע 3 טעכטער
בוכנער שלמה זלמן
בוכנער סאַלע
און זייערע 2 קינדער

בירענהאלץ וועלוול
בירענהאלץ פייגע
און זייערע 3 קינדער
בירענהאלץ הרב יששכר

בענזוים מרים
בענזוים אסתר
מיט איר מאַן
בענזוים משה
בענזוים יוסף
און זיין פרוי
בענזוים הערשל
רבקה איידל
און זייערע 3 קינדער

בענזוים אָשר
בענזוים אסתר רחל
און זייערע קינדער
בענזוים יוסיל

בענזוים חנה ראשע
בענזוים וואָלף
און זיין פרוי
בענזוים יוקיל
זיין פרוי מיט אַ קינד

בענזוים בוטשע
בענזוים בלימע
און זייערע קינדער

בערלינער אברהמעלע
זיין פרוי און קינדער

בערלינער איטשע בער

בערלינער ראובן
זיין פרוי און 2 קינדער

בראַוערמאַן הירשל
בראַוערמאַן חנה
בראַוערמאַן שמחה
בראַוערמאַן באַשע
איר מאַן און קינדער
בראַוערמאַן מאכיל
בראַוערמאַן אסתר פייגע
און זייערע קינדער
בראַוערמאַן רפאל
בראַוערמאַן שרה
און זייערע 2 קינדער

בראַוערמאַן מאיר
זיין פרוי און 5 קינדער

ברעסלער מרדכי מנשה
און זיין פרוי

ברזשעזאבסקי יוסיל
ברזשעזאבסקי שרה
ברזשעזאבסקי משה
ברזשעזאבסקי טויבע

בזשעזאבסקי שמחה
זיין פרוי און 2 קינדער

בזשעזאבסקי זכריה
בזשעזאָבסקי ביילע ראַצע
און זייערע טעכטער
בזשעזאָבסקי יאָסל
און זיין פרוי און 2 קינדער

בזשעזינאַ עלי (אליהו)
בזשעזינא חאַווטשע
בזשעזינא חיים

בזשעזינסקי יאָסל
בזשעזינסקי רויזע הוגרע
בזשעזינסקי הערש־טוביה
בזשעזינסקי יאַכעט
בזשעזינסקי רחל
בזשעזינסקי בלומע

בראַטמאַן פריידיל
בראַטמאַן גרשון
זיין פרוי און 2 קינדער
בראַטמאַן משה
בראַטמאַן פייגה תרצה
בראַטמאַן בלימע
בראַטמאַן יוסף
בראַטמאַן רחל
איר מאַן אברהם נחם
און זייערע 3 קינדער

בריזאַנד טוביה
זיין פרוי און קינדער
בריזאַנד גדליה משה

ג

גאָלדמאַן יעקב משה
גוטגאָלד אלתר
גוטגאָלד בלימה לאה
און זייער טעכטערל

גאָלדמאַן שלמה
גאָלדמאַן חנה ציריל
גאָלדמאַן לאה
איר מאַן און זיירע קינדער
גאָלדמאַן משה דוד
גאָלדמאַן ביילע
גאָלדמאַן ישראל
גאָלדמאַן נתן
גאָלדמאַן שרה

גאָלדמאַן הענעך
גאָלדמאַן חיה פייגע
גאָלדמאַן יונה
זיין פרוי און קינד

גאָלדמאַן יענטע
און 2 טעכטער
גאָלדמאַן אריה
גאָלדמאַן שמעון

גאָלדמאַן טוביה
גאָלדמאַן לאה

גאָלד משה טוביה
און זיין פרוי

גאָלדשטיין בעריל
און זיין פרוי יהודית

גאָלדבערג משה
גאָלדבערג דבורה
גאָלדבערג פישעל
גאָלדבערג העניע
גאָלדבערג פייגע
גאָלדבערג מענדיל
זיין פרוי און קינדער

גאָלדבערג אברהם
און זיין פרוי
גאָלדבערג יחזקאל
גאָלדבערג עוזר מאיר
גאָלדבערג חנה ברײנה
און זייערע 3 קינדער

גאָלדבערג איטשע מאיר
גאָלדבערג אסתר יאַכעט
און זייערע 2 קינדער

גאַלעווסקי לייביל
גאַלעווסקי שרה
און זייערע קינדער

גאַלעק לייזער
גאַלעק חנה מרים
און זייערע קינדער

גאַלעק יאַנטשע
זיין פרוי און קינדער

גורפינקל משה
גורפינקל חיה
גורפינקל יהושע
זיין פרוי און 3 קינדער

גורפינקל שלמה
גורפינקלביילע
גורפינקל שרה
גורפינקל מאיר (מוהל)
זיין פרוי און קינדער
גורפינקל איסר
זיין פרוי און קינדער
גורפינקל יעקב וואָלף
זיין פרוי און קינד

גורפינקל יונה
גורפינקל פראדיל

גורפינקל חיה רויזע
גורפינקל יעקב וואָלף

גורפינקל יאָסל
גורפינקל פעלאַ
גורפינקל צעשאַ

גורפינקל מענדל
גורפינקל דבורה
גורפניקל ביילע
גורפינקל מאיר מאַביל

גוטפאַרב מינדל
גוטפארב טויבע
גוטפאַרב שיינדל
גוטפאַרב יהודה לייב
גוטפארב הענדיל
און זייערע קינדער

גורמאַן משה יעקב (גריצער)
זיין פרוי און טאָכטער
גורמאַן שמואל
גורמאַן הערשל

גלאַשניק פויגל
גלאַשניק הירש יאָסקע
גלאַשניק רבקה
גלאַשניק אסתר הונדע
גלאַשניק חיה צירל
גלאַשניק ביילע
גלאַשניק ראַצע

גילאַרי משה אברהם
גילאַרי מלכה
און זיירע קינדער

גוטשטאַט סלובא

גמאַך לייביש
גמאַך אַלטע חיה
גמאַך מאַרקוס
גמאַך יעקב

גמאַך מלך
גמאַך זיסע
און אַ טאָכטער

גמאַך מרים רייזל
און קינדער

גמאַך גדליה
גמאַך אסתר
גמאַך אבא מאיר
זיין פרוי און קינדער

געזונדהייט יוקיל
געזונדהייט שרה
און קינדער

גערשט איכל
און פרוי
גערשט רבקה
גערשט יאָסל

גראָסמאַן שמואל
גראָסמאַן הינדע רבקה
גראָסמאַן רפאל קאַלמען
גראָסמאַן שיינדל
גראָסמאַן נאַכע
גראָסמאַן יצחק מרדכי

גראָסמאַן מנחם און פרוי

גראָסמאַן אברהם הירש
און פרוי

גראָסמאַן מנשה
זיין פרוי און 4 קינדער

גראָסמאַן בער
גראָסמאַן חיים יצחק
זיין פרוי און 3 קינדער
גראָסמאַן מאַשע
מיט איר מאַן

גראָסמאַן נאַכעלע
גראָסמאַן מאַביל
זיין פרוי און 3 קינדער
גראָסמאַן אהרן
און אַ קינד

גראָסמאַן שרה
גראָסמאַן שיינע־יהודית
און איר מאַן פנחס
גראָסמאַן חיים
גראָסמאַן דבורה
גראָסמאַן יצחק

גרונדוואַלד משה
גרונדוואַלד פסיע
און זייער אַ טאָכטער
גרונדוואַלד שלמה זלמן
גרונדוואַלד אפרים
זיין פרוי און 3 קינדער
גרונדוואַלד אבא
זיין פרוי און 2 קינדער
גרונדוואַלד אברהמקע
זיין פרוי און 2 קינדער
גרונדוואַלד דוד
זיין פרוי און אַ קינד

גזשיוואַטש אברהם
זיין פרוי און קינדער

גראָסדאָרף יעקב
זיין פרוי און אַ טאָכטער
גראָסדאָרף עזרא
גראָסדאָרף רבקה

גראָסדאָרף מנשה
זיין פרוי און 3 קינדער
גראָסדאָרף הערשל

גרינער יאַנקעל
פרוי און קינד

גרינבאַום שלום און פרוי
גרינבאַום מענדל
גרינבאַום שרה

גרינבאַום יצחק
און זיין טאָכטער
גרינבאַום פישל

גרינבאַום יענקל
גרינבאַום שפרה־מאַליע
און זיירע 2 טאָכטער
גרינבאַום אסתר
און די עלטסטע
טאָכטער מיט
איר מאַן אברהם־הערש
און זייערע 3 קינדער
גרינבאַום ישראל־יצחק
זיין פרוי און אַ קינד

ד

דאַנציגער שמעון
פרוי און 2 טעכטער

דאַנציגער עלקע
און אַ טאָכטער
דאַנציגער ישראל
זיין פרוי און 2 קינדער

דזשעדזשיץ רפאל־מרדכי
דזשעדזשיץ שרה
דזשעדזשיץ שמחה
דזשעדזשיץ הערש־לייב

דזשעדזשיץ שלמה
דזשעדזשיץ גאָלדע

דייטש הינדע־חיצע
דייטש יאַכעט
דייטש יוסף
דייטש שרה
דייטש אברהם־יצחק
דייטש שיינע שרה
דייטש יהודית
דייטש לאה
דייטש נתן
דייטש יעקב
דייטש אסתר
דייטש ישראל
דייטש שיינדל
דייטש נחמן
און פרוי
דייטש אהרן אלעזר
דייטש רבקה
און זייער קינד

דייטש סיני
דייטש שמואל
דייטש הרב מאכיל
דייטש צירל חנה
דייטש יצחק־יעקב
דייטש שיינע־פייגע
דייטש שרה בת שמואל גראָססמאַן
דייטש יצחק
דייטש ברײנע־מאַכלע
דייטש גרשון

דייטש צירל־רבקה
דייטש הירש־טוביה
און זיין פרוי
דייטש רחל
דייטש ברוך
דייטש יצחק־יעקב
דייטש מינדל־לאה
דייטש ישראל־גדליה
דייטש אסתר
דייטש לייב־יעקב
דייטש ברכה
דייטש הירש־טוביה
דייטש רחל

דייטש אברהם־חיים
דייטש גאָלדע
דייטש בלומע

דייטש פייוול
דייטש שיינע־מרים
און זייערע קינדער

דייטש יודל
זיין פרוי און 2 קינדער

דימאַנד יעקב־בער
און זיין פרוי
דימאַנד מירל
איר מאַן און קינדער
דימאַנד יצחק
זיין פרוי און קינדער
דימאַנד יוסף (יאַסעצעק)
דימאַנד חיה
און זייערע 2 קינדער

דימאַנד יאָסל בן הירש ברוך
זיין פרוי חנה און זייערע קינדער

דימאַנד נחמן
זיין פרוי און אַ טאָכטער
דימאַנט משה לייב
דימאַנד ציפע
און זייערע 2 קינדער

דרובנער שרה
אַ טאָכטער מיטן מאַן
און זייערע 2 קינדער
דראָבנער מאיר

דינער יענקעל
אַ זון און 2 טעכטער
דינער חיים
דינער בלומטשע
און זייערע 2 קינדער

דרעקסלער הערשל
דרעקסלער שלמה
און 2 טעכטער
דרעקסלער חיים־מרדכי
זיין פרוי און 3 קינדער
דרעקסלער דוד
זיין פרוי און 2 קינדער
דרעקסלער מענדל־מאיר
זיין פרוי און 2 קינדער
דרעקסלער משה־יחזקאל
זיין פרוי און 2 קינדער
דרעקסלער וועלוול
און פרוי

ה

האָלצדאָרף אהרון
האָלצדאָרף רייזל
און אַ קינד

האָלצדאָרף שרה הינדע
האָלצדאָרף רבקה
האָלצדאָרף ציפע

האָכבאַום שמולעק
האָכבאַום גאָלדע
האָכבאַאום יעקב
האָכבאַום מאַכל

האָלענדער חנה
האָלענדער בינעם
האָלענדער שמואל־מרדכי
זיין פרוי און אַ קינד

האָלענדער משה (ראַקאָווער)
האָלענדער דבורה
האָלענדער מינדל
האָלענדער רוזשקע
האָלענדער ישראלעק
האָלענדער דבורה (גמאַך)

האָלענדער אהרון־זעליג
האָלענדער שפרה
און זייערע 3 טעכטער
האָלענדער משה־וואָלף
זיין פרוי און אַ קינד

האָלענדער משה־וואָלף
האָלענדער איטע
האָלענדער חנה לאה
האָלענדער רפאל־יוסף
און פרוי
האָלענדער יצחק־יעקב

האָלענדער יודל
האָלענדער מלכה
האָלענדער גיטל
האָלענדער מאַטל
האָלענדער ישראל
האָלענדער באַשע
האָלענדער יצחק

האָלענדער יאָסל
זיין פרוי און 4 קינדער

האָלענדער מענדל
האָלענדער ציביה
האָלענדער משה־מרדכי
האָלענדער חיים
האָלענדער יצחק
האָלענדער טויבע
האָלענדער פריידע
האָלענדער לאה
האָלענדער ישראל
האָלנדער איטע
און אַ קינד

האָלענדער איטשע
האָלענדער יענטע
האָלענדער מרים
האָלענדער ישראל
זיין פרוי מיט אַ קינד

האָלענדער יעקב
זיין פרוי און 3 קינדער

האָמאַן משה
זיין פרוי און אַ טאָכטער
האָמאַן לייבל

הוזמאַן אהרון
זיין פרוי און 2 קינדער

העלערמאַן ישראל
העלערמאַן ברכה
העלערמאַן אברהם
און זייערע 2 טעכטער

העלערמאַן עזריאל
און זיינע קינדער

העכט אברהם־הערש
העכט חנה חיה
און זייערע קינדער

העלמער הענעך
זיין פרוי און קינדער

הום הערשל
הום דאָברע
און זייערע קינדער

האַמבורגער דבורה
האַמבורגער אברהם־יוסף
האַמבורגער שמעון

הערמאַן ישראל
זיין פרוי און קינדער

ו

וואָלמאַן ברוך (ביומאַנטשיק)
און זיין פרוי
וואָלמאַן יענקל
זיין פרוי און קינד

וואָלמאַן בערל
און פרוי

וואָלמאַן אהרון
וואָלמאַן יהודית
און זייער טעכטערל
וואָלמאַן יעקב
וואָלמאַן איידל
וואָלמאַן שיינדל
וואָלמאַן אברהם
וואָלמאַן רבקה
וואָלמאַן ביילע

וואָלמאַןשמואל־לייזער
און פרוי
וואָלמאַן משה
וואָלמאַן מינדל
און זייערע 3 קינדער

וואָלמאַן חיל־מאיר (נאפטיל)
זיין פרוי און 3 קינדער
וואָלמאַן דוד
וואָלמאַן יהושע
וואָלמאַן דוד
וואָלמאַן שיינדל
און 2 טעכטער

וואַגע שמואל־דוד
וואַגע שיינדל
און זייערע 4 קינדער
וואַגע אברהם
וואַגע יואל
וואַגע שרה־יענטע
און זייערע קינדער

ווייצמאַן מענדל
ווייצמאַן רויזע
און זייערע קינדער

ווייצמאַן בנימין
ווייצמאַן שמואל־הערש
זיין פרוי און אַ קינד
ווייצמאַן בעריש

ווייצמאַן יונה
ווייצמאַן רבקה
ווייצמאַן צירל־לאה

ווייצמאַן אברהם־קלמן (זק)
זיין פרוי און קינדער

וויזנבערג חיים־יוסף
וויזנבערג פייגע רחל
וויזנבערג ברוך דוד
וויזנבערג פייגע
וויזנבערג לייבל
וויזנבערג שרה

ווערניק אברהם־חיים
ווערניק פעסע
ווערניק מנחם

ווידאַווסקי אברהם־משה, ד"ר
ווידאַווסקי סאַלאַ
און זייער זונדעלע

וואַלפיש אהרון
און זיין פרוי חוה
וואַלפיש העניע
וואַלפיש הערש־חיים
וואַלפיש חיה
וואַלפיש משה

וויינגאַרטביילע
וויינגאַרט סאַלע
וויינגאַרט לאה
וויינגאַרט ישראל
וויינגאַרט דבורה
וויינגאַרט משה

ווייצענוואַש שלום
ווייצענוואַש רודלע
און זייערע קינדער
ווייצענוואַש יודל

ווייצענוואַש מענדל
פרוי און קינדער
ווייצענוואַש ראובן
ווייצענוואַש איטע
ווייצענוואַש יהושע
ווייצענוואַש דוד
ווייצענוואַש יצחק
ווייצענוואַש מאַשע

וויינטראַוב דוד
וויינטראַוב צפורה
און 2 קינדער

ווינטער יחזקאל
און פרוי
ווינטער שרה

וויעזשבינסקי אליעזר־ליפּע
און פרוי
וויעזבינסקי אסתר־דבורה
און איר מאַן רפאל
וויעזבינסקי מאָטל
וויעזבינסקי ברכה
איר מאַן יוסף
און 2 קינדער
וויעזשבינסקי ירחמיאל
וויעזשבינסקי יוסף־דוד
וויעזשבינסקי גאָלדע
און קינדער
וויעזשבינסקי שמואל־יעקב
וויעזבינסקי חנה־איטע
וויעזשבינסקי יאַבעט
וויעזבינסקי ברוך־מרדכי
וויעזבינסקי חיים־משה
וויעזבינסקי חיה־פריידע
וויעזשבינסקי חאַשקע
וויין אברהם
וויין חוה, זייערע קינדער

ז

זאָנאַבענד חנה־מרים
זאָנאַבענד גאָלדע
זאָנאַבענד רפאל־משה
זאָנאַבענד דבורה
און מאַן

זאַלצבערג אברהם־עליע
זאַלצבערג שרה

זאַלצבערג יעקב־דוד
און פרוי
זאַלצבערג זלמן
זאַלצבערג יצחק,
פרוי און קינדער
זאַלצבערג קיילע
מאַן און קינדער

זאַמבקאָווסקי שמואל
זאַמבקאָווסקי פריידע
און 5 קינדער

זאַנד יעקב־דוד און פרוי
זאַנד נתן
זאַנד ישראל
זאַנד מיכאל
זאַנד דבורה

זאַוויערוכאַ מלכה
זאַוויערוכאַ גדליה
און זיין פרוי

זאַוויערוכאַ אברהם
זאַוויערוכאַ יוכבד

זויער פראַדל

זילבערשטיין לייזער
זילבערשטיין שרה
זילבערשטיין ברכה
איר מאַן און קינדער
זילבערשטיין איטע
זילבערשטיין שלמה
זילבערשטיין שמואל־מנשה
זילבערשטיין אפרים
זילבערשטיין יהודית
זילבערשטיין פריידע
בת פיני מאיר
זילבערשטיין משה
זילבערשטיין רבקה

זילבערשטיין חיים
זילבערשטיין רחל
זילבערשטיין חיה

זאַיאָנץ יאָסקע
און 3 טעכטער
זאַיאָנץ־אברהם־מאַכל

זאַיאָנץ רפאל
זאַיאָנץ לאה
זאַיאָנץ יעקב־לייב
זאַיאָנץ פריידע און אַ קינד
זאַיאָנץ אלתר
זאַיאָנץ בלימקע

זאַיאָנץ ישראל־מרדכי
און אַ זון

זאַיאָנץ הערש-נח
זאַיאָנץ גיטל
זאַיאָנץ מאַטל
זאַיאָנץ יחזקאל
זאַיאָנץ פייגע
זאַיאָנץ דבורה-ביילע
זאַיאָנץ אורן-לייב
זאַיאָנץ הינדע

זאַיאָנץ שמעון
זאַיאָנץ אסתר-לאה
זאַיאָנץ שרה
זאַיאָנץ אָשר
זאַיאָנץ רחל
זאַיאָנץ אורן לייב

זייפמאַן אהרון
זיין פרוי
און אַ זון

זיידעל משה
זיידעל מלכה
זייערע 2 קינדער

זיידע שמואל יאַנקל
זיידע חוה
און קינדער

זיידע מאיר
זיין פרוי און קינדער

זילבערבוים שמשון
זילבערבוים פריידל
זילבערבוים רחל
איר מאַן משה יעלען

זילבערבוים משה-יוסף
זילבערבוים חוה
זילבערבוים פראדל
זילבערבוים חנה
זילבערבוים גיטל
זילבערבוים זיסל

זילבערבערג עליע
זילבערבערג פערל
און 4 קינדער

זילבערבערג חייקע
זילבערבערג יחזקאל
זילבערבערג משה
זילבערבערג מרים לאה

זלאָטניק יצחק קלמן
זלאָטניק חיה
זלאָטניק אברהם-פנחס
זלאָטניק שמואל-דוד
זלאָטניק חאַשקע
און קינדער
זלאָטניק מאַכל
זלאָטניק הערש-יוסף
זלאָטניק יענקל
זלאָטניק אפרים
פרוי און 2 קינדער
זלאָטניק ברוך-שמחה
פרוי און קינדער

זלאָטניק וואָלף בן מאיר מאַכיל
זלאָטניק רבקה

זלאָטניק שמעון
זלאָטניק רוכטשע
זלאָטניק יאַנקל
זלאָטניק קלמן
זלאָטניק דבורה
זלאָטניק לאה

זלאָטניק אברהם
פרוי מיט 4 קינדער

זלאָטניק משה
פרוי מיט 2 קינדער

זלאָטניק אברהם (זינדלאַק)
זיין פרוי און קינדער

זלאָטניק שמעון (זינדלאַק)
זיין פרוי און קינדער

זלאָטניק וואָלף בן לייביל
זלאָטניק חיה
זלאָטניק אסתר
זלאָטניק מאַניע
זלאָטניק אפרים
זלאָטניק לייבל

זעמעל אסתר און אַ זון
זעמעל יואל
זעמעל אסתר-שרה
און 2 קינדער
זעמעל משה,
פרוי און קינדער
זעמעל לייבל
פרוי און קינדער

זעלמאַן יחיאל
זעלמאַן בריינע-רבקה
זעלמאַן שלמה

זשיכלין איטשע-יעקב
זשיכלין צירל-לאה
זשיכלין הינדע-חיה
זשיכלין חנה
זשיכלין שמואל
זשיכלין בערל
זשיכלין משה-מאַכל
זשיכלין שרה-לאה
זישכלין הינדע
זשיכלין חיים
זשיכלין בלומע

## ט

טאַוב יוכבד
טאַוב חנה
איר מאַן און קינדער

טאַוב יצחק-לייב
טאַוב רחל
טאַוב שמואל-מאַכל
טאַוב בריינע
און קינדער

טאַוב יוסף
טאַוב דינהלע
און אַ ייִנגעלע
טאַוב אברהם-מאיר און פרוי

טאַוב הערש-מענדל
און פרוי
טאַוב דוד
און פרוי

טאַוב פעסיע

טאַוב מרדכי
און פרוי
טאַוב נאַבע,
אַ זון און אַ טאָכטער

טאַובענפעלד אוריך-פייוויש

טאַובענפעלד משה-מלך
טאַובענפעלד אסתר-דינה
און קינדער

טיק חיים

טומער לייבל
טומער יענטע

טריב וואָלף
טריב פייגע
טריב מרדכי
טריב הענדל
טריב גרשון
טריב חנה

יאַקובאָוויטש אברהם
יאַקובאָוויטש חנה
יאַקובאָוויטש משה־יעקב
יאַקובאָוויטש שיינדל

יזראַעלעוויטש אברהם, חזן
און זיין פרוי
יזראַעלעוויטש ניסן
יזראַעלעוויטש שאולקע
יזראַעלעוויטש יעקב־מאיר
יזראַעלעוויטש חנה־יסכה

יזראַעלעוויטש טוביה
יזראַעלעוויטש חיה
יזראַעלעוויטש הינדע־לאה
יזראַעלעוויטש כאַנטשע
יזראַעלעוויטש יצחק
יזראַעלעוויטש זכריה
יזראַעלעוויטש אברהם

יענטעס מאיר
יענטעס שרה
יענטעס אברהם
יענטעס פערל
יענטעס חיה
יענטעס יסכה
יענטעס וואָלף, פרוי און קינדער
יענטעס משה און פרוי

יאָעלסאָן הערשל

יעביק חוה־לאה
יעביק אַווראַמטשע
יעביק 3 טעכטער

יעלען, בוכהאַלטער אין באַנק
יעלען מאַניע (וויינגאַרט)

כ

פּהן הענעך
פּהן רבקה־פּעסעלעס
פּהן לייבל
פּהן רחל־לאה
פּהן בצלאל
פּהן יוכבד

כהן חיה איידיל בת לייבל מעניעס
איר מאַן ישראל
זייער קינד חנה־מלכה
כהן הרב ירחמיאל דוד
כהן ביילע
כהן חנה מלכה
כהן לייבל
כהן שיינדל
כהן שרה נענא
כהן נח

כמיעל איטשע הערש
זיין פרוי און קינדער

כמיעל משה
כמיעל רויזע
כמיעל חיה־יהודית, מאַן און קינד
כמיעל אברהם־יהושע
פרוי און 2 קינדער

כמיעל איטשעלע
כמיעל מינטשע
כמיעל שיע־אייזיק

כענטשינסקי משה
כענטשינסקי צביה
און 3 קינדער

ל

לאַבענצקי ראובן־חיים
לאַבענצקי דבורה
לאַבענצקי שלמה־יהודה
לאַבענצקי חנה־פייגע

לאַבענצקי שיינדל
לאַבענצקי יצחק
לאַבענצקי מינדל
לאַבענצקי יקותיאל
לאַבענצקי יוסף
לאַבענצקי גיטל
לאַבענצקי טויבע

לובין מו"צ ר'דוד צבי
לובין פייגע

לובאַס משה
לובאַס שבע
לובאַס יצחק, פרוי און קינדער

ליכטנשטיין רויזע
ליכטנשטיין קיילע

ליכטנשטיין אברהם־חיים
ליכטנשטיין ראַצע
ליכטנשטיין אָשר
ליכטנשטיין קיילע
ליכטנשטיין מאַכל,
פרוי און קינדער

ליכטנשטיין שמואל־מענדל
פרוי און קינדער

ליכטנשטיין רפאל־יונה
ליכטנשטיין מינדל
זייערע 3 טעכטער
ליכטנשטיין אסתר־יאַכעט
ליכטנשטיין פריק

ליכטנשטיין שמואל־הערש
ליכטנשטיין צפורה
ליכטנשטיין חיים
ליכטנשטיין מאַכל

ליכטנשטיין פייוול
זיין פרוי און אַ זון
ליכטנשטיין כאַנטשע

ליכטנשטיין פייוול־מאיר
ליכטנשטיין חוה
ליכטנשטיין הערשל
ליכטנשטיין טויבע

